# ספר זכרון / אנדענק-בוך
## ק״ק
# זאוויערטשע והסביבה

העורך: **ש. ספיבק**

---

אנו מבקשים בזה סליחת כל אנשי זבירציה והסביבה, במקרה שנפגעו עקב טעות, פסיחה על שם או על פרטי אירועים, אשר בעת עריכת הספר דלגו עליהם.

הועד והמערכת

---



הוצא לאור ע״י: ארגון יוצאי זבירציה והסביבה
תל־אביב, תשי״ח

# פתח דבר



## פאָרוואָרט

בדחילו ורחימו מגישים אנו לציבור הרחב את ספר הזכרון שלנו. ברי לנו שספר, — אין בו עדיין כדי לבטא את עצמת הצער, הכאב, המחאה והזיקה הטבעית לנקמה של עדה אשר רוב מניינה ורוב בניינה הושמד במאה ה־20 בצורה כה אכזרית־זוועתית. אולם אנו, בני ישראל, — עם־הספר הננו. טבעי הוא איפוא כי מצבה היא בעינינו בראש וראשונה — ספר. יירשמו־נא אירועי־הזוועה למעננו, למען הדורות הבאים, — לפי שעה, עד יום הדין הגדול והנורא, אשר בוא יבוא, אשר מוכרח לבוא.

בישראל הצמדנו לספרא, לספר, — גם את הסייפא, את החרב. אנו, בני ישראל, למדנו לקח מהפורענות של אומתנו. לא נעמוד יותר מול האוייב נטולי־מכשירים להשבת מלחמה שערה כפי שהיו בלעדיהם קדושינו המעונים בתקופת היטלר. עם זה אין אנו יכולים לוותר על נשקה המסורתי של האומה, — על הספר, — כמכשיר של מחאה ומאבק נגד משמידי בני־ישראל והאומה הישראלית.

יהיה־נא איפוא ספרנו זה מצבה נאותה על קרב־אחים של קהילה קדושה, — של עדת־יהודים יקרים, שלווים, חרוצים, פשוטים, יראי־שמים ותורה, אשר מעל ראשיהם הונף הגרזן החד והאכזרי של רבי־הרוצחים, אשר דוגמתם לא היו מאז קיום האנושות.

לא חסכנו עמל ואמצעים שהספר יהיה רב־רושם, — הן בצורתו החיצונית והן מבחינת התוכן. הוקדשה דאגה לכך שיחודה של זביר־ציה וצביונה האפייני יבואו לביטויים המלא, על אף האמצעים הצנועים שעמדו לרשותנו.

הננו מקווים כי ספרנו זה יזכה להד נאות כמיבצע ספרותי־היסטורי רציני.

אנו מודים לכל אלה שסייעו להגשמת רעיוננו להוציא לאור ספרנו זה.

ארגון יוצאי זבירציה והסביבה

**ועד הארגון**

**העורך וועדת המערכת**

מיט ציטער און ערפֿאַרכטיקייט געבן מיר דער עפֿנטלעכקייט איבער אונדזער אָנדענק־בוך. מיר ווייסן אַז אַ בוך קלעקט נאָך נישט כדי אויסצודריקן דעם גרויסן צער, ווייטיק, פּראָטעסט און דעם נאַטירלעכן נקמה־דראַנג פֿון אַן עדה, וואָס איר רוב מנין און רוב בנין איז אַזוי שוידערלעך־בעסטיאַליש פֿאַרשניטן געוואָרן אין „ציוויליזירטן" 20־טן י״ה. אָבער מיר, יידן, זענען אַן עם הספר, אַ פֿאָלק פֿון בוך. איז עס, טאָקע, נאַטירלעך אַז אַ מצבה איז אין אונדזערע אויגן קודם־כל אַ בוך. זאָלן די שוידערלעכע פֿאַקטן פֿאַרשריבן ווערן, פֿאַר אונדז, פֿאַר די קומענדיקע דורות, — דערווייל, ביז צום גרויסן יום־הדין ,וואָס וועט קומען, וואָס מוז קומען.

אין ישראל האָבן מיר צוגעגעבן צום בוך, — צו ספרא, — אויך סייפֿא, די שווערט. מיר, יידן, האָבן זיך אויסגעלערנט פֿון די פּורעניותן אויף אונדזער אומה, און מיר וועלן שוין מער נישט שטיין פֿאַר אַ שונא, אנטבלויזטע פֿון פֿיזישע פֿאַרגעלט מכשירים, ווי עס זענען געווען אונדזערע הייליקע מאַרטירער אין דער היטלער־תקופה. דאָך קאָנען מיר נישט מוותר זיין אויפֿן טראַדיציאָנעלן כלי־זיין פֿון דער אומה, — אויפֿן בוך, — אַלס פּראָטעסט־און קאַמפּס־אינסטרומענט קעגן די פֿאַרלענדער פֿון יידן, און פֿון יידישן פֿאָלק.

זאָל אַלזאָ אונדזער בוך זיין אַ ווערדיקע מצבה אויף אַ מאַסן־קבר פֿון אַ קהילה־קדושה, — אַן עדה אַ טייערע, פֿון פֿרידלעכע, אַר־בעטסזאַמע, פּשוטע, גאָט־און אידייע־געטרייע יידן, וואָס איבער זייערע קעפּ האָט געווילדעוועט די שאַרפֿע האַק פֿון די בלוטיקסטע רוצחים, וואָס זייערס גלייכן איז נישט געווען זינט די מענטשהייט באַשטייט.

מיר האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי, קיין מיטלען, אַז אונדזער בוך זאָל זיין איינדרוקס־פֿול, — סיי אויסערלעך און סיי אין פּרט פֿון אינהאַלט. עס איז געזאָרגט געוואָרן, אַז דאָס באַזונדערע, דאָס כאַראַקטעריסטישע פֿון זאַוויערטשע זאָל אין פֿולער מאָס, ביי אונדזערע באַשיידענע מיטלען, קומען צום אויסדרוק אין אונדזער בוך.

מיר האָפֿן אַז אונדזער בוך וועט געווינען דעם ריכטיקן אָפּ־קלאַנג אַלס ערנסטער ליטעראַריש־היסטאָרישער אויפֿטו.

מיר דאַנקען אַלע וועלכע האָבן מיטגעהאָלפֿן פֿאַרווירקלעכן אונדזער אידיי אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

פֿאַרבאַנד שטאָטלייט פֿון זאַוויערטשע און סביבה

**פֿאַרבאַנדס־קאָמיטעט**

**רעדאַקטאָר און רעדאַקציע־קאָמיסיע**

בשער ספר הזכרון לקדושי זבירציה נתייחד־נא עם זכר יקירינו, — הורינו, אחינו, אחיותינו, קרובינו, חברינו וידידינו, בני זבירציה והסביבה. הם עונו ואונסו, הושפלו, ונזרקו, ביד זדון של חיתו־טרף, לתאי הגאז, למחנות כלייה, לחנק ואבדון. לא נשכחם לעד. בראש מורכן, בלב־דווי נאמר קדיש —

# יתגדל ויתקדש

אינעם פאָדער־בלאַט פונעם אָנדענק־בוך צום זכר פון די קדושים פון זאַוויערטשע און סביבה, לאָמיר זיך מתיחד זיין מיטן ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע, — אונדזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער, חברים און פריינט, מענטשן פון זאַוויערטשע. זיי זענען געוואָרן געפּייניקט, געשענדט, דער־נידריקט און אַריינגעוואָרפן, מיט פאַרברעכער־הענט פון רויב־חיות, אין די גאַז־קאַמערן, אין אויסראָטונגס־לאַגערן, צו דער־שטיקונג און אומקום.

מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן. מיט געבויגטן קאָפּ לאָמיר זאָגן קדיש —

י ת ג ד ל  ו י ת ק ד ש



אודים מוצלים מאש, בני זבירציה ששרדו ממחנות חחד־לוז, הכפייה והעינוי בגרמניה, והתרכזו בעיקר בשטאובינג, התקינו ביום כ"ד אב תש"ו 1946 בבית הכנסת בשטאובינג שני לוחות זכרון, לזכר קדושי זבירציה. תצלום אחד משני הלוחות הננו מביאים לחלן.

* *

אָפּגעראַטעוועטע רעשטלעך פון זאַוויערטשע, וואָס זענען געבליבן פון די פאַרניכטונגס־צוואַנגס־און מאַטער־לאַגערן אין דייטשלאַנד און זיך קאָנצענטרירט דער עיקר אין שטאובינג, האָבן אין דער שול אין שטאובינג אַראַנזשירט צוויי געדענק־טאָוולען צום אָנדענק פון די זאַוויערטשער קדושים. די פאָטאָ־קאָפּיע פון איינעם פון די געדענק־טאָוולען געבן מיר דערנעבן.

**את הרשימה של השמות שנכללו בשני הלוחות האלה אנו מפרסמים במקום אחר בספרנו.**

**די רשימה פון די נעמען, וואָס די דאָזיקע צוויי טאָוולען אַנטהאַלטן, וועלן מיר געבן אין אַן אַנדערער שטעלע אין אונדזער בוך.**




זכות גדולה היא לי שבני עירי היקרים הטילו עלי לפני חדשים מספר עריכת ספר הזכרון והעדות על ק"ק זבירציה והסביבה, — הן לפי חומר שנאסף במשך 3 שנים, והן לפי החומר (והוא הרוב) שאספתי בחדשים האחרונים.

יש יתרונות לעורך, בן־עיר, הבא לערוך ספר מעין זה, אך יש גם חסרו־נות. היתרון הוא: ידיעת הענינים בפני ובפנים, חוש־אבחנה בין עיקר וטפל, חיבה לנושא וכו'. החסרונות האפשריים: סובייקטיביות־יתר, התרפקות על דברים של מה־בכך בעיני זר, ראיה אופטית משוחדת.

השתדלתי בנידון זה לשמור על שביל־זהב ועל פרופורציה נאותה, ככל האפשר, — ובמגבלות שאין העורך שליט עליהן. דליתי מנבכי־העבר כל גילוי של פעילות בני־העיר, כל אירוע אפייני. ברי, שדברים רבים, אולי חשובים למדי, — לא נכללו בסקירות ובזכרונות הבאים. עם הקוראים הסליחה על ליקויים אלה, שלא במתכוון באו, והם אך תוצאה של כברת־הזמן המצומצמת שהוקצתה לי.

בכוחותי הדלים דאגתי לכך שסגנון הדברים בשתי השפות של הספר יהיה רב־גווני, אך עם זה — שווה לכל נפש. תחילה היתה תכניתנו לתת קיצורים תמציתיים בתרגום לאותה לשון משתי לשונות הספר, שהסקירה הנכללת בספר לא נכתבה בה. ברם, לא הספיק כבר לכך מצע הספר. רוב הדברים הייתי נאלץ לערוך באופן יסודי או לכתוב מחדש (בין היתר — השירים). עם הכותבים הסליחה.

שמות של ערים ואנשים מסרתי בדרך כלל בטרנסקיפציה שהשתמשו בה, כרגיל, קדושינו בזבירציה. את שם עירנו, השגור בפינו, כתבתי בטרנס־קריפציה עברית (מלבד בשער הספר — מסיבות טכניות).

השתדלתי למנוע על חזרות בדברי המשתתפים בספר. לא תמיד היה הדבר אפשרי. אין להסיק גם מריבוי דברים, בקשר לאיש אחד, על משקלו בחיי החברה היהודית בזבירציה. יש ועל אישים חשובים, תופעות ואירועים, כותבים כלאחר־יד, כי לא היה מי שיסקרם כראוי. בגוף הספר כותבים רבים על יחודה של זבירציה, עירנו האהובה והיקרה, ואין צורך שבהקדמה נחזור על כך.

הספר מוקדש לזכר קדושי השואה. לא ייפלא, איפוא, שבספרנו מוקדשים לתקופת־אימים זו דברים כה רבים, שיש בהם לעתים חזרות. אולם יקרה היא בעינינו כל חוויה של איש זבירציה בימים העקובים דם של שלטון־הכנופייה הנאצית. כל מלה, כל אות היא כאן זעקה, זעקת־כאב וזעם כאחת. הלב דואב עם קריאת כל שורה מהשורות האלה ואין כאן מקום למלקחי־מרות של עורך.

* *

הנני חש שלא אצא ידי חובה אם לא אציין את המאמצים הרבים של חברי וועד הארגון, ח״ח יוסף פינקל, שמעון פייגנבלאַט, נחום דרעזנער, דוד בראט, יואל גרינקראוט והמזכיר המנוח של הארגון א. זאקס, שעמלו וטרחו על מנת שהספר יופיע, למרות הקשיים. תודתי נתונה במיוחד לח״ח ש. פייגנבלאט (יו״ר ועד הארגון) ונחום דרעזנער, שזנחו את עניניהם האישיים והקדישו זמן רב לספר.

* *

כן אציין בתודה את פעולות וועדת המערכת (ח״ח משה־מיעטעק ניימאַן, מרמת הכובש, ואהרון ראַזענצווייג, מגבעת השלושה) — וביחוד את העבודה המסורה של החבר מ. ניימאַן. כמובן שמגיעה תודה לכל אלה שהשתתפו בספר בפרי־עטם.

* *

ראויים לציון מיוחד מוסדות השואה והמחקר ההיסטורי־ספרותי: „יד ושם", החברה ההיסטורית הישראלית בירושלים, ספרית „רמב״ם" בתל־אביב, ספרית „שערי ציון" בתל־אביב, ספריית האוניברסיטה (הספריה הלאומית) בירו־שלים, ארכיון העבודה בתל־אביב ומוסדות־מחקר אחרים, שהעמידו באדיבותם לרשותי חומר־עיון אשר נזקקתי לו. הנהלות „יד ושם" ו„החברה ההיסטורית הישראלית" העמידו לרשותי מיקרופילמים שזה מקרוב באו מפולין ומארה״ב. כן הסתייענו בחומר שנשלח לנו ע״י המכון היהודי־היסטורי בווארשה, בראשות פרופ. ב. מארק.



עס איז אַ גרויסע זכיה פאַר מיר, אַז מיינע טייערע שטאָט־לייט האָבן מיך באַאויפטראַגט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק צו רעדאַקטירן דאָס אנדענק־און עדות־בוך פון ק. ק. זאַוויערטשע און סביבה, — הן לויטן מאַטעריאַל וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אין משך פון 3 יאָר, און הן לויטן מאַטעריאַל (און ער איז דער רוב), וועלכן איך האָב געזאַמלט אין די לעצטע 3 חדשים.

אַ רעדאַקטאָר, אַ שטאָט־מענטש האָט אַ סאַך מעלות, אָבער אויך חסרונות. פאַר אָפּשיידן דעם עיקר פונעם אומוויכטיקן, די ליבשאַפט צו דער טעמע א. א. וו.

די מעלות זענען: די באַהאָונטקייט אין די ענינים אַדורך און אַדורך, דער חוש פאַר אָפּשיידן דעם עיקר פונעם אומוויכטיקן, די ליבשאַפט צו דער טעמע א. א. די מעגלעכע חסרונות זענען: צו שטאַרקער סוביעקטיוויזם, דער האַנג צו זאַכן, אומבאַדייטנדיקע פאַר אַ פרעמדן; פניותדיקער אָפּטישער קוק.

איך האָב מיך אין דעם פּרט באַמיט אָפּצוהיטן דעם גאָלדענעם מיטל־וועג און אַ פּאַסיקע פּראָפּאָרציע, — נאַטירלעך ביי באַגרענעצונגען, איבער וועלכע אַ רעדאַקטאָר האָט קיין שליטה נישט. איך האָב געשעפּט פון די פאַרגאַנגענהייטס־באַהעלטעניש יעדע דערשיינונג פון אַקטיוויטעט ביי אונדזערע שטאָט־לייט, יעדע כאַראַקטעריסטישע פּאַסירונג. קלאָר, אַז אַ סאַך זאַכן, און אפשר גאָר־וויכטיקע — זענען נישט אַריין אין די איבערזיכטן און זכרונות, וואָס דאָס בוך אַנטהאַלט. זאָלן די לייענער אַנטשולדיקן וועגן אָט־די נישט־בכיוונדיקע בלויזן, וואָס זענען רק אַ פּראָדוקט פונעם קורצן טערמין, וואָס איז מיר באַשטימט געוואָרן.

מיט מיינע קנאַפּע כוחות האָב איך געזאָרגט אַז די סטיליזאַציע פון די זאַכן זאָל איןביידע שפּראַכן פונעם בוך זיין בונט־פאַרביק אָבער גלייכצייטיק פּאָפּו־לער .אין אָנהויב האָבן מיר פּלאַנירט צו געבן תמצית׳דיקע קירצונגען אין דער איבערזעצונג אין איינע פון די שפּראַכן פונעם בוך, אין וועלכער אַן איבער־בליק אָדער אַרטיקל איז נישט געשריבן. אָבער דער ראַמען פונעם בוך האָט שוין דערצו נישט געקלעקט. דעם רוב זאַכן האָב איך געמוזט גרינדלעך איבער־רעדאַגירן, אָדער זיי פונסניי שרייבן (צווישן אַנדערן — די לידער). זאָלן דאָס די באַטייליקטע אינעם בוך אַנטשולדיקן.

נעמען פון שטעט און מענטשן האָב איך בדרך־כלל געגעבן אין דער טראַנסקריפּציע, וואָס אונדזערע קדושים אין זאַוויערטשע פלעגן זיך באַנוצן מיט איר.

איך האָב מיך באַמיט צו פאַרמיידן דאָס איבערחזרן זיך אין די רייד פון די אָנטיילנעמער אינעם בוך. נישט תמיד איז עס מעגלעך געווען. עס איז אויך נישט צו מאַכן קיין מסקנא פון מער רייד וועגן איין מענטשן, איבער זיין וואָגיקייט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין זאַוויערטשע. עס טרעפט אַז וועגן וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, דערשיינונגען און פּאַסירונגען, שרייבט מען כלאחר־יד, ווייל עס איז נישט געווען עמעץ וואָס זאָל זיי ווי געהעריק אָפּ־שאַצן. אינעם בוך שרייבן אַ סאַך וועגן די ספּעציפישקייט פון זאַוויערטשע, אונ־דזער געליבטער, טייערער שטאָט. עס איז נישט נויטיק אַז אין דער הקדמה זאָל מען דאָס איבערחזרן.

דאָס בוך איז געווידמעט דעם אָנדענק פון די קדושים בעת דער היטלער־קאַטאַסטראָפּע. זאָל מען זיך טאַקע נישט וווּנדערן, אַז אין אונדזער בוך זענען

דער שוידערלעכער תקופה געווידמעט אַזויפיל אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע עס ווערן טיילמאָל איבערחזרט זאַכן. אָבער טייער איז אונדז יעדע איבערלעבעניש פון אַ זאָוויערטשער אין די דאָזיקע בלוט־פאַרכלינעטע טעג, בעת די נאַצישע כנופיות האָבן געגראַסעוועט. יעטוועד וואָרט, יעדער אות איז דאָ אַן אויפגעשריי, אַ וויי־טיק־און אַ צאָרן־אויסגעשריי. דאָס האַרץ טוט וויי, לייענענדיק יעדע שורה פון אָט־די שורות. דאָ איז נישט פאַראַן קיין פּלאַץ פאַר די דיסציפּלין־קלעשטשעס פון אַ רעדאַקטאָר.

* *

איך פיל אַז איך וועל נישט יוצא זיין, אויב איך וועל נישט באַצייכענען די גרויסע אָנשטרענגונג פון די חברים פונעם פאַרבאַנדס־ועד, די ח״ח יוסף פינקל, שמעון פייגנבלאַט, נחום דרעזנער, דוד בראַט, יואל גרינקרויט, און דעם פאַרשטאָרבענעם סעקרעטאַר פונעם פאַרבאַנד, א. זאַקס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעמיט, כדי דאָס בוך זאָל דערשיינען, נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן. איך דאַנק באַזונדערס די ח״ח שמעון פייגנבלאַט (פּאָרזיצער פונעם פאַרבאַנדס־ועד) און נחום דרעזנער, וואָס האָבן פאַרנאַכלעסיקט זייערע פּריוואַטע ענינים און אַ סאַך צייט געווידמעט דעם בוך

איך וויל מיט דאַנק אויך באַצייכענען די טעטיקייט פון דער רעדאַקציע־קאָמיסיע (ח״ח משה־מיטעק ניימאַן, פון רמת הכובש, און אהרון ראָזענצוויג, פון גבעת השלושה), — און באַזונדערס די איבערגעגעבענע אַרבעט פונעם ח׳ כ. ניימאַן. נאַטירלעך קומט אַ דאַנק אַלע וועלכע האָבן זיך מיט זייער פּען באַטייליקט אינעם בוך.

ראוי צו אַ באַזונדערער באַצייכענונג זענען די אינסטיטוציעס פון דער שואה און פאַר היסטאָריש־ליטעראַרישער פאָרשונג: „יד ושם״, די ישראלדיקע היסטאָרישע געזעלשאַפט, די רמב״ם־ביבליאָטעק אין תל־אביב, די „שערי־ציון״־ביבליאָטעק אין תל־אביב, די אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק (נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק) אין ירושלים, אַרבעטס־אַרכיוו אין תל־אביב, וועלכע האָבן מיט העלפעכקייט געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע אייגבליק־מאַטעריאַל, וואָס איך האָב נויטיק געהאַט פאַרן בוך. די לייטונגען פון „יד ושם״ און פון דער היסטאָרישער געזעלשאַפט האָבן געשטעלט צו מיין דיספּאָזיציע מיקראָפילמען וועלכע זענען אָקאָרשט אָנגעקומען פון פּוילן און פון די פאַר. שטאַטן. מיר האָבן זיך אויך באַנוצט מיט מאַטעריאַל וואָס איז אונדז געשיקט געוואָרן דורכן ידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, אין וועלכנס שפּיץ עס שטייט פּראָפ׳ ב. מאַרק.

דער רעדאַקטאָר

**ש. ספיבאק**

## אנטוויקלונג פון זאַוויערטשער אינדוסטריע, — פאַרוואָס?



זאַוויערטשע ליגט אין איינעם פון די טיפסטע פונקטן פון דעם פּלאַטאָ (ד. ה. אַ געגנט איבער דער הויך פונעם ים־שפּיגל) וועלכער ציט זיך פון די יוראַ־בערג אַרום קראָקע ביז טשענסטאָכאָוו.

דער העכסטער פונקט אין דאָזיקן פּלאַטאָ געפינט זיך ביי אָגראָדזשעניעץ.

דער פאַקט אַז דער קאַנט בשכנות מיט זאַוויערטשע ליגט נידריקער ווי די ווייטער־דיקע געגנט, האָט אַ השפעה אויפן קלימאַט, אויף די קוואַליטעט פון באָדן, אויף די וואַ־סער־קוואַנטום, אויף די געאָלאָגישע שיכטן. דאָס אַלץ האָט געהאַט אַ השפעה אויף די אַנטוויקלונג פון דער זאַוויערטשער אינדוסטריע.

* *

דער זאַוויערטשער קאַנט איז תחילת נישט געווען אַגריקולטורעל אַנט־וויקלט (הגם וואַסער האָט נישט געפעלט), ווייל: 1) פאַראַן דאָרט צופיל קילע נעכט; פאַראַן דאָרט ווינציק טעג פון וווקס, — צוליבן קילערן קלימאַט (162—190 קעלט־נעכט און געפריר־נעכט אין יאָר); 2) הגם עס פעלט נישט וואַסער, איז דאָרט דער באָדן פאַר אַגריקולטור ערגער ווי אין די פלאַך־פליינען פון פּוילן. ער איז אין זאַוו. קאַנט זאַמדיק, רייך אין מינעראַלן (ברוין־קוילן, אייזן־רודע, צינק און בליי, — אין ווייטערער געגנט). 3) אַ סאַך געהילץ, אָבער צו יונג און ווינציק, אַז עס זאָל לוינען צו שאַפן דאָרט אַ האָלץ־צענטער.

ביים אָנהויב פונעם אינדוסטריאַליזאַציע־פּעריאָד (בערך 1840—1870) זענען אָט־די חסרונות, אין ליכט פון דעם וואָס די אינדוסטריע פאָדערט, געווען אַ מעלה: 1) דער קלימאַט איז פאַר טעקסטיל־אינדוסטריע זייער גוט; 2) ברוין־קוילן, וואָס זענען ביליקער ווי שוואַרץ־קוילן, לוינט נישט צו עקספּאָרטירן פונעם קאַנט. זיי זענען דערפאַר אַ ביליק הייץ־מיטל פאַר דער אינדוסטריע. די זאַמדן אין דער געגנט פון פּילץ, — קרימעלעוו, — זאַוויערטשע טויגן ספּעציעל פאַר גלאָז־פאַבריקאַציע. די אייזן־רודע אין אַ געגנט פון ברוין־קוילן איז דער בעסטער באַזיס פאַר אַנטוויקלען אייזן־הוטעס. וואַסער איז דאָרט בשפע. צוליב דעם אַז דער קאַנט ליגט טאָפּאָגראַפיש־נידריק, — שטראָמען פון די בערג פון דער קראָקע־טשענסטאָכאָווער העכערונג (און ספּעציעל פון די הויכע בערג

אָרום אָגראָדזשעניעץ), די צעטייעטע שניי־מאַסן פון אָט־די בערג. אין דער געגנט אָגראָדזשעניעץ־קראָמאָלאָוו ליגט דער מקור פון 6 טייכן און טייכלעך: פּיליצאַ, וואַרטאַ, פּזשעמשאַ, ווייסע פּזשעמשאַ, ליסוואַרטאַ און פּראָסנאַ. פאַר דער אינדוסטריע, — און ספּעציעל פאַר דער טעקסטיל־אינדוסטריע, — איז די וואַסער־שפע אַ גרויסע מעלה. 3) אויב די וועלדער האָבן נישט געלוינט פאַר אַ האָלץ־אינדוסטריע אינעם פּעריאָד איידער עס האָט זיך געשאַפן די זאַגלעמביער אינדוסטריע, זענען זיי שוין גאָר וויכטיק געווען ביי דער אַנט־וויקלונג פון די גרובן: פאַרן בויען פאַבריקס־און וווין־בנינים. זינט די אינ־דוסטריע האָט זיך גענומען פאַרפונדעווען אינעם קאַנט, זענען געשאַפן געוואָרן נישט־ווינציק טאַרטאַקן.

אויך די באַן־ליניע, — וואָס איז תחילת (אין די 40־קער יאָרן פון פאַבריקן י״ה) געלייגט געוואָרן פאַרן סחורות־אימפּאָרט פון דייטשלאַנד־עסטרייך קיין רוסלאַנד, — האָט 20—25 יאָר שפּעטער געדינט אַלס סטימול פאַר דער אַנטוויקלונג פון די קוילן־גרובן, ווי אויך פון דער לייכטער און שווערער אינדוסטריע.

אָבער קוים אין די וויקעלעך פון איר אַנטוויקלונג, איז שוין פון „העכערע" אינדוסטריע־כוחות געהאַמעוועט געוואָרן די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע



מפת העיר זבירציה
שטאָט־מאַפּע זאַוויערטשע

אין זאַוויערטשער קאַנט. עס איז אפשר ווינציק באַקאַנט אַז די שווער־אינדוסטריע אין זאַגלעמביע איז געווען אין די הענט פון דייטשע קאָנצערנען, — אפילו אין די צאַרישע צייטן, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אָט־די קאָנצערנען האָבן געהאַט פאַבריקן אויך אין רור־געביט, אין סאַאַר־געביט אין דייטשלאַנד, טיילווייז אויך אין זאַקסן. זיי האָבן אַזוי מאַניפּולירט אַז די פאַבריקן אינעם רור־געביט האָבן זיך מער אַנטוויקלט, איידער די פאַבריקן אין די גרובן אינעם זאַגלעמביער קאַנט.

דערפאַר איז שוין אַ שטיק פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין דער זאַוויערטשער אינדוסטריע איינגעטראָטן אַ סטאַגנאַציע. אַביסל האָט זיך אַנטוויקלט די ט. א. ז., אָבער אויך זי איז געווען אַ דייטשער קאָנצערן און זי איז אין איר אַנטוויקלונג נישט דערגאַנגען צו דעם ניוואָ ווי די אינדוסטריען אין לאָדזשער און טאָמאַשאָווער געגנט.

דעריבער איז זאַוויערטשע אין עצם נישט געוואַקסן זינט דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אין 1904—1905. אַקעגן אימיגרירטן און נאַטירלעכן וווקס איז תמיד געווען אַ שטראָם פון אויסוואַנדערונג פון זאַוויערטשע, ספּעציעל מצד יידן. די צאָל האָט זיך, אַלזאָ, כסדר אויסבאַלאַנסירט, — אפשר אין ריכטונג פון אַ געוויסן וווקס: ווידער די 6—7 טויזנט יידן, ווי ביים אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווידער די 27—29 טויזנט אַלגעמיינע איינוווינער, ווי אין 1914.







איככה אשכחך?
ווי אזוי קאָן איך
דיך פארגעסן?

**פנחס ארליך**

# איך אשכחך, עירי?

איככה אשכחך עירי, עיר ילדות שובבה, עיר נעורי ובחרותי. חרותה את על לוח לבי, — את על סמטאותיך, רחובותיך, בתי המדרשות ובתי הכנסת שלך ועל כל הדברים הטובים שחבקת בחובך?

היאך עלה הכורת על גזעך מבלי שחששנו זאת מרחוק, — בחיינו המחודשים במולדת ישראל? כיצד לא ידענו זאת בעוד מועד, — אנו, בני הנוער שהתערה כבר בקרקע המכורה; אנו אנשי העליות אשר כה אהבנו, לפני עלותנו, את השדרה הישנה ואת החדשה, את גן ליוונשטיין, וכל פינות החמד שבהן. נתברכת להנאתנו, כאשר היינו יושבים שם, חולמים, שרים משירי ציון, מתווכחים על עניני ארץ ישראל ומקיימים פינה עברית.

כה תמימה היית זבירציה, כה נוטה חסד היית. נוהגת היית להתקשט לתפארת השבת. רחוב מרשלקובסקה, — הרחוב הראשי של רובע היהודים בעיר, — היה עוטה בגדי־חג בשבת אחר הצהרים. הכל שבת ויינפש. שקט שבתי היה נסוך על הכל.

מי ישכח את מראה השוק הישן לפנות ערב, עת המעיין המפכה את מימיו החכליליים בצינורות מותקנים מכל צדי המבנה שמעל מעיין המים. נראה היה כאילו זורקת הבאר מבטים לכל הסימטאות שהתפלגו והתפתלו מהשוק הישן. שם, בסימטאות האלה, היו מתגוררים יהודים בהמוניהם. שם התרקמו חיי ישראל סבא. יהודים היו נמשכים לשם. בשבתות ובחגים היו יוצאים משם יהודים יקרים, ב„איביצעס" מבד אטלס שחור ונוצץ, והיו הולכים לבתי החסידים, שמהם היה בוקע הזמר החסידי הנוגע עד לב. בני היכלא היו שם...

מי ישכח היאך היו נדחקים ובאים לבית הרב מקוזשיגלוב, לשמוע תורה מפיו, — יהודים־סתם, חסידים ויראים? היו באים לשם, מתפעלים ומתלהבים: מושקה מילכיאר, ר' משה אהרן וכן יהודים „מכל ימות השנה", אנשי תבונת כפים,— מי נגר ומי כובען או חייט. כולם היו נהנים מזיו התורה. הם היו מתחממים באור התורה והיו מבטלים את כל העולם הזה. שוכחים דאגות הפרנסה, שלומו של בית, צרת בת שהגיעה לפרקה. הכל היה מתלכד יחד, — „בני היכלא דכסיפין למחזי זיו דזעיר אנפין...

איך אשכחך זבירציה? הנה בית המדרש בשחרי חורף. העיר מכוסה רובה ככולה שלג. ר' „אלתר שמש", — טרוד ליד המיחם. הוא מוזג ומחלק תה ריחני, מהביל. ויושבים כבר בחורי ישיבה ליד הגמרות הפתוחות, וקול התורה בוקע, עולה

ומתמזג עם קולות התפילה של יהודים שהשכימו קום. שחר חרפי מציץ דרך החלונות... וניהנה: בחורי ישראל לומדים תורה... אף אותם הבחורים שהציצו ונפגעו, המעיינים כבר בספרים חיצוניים, נזהרים עוד במצווה קלה כבחמורה. ר׳ הניך סרולקיס, נלחם בהם עד חרמה... ודמותו האצילה והבלתי נשכחת של ר׳ שימעלע קורניצר, שהיה משפיע בדרכי נועם, לומד עם הקהל מספרי מוסר, מסילת ישרים חובת הלבבות. ויושבים לפניו יהודים פשוטים, „יהודים מכל ימות השנה״, שומעים את לקחו ומהרהרים בלבם על הצפון להם בחיי עולם הבא.. מי יגלה עפר מעיניך ר׳ שימעלע, זו תורה וזו שכרה...

בית המדרש בערבי חורף, ישיבת מגדל עוז עם מנהלה ר׳ מנחם מנדל, ששילב תורה ומוסר, והיה רגיל לומר: האדם הוא עץ השדה. כל עוד העץ צעיר, אפשר להטותו לכאן ולכאן...

בישיבה הצטיינו גם המתמידים וביניהם אהרן זילברשטיין, אברך תמים וישר, אשר רק בתורת ד׳ הגו. לא משה מידו הגמרא. נמוך מעשב היה, משיח היה בלחש. היו בין בחורי הישיבה גם החריפים, תלמידי ישיבת הרב מקוזיגלוב: אלי פלאם, חימל אמסטיוער. דער קראקאווער... והעילוי מקרושנביץ...

*

בית המדרש היה אוצר בלום של טיפוסים: היו מחזרים על הפתחים שבאו מאי שם ומבגדיהם הבלויים נשבה רוח השדות. היו מתחממים ליד התנור הגדול והיו מפליגים בסיפוריהם על דא ועל הא. היה ביניהם יהודי אלם, גבה קומה, כחוש גוף — התגלמות של יהודי בגלות. היה גם ר׳ פישל העיוור, שהופיע ופקד את זבירציה בשלהי הקיץ, עם הישמע קול השופר בהתחלת חודש אלול. הוא ידע את כל העיר. הוא „ראה״ והכיר כל בחור שהיה משוחח אתו. עם תום יום הכפורים היה ר׳ פישל נעלם כלעומת שבא...

והנה הערבים לפני הסתיו. נוער מתאסף בשדרה: שלכת, עלים נושרים... שירי ימים נוראים ושירי חסידים מהדהדים בין העצים, והלב הומה.

החצר של הרבי מקרימולוב... עצי הגן... חסידים באו לשבות אצל הרבי. מסתובבים בגן ומריחים את ריח חקל תפוחין קדישין... אוירה דארץ ישראל...

וכל אותן הנשים הצדקניות, אמותינו, סבתותינו שהיו מקבצות צדקה למתן בסתר, שהיו מקבלות עליהן עול הפרנסה, וטורחות הבית בעבודת־פרך, כדי להזין, לגדל ולחנך ילדיהן, ומאמינות כי יהיה טוב. כי מוכרח להיות טוב...

איכה הושמדה זבירציה והיאך נהייתה כלא היתה?

**נחמיה ארליך**

## עיר שוקקת חיים

אין פלג חברתי בישראל, אשר לא ימצא את ייצוגו הניכר בזבירצית. היו „פאטריוטים" פולנים „בני דת משה". היו חסידים מכל ה„חצרות" והגיוונים. היו ציונים, אנשי „המזרחי", אגודאים וצעיריהם. היו בחורי ישיבה, תלמידים בגימנסיות, פשוטי־עם, בעלי־מלאכה, פועלים. היו כמה גיוונים של סוציאליסטים יהודיים וסוציאליסטים קוסמופוליטיים, אבל לא היתה בעירנו מן הקנאות האדוקה שהיתה מעוררת ריב, מדון ומחלוקת בישובים האחרים בפולין.

זבירציה היתה עיר אוהבת חיים, בעלת מזג ואוירה נוחים. היא היתה שוקקת חיים, כיאות לעיר חדשה.

* *

דומני שהורי היו מהראשונים שנטו אהלם בנקודה זו, שהלכה הלוך והתפתח, בד בבד עם בית החרושת לאריגים, ובמידה מסויימת — בד בבד עם התפתחותם של המפעלים התעשיתיים האחרים בעיר. בעליו הראשונים של בית החרושת לאריגה היו יהודים מתבוללים. הם הכניסו כנראה, מספר מועט של פועלים יהודיים, ביניהם אורזים של הבדים מתוצרת בית החרושת. משום כך נדבק לכמה משפחות השם „פאקער" (אורז).

* *

שמעתי מפי ראשוני העיר כי הודות למתבוללים מבית החרושת הוקם בעירנו בית כנסת יפה, ולצדו בית מדרש, וכן, — להבדיל — בית מרחץ עם חדר־זיעה. וכך היה מעשה בניית מוסדות אלה: כאשר הוקם בית החרושת ובאו לעבוד בו מאיכרי הסביבה, לא היו הללו מקפידים ושומרים על הצו: „ואל כליך לא תתן". עם לכתם הביתה היו עוטפים על גופם, מתחת לבגדיהם, בדים מתוצרת המפעל. סחורה עטופה וחטופה זו, אשר בעירנו קיבלה כינוי „שאריע" (כלום ממשקל „שארית", כגון „יתר" של החייטים ?)— היו מוכרים לאחינו בני ישראל. כל התחבולות לגלות את הגנבות ולהעניש, — הן את המוכרים והן את הקונים, — העלו חרס, כיוון שגם הז'נדרמים הצארים היו „בלאט" (כלומר: משוחדים). טיכסו, איפוא, הבעלים והמנהלים המתבוללים של המפעל עצה מחוכמת: הם הועידו את טובי העיר והב־טיחו להקים בית כנסת גדול, בית מדרש, ולהבדיל בית מרחץ, — בתנאי שיהודים לא יקנו „שאריע".

פרנסי הקהלה ונכבדיה הסכימו, כמובן, לכך. הם אסרו בחרם קניית „שאריע" וכך נבנו המוסדות החשובים ביותר של הקהלה. ואשר ל„שאריע", — הרי החרמות והאיסורים עזרו „בשם שעוזרים כוסות־רוח למתים".

זבירציה קיבלה איפוא את בית הכנסת שבו היינו מתפללים, את בית המדרש שהיינו מתפללים בו וגם לומדים שיעור בתורה. קיבלנו גם את בית המרחץ, שעליו הוסיפו במרוצת הזמן את בית הזיעה, אשר בו הזענו כדבעי, כדרך גוברין יהודאין.

* *

זכורני: בערבי שבת ומועדים היה אבי מביאני לבית הזיעה. בזכות אותה תרומה של מנהלי בית החרושת „ט. א. ז." זכיתי איפוא, גם אני הזאטוט, ליהנות מהאדים הרותחים, המחניקים,— ובכל זאת מרעננים של בית הזיעה. אבי היה חסיד גדול של בית הזיעה ומראשי המצביאים שם („נאָך א שעפּעלע אײ־אײ, א מחיה", — „עוד דלי מים, הוי, הוי, מחייה־נפשות", — היו קוראים). הוא חנכני בהדרגה ל„קריירה" של בית המרחץ. תחילה הרביץ בי בצרור זרדים (שהיה מתקרא: „בעזימל") כשעמדתי על המדרגה התחתונה של המבנה האמפי־תיאטרוני המדורג של חדר הזיעה. דבר זה היה די נעים ונראה היה בעיני כמעשה־קונדס. אחר־כך, עם „העלאתי בדרגה" במדרגות חדר הזיעה, התחלתי להרגיש יותר ויותר את להט האדים. וכך סחבני אבא עד מרום הספסלים־המדרגות שבחדר הזיעה, כשאני, הזאטוט הצווח בקולי־קולות, נאבק בדקירות הלוהטות של צרור הזרדים, שבו היה אבא מרביץ בגופי ובעורי ללא רחמים. גם עלי היה אבא מצווה להרביץ בו על הספסל העליון שבעליונים. מרוב חום קללתי קללות נמרצות את המתבוללים שהקימו בית זיעה כזה.

ואכן, קללתי נתקיימה בדרך משונה: אותו מתבולל, שמימן את הקמת בית המרחץ ואשר שמו התנוסס על מוסד חשוב זה, גסס ונטה למות. לערש הדווי של אביו החיש, איפוא, בנו, — כומר, שהיה מצוייד בכלי מים אחרים, מים שאינם באים ממקווה יהודית. כך העביר הבן המשומד באותם מים לא־מקוואיים את אביו בחפזון לגן העדן הנוצרי.

וזכורני שה„שבת־גוי" שהיה מסיק את תנורי היהודים בשבתות היה מאוד מאוכזב, בראותו כי אבי ממשיך בשבתות לשיר את זמירות השבת והסיח דעתו מכל הרעש שהקימו סביב הקדוש החדש. התגרה בנו, איפוא, הגוי ואמר: סבור הייתי שכל היהודונים ילכו בעקבות הנוצרי החדש וייכנסו תחת כנפי הדת והכנסיה הנוצריים.

לזכותם של המתבוללים האלה ייאמר כי בהיותם בקו הבריאות ובדעה צלולה היו מעורבים בחיים היהודיים, — מהם בקהילה, ומהם סידו את מוסד הצדקה „דאָבראָטשינגאָשטש", שפעל רבות בין דלת־העם. הם היו באים לבית־הכנסת ב„ימים הנוראים" וניזונים מקמצוץ של יהדות.

* *

והנה — הדמות הנעלה של ר' אברהם באָרנשטיין, שעבד תחילה כמזכיר ב„דאָבראָטשינגאָשטש", ואחר כך שימש כחבר ועד הקהילה בעירנו. בזמנו הוא

הקים יחד עם גיסו בלומנפלד, בית דפוס בעירנו. בשנים האחרונות לחייו כיהן ר׳ אברהם כראש הקהילה וכסגן ראש העיר זבירציה.

אברהמעלע באַרנשטיק, אילו היו זוכות עיניו לחזות במדינת היהודים, מדינת ישראל! הרי זוהי אותה מדינת היהודים שהוא סימל בכל מהותו ובהופעותיו הציוניות. לא היה מאורע ציוני ויהודי אשר לא השתקף בדברותיו. הוא הטיף לנו ציונות בתקופת הצארים ואח״כ בתקופת הבית הלאומי, תקופת המנדט. אם יש עתה במדינת ישראל מאות בני עירנו, — מכוחו ומדברותיו הם כאן. אנו, בני הנוער, ששתינו בצמא מדבריו ואשר נתרשמנו מהופעתו המתונה ואנינת־הטעם, סבורים היינו כי באם תקום אי־פעם מדינה יהודית, — הרי כמוהו, הרי במתכונת שלו יהיה נשיא המדינה.

מאדריכלי התחיה הציונית בזבירציה היו גם לייבוש פרנק, שלמה בוימאץ, שבתי ספיבק, בירך בלאַט, מאיר פרנק ורבים אחרים מבני דורו.

והנה החסידים שבך, עירנו זבירציה. אזכור חיוכם וטוב לבם בערבי יום־כפור ובפורים, בעמדם ליד קערות קרן הקיימת, קופת ר׳ מאיר בעל הנס ואח״כ קרן התורה וקרנות אחרות ובזרקם מטבעות לתוכן. וגאוותו של זה שהיה לו אתרוג מארץ ישראל עטוף ומרופד בקופת עץ, מחוטב בתבנית הכותל־המערבי, וקבר רחל מעבודת ביה״ס „בצלאל״. ואזכור נאומיו של יואל צווייגל, תלמיד חכם וחסיד, שהיה נואם משכנע אשר נאומיו היו ציוניים בכוח אהבת העם, התורה, והארץ שהם מדבקים בשלהבת הגחלת.

ובעלי המלאכה שבך: החייטים, הסנדלרים, הרצענים והצבעים הישרים והתמימים, אשר עם שקיעת השמש עשו הפסקה בעבודתם, „קפצו״ לבית המדרש



בית הכנסת ובית המדרש בזבירציה

לחטוף מנחה ומעריב. ובינתיים גם השיחו מחכמת חייהם. הם היו שוכחים לחזור הביתה, מתישבים סביב שמעון קורניצר המופלא והתמים, לשמוע שעור בעין־יעקב.

הם היו מנענעים בראשיהם, כאילו מסכימים לדבריו המתוקים, היו מנמנמים מעיפות ומהחמימות המתוקה הבית מדרשית. אחר כך היו בניהם של בעלי־מלאכה האלה לראשי הישיבה ומרביצי התורה בעירנו.

בזמני היתה גולת הכותרת של זבירציה — בית המדרש.

* *

אזכרה אותו יום סתוי שבו גמרתי לימודי בחדרו של גרונים־ליבוש ואני דורך על סף בית המדרש כבחור ישיבה לעתיד. אימה נפלה עלי: ארונות ומדפי הספרים הגבוהים עד התקרה, שהכילו בצפיפות ספרים הרבה. בבית המדרש היו שולחנות ארוכים ששוליהם היו מגולפים, הואיל והיו לוקחים מהם שביבים בתור „עדים" לצפרנים גזוזות. עמדתי תוהה ונבהל. שמעתי כיצד מראש השולחן משתפך ובוקע קול מרונן, מתוק ומלבב. זה היה קולו של דוד לנדאו שהיה אז עדיין בחור ישיבה ומתמיד, אבל החל כבר מתבלט ביפיפותו ובטעמו הענוג. בראש השולחן השני היה בולט קולו המתמוגג, רווי־הצער והכמיה של „לייבל הגדול", ובין שולחן לשולחן, התהלך — כשהוא מופשט מכל הסובב אותו,— לייביש זיכערער, כשהוא הולך ומתווכח עם עצמו. אט אט מתגלית לנגד עיני גלריה שלמה של בחורי־חמד — טיפוסים בלתי נשכחים, המלווים אותי תדיר. הנני זוכר עדיין את תנועותיהם, את אופן דיבורם והסברם. הנה משה שקליארז׳, בן הסנדלר אשר חיוך־משי היה נסוך תמיד על שפתיו. עינים טובות־טובות ואנושיות היו לו. ודוקא בחור יקר זה מת בעודו באבו. פטירתו היתה בקיע ראשון באמונתי התמה.

* *

והנה שמחה מנדל נויבויאר, בן חייט, שהיה בחומרתו כאחד מתלמידי בית שמאי. הוא היה שתקן ורציני. הספיק מבט צדקי מעינוי, — והיה כבר מטיל מרות על הסביבה. הוא היה מחונן בכשרונות פדגוגיים בולטים. היה מטייל, הלוך וחזור, בין שני שולחנות, שסביבם ישבו מאה תלמידים והיה מהמהם בינו לבין עצמו. כסבור היית, שאין הוא רואה ויודע מה נעשה, אבל הכל גלוי לו: מפתיע אותך שהוא יודע על כל תנועה שלך, כך היה עובר לפני קהל בחורים גדול שהיו בחורים ונבחרים, מאורות גדולים אשר סביבם גופא היו מסתובבים ככוכבים כתות־כתות של בחורים צעירים. לכל אחד מהם היה משהו עצמאי, ומקורי.

והנה אחד מורה וחבר, יוצא דופן. עוסק בתורה כאחד מבחורי בית המדרש, ובד בבד עם כך היה עוסק בעבודה ציונית מטעם המזרחי. זה היה ישראל הרמן ז״ל. הוא היה נרדף, מוחרם ומנודה למחצה ע״י חבריו בבית המדרש והיה סובל, כאילו, מחבריו. ואף על פי כן לא היה שם לב לכך, הוא היה מחלק את זמנו בין בית המדרש ובין המועדון של צעירי המזרחי. הוא לא היה עוזר להוריו שהיו מדלת העם. הוא לא הקים לעצמו משפחה ובית זאך מסור היה לרעיון הציונות הדתית. היינו שואלים: על שום מה אין הפעיל והממריץ עולה ומקיים הגשמה עצמית. היו עונים אז: לעת עתה אין לו שעה לעצמו. ולא זכה.

**מינדזשיא שוואַרץ־יעקובוביץ**

## פרידה מהבית

לפני 23 — 24 שנה, הגיעה אלי ביום חורף (היה זה יום ב׳ בשבוע) סוף סוף הידיעה כי כל הסידורים נגמרו וכי ביום א׳ בשבוע הבא אעזוב את פולין ואעלה ארצה. לרגע זה צפיתי בכליון־נפש כמעט שנתיים. בהגיע הידיעה הלם הלב בחזקה. כברק חלפה בי ההרגשה כי עוזבת אני, אולי לתמיד, את כל הנוף הזה ואת הסביבה שאליהם התקשרתי בכל נימי־נפשי, את כל האנשים האהובים והיקרים לי. אני נוסעת יחידה הרחק הרחק, מבלי לדעת לאיזה מקום בישראל פני מועדות ומה מחכה לי שם... אבל רגעים אחדים חלפו. התאוששתי. המציאות עמדה לנגד עיני: כל רגע יקר. ידעתי כי עלי להתחיל בהכנות לנסיעה.

יום עבר עלי בפרידה ממכרי. נזכרת אני בפרט אחד שאירע באותו יום: ברחוב מארשאלקובסקה מס. 20 על־יד שני בתים גבוהים, בנויים לבנים, עמד צריף בו התגוררה משפחת נוימן. צריף זה היתה „החברייא" החלוצית והציונית בזבירציה מכנה בדרך הלצה: „סיים". שם היינו מתאספים מפקידה לפקידה לאספות, להתיעצויות וסתם לשם בילוי זמן.

נפרדתי בכאב לב מבני משפחתי, אולם קשה ביותר היתה הפרידה מהסבתא הזקנה. היא הושיטה לי את ידה הרזה והקמוטה מעבודת בית משך שנים רבות. בעיניה עמדו דמעות. ברם, כשהתאוששה אמרה לי: „סעי ילדה, בלי פחד, הרי הביתה, לארץ ישראל את נוסעת. אל היהודים את מכוונת פעמיך, אל המקום אשר כולנו שואפים אליו ואך מעטים זוכים להגיע אליו". פניה הזקנים רעדו מהתרגשות ומתיחות. דמעות חנקו את גרוני, סבתא יקרה, סבתי... נפרדנו. ושנינו ידענו כי לעולמים.

בשבת, יום לפני עזבי את זבירציה — התקיים נשף, שהכנסותיו היו מוקדשות לעלית הנוער הציוני־החלוצי לארץ ישראל.

אינני זוכרת את פרטי הנשף. התהלכתי בו כבחלום, זוכרת אני רק את הקנאה בעיני החברים אשר שאפו כמוני לנסוע, אך לא זכו...

לבסוף הגיע הרגע הגורלי: הפרידה האחרונה מהמשפחה. כסהרורית נכנסתי לקרון־הרכבת ועמדתי ליד החלון. הרכבת החלה לזוז אט־אט. בעודה מתרחקת ראיתי את אמי רצה אחרי הרכבת בידים מושטות קדימה, כאילו היתה מנסה להחזירני אליה.

* *

יש מקרים ורגשות, המשתכחים מהלב: לאחר זמן־מה, כאילו לא היו קיימים כלל. אולם יש מקרים או רגשות שמורים בזכרון בחיוניותם המלאה, כאילו אך אתמול קרו.

עם אלה האחרונים נמנים הטיולים שלנו, כלומר של בני הנוער הזבירצאי ברחוב מארשאלקובסקה.

ערב־ערב, כתום עבודת היום, היינו מתאספים, נכנסים לבית הקפה של דורה קרבס. בעליצות ובשאון נעורים היינו זוללים עוגה או גלידה, שותים כוס גזוז ויוצאים לרחוב לטייל, לרכל ולהתבדר ע״ח העוברים והשבים, — דבר שהוא כל כך טבעי אצל צעירים נטולי דאגות. המקום הבטוח ביותר היה לנו אז הרחוב היהודי שהיה מלא אורות והמולת הרוכלים והסוחרים.

* *

עוד אנו מפטפטים בעליזות, ופתאום הבטנו „ולבנו מת מפחד״: במרחק צעדים מספר מאתנו נראתה חבורת „שקצים״ פרחחים, מתקרבת אלינו, בעוד צחוק שטני על שפתיהם. פיהם מלא דברי ניבזל ועיניהם סוקרות אותנו במבט מלגלג ופרחחי. הם פגעו בנערות ועוד הוסיפו „סאלציא בענדזשעש יאדלא לודי״ (שרה, שמא תאכלי גלידה.) דמנו קפא מפחד. לברוח היה מאוחר מדי ולהשיב להם לא יכולנו. הם היו מבוגרים וחזקים מאתנו ויכלו להתעלל בנו כרצונם. פרשה זו היתה חוזרת מדי פעם בפעם. לא היה מקום בטוח מפניהם. אחרי כל פגישה כזאת היינו חשים כאב עמוק עמוק הנוקב את הלב. לא היה זה כאב פיזי, היתה זו שנאה מתוך הרגשת חולשה והכנעה. ידענו, שאנחנו צריכים לעשות משהו למען ללחום באנטישמיות מזוהמת אך לא היה אל מי לפנות — כולם היו נגדנו. התשובה היחידה שקבלנו מהנוגעים בדבר היתה: „אם לא נאה לך, סע לארץ ישראל״. מלים אלה שנאמרו רק כדי להפטר מאתנו, דוקא הן הגבירו בנו את השאיפה לברוח מכאן, להמלט מהם, — הב—יתה: למולדת ולעם שלנו, למקום אשר אליו אין היד המזוהמת מגעת.

רגעים כאלה היינו כולנו חיים וזכרם נשאר חרות עמוק עמוק בלב.



**אַנרזשיא פּערלמוטער־שפּיגלמאַן (מאָנטרעאַל)**

## עס בענקט זיך...

זאַוויערטשע מיט דיינע פיינע ייִדן, די שטילע באַלעבאַטישע ייִדן וואָס האָבן גאָט אין האַרצן געהאַט, — יאָ, יאָ... עס בענקט זיך נאָך די גאַסן און געסלעך פון דער שטאָט; נאָך דער זאַוויערטשער געזעלשאַפט; נאָך דער שול, וואָס האָט פּולסירט מיט אומאויפהערלעך לעבן, מיט ייִדן וואָס זענען געווען ווי איין משפחה זאַלבענאַנד, אין פרייד און לייד; נאָך די שטיבלעך, וווּ דער טאַטע פלעגט דאַווענען, און וווּהין ער פלעגט אונדז, די קינדערלעך, מיטנעמען אין די יומטוב־טעג. איך זע זאַוויערטשע דורך דער פּריזמע פון מיין טאַטנס שטוב, אָבער אַזוי האָט עס אויסגעזען אינעם רוב שטיבער; — סיי חסידישע, סיי מתנגדישע, סיי פרייע. מיט אַ האַרמאָניש לעבן האָט פּולסירט אונזער ייִדיש זאַוויערטשע. זאָל אַלס אילוסטראַציע דינען מיין טאַטנס שטוב.

עס איז געווען אַ זכיה צו גיין מיטן טאַטן צום דאַווענען, צום שופר־בלאָזן, צו הקפות אום שמחת תורה. איך געדענק ווי מיר קינדער פלעגן שטיין אויבן־אָן אינעם שטיבל ביי משה וואַטעווקער (אויף דער האָזשע־גאַס). מיר פלעגן דאָרט שטיין שטאָלצע ווייל נישט יעדן האָט מען דאָרטן אַריינגעלאָזט...

דער טאַטע, באַגלייך מיט אַנדערע טאַטעס, פלעגט שמחת תורה אַרומטאַנצן מיט די ספר תורות. בשעתן טאַנצן פלעגן זיי וואַרפן היטלעך אין די לופט. צום שפּאַס פלעגט זיך עמעץ־ווער אָנטאָן אַ קאַפּעלוש (אַ ייִד אַ בעל בית האָט געמוזט טראָגן אַ ייִדיש היטל און נישט אַ קאַפּעלוש). זיי פלעגן זיך פאַרכלינען אין געזאַנג און טאַנץ. זיי פלעגן פאַרגעסן וועגן דער דרויסנדיקער וועלט. זיי פלעגן אין יענע שמחה־טעג לאַכן פאַרשייט און לאָזן זיך ווילגיין, ווי גאָט האָט געבאָטן.

אין שטוב, ווידער, וועלכע די מאַמע האָט שוין באַשיינט מיט איר לעכט־אָנצינדן, — איז געווען שטאַרק יומטובדיק. די מאַמע פלעגט מיט אַ לייטזעליק, ליכטיק און צעשמייכלט פּנים אַנטקעגן־גיין דעם טאַטן און די קינדער, — מיט דער ליבער ברכה, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פון אירע גוטע, שוואַרצע, קלוגע אויגן און זיך געלאָזט הערן פון איר פרום גאָט־לויביק מויל: „אַ גוט יומטוב".

ערשט דאָס פּראַווען די יומטובדיקע מאָלציַיט אַרום דעם גרויסן סערווירטן טיש. אויבן־אָן, — ממש ווי אַ מלך, — פלעגט זיצן דער טאַטע. אַרום אים פלעגט זיצן זיין הויז־געזינט, — וויַיב און קינדער. און ווי לאָזט זיך פאַרגעסן דעם קידוש, די דבקות, דאָס געפיל צו באַלאַנגען צו אַ וואַרעם ייִדיש נעסט?

נישטאָ מער די היים, נישטאָ שוין מער טאַטע־מאַמע, שוועסטערן און ברידער, אָבער אין אונדזערע הערצער זענט איר אויף אייביק אַריינגעקריצט, — אויף דער קאַנווע און הינטערגרונט פון אונדזער היים־געליבט זאַוויערטשע.

איינגעקריצט אויף אייביק, אויף אייביק.

משה נוימאן (רמת הכובש)

## אַ שטילע נאכט אין זאוויערטשע

שטילע דעמערונג אין אונדזער שטאַטישן לעוונשטײן־פּארק.
עס איז ספק טאָג און ספק נאכט.
מידקייט הויערט ווי א שטומער בארג
איבער זאוויערטשע. זי איז אומעטיק־פארטראכט.

פון אַלע קוימענס האָבן זיך רויך און סאַדזע אָפּגעזעצט.
מען וויל אנטלויפן אונטער ביימער וואָס ציען זיך ווי ווייט דער טייך איז.
זיצסטו דאָרט אויף א באנק, פארחלומט, — און דו רעדסט
צו עפּעס וואָס איז נישט באנומען מיט רויך און סאַדזשע־ריחות.

דו חלומסט און דו רעדסט צו עפּעס וואָס איז ריין און אויסגעצוואָגן.
צו א בת־מלכה רעדסטו וואָס וועקט דיינע אלע יינגלעשע געבליטן.
זיי קומען ווי שאַרך פון זייד־קליידער, וואָס זיי טראָגן.
שריט מאכן זיי. — אזוי ראפינירט און ממזריש־אָפּגעהיטן.

איך זע זיי נישט. זיי זענען בלויז אָטעם. אָבער איך פיל זיי, איך פיל.
קראלן בויערן זיי אין מיין פליש און בלוט. עס טוט ווי,
מיין בלוט ברויזט אויף און דאָך ווערט עס נאָך א ווייל אין מיר קיל:
בוימער־שאָרך... געלויף פון וואסער. עטעריש ווערט אלץ ארום דורך זיי.

עטעריש־לופטיק... קלאנגען פון מוזיק... געשעפטש פון יינגע פארליבטע פּאָרן
באגערן צו גליק, באגערן צו גלוסטעניש ריינער ווערט וואָך.
יוגנט, מיין שטורמישע יוגנט! פיר מיך דורך מיינע ווייטערדיקע יאָרן —
ריין און לויטער, ווי עס ווערט, נאָך סאַדזע־נעפּל, א שטילע זאוויערטשער נאכט



ש. ספיבק

# געשיכטע פונעם זאַוויערטשער קאַנט

## אלגעמיינער איבערבליק

זאַוויערטשע האָט נישט קיין אַלטע געשיכטע. אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן נאָך געדענקט די הויכע ווייצן־פעלדער אין די פלעצער, וווּ עס זענען שפּעטער געווען די מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, דער נייער מאַרק. זיי האָבן נאָך געדענקט תבואה־פעלדער אויף די שטחים, פון וועלכע עס איז געוואָרן די שעווער־גאַס, די אַלייען, וואָס איבער די פּושעיאַזדן און נאָך גאַסן און געסלעך, וואָס האָבן מיט זייערע אָפּגעבליאַקעווטע פאַרסמאַליעטע, רויטע ציגל־הייזער אויסגעקוקט אונדז, — דעם יינגערן דור, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין זאַוויערטשע, — ווי „פּאַרצייטנס״.

אָבער דער זאַוויערטשער קאַנט האָט אַן אַלטע, אינטערעסאַנטע געשיכטע וואָס דערקלערט אַ סאַך זאַכן פון דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג (אַפּעטיט פון דייטשן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפן דאָזיקן געביט, דייטשע אינוועסטיציעס אין זאַלגעמביע און שאַפן דייטשע קאָלאָניעס אין זאַגלעמביע) די געשיכטע פונעם זאַוויערטשער און זאַגלעמביער קאַנט דערקלערט באַזונדערס פאַרוואָס היטלער האָט די געגנט איינגעשלאָסן אַלס דייטש „רייכס־געביט״. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל די נאַצי׳ס האָבן געהאַלטן אַז דאָס איז אַ געביט, צו וועלכן דייטשן האָבן (פּונקט ווי צום „וואַרטע־גאַו״, — פּויזן, טאָרן, קאַליש, לאָדזש) היסטאָרישע רעכט.

אין אוראַלטע צייטן איז די זאַוויערטשער געגנט געווען אַ טייל פון שלעזיע (דער נאָמען — לויטן טייך סלעזאַ, ד. ה. „טרער״, קליין וואַסערל. די סלעזאַ פאַלט אַריין אין טייך אָדער ביי ברעסלוי, היינט וראָצלאַוו). תחילת, מיט 1400 — 1500 יאָר צוריק, האָבן אין שלעזיע געלעבט דייטשע שבטים, אָבער אין 6־טן און 7־טן י״ה האָבן סלאַווען פאַרנומען דאָס געביט. אין 9־טן י״ה קעמפן פּאָלאַקן מיט טשעכן וועגן דאָזיקן געביט און די געגנט ווערט געטיילט. די זאַוויערטשער געגנט פאַלט צו צו די פּאָליאַקן, וואָס זענען נישט קריסטן. אינעם יאָר 1109, אין די צייטן פון באָלעסלאַוו דעם דריטן, דרינגט קייזער היינריך דער 5־טער אַריין קיין שלעזיע, אָבער ער קאָן דאָס לאַנד נישט דעראָבערן צוליבן האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד פון די פעסטונגען בויטן, גלאָגאַו, שעווער און די פעסטונג ביי פּאָזאָמצע („פּאָדזאַמטשע״). אין 12־טן י״ה רייסן זיך די פּרינצן פון דער פּיאַסט־דינאַסטיע וועגן דער שליטה איבער פּוילן. וולאַדיסלאַוו דער 4־טער ווערט אַראָפּגעוואָרפן פונעם טראָן. אין רעזולטאַט דערפון צווינגט פרידריך באַרבאַראָסאַ אינעם יאָר 1163, אַז די 3 זון פונעם

לעצטן פוילישן מלך פון דער פיאַסט־דינאַסטיע זאָלן באַקומען שלעזיע אַלס באַזיץ־לאַנד. אויבערשלעזיע מיטן זאַגלעמביער קאַנט ווערט דאָס באַזיץ־לאַנד פון וואַלדיסלאַווס מיטעלן זון מיעטשיסלאַוו. הגם אָפיציעל איז די פוילישע קרוין געוועזן אויבער־הערשערין איבער שלעזיע, האָבן פאַקטיש די שפּעטערדיקע הערצאָגן פון דער פיאַסט־דינאַסטיע זיך ווינציק גערעכנט מיט דער דעה פון דער פוילישער קרוין: זיי האָבן מער געהאָרכט דעם דייטשן קיסער און פאַרפּלייצט דאָס געביט מיט דייטשן. צום סוף האָט קאַזימיר דער גרויסער איינגעזען אַז דאָס געביט איז פאַרלוירן פאַר פוילן און ער האָט דערויף מוותר געווען (אינעם יאָר 1329). אויבער שלעזיע און זאַגלעמביע איז דעמאָלט צוגעפאַלן אַלס קרוין־באַזיץ דעם מלך פון בעמען, געאָרג פּאָדיעבראַד, אָבער אַלס פויליש און נישט טשעכיש געביט. אויבער שלעזיע איז דערנאָך, — נאָכן ליקווידירן די טשעכישע מדינה, — אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די עסטרייכישע האַבסבורגער. א טייל שלעזיע איז אַריבער צו די פּרייסישע האָהענצאָלערן. פון אַלע שלעזישע פירשנטימער זענען בלויז 3 קליינע געביטן: 1. אָשוויענטשים און דאָס געביט פון די היינטיקע שטעט כזשאַנאָוו, סלאַווקאָוו, סאָסנאָוויץ, דאָמבראָווע בענדין; 2. זאַטאָר וואָס ליגט מזרחדיק פון אָשוויעטשים 3. שעווער (סעוויערז, שעוויערז) מיט די געביטן: זאָמבקאָוויץ לאַזי, מזשיגלאָד, זאַוויערטשע, אַגראָ־דזעניעץ און קראָמאָלאָוו — אַריבער אינעם 15־טן י״ה צו דער פוילישער מלוכה.

מער היסטאָרישע פּרטים האָט מען וועגן בענדין. מען ווייסט אַז אינעם 13־טן י״ה איז דאָרט געבויט געוואָרן אויף א פעלדזיקן באַרג א פעסטונג דורך באָלעסלאַוו דעם שעמעוודיקן (ווסטידליווי), ווען פוילן האָט נאָך געהאַט אין יענע צייטן א שטיקל שליטה איבער די שלעזישע פירשטן פון דער פיאַסט־דינאַסטיע. אַזעלכע פעסטונגען זענען אויך געווען אַרום זאָמבקאָוויץ („זאַמקאָ־וויץ״, — פונעם וואָרט זאַמעק (פעסטונג), פּאָדזאַמטשע און שעווער. די פעסטונגען האָבן געזאָלט דינען אַלס אָפּהאַלט קעגן די דערמאָנטע פירשטן, וועלכע פלעגן אינעם 13־טן י״ה אָפט איבערפאַלן דאָס געביט און עס פאַרכאַפּן אויף א געוויסער צייט. די שטאָט בענדין איז געווען פון יענע שטעט וואָס האָבן באַקומען מאַגדעבורגער רעכט (צו זיין א פרייע שטאָט און האָבן א בירגערלעך און נישט א קיסערלעך געריכט). ערשט אינעם 15־טן י״ה גייט דאָס גאַנצע געביט אַריבער צו פוילן( געהערט האָט דעמאָלט בענדין און סביבה צו דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט).



## עלטערע געשיכטע פונעם קאַנט

אַלט־זאַוויערטשע

וועגן אלט־זאַוויערטשע אין מיטל־אַלטער, זאָגט דלוגאָש, אַז זאַוויערטשע האָט אין אָנהויב 15־טן י״ה געהערט צו באַלקאָ, דעם שלעזישן פירשט וואָס האָט רעזידירט אין אָפּאָלע־אָפּעלן, אין נידערשלעזיע. זיין פרוי עלזשביעטא איז געווען „דזשיעדזשיטשקא" פון פילץ. 1431 געבן ביידע אַ געוויסן ניקעל (מיקאָלאַי) טשענאר (אָדער צענאר) אַ פּלאַץ פאַר אויפבויען אַ קרעטשמע צווישן 2 „פאַב־ריקאַס" (שמידעריי־וואַרשטאַטן, אָדער וואַרשטאַטן פאַר לייוונט־פאַבריקאַציע) אין „זאווירטשסקא" און צווישן „בילאַנאָווסקא". דער שטח איז פול מיט פיש. דער פירשט דערלויבט אויסצוהאַקן וואַלד פאַר פעלד און לאָנקעס אַרום דער קרעטשמע, — אָבער אונטער דעם קאָנטראָל פונעם פילצער סטאַראָסטע און דעם „בילאַנאָוויצער" וולאָדאַזש. אין דער קרעטשמע האָט צענאר דאָס רעכט צו פאַרקויפן ברויט און פלייש.

פון דער ליסטע פון די שטייער־איינקאַסירונגען אינעם לעלעווער פּאָוו־יאַט (פילץ און זאַוויערטשע האָבן דעמאָלט באַלאַנגט צום לעלעווער פּאָוויאַט) ווערן מיר געווויר אַז אינעם דאָרף „זאַוויערטשע" צאָלן אינעם יאָר 1581 2 פערזאָן שטייערן: אַ געוויסער פּאָדניאָווסקי און אַ געוויסער מאַרטשישעק, — פאַר צוויי „פּאַבריקאַס"־קוזשניצעס, וועלכע באשעפטיקן צוזאַמען 17 אַר־בעטער.

אַלט־זשאַרקי

שוין דלוגאָש דערמאָנט דאָס שטעטל זשאַרקי. עס איז אומבאַקאַנט ווען זשאַרקי האָט באַקומען שטאָט־רעכט. דלוגאָש זאָגט, אַז זשאַרקי איז געלעגן אויף דער גרענעץ־ליניע צווישן דעם קראָקעווער און ברעסלויער עפּיסקאָפּאַט. די ליניע איז געגאַנגען: „אַד פּאָרטאַס" זשאַרקי, — פאַר די טויערן פון זשאַריק, דורך מיקולאָוו, וואָשניקי, „שיעוויאַר"־שעווער, ביטאָם־בויטן. נישט געקוקט אויפן באַקומען דאָס שטאָט־רעכט האָט זיך זשאַריק נישט געקאָנט אַנטוויקלען צוליב דער אָרעמקייט און פּאָסנעקייט פונעם באָדן. דאָס שטעטל איז געווען שוואַך־באַפעלקערט. אויך די אנדערע שטעטלעך אין דער געגנט: וולאָדאָווע, אָגראָדזעניץ, מזשיגלאָד, קראָמאָלאָוו, פּזשיראָוו, זענען אַרום 1500—1520 געווען אָרעם. צוליב דעם פאַראייניקט זיך די זשאַריקער פּאַראַפיע מיט דער פּאַראַפיע פונעם שכנותדיקן לעשניאָוו.

אינעם יאָר 1581 צאָלן 13 בעלי מלאכות אַלס שטייערן 18 פלאָרין, בעת טשענסטאָכאָוו צאָלט דעמאָלט 74 פלאָרין, קלאָבוצק — 72. זשאַריק איז שוין, אַלזאָ, אויך דעמאָלט נישט געווען אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. אַרום 1600—1620

איז זשאַריק אַריבער פֿון די מישקאָווסקיס צו די קאָרטשינסקי׳ס. אַ הויף־דאַמע, אַ פֿראַנצויזין, באַשרייבט אַ באַזוך וואָס זי האָט געמאַכט דעם 17.4.1646 אין „זשאַרסקאַ“, דעם קליינעם שטעטל, וואָס באַלאַנגט צו די קאָרטשינסקי׳ס אינעם זאַל פֿון הילצערנעם הויז, וו ער פֿלעגט נישט איינמאָל אויפֿנעמען און טראַקטירן דעם פּוילישן מלך, — האָט קאָרטשינסקי אויך זי טראַקטירט. דערנאָך איז זשאַריק אַריבער אין פֿאַרשיידענע הענט. אין זשאַריקער געגנט זענען געווען קאַמפֿן צווישן די אַנהענגער פֿונעם קעניג לעשטשינסקי און צווישן זיגמונט „סאַסאַ“ (זאַקסישער פֿירשט, וואָס האָט פּרעטענדירט אויפֿן פּוילישן טראָן).

אַלט־קראַמאַלאָוו

מען ווייסט נישט ווען קראַמאַלאָוו און דער קאַשטשאָל זענען אויפֿגעבויט געוואָרן. לויטן נאָמען „קראַם“ (כראָם) איז קרימעלעוו אַ פּנים געווען אַ פֿעסטונגס־שטאָט. אויך אין מזרח־גאַליציע איז פֿאַראַן אַ הרימאַלאָוו. אָנהויב 15־טן י״ה (1400 בערך) איז די קירכע געווען אַן אייגנטום פֿונעם כראָביע גריף. אָנהויב 16־טן י״ה איז שוין קראַמאַלאָוו געווען אַ שטאָט אין האָט באַלאַנגט צו דער משפּחה באָנאַר, וואָס איז אַריבער פֿון קאַטאָליציזם צו קאַלוויניזם. די קירכע איז געוואָרן אַ קאַלוויניסטישער טעמפּל. יאַן פּירלעי, אַ קרוין־מאַרשאַלעק, האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פֿון דער משפּחה באָנאַר און ער האָט באַקומען קראַמאַלאָוו אַלס נדן. זיין זון מיקאַליי איז געווען קראַקעווער וואָיעוואָדע. ער איז ווידער אַריבער צום קאַטאָליציזם און האָט דעם קאַלוויניסטישן טעמפּל ווידער פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַטוילישע קירכע. שפּעטער איז קרימעלעוו געווען דאָס אייגנטום פֿון די וואַרשיצקיס (וואָס האָבן אויך געהאַט זשאַריק) און פֿון די גאָסטקאָווסקי׳ס.

אַלט־שעווער

דער נאָמען סעוויאָר (ביי דלוגאָשן שיעוויאַר), אַלס שטאָט, דערשיינט צום ערשטן מאָל אין דאָקומענטן, אינעם יאָר 1232. 1180 ווערט דערמאָנט אין דאָקו־מענטן אַ קראָקעווער און סאַנדאָמירער פֿירשט וואָס האָט שליטה איבער סעוויאָר און ווערכער גיט די שטאָט אַ מתנה זיין „טויף־זון“ מ. מיעטשיסלאָוו, דעם ראַטי־באָרער פֿירשט.

אין 1289 זענען דאָ פֿאָרגעקומען קאַמפֿן צווישן די שלעזישע אָנהענגער פֿון הענריק פּריבוס און צווישן די אָנהענגער פֿון וולאַדיסלאָוו לאָקעטעק, בעת זייערע קאַמפֿן וועגן דעם פּוילישן טראָן. שעווער און טשעלאַדזש גייען אין 1448 אַריבער צום פּראָטעקטאָראַט פֿונעם קראָקעווער ביסקופּ אָלעשניצקי, אָבער די מיליטערישע השפּעה איז אין די הענט פֿון די שלעזישע פֿירשטן. 1567 ווערן דורך די רעגירנדיקע ביסקופֿן דאָרט איינגעאָרדנט טאָרגעס, און פֿון דעמאָלט אָן

קומען פאַר פעריאָדיש טאַרגעס אין שעווער. צי יידן האָבן זיך באַטייליקט אין די טאַרגעס, — ווייס מען נישט פון די דאָקומענטן. אינעם יאָר 1655, — און דערנאָך אין 1762 — נעמען די שוועדן איין שעווער .ערשט 1790 גייט שעווער אַריבער צו דער פוילישער קרוין.

וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון די יידן אינעם קאַנט ווייסן מיר באַר וועגן פילצער יידן אַט־וואָס: אין דער צייט פון דער פוילישער רעפובליק, איז פילץ געווען אַ שטעטל אין דער קראָקעווער וואָיעוואָדשאַפט, לעלעווער פאַוויאַט. 1765 איז שוין געווען אַ יידישע קהילה מיט 651 יידן; 1856 זענען דאָרט געווען 1191 קריסטן, 2447 יידן. 1897 זענען געווען: 1287 קריסטן, 2688 יידן.

פונעם פנקס ד׳ ארצות ווייסן מיר אַז זינט 1761 איז פריץ איבער פילץ געווען פוילנס פינאַנץ־מיניסטער טעאָדאָר וועסעל. דערפאַר זענען אין פילץ פאַר־געקומען עטלעכע צונויפטרעפן פונעם ועד ד׳ ארצות (איינמאָל — אין 20־טן יולי 1760, אַ צווייט מאָל ד. 28.7.62, אַ דריט מאָל — אין אויגוסט 1762 (איינ־מאָל — דעם 7־טן און — נאָך אַן איבעררייס, — דעם 27־טן אויגוסט). אויך אינעם יאָר 1763 זענען געווען זיצונגען פונעם וועד ד׳ ארצות אין פילץ.

(לויט „פנקס וועד הארצות״ און „יעווור ענציקלאָפעדיא״).

עס איז אָנצונעמען, אַז אויך אינעם ענגערן זאַוויערטשער קאַנט זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט יידן אין דאָרפישע יישובים אַרום זאַוויערטשע. סטאַניסלאַוו אויגוסט פאָניאַטאָווסקי דערלויבט, אין די יאָרן 1764—1794, יידן זיך צו באַזעצן אינעם קאַנט, אויפן „יסוד״ פונעם „יורידיקע״־פּריווילעג פונעם מלך, אַלס לאַנדווירטן. אין שעווער האָבן אַרום 1830—1840 געוווינט יידן. 1847 זענען 2 יידן פון שעווער, סאַפּער און אדלערפליגל, מיטגלידער אין דער בענדינער קהילה, וועלכע האָט געציילט אַ פאָר הונדערט פאַמיליעס.



## נייערע געשיכטע פונעם קאַנט

זאַוויערטשע

1895 איז זאַוויערטשע נאָך באַשטאַנען פון 2 דערפער, — קליין־זאַוויערטשע און גרויס־זאַוויערטשע. קליין־זאַוויערטשע האָט באַלאַנגט צו די קראָמאָלאָווער גיטער, גרויס־זאַוויערטשע צו די מזשיגלאָדער גיטער.

1895 האָט קליין און גרויס־זאַוויערטשע באַלאַנגט צו דער גמינע פאָרעמבאַ מזשיגלאָדסקאַ און צו דער פאַראַפיע קראָמאָלאָוו.

דאָס זענען פאַקטן וואָס איך האָב אַרויסגענומען פון אַ פּאָר געאָגראַפישע ווערטערביכער (געאָגראַפישע לעקסיקאָנען וועגן פוילן, וועלכע זענען דעמאָלט דערשינען אין פוילן). אויך די ווייטערדיקע פאַקטן זענען פון אָט־די ווערטערביכער.

אַ וויאָרסט פון די דערפער קליין־און גרויס־זאַוויערטשע איז געווען די סטאַציע פון דער וואַרשע־ווינער באַן. 1895 האָבן זיך שוין פון בײדע זייטן געצויגן פאַבריקן און הייזער „פאַרן פאָלק וואָס אַרבעט אין די פאַבריקן". אָט־דער טייל זאַוויערטשע האָש שוין געהאַט אַ סטאַטוס פון אַ פאַבריקס־קוואַרטאַל („פאַבריטשנאַ אָסאַדאַ").

דער „פאַבריקס־קוואַרטאַל" האָט שוין אין 1895 געהאַט: אַ קאַשטשיאָל, אַ סינאַגאָגע, אַ גמינע־אַמט („אוזשאָנד גמינני"), אַ פאַבריקס־שפיטאָל, אַ פאָוויאַטאָווע שולע, אַ פאַבריטשנע גמינע־שולע (פאָלקס־שול), מיט 3 קלאַסן, אַ פאַבריטשנע „סטראַזש אָגניאָווא" (מכבי אש), אַ פאָסט־און טעלעגראַף־אַמט, אַן אַפּטייק, אַ פּאָר דאָקטוירים, וועכנטלעכע טאַרגעס.

1895 האָט זאַוויערטשע שוין געציילט 1,100 הייזער, — מייסטנס היל־צערנע, און בערך 17,000 איינוווינער (1887 זענען געווען 1134 יידן, אויף 5224 איינוווינער. 410 נפשות פון זאַוויערטשער איינוווינער זענען געווען עוואַנגעליקן). 1827 האָט גרויס־זאַוויערטשע געהאַט 56 הייזער, מיט 289 איינוווינער. קליין־זאַוויערטשע האָט דעמאָלט געהאַט 10 הייזער און 129 איינוווינער. צווישן די איינוווינער פון ביידע דערפער זענען געווען אַ פּאָר יידן, אָבער די צאָל ווערט נישט אָנגעגעבן.

1895 האָט די אַקציע־געזעלשאַפט „ט. א. ז." (וועלכע עקזיסטירט פון זינט 1877) שוין באַשעפטיקט 6000 אַרבעטער אין איר פּזשענדזאַלניע און וועב־אָפּטיילונג, אין דער בלייכעריי, פאַרבעריי און דרוק.

רייכס גלאָז־פאַבריק האָט שוין דעמאָלט באַשעפטיקט 800 אַרבעטער. די פאַבריק פון כעמישע אויסאַרבעטונגען פון ל. קאָץ, (ריכטיקער די סמאָלאַרניע), האָט באַשעפטיקט אין 1895—110 אַרבעטער. די פאַרעמבער אייזנגיסעריי און

פֿאַבריק פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿטל. מאַשינען, — 120 אַרבעטער, בערענטס פֿאַבריק פֿאַר וויגאַניע־אויסאַרבעטונגען — 350, די קאַפּאַלניע און צעגלאַרניע אין רוד־ניק — 250 אַרבעטער. אַ חוץ דעם איז שוין געווען אַ טאַרטאַק (פּאַטאַק׳ס), אַ וואַסער־מיל, אַ בעקעריי וואָס האָט געאַרבעט אויף פּאַרע.

דער פּריץ איבער די פּאַלוואַרק־שטחים אין זאַווערטשע איז געווען איי־נער, זיגמונט פּרינגסהיים.

זשאַריק

1895 איז זשאַריק שוין געווען אַ שטאָטישע אָסאַדאַ. עס האָט געהאַט אַ קאַשטשאָל, אַ סינאַגאָגע, אַ מושב זקנים פֿאַר 60 אַלטע לייט, אַן אָנפֿאַנגס־שול, אַ גמינע־געריכט, אַ גמילות־חסדים קאַסע, אַ פּאָסט־אַמט, אַ רעיענט קאַנצליי, אַן אַפּטייק, אַ פֿאַבריק פֿון בוימוואָל־אויסאַרבעטונגען, אַ פּאַרע־מיל, אַ שפּאַציר־גאָרטן.

1895 זענען דאָרט געווען 369 הייזער (דערפֿון 110 געמויערטע). איינ־וווינער האָט זשאַריק געהאַט 3673. דער רוב באָדן איז געווען פּריציש. 1864 זענען אויף אַ באַפֿעלקערונג פֿון 3757 געווען 2291 יידן. 1827 זענען אין זשאַריק געווען 2762 איינוווינער. דער רוב סוחרים זענען געווען יידן, אָבער אַ טייל — אויך קריסטן. צו זשאַריק האָט 1881 באַלאַנגט — דער פּאַלוואַרק זשאַריק, פּאָלאַ־ניאַ, מאסלאנסקי פּיעץ, מישקאָוו, טשיטאָוו א. א. וו.

1846—1840 קויפֿט אָפּ זשאַריק פּיאָטר שטיינקעלער, נאָכדעם ווי שוין אין 1833 האָט ער געגרינדעט אַ פֿאַבריק פֿון מאַשינען (פֿאַרגרעסערט זי 1873). ער אַרבעט אויס מאַשינען און עמאַיל־כּלים, קאָטשן, וואָס ווערן דעמאָלט אָנ־גערופֿן „שטיינקעלערי״. ער האָט אויפֿגעבויט הייזער פֿאַר עטלעכע צענדליק אַרבעטער. 1843 ווערט אַ קריזיס אין דער פֿאַבריק. צוזאַמען מיט ליכטענשטיינען שאַפֿט שטיינקעלער אַ גרויסע בוימוואָל־שפּינעריי. 1857 קויפֿט ער אָפּ די זשאַ־ריקער גיטער און די פֿאַבריק — אַ שותּפֿות (ק. אַרדענג, סטאַנ. לעסער, ק. אָסטערהאָף) און זי הייבט אָן ליפֿערן בוימוואָל־גאַרן קיין לאָדזש. 1895 אַרבעטן אין דער פֿאַבריק 326 אַרבעטער. אין זשאַריק איז דעמאָלט געווען אַ ציקאָריע־פֿאַבריק, אַ וואַסער־מיל, אַ ברויערײ און אַ גאַזשעלניע, ווי אויך אַ קאַרטאָן־פֿאַבריק (הינטער מישקאָוו), אַ פֿאַבריק פֿון מאַשינען און אַ גיסעריי, ווי אויך אַ בוימוואָל־פּושענדזיאַלניע אין מישקאָוו. אויך וואַפּנע־אויוונס זענען דאָרט געווען

לאַשניץ — 1895 זענען דאָרט געווען 314 איינוווינער, 1827 — 210 איינוווינער.

לאַזי — (דאָרף און פּאָלוואַרק צוזאַמען — 59 איינוווינער אינעם יאָר 1895, דערפֿון 2—3 יידישע משפּחות.

קראַמאַלאָוו (קרימעלעוו), — 1895 אַ שטאָטישע אָסאַדע, פריער אַ שטעטל 5 ק״מ פון דער זאַוויערטשער סטאַציע. אינעם שטעטל זענען געווען 72 שטאָף־וועבער, 4 שערער, 55 טיכלעך־פאַבריקאַנטן. 1895 זענען דאָרט געווען 20 האַנט־וואַרשטאַטן פאַר וואָל־שטאָף אויסאַרבעטונגען. אויך טעפּעריי האָט געגעבן אַ סאַך באַשעפטיקונג. די טעקסטיל־אינדוסטריע איז שוין פאַר 1831 דאָ געווען טעטיק.

1827 זענען אין קראַמאַלאָוו געווען 1163 איינוווינער (יידן בערך 600) 1860 זענען געווען 1777 איינוווינער, דערפון 719 יידן.

1869 זענען שוין געווען 12 פאַבריקאַנטן וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט שוין 100,000 אַרשין פּערקאַל, באַרכעט פאַר 7000 רובל. דאָרט זענען באַשעפטיקט געווען 100 אַרבעטער. ביי דער פאַבריקאַציע פון גרויען שטאָף האָבן געאַרבעט 128 מאַן. דער פאַלוואַרק האָט 1895 געהערט צו ק. מערמער.

צו דער אָסאַדאַ קראַמאַלאָוו האָבן געהערט אין 1867 די דערפער פּאַמראַ־זשיצע און זאַוויערטשע.

די אויביקע ציפערן וועגן דער פּראָדוקציע נעמען, טאַקע, אַרום אַ טייל פון דער דעמאָלטיקער זאַוויערטשער פּראָדוקציע.

שעוויערזש־שעווער

1858 זענען אין שעווער געווען 1586 איינוווינער, — „בלויז קריסטן״. 1880—1889 איינוו. (וויפל יידן ?). 1895 זענען געווען אין שעווער 2500 איינוווי־נער, — אונדזערע קוועלן געבן צו: „לרוב קריסטן״, ד. ה. אַז אין 1895 איז שוין געווען אַ קאַנטיקע צאָל יידן. שוין אין די קהילה־ליסטעס אין בענדין, אינעם יאָר 1847—1850, זענען פאַראַן 2 יידן פון שעווער, — אַ באַווייז אַז אין שעווער זענען שוין אין די 50־ער יאָרן געווען יידן.

וועגן ווייטערע שטעטלעך איז כדאי צוצוגעבן אַז קאָזשיגלאָוו האָט אין 1866 געהאַט 1100 איינוו. (756 יידן) און קאָניעצפּאָל — 1893 איינוו. (817 יידן).



# תעודות ומסמכים לתולדות העיר והסביבה

## דאָקומענטן און מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער שטאָט און געגנט

### זאַוויערטשע און געגנט אין זייער אנטוויקלונג

(לויט ענציקלאָפּעדיעס און סטאַטיסטישע ווערק)

די ערשטע נאָטיץ וועגן דעם נייעם ישוב זאַוויערטשע געפונען מיר אין דער רוסישער אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע פון עפראָן־בראָקהויז פונעם יאָר 1893—94 (באַנד 23 ז. 110). דאָרט שרייבט זיך: „זאַוויערטשע איז אַ פאַבריק־שטאָט אויף דער וואַרשע־ווינער באַן, נאָענט צו דער וואַרטאַ. אָנהויב 70־ער יאָרן איז זאַוויערטשע געווען אַ קליין דערפל. איצט (1893—94) — מער ווי 20,000 איינוואוינער. זאַוויערטשע ווערט אין די אינדוסטריע־קרייזן אָנגערופן „לאָדזש אין מיניאַטור". עס עקזיסטירן דאָרט גאַר־גרויסע 3 פאַבריקן. די בוימוואָל־אויס־ארבעטונג באַשעפטיקט מער ווי 5,000 אַרבעטער".

### זאַוויערטשע

אין דייטשן גרויסן בראָקהויז (ב. 21 ז. 554): „זאַוויערטשע — אַ קרייז־שטאָט אין קיעלצער וואָיעוואָדשאַפט. 1931 — 32,713 איינוואוינער, 2 גימנאַזיעס, קוילן־גרובן, עקספּלאָאַטאַציע פון אייזן־רודעס, גלאָז־פאַבריקאַציע. גרויסע טעקס־טיל־אינדוסטריע. דאָסזעלבע זאָגט דער שווייצער לעקסיקאָן: 1931 — 32,720 איינ־וואוינער אין זאַוויערטשע.

סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע: (ב. 16 ז. 284): „זאַוויערטשע — אַ שטאָט אין פוילן. קאַטאָוויצער וואָיעוואָדשאַפט. 28,000 איינוואוינער (1948). קנופּ־פּונקט פון דער אייזן־באַן; עקספּלאָאַטאַציע פון ברוינע קוילן, אייזן־רודע, שוואַרצע מע־טאַלורגיע, מאַשין־בוי, עמאַיל־פאַבריקאַטן, כעמישע, טעקסטיל־און גלאָז־אינ־דוסטריען. נישט ווייט — אַ גרויסע פּאַפּיר־פאַבריק.

דער גרויסער הערדער (ב. 9, ז' 1378): „זאַווירטשע — דרום פוילישע שטאָט ביי דער אויבערער וואַרטאַ. וואָיעוואָדשאַפט קאַטאָוויץ. 1951 — 30,000 איינוו. אינדוסטריע פון: מאַשינען, גלאָז, טעקסטיל, פּאַפּיר, אייזן־רודע, קאַפּאַל־ניעס פון ברוינע קוילן.

„לאַרוס" (פראַנצ.) זאָגט: זאַוויערטשע האָט 31800 איינוואוינער; זשאַ־ריק, ביים טייך לעשניאַווקא — 5,120 איינוו. (הויפּט־בראַנזשע: גאַרבערייען); זשאַרנאָוועצ — 2,540 איינוו; קראַמאַלאָוו 3,070 איינוו.

וועגן זאַוויערטשע דערציילן, — בערך דאָס זעלבע וואָס אויבן, — אָן איטאַליענישע ענציקלאָפּעדיע און אַ שפּאַנישע ענציקלאָפּעדיע, וואָס דער־

שיינט אין דרום־אַמעריקע. די בריטישע ענציקלאָפּעדיע און מייערס לעקסי־קאָן (דייטש) דערמאָנען נישט זאַוויערטשע.

וועגן דעם גאַנצן זאַגלעמביער קאַנט זאָגן די ענציקלאָפּעדיעס אַז צווישן 1873—1891 איז די פּראָדוקציע פון די גרובן, הוטעס און פאַבריקן געוואַקסן אינעם קאַנט אויף 10 פּאַך. אין משך פון אָט־די יאָרן איז די צאָל שטעט מיט מער ווי 10,000 נפשות געשטיגן אויף 26.

## זאַוויערטשער געגנט

די רוסישע ענציקלאָפּעדיע עפראָן־בראָקהאַוז קראַמלאָוו — בענדינער אויעזד, פּיאָטרקאָווער גובערניע. דאָרט — מקורות פון דער ווארטא און טשאַרנער פּושעמשא האָט 378 „הויפן" („דוואָראָוו"), 4087 איינוו. דאָס איז געשריבן אין די יאָרן 1891—92. באַזיצט אַ פאַראָווע מעל־מיל און אַ פאַבריק פון גרויען שטאָף. הויז־האַנטווערק פון פּראָסטן שטאָף און לייוונט.

„קראָם" הייסט אין אַלט־סלאַוויש אַ העכער־געלעגענע, רונדיקע, באַפעסטיקטע שטאָט, — זאָגט די ענציקלאָפּעדיע עפראָן־בראָקהאַוז.

וועגן זשאַריק זאָגט אָט־די ענציקלאָפּעדיע (אין די יאָרן 1891—92): 5759 איינוווינער. פאַבריקאַציע פון שטאָף, פון לייוונט, פון ווייַן און פון טעפּ.

ווילקאַ אילוסטראָוואַנאַ ענציקלאָפּעדיאַ פּאָווּשעכנאַ (1932) שרייבט: זאַוויערטשע אַ פּאָוויאַט־שטאָט אין דער קעלצער וואָיעוואָדשאַפט, איבערן טייך וואַרטאַ, ביי דער באַן־ליניע זאַמבקאָוויץ־טשענסטאָכאָוו. 40,500 איינוווינער. פאַרמאָגט אַ קאָנטיקע אינדוסטריע.

נישט לאַנג צוריק — אַ דאָרף. זי האָט זיך אַנטוויקלט נאָך 1875 צו אַ צענטרום פון אַן אַנזעעוודיקער אינדוסטריע.

דער זאַוויערטשער פּאָוויאַט איז אויסגעשיילט געוואָרן פונעם בענדינער. אינעם זאַוויערטשער פּאָוויאַט זענען פאַראַן 111,418 איינוווינער, דערפון 10,535 יידן (אין זאַוויערטשע זענען געווען 5,677 און אין די דערפער — 4,858 יידן). דאָס איז לויט דער ציילונג 1931.

## סטאַטיסטישע ציפערן וועגן יידן אין זאַוויערטשער קאַנט אין די לעצטע יאָרן

זאַוויערטשע

1921 — 29,480 איינוו., 6095 יידן לויט רעליגיע, 5431 לויט נאַציאָנ.

1946 — 21,225 איינוו. 8—10 טויז. יידן.

קראָמאָלאָוו־קרימעלעוו

1921 — 2497 איינוו., 275 יידן לויט רעליגיע, 141 נאַצ.

וויסאָקא (דאָרף)

1921 — 651 איינוו. 17 יידן לויט נאַצ.

וויסאָקא (אָסאַדאַ פּאָבריטשנאַ)

1921 — 948 איינוו. 60 יידן לויט רעליגיע, 34 נאַצ.

זשאַרקי

1921 — 4406 איינוו. 2536 יידן לויט רעליגיע, 2380 נאַצ.

זאַמבקאָוויץ

1921 — 1921 — 2544 איינוו. 230 יידן לויט רעליגיע און נאַציאָנ.

וולאָדאָוויץ

1921 — 1193 איינוו. 71 יידן לויט רעליגיע, 43 נאַצ.

שעוויערזש־שעווער

1921 — 2385 איינוו. 266 יידן לויט רעל. 212 — נאַצ.

בלאַנאָוויץ

1921 — 908 איינוו. 10 יידן.

באָראָווע פּאָלע

1921 — 116 איינוו. 10 יידן לויט רעל.

גורא שיעוויערסקא

1921 — 257 איינוו. 5 יידן לויט רעל.

---

1. דער אונטערשייד פון 664 יידן וואָס האָבן נישט אָנגעגעבן אַז זיי זענען נישט פון יידישער נאַציאָנאַליטעט נעמט זיך נישט דערפון, אַז אַלע 664 זענען געווען אַסימילירטע („פּאָליאַקן פון משה׳ס גלויבן״). די סיבה איז — אויך אין די ווייטערדיקע ציפערן וועט מען זען — אַז אַ טייל זייער אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן נישט געוואָלט אָנגעבן יידישע נאַציאָנאַליטעט, ווייל דאָס האָט געשמעקט ר״ל מיט ציוניזם.

## ערשטע שוואַלבן פון יידן אין זאַוויערטשער געגנט

זוכנדיק שפורן פון די ערשטע זאַוויערטשער יידן, האָב איך געפינען אין מיקראָפילמען, וועלכע די היסטאָרישע געזעלשאַפט אין ירושלים האָט באַקומען פון דער היסטאָרישער געזעלשאַפט אין וואַרשע, פאַרשיידענע זייער אינטע־רעסאַנטע און זייער פּיקאַנטע מאַטעריאַלן וועגן יידן, וואָס זיי, אָדער זייערע קינדער, האָבן אַ שייכות מיט זאַוויערטשע. ליידער האָט מיך די צייט, און דער עיקר די חברים, וועלכע האָבן געטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן בוך, נישט געלאָזט זיך צופיל גריבלען אין די מאַטעריאַלן. דאָס איז אַ שאָד. איך האַלט, אַז אויב מען גיט שוין אַרויס אַזאַ דערמאָנונגס־בוך ווי אונזער בוך זאָל די היסטאָרישע זייט ווערן אויסגעשעפּט ביז גאָר. אַן אַנדערש מאָל איז נישט פאַראַן אַ מעגלעכקייט אַזאַ מין מאַטעריאַל צו פאַרעפנטלעכן.

באַגנוגענען מיר זיך, טאַקע, מיט אַ גאָר־קליינעם טייל מיקראָפילמען וואָס איך האָב באַוויזן אַדורכצופאָרשן.

לאָמיר קודם־כל זיך אָפּשטעלן אויף די אַקטן וואָס האָבן צו טאָן מיטן געזעץ וועגן פאַרבאָט צו טראָגן יידישע קליידונג, בערך מיט 100 יאָר צוריק. „נאַטשאַלסטוואָ" האָט דערלויבט צו טראָגן יידישע קליידונג אַזעלכע „יחידי סגולה" וואָס האָבן אריינגעטראָגן אַ בקשה מיט אַ לאַפּוווקע" דערויף. דאָסזעלבע איז געווען בנוגע וווין־רעכט אין געוויסע ערטער. האָט מען געפינען גאַנצע שטויסן אַקטן מיט נעמען, וואָס קאָנען אונדז אינטערעסירן.

אין די אַקטן וועגן ביידע זאַכן געפינען מיר אַזעלכע נעמען, ווי: קור־לאַנד, רינסקי, פּאָזנאַנסקי, פּילצער, פייגנבוים, דאַנציגער, וויגדערזאָן, גרינ־שטיין, טשעבינער, פּרייבערג און אַנדערע באַקאַנטע נעמען פון שפּעטערדיקע זאַוויערטשער תושבים. די בקשות זענען פון קרימעלעוו, פּילץ און שכנותדיקער געגנט.

אַ גאַנצע ריי אַקטן האָבן צו טאָן מיט אַ מחלוקת אין דער טשענסטאָכאָ־ווער יידישע קהילה, ווי אויך מיט די ענינים פון דער בענדינער קהילה מיט 100—110 יאָר צוריק. אַ ריי אַקטן באַהאַנדלען אַ פאַל פון נישט באַצאָלן אַ היפּאָטעק דורך אַ געוויסן ערליך פון בענדין, אין וועלכן עס זענען פאַרמישט אויך אַנדערע ערליך׳ס פון בענדין.

### טשענסטאָכאָוו

די אַקטן פון טשענסטאָכאָוו און בענדין האָבן אַ שייכות צו משפחות, וועלכע זענען גוט באַקאַנט די זאַוויערטשער.

קודם כל ווערן מיר געוווירר אַז אַ געוויסער האַסקיעל (יחזקאל) לאַנדוי, איז שוין אין די יאָרן 1847—1848 געווען אַ פרנס הקהילה און אַן אַרענדאַר (דזשיערזשאַווצא) פון דער „סקלאַדקאַ פּאַשילקאָוואַ". עס איז זיך לייכט אָנ־

צושטויסן, אַז ער איז געווען „פינאַנץ־מיניסטער" פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג. ווייל די קהילה איז נישט געווען יורידיש אַנערקענט, האָט ער געמוזט פיגורירן לגבי דער מאַכט אַלס אַרענדאַר. ער האָט אָפּגעגעבן בילאַנס־באַריכטן צו דער „נאַמיעסטניק"־רעגירונג.

מיר הערן פון די אַקטן, אַז עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן צו דער רעגירונג אַן אָנקלאַגע מצד יצחק פייגנבלאַט, אַ בראָנפן־שענקער און מאַרקוס קאָהן (כהן), זיין געהילף קעגן מאיר גינסבערג און גרשון לאַנדאו, אַז זיי האָבן זיך צוגענומען קהילה־געלטער און אַז דיביידע ווילן ליציטירן דאָס קהילה־הויז.

עס וויזט זיך, אָבער, אַרויס, אַז די דערמאָנטע גינסבערג און לאַנדוי (ביידע זענען געווען קוזינען) האָבן אַוועקגעשענקט אַ הויז פאַר דער טשענסטאָכאָווער קהילה, אָבער כדי צו האָבן די קאָנטראָל איבער די קהילה־ענינים, האָבן זיי אַרויפגעלייגט אַ היפּאָטעק אויפן הויז. די 2 יידן זענען געווען פאָרטשריטלעכע. די ערשטע 2, — פייגנבלאַט און כהן, — זענען געווען פאַרברענטע אָרטאָדאָקסן. כהן האָט אַדורכגעזעצט אַ ליציטאַציע קעגן מאַרקוס וואָלף גינזבערג און זיסקינד גרינוואַלד. די סיבה פונעם גאַנצן געריכטלעכן געראַנגל איז געווען אַ מחלוקת אַרום רבנות. היות עס איז געווען אַ פרייע שטעלע אַלס רב נאָכן רב וויינגאַט, — האָט יעדער צד געוואָלט האָבן זיין רב. די גאָר אָרטאָדאָקסע „עמך"־לייט האָבן געוואָלט דעם רב גאָלדשטיין פון פּלאָנסק. די רייכערע („זאַמאָזשני") האָבן געוואָלט דעם אויפגעקלערטן ר' מענדל לעוונשטיין, רב אין פּויזן. די ערשטע האָבן געטענה'ט אַז ר' מענדל לעוונשטיין (אַ קרוב פון די זאַוויערטשער לעוונשטיינס. ביידע האָבן געשטאַמט פונעם באַרימטן גאון ר' עקיבא אייגער, רב אין פּויזן) איז אַן אויסלענדער און ער וועט מוזן באַקומען אַ פּאַס אַלס אויסלענדער. די אַנדערע, ווידער, — אַז דער פּלאָנסקער רב קען נישט קיין פּויליש און גייט אָנגעטאָן אַלט־מאָדיש. דער סוף איז געווען אַז עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַן אַנדערער רב, דער סעקרעטאַר פונעם וואַרשעווער ראַבינאַט . ער האָט באַלייגט אַן עקזאַמען און איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער מאַכט.

אונז אינטערעסירט אין דער גאַנצער מעשה, בלויז דאָס, אַז אין די אַקטן געפינען זיך דערמאָנונגען וועגן אַ סאַך גינסבערגס און אַ סאַך לאַנדוי'ס. פון דער ערשטער משפּחה שטאַמען די גרינדער פון דער פאַבריק „ברידער גינסבערג", וואָס אַדאַנק זיי איז אפשר אויפגעקומען דער זאַוויערטשער יידישער ישוב. פון דער צווייטער — די משפּחה פון הענדל לאַנדוי און זיינע זין איטשע מאיר און בנימין משה.

אין די אקטן געפינען מיר פון די גינסבערגס: קאַרלאָ; מארקוס; מאיר; אייזיק; יעקב; א. גינסבערג. פון די לאנדאו'ס געפינען מיר דאָרט: אַדאָלף־גרשון; שמעון; יחזקאל; מאַרקוס־וואלף; גרשון־וואלף; אַדאָלף־דוד.

גלייכצייטיק געפינט מען אין די אַקטן: לודוויק מאַמעלאָק (אַ קרוב פון

די גינסבערגס). איינער פון די מאַמעלאָקס איז געווען דירעקטאָר אין דער ט. א. ז. פאַבריק.

צו דער כאַראַקטעריסטיק פון עטלעכע פון די צוויי משפחות זאָל נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז אין אַן אָנקלאַגע קעגן דער קאַנדידאַטור פון אַדאָלף־גרשון לאַנדוי און קאַראָל גינסבערג אַלס פּרנסי־הקהילה ווערט געזאָגט, אַז די 2 טויגן נישט אַלס דאַזאָרעס, ווייל דער ערשטער איז פאַרוויקלט אין פּראָצעסן און דער צווייטער, — גינסבערג, — איז זייער יינג, אָן טאַקט און אָן יעט־וועדער דערפאַרונג.

מיר ווייסן נישט פון וועלכע טשענסטאָכאָווער גינסבערגס, די גרינדער פון דער גינסבערג־פאַבריק שטאַמען, אָבער אַז זיי שטאַמען פון זייער אָנגעזע־ענע לייט אין טשענסטאָכאָוו — „דאַזאָרעס״, קהילה־לייט, בעלי צדקה, — דאָס ווייסן מיר פון די ציטירטע אַקטן. פון די אַקטן ווערן מיר אויך געוווירר, אַז גינסבערג מאיר איז געווען אַן אונטערנעמער („פּשעדשיענביאָרצאַ״), ד. ה. מן הסתם אַ פאַבריקאַנט; יעקב איז געווען אַ קרעמער; מאַרקוס — אַ זייפן־זידער.



גינזבערג־פאַבריק (ט. א. ז.)

עס איז נאָך צו באַמערקן, אַז סיי די גינסבערגס, סיי די לאַנדאו׳ס, זענען געקומען מיט הונדערטער יאָרן צוריק קיין פּוילן פון דייטשלאַנד. די גינסבערגס שטאַמען פון בייערן. די לאַנדאו׳ס — פונעם שטעטל לאַנדאו אין דייטשלאַנד.

א חוץ די דריי אויסגערעכנטע משפחה־נעמען געפינען מיר אין די אַקטן אין זאַוויערטשע ווייל־באַקאַנטע נעמען, ווי פייגנבלאַט, גרינוואַלד, מאַשקאָ־וויטש, מייזל, פּאָזנאַנסקי, זיידעמאַן (געווען אַ זיידעמאַן אַ הויכער באַאַמטער אין דער פאַבריק), נייפעלד, זאַקס, דזיאַלאָשיצקי, זיידמאַן, ווינדמאַן, ווישליצקי, באַכענעק.

האָבן מיר שוין באַרירט די משפּחה גינסבערג איז כדאי צו דערציילן אַביסל וועגן דער 2־טער, אָדער דריטער גענעראַציע פון די גינסבערגס אין בערלין. די פאַקטן האָבן מיר אַרויסגענומען פונעם אַנטיסעמיטישן לעקסיקאָן סעמי־קירשנער, אונטערן נאָמען „סיגילאַ־ווערי". דאָרט ווערן אויסגערעכנט וואָ־גיקע יידן אויף פאַרשיידענע געביטן, — נאַטירלעך מיט אַנטיסעמיטישער באַ־פאַרבונג. דערוויסן מיר זיך וועגן אַ פּאָר גינזבערגס וואָס זענען מיטאינהאַבער פון דער פירמע „געברידער גינסבערג": אַדוו. ד"ר הערבערט גינסבערג און ל. גינס־בערג. ד"ר י. גינסבערג איז פאַר היטלערן געווען רעגנטיער אין בערלין. אַחוצדעם איז געווען ד"ר מאַקס גינסבערג, אַ קרוב און אַ פאַרוואַלטער פון דער ירושה פון הערמאַן בורכהאַרט (שיפס־גוזעלשאַפט. אויך אין ישראל טעטיק). געלעבט האָט אויך פראַנציסקאַ גינסבערג, אַ געבוירענע זאַק.

איינער פון די בערלינער גינסבערגס איז געווען פּראָפעסאָר, אָדער דאָ־צענט אין דער ירושלימער אוניווערסיטעט.

## ב ע נ ד י ן

אין די אַקטן געפינט מען אַ מעשה וועגן איינעם מרדכי עהרליך פון בענדין, וועלכער האָט דעם 30־טן דעצעמבער 1847 באַקומען אַ היפּאָטעק־הלוואה פונעם באַנק פּאָלסקי אין אַ סכום פון 1,000 רובל. באַצאָלט האָט ער בלויז 100 רובל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די היפּאָטעק איז געגעבן געוואָרן איינעם, הענדל ערליך, אָבער דאָס הויז האָט געהערט מאַרק (מרדכי) און דוד ערליך. דערין איז געווען די קאָמפּליקאַציע. דער ענין האָט זיך געשלעפּט פון איין געריכט צום צווייטן במשך פון איבער 10 יאָר. עס איז געווען איין ליציטאַציע נאָך דער צווייטער, אָבער דאָס הויז איז ווייטער געווען ביי די ערליך'ס. אין די אַקטן פון הונדערטער בלעטער לייענט עס זיך ווי אַ שפּאַנענדער ראָמאַן, — און קיין סוף זעט זיך נישט לויט די מיקראָפילמען וואָס זענען געקומען פון וואַרשע קיין ירושלים.

האָבן מיר שוין, אַלזאָ, דעם נאָמען ערליך, וואָס איז באַקאַנט די זאַווי־יערטשער. אויך הערליכמאַן, ערליכמאַן דערמאָנען די אַקטן.

אָבער אין די דאָזיקע אַקטן פון בענדין געפינען מיר פון יידן, פאַרשריבענע אין דער יידישער קהילה, וואָס דערמאָנען שטאַרק נעמען פון זאַוויערטשער: פּריי־בערגער, אהרון ערליך, בינשטאָק, פישער, פּאָטאָק, סאָנזער, הענדלער, וועקסלער, לעוווקאָוויטש, משה לאנדאו אָדער לאַנדוי, שלמה לאנדוי, מייטעלעס, ברוינער, ווי־דיסלאַווסקי, רושינעק, גיטלער, גאָלד, בוגאַיער, גוטמאַן, בערגער, זילבערבערג.

צוויי בענדינער זענען פון שעווער: בנימין אַדלערפליגל און דוד סאָפער.

אין אַ ראַפּאָרט פונעם אַנגעשטעלטן, וואָס האָט איינקאַסירט (אינעם יאָר 1860) די שטייערן פון דער קהילה, זאָגט זיך (אין פּויליש), אַז ער איז געווען אין שעווער, אין וואָיהאָמע, אין באָברקא דאָמביע, אין זאַוויערטשע. דער שמש, אָדער

דער אינקאָסענט פאַדערט אַ הוספה, ווייל די שטרעקעס זענען ווייט, די יידן זענען אין אָט־די ערטער ווינציק און ער גיט אויס אַ סאַך פאַר רייזע־הוצאות. האָט־זשע דען זאַוויערטשע, אינעם יאָר 1860, געצאָלט שטייערן קיין בענדין? אפשר. אין בענדין איז דאָך געווען דער פּאַוויאַט.

* *

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען, אַז וועגן די ערשטע יידן אין זאַוויערטשע האָבן מיר אַן עדות אין אַ מחזור פונעם אַלטן לעוונשטיין, דאַטירט 1847. וועגן דעם — אין ה׳ זיגלבוימס זכרונות.

## די באַן־ליניע

זאַוויערטשע האָט צו פאַרדאַנקען איר עצם־קיום, אַלס געאָגראַפישער פּונקט אויף דער מאַפּע פון פוילן, — דער וואַרשע־ווינער באַן. אַ שטיק צייט דערנאָך, ווי די רעלסן פון אָט־דער באַן־ליניע האָבן אַדורכגעשניטן דעם שפּעטערדיקן שטח פון זאַוויערטשע, איז זאַוויערטשע געווען אַ קליין דערפל, וואָס איז קלענער געווען פון קרימעלעוו אָדער אימזשיגליד. דער ידישער ישוב אין אים האָט געציילט בלויז עטלעכע צענדליק משפחות. אַ סאַך זאַוויערטשער מיינען (און צווישן זיי מיין פריינט משה־מיעטעק ניימאַן) אַז אין זאַוויערטשע איז שוין געווען אַן אַנזעעוודיקער ישוב בעת מען האָט אָנגעהויבן לייגן די באַן־ליניע. די היסטאָרישע פאַקטן זענען, אָבער, אַנדערע און עס איז כדאי זיי צו פאַרצייכענען.

די וואַרשע־ווינער האָט מען אָנגעהויבן לייגן אינעם יאָר 1842. בעת מען האָט אָט־די ליניע געלייגט האָט אין דער גאַנצער רוסלענדישער אימפּעריע עקזיסטירט בלויז די ליניע מאָסקווע־צאַרסטקאָיע סיעלאָ. די וואַרשע־ווינער ליניע איז, אַלזאָ, די עלטסטע באַן־ליניע פון דער רוסישער אימפּעריע, ווייל די ליניע קיין צאַרסקאָיע סיעלאָ קאָן מען נישט באַצייכענען אַלס אַ נאָרמאַלע באַן־ליניע, וואָרום זי איז געווען באַשטימט, דער עיקר, פאַר די צוועקן פון דער צאַרישער משפחה.

היות זאַוויערטשע האָט צו פאַרדאַנקען איר עקאָנאָמישן קיום — און איר קיום בכלל — דער באַן, איז כדאי אויך בקיצור צו באַצייכענען די סיבות פאַרוואָס די באַן איז דעמאָלט געלייגט געוואָרן פון וואַרשע קיין גראַניצאַ.

אין פוילן איז יענע יאָרן (אָנהייב די 40־ער יאָרן) געווען נאַמיעסטניק דער איינפלוסרייכער פירשט פּאַסקיעוויטש־וואַרשאַווסקי. פוילן איז דעמאָלט נאָך געווען אין דער „טשערטאַ״, ד. ה. זי האָט נאָך געהאַט אַ צאָל־גרענעץ מיטן איבעריקן רוסלאַנד. ערשט 1850 איז די צאָל־גרענעץ אָפּגעשאַפט געוואָרן. דערפאַר איז דער צאָל אויף אימפּאָרטירע סחורות פון דייטשלאַנד און עסטרייך

און פון איבעריקן אויסלאנד, ביליקער געווען ווי אין די אנדערע טיילן רוסלאנד. במילא זענען די באַציאונגען פון פוילן מיט עסטרייך און פרייסן געווען אַ סאַך אינטענסיווער אידער מיט רוסלאנד. פוילן האָט זיך דעריבער שטארק גענויטיקט אין א באן צו דער עסטרייכישער און פרייסישער גרענעץ. האָט זיך דער נאמיעסטניק אריינגעלייגט אינעם ענין און אויסגעפועלט ביים צאר די דערלויבעניש צו לייגן די באַן. דאָס איז אין דעמאָלטיקן רוסלאנד נישט געווען פון די לייכטסטע זאכן און די פארהאנדלונגען האָבן געדויערט א יאָר.

ערשט סוף 1840 איז דאָס לייגן די באן איבערגעגעבן געוואָרן א געזעלשאפט מיט א קאָנצעסיע אויף 90 יאָר (די קאָנצעסיע האָט זיך געזאָלט ענדיקן דעם ערשטן נאָוועמבער 1932, — ווען נישט דער אויפקום פון פוילן אינעם יאָר 1918). די ברייט פון דער באן האָט די געזעלשאפט לכתחילה צוגעפאסט צו דער ברייט פון די עסטרייכישע און פרייסישע באַנען. די שפעטער־געבויטע רוסישע באנען זענען געווען ברייטער. דער רעזולטאט פון דער דאָזיקער צאריסטישער מלוכה־חכמה איז געווען, אז צוגן פון דייטשלאנד און עסטרייך האָבן געקאָנט דירעקט אריינפאָרן ביז קיין וואַרשע, בעת צוגן פון רוסלאנד האָבן נישט געקאָנט פאָרן אויף דער ווארשע־ווינער ליניע.

ארום 1858 האָט אן אנדערע געזעלשאפט באקומען א קאָנצעסיע אויף די ליניע וואַרשע־בראָמבערג. דעם 1־טן יאנואר 1890 האָבן זיך די צוויי געזעלשאפטן פאריייניקט אלס ווארשע־ווינער באן ליניע.

נישט מיט איינמאָל איז באן־ליניע פארטיק געוואָרן: צוערשט — ווארשע־גראָדזשיסק ־ סקערניעוויץ (סוף 1845); דערנאָך: סקערניעוויץ ־ פיאָטרקאָוו ־ טשענסטאָכאָוו (סוף 1846); טשענסטאָכאָוו־זאָמקאָוויץ־גראַניצאַ (אפריל 1848). די באן איז אלזאָ צוערשט צוגעקומען קיין גראניצא, ביי דער עסטרייכישער גרענעץ. ערשט דעם 26־סטן אויגוסט 1859 איז געלייגט געוואָרן די באן זאָמבקאָוויץ־סאָסנאָוויץ, ביי דער דייטשע גרענעץ. עס איז נישט אויסגעשלאָסן אז דאָס לייגן די באן צו דער דייטשע גרענעץ האָט זיך פארשפעטיקט אויף א יאָר ווייל אין מאַרס 1848 האָט זיך אין דייטשלאַנד צעבושעוועט אַ רעוואָלוציע און דער צאר האָט אפנים מורא געהאט אז זי קאָן זיך פארשפרייטן איבער רוסלאנד, — אויב עס וועט זיין אַ באַן צו דער דייטשער געגנט...

לויט די דאָקומענטן פון יענער צייט איז צו דרינגען, אז דאָס דערפל זאַווערטשע האָט נאָך נישט געהאט קיין סטאציע. ערשט אין די 70 ־ער יאָרן שטעלט זיך די באן אָפּ איז זאַוויערטשע.

אין די באן זענען אינוועסטירט געוואָרן 13,3 מיליאָן רובל, — א סאך געלט פאר יענער צייט. אירע רווחים זענען אין די ערשטע 20 יאָר געקומען, דער עיקר, פונעם טראנספּאָרט פון קוילן (מער ווי די העלפט פונעם גאנצן טראנספּאָרט איז אָט־די יאָרן געווען קוילן). אָבער נישט איינמאָל איז „קראָקע

אויפגעבויט געוואָרן״ : 1858 האָט די באַן טראַנספּאָרטירט בלויז 946.000 פּוד קוילן (א פּוד איז 40 קילאָ); 1864 איז שוין דער טראַנספּאָרט געוואַלטיק געשטיגן, — ביז 6,643,000 פּוד ; 1870 — ביז 17,714,000 פּוד ; 1875 — 25,365,000 פּוד ; 1880 — 77,701,000 פּוד; 1885 — 88,323,000 פּוד; 1890 — 93,815,000 פּוד. צווישן 1875 און 1890, — די גרויסע אויפבלי־יאָרן פונעם טראַנספּאָרט אויף דער ליניע, — ווערט זאַוויערטשע אַן אינדוסטריע־שטאָט.

די רוסישע ענציקלאָפּעדיע („רוסקי ענציקלאָפּעדיטשעסקי סלאָוואר״) פון איז זאַוויערטשע געווען א קליין דערפל. איצט (1894) האָט עס מער ווי 20,000 עפּראַן־בראָקהאוז שרייבט אז „אינעם אָנהייב פון די 70־קער יאָרן (1872 — 1873) איינוווינער״.

ווי מען זעט פון דעם אויבן־געזאָגטן האָט זיך זאַוויערטשע אָנגעהויבן ערשט אַנטוויקלען אינעם יאָר 1873 (ווען גינזבורג האָט געלייגט דעם יסוד צו זיין פאַבריק, — וואָס אין אָנהייב איז זי געווען די ערשטע פון די דריי פאַבריקן, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין „קליין־זאַוויערטשע״). ערשט אין די שפּעטע 90־קער יאָרן האָבן זיך די 3 פאַבריקן פאַרייניקט אין די „טאָוואַזשיסטוואָ אקצינע זאַוויערטשע״ („טאז״). די השפּעה פון דער באַן־ליניע האָט זיך, אלזאָ, געלאָזט שפּירן א סאך יאָרן שפּעטער נאָכן לייגן די ליניע.

די דאָזיקע דאטעס פון דער אנטשפּרעכענדיקער ליטעראטור דעקן זיך אויך מיט די דערציילונגען וואָס איך האָב געהערט ביי אונדז אין שטוב וועגן דעם אויפקום פון דער פאַבריק. ביי אונדז פלעגט מען דערציילן אז גינזבורג (וועלכער האָט געשטאמט פון טשענסטאָכאָוו און געווען א פאַבריקאַנט אין בערלין) האָט אָנגעהויבן זיין פאַבריק מיט וואַסער־קראַפט פון דער וואַרטע. דאָס האָט נישט געקאָנט זיין אַ גרויסע פאַבריק.



## זבירציה בעתונות היהודית

עברתי על מאות עתונים שהופיעו בתקופת ייסוד זביירציה ברחבי רוסיה. אמנם אין בארץ כל העתונות הזאת וגם לא היה סיפק בידי לעבור על כל הגליונות של העתונות הנ״ל בתקופה זו, הנמצאת בארץ. אמסור, איפוא, להלן כמה פרטים שמצאתי בגליונות העתונים שיכלתי להשיג ולעיין בהם.

הידיעה הראשונה על זבירציה בעתונות שמצאנו היא כתבה ב„הצפירה״ (מס׳ 3, משנת 1893), כדלקמן: בזאַוויערצע קמו על נדיבות הרב אב״ד דמתא (הכוונה היא, כנראה, להרב ר׳ ישראל־לייב גאַנצוויך) והנכבדים בעדה, ר׳ זלמן מרגלית ור׳ שמואל סאיקי ויקבצו נדבות מבני העדה ויקנה חמש עגלות טעונות פחם להסקה ויחלקו לעניים.

הכתבה השניה, אשר בה נזכר השם זבירציה דנה בענין לא זבירצאי, אבל בעל־הכתבה היא זבירצאי ידוע לכולנו, וזו לשון הכתבה („הצפירה״, מס׳ 188 משנת 1893): „כותב אלינו ה׳ א. בורנשטיין מזאַוויערציע, פלך פטריקוב: מאד ינעם לי להודיע מפעולת אחינו למעשה הצדקה במקום מעיני הישועה בעיר החדשה במחוז ראווא, כי יעמדו לעזרת החולים העניים אשר יבואו שמה למצא מזור למחלתם. מבין 50 איש מאב״י שהתרפאו שם בשנה הזאת נאסף מדי שבוע בשבוע כ־25 רו״כ ונתחלקו בין החולים העניים, — איש־איש לפי מעמדו וכו׳.

הכתבה השלישית הנוגעת במישרין לזבירציה היא פרי עטו של החזן, המשכיל והסופר הידוע בזמנו א. ב. בירנבוים, שהיה חזן בבית הכנסת הגדול בטשענסטאָכאָוו. שם ניהל גם בית ספר לחזנים והוצא את העתון הראשון לחזנות ולחזנים. בירנבוים כותב („הצפירה״ 248, משנת 1893): „משא טשענסטוחוב עירנו כר נרחב לבתי מלאכת האריגה וכו׳ בכפר הסמוך לעירנו ישנו בית מטוה צמר כבשים מהול לצמר־גפן (וויגאָניע) ובזאַוויערציה הסמוכה לנו, הלא שם בית מטווה צמר־גפן גדול ונכבד של האחים גינסבערג.

הכתבה הרביעית על זבירציה שמצאנו ב„הצפירה״ (מס׳ 240, 1902) היא: „מר מ. האָלענדער ורעיתו ובנם בחגותם חג סיום ספר תורה הרימו תרומות הגונות לצרכי תלבוש והנעלה לחניכי הת״ת״.

על הכתבה חתום ש. ש. (כנראה ר׳ שבתי שפיעוואַק).

ב„הצפירה״ (49 השנת 1902) מצאתי גם כתבה על הפוגרום בטשנסטוחוב ועל המתיחות בזבירציה והסביבה.

שם (129, 1905) מצאתי גם על המתיחות הסוציאלית בכל הסביבה. מסופר גם כי איש התאמץ להעלות גשר ממסילת הברזל בין לאז וזומקוביץ (הכוונה לפצוץ גשר). פרץ פרץ גדול. האיש בא כנראה מהכורים בדומברובה.

לאחר מכן בוטל הנוהג ב„הצפירה" ובעתונים האחרים לפרסם באופן שיטתי כתבות מערי השדה ולא מצאתי יותר כתבות בעתונות מהתקופה הנזכרת. בחלק מהעתונות הזאת שנשתמר בארץ לא מצאתי כל כתבה מהזמן ההוא.

אולם מצאתי ב„הצפירה" כתבה משנת 1917 (מס' 8 מיום כ"ז ניסן), וזו לשונה:

„זאווירצי", בראשון לחול המועד פסח נאספו באולם הציונים בזבירציה כ־300 איש לאסיפה עממית. בין הנאספים היו הרבה בלתי־ציונים. מר ברנשטיין (הכוונה לר' אברהם בורנשטיין) הרצה על מטרת האספה הזאת וכל הנאספים הסכימו פה אחד לדברי הנואם בדבר הנחיצות של השגת זכויות לאומיות בעד העם העברי. אחריו דברו האדונים פרנק (מאיר פרענק), קראָהן ושפיוואק על הציונות, הלאומיות וההתבוללות. כל הנואמים קראו בנאומיהם אל יושבי עירם לתת ידם אל ההסתדרות הציונית ולשקול שקליהם. גם לקריאה זו נענו רבים מן הנאספים.

כתבה שניה מתקופת המלחמה אנו מוצאים מה־11 לאפריל 1918 ב„הצפירה" מס' 15, כדלקמן:

זאווירצי

קיבוץ הכספים לטובת אחינו נגועי המלחמה בארץ־ישראל שנערך ע"י צעירי ציון בעירנו הביא בפריז סכום של 457 מרק.

צעירי ציון ממלאים בהדרגה את כל התפקידים שהציבו להם. עובדים כל עבודה ציונית ועוסקים בהפצת הספרות העברית, ידיעות א"י ותרבות כללית. נערכים נשפי ויכוחים על נושאים שונים.

מפני סיבות שונות לא יכלנו לערוך את נשף האבל לזכרו של טשלנוב בזמנו. אכן כדי למלאות את חובתנו להנפטר הגדול ערכנו בשבת הגדול כעין יום זכרון. חברינו פרנק, קלוגמאַן, לאַנדוי, בוימאץ נאמו נאומים.

כתבה שלישית מתקופה זו אנו מוצאים ב„הצפירה" מיום 16.5.18: בחוהמ"פ היתה פה אספה כללית של „המזרחי". להאספה באו יותר מ־100 איש. אל שולחן הנשיאות ישבו 3 ראשי העדה העברית: ר' לוי האַבערמאַן, ר' יוסף דימאנט ור' אברהם בורנשטיין. ליו"ר האספה נבחר ר' שמואל הוכברג. מר חיים קרון, חבר הוועד המרכזי פתח את האספה, בנאום מלא תוכן על התפקיד של היסוד הדתי בציונות. מר צבי לאנדוי — על התפתחות הרעיון של חבת ציון. מר שפיוואק על נחיצות מרכז לאומי בא"י. נבחר ועד חדש בן י"ז חברים. מר חיים קרון נשא את נאום הנעילה, אשר בו סתר בדברים חמים ונלהבים את כל טענות מתנגדי הציונות ו„המזרחי".

לנשיא הכבוד של „המזרחי" נבחר פה אחד הנדיב הנכבד, מר יעקב ווינדמאן.

באותה כתבה מוסרים: „בעמל צעירי ציון בעירנו נוסדה קבוצה „חלו-צים". חברי הקבוצה מכינים עצמם לנסוע בתום המלחמה לארץ-ישראל".

ועוד: בכ"ג אפריל הרצה ד"ר ברוין מבנדין לפני „בנות ציון" „על ח. נ. ביאליק". (אז היה ד"ר בראון מנהל הגימנסיה העברית בבנדין, עתה באוניברסיטה העברית ירושלים. איש קראקוב).

כתבה רביעית מתקופה זו אנו מוצאים ב„הצפירה" מ-1.6.18:

„על פי התעוררותם של צעירי ציון ו„השומר" בעירנו נערך פה בל"ג בעומר שעבר טיול נהדר שהשרה רוח של חג על כל יהודי העיר ורבים בהם קשטו את יציעות בתיהם בדגלים לאומיים ובתמונות של ראשי הציונים. התה-לוכה שעברה דרך רחובות העיר נתקבלה בכל מקום בתרועת רצון. ביער נש-מעו נאומים ציוניים שונים והמטיילים, כילדים כגדולים, בילו את העת במש-חקים שונים. באותו יום נאספו איזה מאות מרק לטובת הפונד הלאומי".

ולהלן: „בי"ד וט"ו אייר נאם הרב ראפאפורט מאנדריוב פעמיים בבית-הכנסת. בי"ט סיון נתקיימה תפילת-אזכרה לר' שמואל מוהליבר זצ"ל ע"י „המז-רחי" ו„צעירי מזרחי" באולם „המזרחי".

ב„הצפירה" (מס' 31—75 מחודש יולי 1918) אנו מוצאים כתבה על הרצאת נ. מילייקובסקי על א"י והיהודים, שנתקיימה בל' סיון, וכן על אזכרה בבית הכנסת בכ' תמוז. נאמו: א. בורנשטיין, מ. פרענק וד. עהרליך. באותו יום נאספו ע"י „צעירי ציון" ו„צעירי מזרחי" כ-800 מרק לטובת יער הרצל.

ביום ג' כ"ב תמוז נתקיים באולם „סטעלא" נשף הרצל. מנגינת-אבל של ציכטמאן ניגן מר ל. דימאַנט על הכנור, בלווית הפסנתר ע"י העלמה בראנדיס. בהנהלת דימאנט שרה המקהלה „אלי ציון" מאת לובושיצקי. העלמה מינוס דקלמה את השירים „יזכור" ו„על יד הקבר". מר שמעון מינץ מזשארקי נאם על הרצל. לבסוף הוצג המחזה „היהודי הנצחי" ע"י אחד מחברינו שכתב את המחזה לזכרון מנהיגנו הגדול. הנשף נגמר בתמונה חיה, שתיארה את חזון הרצל והפ-ליאה עיני רואם.

הודות לעמלם ועבודתם החרוצה של ה"ה ב. ול. דימאנט עלה הנשף יפה מאוד והשאיר רושם עמוק בלב הקהל.

ב„הצפירה" 47 (92) מאוגוסט 1918 נתפרסם קול-קורא מאת הרב ר' מ"מ לאנדוי מזבירציה לטובת „המזרחי".

*    *

**לבסוף — משהו מבדח ומשעשע.**

**ב„זאַגלעמביער צייטונג" (מס' 7 מארס 1939), מצאתי סיפור שלם על בנות־זבירציה מחוגי „השומר הצעיר" ואני מביא את הכתבה כלשונה ב„יידיש":**

**„מעשה זאַוויערטשע איז נישט אַן אידילישע מעשה, אָבער זי איז אַדורך נישט צו פאַרזינדיקן.**

**זאַוויערטשער געשיכטע האָט אַזאַ מין היימישלעכן בראשית:**

**עטלעכע זאַוויערטשער מיטגלידערינס פון „השומר הצעיר" מיט אַ גע־וויסער ד. אָר. בראש האָבן זיך לעצטנס אַרומגעזען אַז זייער 25־יאָריקער אַסקעטיש־דערציערישער טעטיקייט פעלט אַ דאָזע עולם הזהדיקייט. פאַרוואָס טאָקע נישט איינמאָל אַ פּרווו טאָן די פיס, געוווינטע צו „האָראָ"ס", מיט עטלעכע מאָדערנע טענץ, — מכל שכן אַז ער ווערט איינגעאָרדנט דורך תרבות. אויב תרבות איז, דוכט זיך, דער ענין אין אָרדענונג.**

**זענען זיי אוועק מיט אמתן קוראַזש אויפן תרבות־דאַנסינג.**

**קיין „פּאַוואַדזעניע" — אַלס פּנים חדשות, ווי דער שטייגער איז — האָט זיי נישט געפעלט. לויט פּייערלעכער פאַרזיכערונג פון אונזער זאַוויער־טשער קאָרעספּאָנדענט, זענען זיי אַהיימגעגאַנגען שטאַרק פאַרשמחה'ט און באַ־רוישט, — אַזוי היפּש איז זיי דער דאַנסינג צוגעפּאַלן צום אַפּעטיט.**

**אין אַן אַנדערער יוגנט־אָרגאַניזאַציע וואָלט מען זיך געמאַכט אַוועק־קוקן — פאַרט אַ תרבות־דאַנסינג. אָבער „נישט ביי מאַטיע'ן", נישט ביים ספּאַרטאַנישן „השומר הצעיר". אויף אַן אסיפה זענען די טענצלדיקע חברות פאַרן דאַנסינג־פאַרברעך אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער שומרישער באַ־וועגונג".**

**עדיין רקדו, עסקו בבידור ובבדיחות הדעת, — כמה חדשים לפני בוא השואה. אבל באותו „זאַגלעמביער צייטונג" במס' 11 מחודש מארס 1938, אנו קוראים שיר זה, שהוא כעין רטט־בלהות לקראת הבאות:**

**„עפּעס שמעקט אין דער לופט.**
**איך ווייס נישט וואָס.**
**עפּעס ציט און רופט.**
**וואָס איז דאָס?**
**איז דאָס פרילינג?**

*    *

**אולי חשו כבר מה עלול להתרחש? אולי נבאו ולא ידעו מה מנבאים.**

**ש. ספיבק**

# דער וואָקזאַל

עס גלוסט זיך נישט מער צו מאַכן אַ שפּאַציר דורך די גאַסן פון דער „יידן־ריינער" זאַוויערטשע. מיר האָבן שוין דאָרט גאָרנישט מער צו זוכן. האָבן מיר דאָך דאָרט איבערגעלאָזט דעם אָנדענק פון אונדזערע טייערסטע — אומגעקומענע אין דער שטאָט, אָדער פאַרשלעפּטע פון דער שטאָט.

דאָך לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט פאַרגעסן דאָס אַמאָליקע לעבן אין אונדזער זאַוויערטשע, מיט אירע גאַסן, מערק און געסלעך, ווו יידיש לעבן האָט אַמאָל פולסירט.

ווי שיקט זיך, טאַקע, צו פאַרגעסן דעם נערוון־צענטער פון דער שטאָט, — דעם וואָקזאַל, די באַן־סטאַציע?

* *

פאַר יידיש זאַוויערטשע איז די באַן־סטאַציע טאקע געווען דער נערוון־צענטער. סוחרים פלעגן לויפן אַהינצו, הענדום־פּענדום, כמעט אין דער לעצטער מינוט פאַרן אָפּפאָרן פונעם צוג. געשען איז דאָס ווייל תמיד פלעגן זיי נאָך האָבן עפּעס אַ דרינגנדיק געשעפטל צו פאַרענדיקן, אָדער תמיד פלעגט זיי נאָך אַ פוילער „קונד" אויפהאַלטן, פאַרטשאַדען דעם קאָפּ אַזש דער סוחר פלעגט פאַרגעסן אַז אָט־אָט פאָרט אַוועק די באַן, מיט וועלכער ער מוז פאָרן וועגן זיינע מסחרים.

יידן זענען אַ סאַך געפאָרן מיט דער באַן, — אַ סאַך געמסחר'ט. טייל־מאָל, טאַקע, האָט אַ פלאַנטער וועגן צאָלן אַ וועקסל אויפגעהאַלטן דעם סוחר פאַרן אָפּגיין פונעם צוג. מען פלעגט זיך לייען אַ גמילות־חסדל כדי צו צאָלן אַ וועקסל וואָס איז שוין געווען פעליק אַ טאָג פריער. צומאָרגנס, באַלד אין דער פרי, האָט מען שוין געמוזט צאָלן אַ צוגאָבלעכע סומע פאַר אַ „פּראָטעסט" ביים רעיענט. פלעגט מען זיך באָרגן ביי אַ יידן, אַ שכן אויף אַ שעה־צוויי, ווייל אויך דער שכן האָט שפּעטער געהאַט צו צאָלן אַ וועקסל. נאָך אַ שעה־צוויי איז דאָך ווידער נישט געווען צו צאָלן, ווייל עס זענען נישט געקומען קיין ערנסטע קונים (נודניקעס זענען תמיד געווען). בקיצור, מען האָט געמוזט לויפן צו אַ צווייטן שכן, כדי אָפּצוגעבן דעם ערשטן שכן זיין גמילות־חסד. אָפט האָט מען געמוזט לויפן צו אַ פערטן און אַ פיפטן, כדי מיט זיין הילף ווייטער צו דרייען דאָס רעדל.

אַזוי האָט מען געמסחרט, און אַזוי האָט מען זיך אין לעצטן מאָמענט געלאָזט לויפן צום וואָקזאַל. אַ שאָד אַז דעמאָלט זענען נישט געווען פריזן

פאַר לויף־געווען. אַ סאַך יידן האָבן זיך כשר פאַרדינט די העכסטע פריזן פאַר זייער גיכן לויפן. אַמבעסטן האָט זיך אויסגעצייכנט יאָקל, מאָשקע מיל־כיאַר׳ס זון. ער פלעגט לויפן און פייפן, סאַפּען ווי אַ לאָקאָמאָטיוו. אַזוי אַרום האָט ער זיך צוגעגעבן קוראַזש. מען האָט אים טאָקע דערפאַר גערופן „דער צוג״, אָדער „דער עקספּרעס״.

* *

עס האָט, כ׳לעבן, נישט געפעלט געפילדער פון יידןביים וואָקזאַל. איך געדענק ווי „זיידענע יינגערמאַנטשיקעס״, מיט אויסגעטאָקטע פּיאהלעך און מיט נאָך נישט צעוואַקסענע בערדלעך פלעגן זיך לאָזן גרופּנווייז צום וואָקזאַל, כדי אָפּצוואַרטן ש. יאַצקאַן׳ס „היינט״, אין וועלכן עס האָט זיך געדרוקט אַ „העכסט שפּאַנענדיקער״ ראָמאַן (דוכט זיך: „אינעם נעץ פון ליבע און האַס״). זיי האָבן זיך פּשוט נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז מען האָט געבראַכט די צייטונג אין די מאַרשאַלקאָווסקא־גאַס און אין אירע געסלעך. זיי האָבן געוואָלט וואָס גיכער וויסן וואָס עס איז געשען מיט בערטא, דער העלדין פונעם ראָמאַן.

געווען זענען אויך „לעצט־געלט״ נעמער, „שפּיליטערן״ (ספּעדיטאָרן, וואָס פלעגן מאַכן פאַר אַ געוויסן פּראָצענט איינקויפס־טראַנזאַקציעס פאַר סוח־רים). געווען איז אויך אַ ייד וואָס האָט געהאַנדלט מיט „פאַרשפּעטיקטע פּראַכ־טן״, פאַר וועלכע פּאָניע האָט געצאָלט קנס. אָבער דאָס האָט ער מער געטאָן אויף דער 2־טער זייט פון די באַן־רעלסן, ווו עס איז געווען די סחורות־סטאַ־ציע. דאָרט האָט זלמן מרגלית (מאַרגוליס), — און שפּעטער זיינע זין, — געהאַט אַ לאַגער פאַר סחורות. צי דאָס איז געווען ווי ביי אונדז, אין ישראל, די „מחסני ערובה״ — געדענק איך נישט.

וועגן דעם ראָמאַנטיזם פון דער טונקעלער וואָקזאַל־געגנט, וועגן די זיך טליענדיקע פאָרלעך האָבן אַנדערע געשריבן. אָבער עס דערמאָנט זיך אַז נישט איינמאָל האָט אַ שגץ געוואָרפן אויף אַ פאָרל אַ שטיינדל פון אַ פינצטערן ליקל אַרויס, נישט ווייט פון די הייזער פון פּאָטאָקן און בוכנערן.

אַמאָל איז געווען אַ קליינע באַן־סטאַציע אין זאַוויערטשע. דערנאָך האָט מען (דוכט זיך 1910) אויפגעבויט אַ גאָר לייטישע סטאַציע. זי איז אָבער צע־שטערט געוואָרן, בעת די רוסן האָבן 1914 אָפּגעצויגן פון דער שטאָט. שפּע־טער איז זי פון די דייטשן ווידער אויפגעבויט געוואָרן.

* *

דער וואָקזאַל איז נישט איינמאָל געווען עדות פון בלוטיקע געשעענישן. אָט איז אין 1920 אָדער 1921 געווען דער פּאָגראָם פון די פּויזנער און שלאָנ־זאַקישע האַלערטשיקעס. אַ ייד איז דעמאָלט אומגעקומען. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג וועגן שווערע, שוידערלעכע טעג אויף פּוילנס ערד...



אויסזידלונג פון יידן ביי דער באַן־סטאַציע

אָבער לאָמיר באַזונדערס געדענקען דעם וואָקזאַל אַלס עדות פון אַ גרויסער התעוררות פון יידן, — תמיד ווען זאַוויערטשער האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דער וואָקזאַל איז געווען פול מיט יידן. מען האָט זיך געזעגנט ווונטשן „לשנה הבאה בירושלים". מען האָט זיך געהאַלדזט און געקושט. מען האָט געזונגען שטאָלצע לידער פון יידישן רענעסאַנס. מען האָט געפאָכעט מיט טיכלעך: „אויף ווידערזען".

ליידער האָבן זיך אַ סאַך נישט מער ווידערגעזען.



ישראל דרעזנער

## זאַוויערטשער גאסן

אַז מען פלעגט אַראָפּגיין פונעם צוג אין די שטאָט אריין, פלעגט מען אַדורכלויפן דעם פעראָן און זיך שטופּן דורכן „שלאַבאַן" פונעם בילעטן־קאָנ־טראָלער צו די תמיד־איבערפולטע וואָקזאַלן. אַ ייד פלעגט זיך אײַלן אַרויס אין גאַס אַריין. ער פלעגט גיך כאַפּן אַ דראָזשקע. מען האָט געפלעגט הערן רופן די נעמען: דאַנציגער, אברהם וואַרצמאַן.

אַ סאַך פון די אָנקומענדיקע פלעגן זיך לאָזן צופוס אין שטאָט אַריין דורך דער שיינער אַליי, פון ביידע זייטן באַפלאַנצט מיט בוימער. צווישן די ביימער זענען געווען אין דער באַשריבענער צייט באַקוועמע בענק, אויף וועלכע יידן און קריסטן, — אַלט און יינג, — פלעגן זיך צוזעצן. עס הערן זיך שמועסן אין יידיש, ווי אויך געזאַנגען פון יידישע יוגנטלעכע. אויף דער צווייטער זייט אַליי האָבן זיך געפונען הייזער פון יידישע און קריסטלעכע בירגער. צווישן די הייזער איז געווען אַ האָטעל מיט אַ פּרעכטיקן גאָרטן. דאָרט האָט געהאַט זיין אַטעליע דער יידישער פאָטאָגראַפיסט גלאַטער. ער האָט געהאַט אַרבעט סיי פון יידן, סיי פון קריסטן. די אליי האָט זיך געצויגן ביז צום פּזשעיאַזד. דאָרט פלעגט די באַן דורכגיין. פון דער צווייטער זייט הייבט זיך אָן די מאַרשאַלקאָווסקא־



מאַרשאַלקאָווסקי־גאַס

גאַס, — דער צענטער פונעם האַנדל אין יידישן קוואַרטאַל. דאָס איז די גאַס פון שיינע יידישע געשעפטן, פון יידישער פרנסה און פון יידישער אויפלעבונג. לינקס פון דער גאַס געפינט זיך דער נייער מאַרק, וואָס יעדן דאָנערשטיק פלעגן זיך דאָרט די יידישע קרעמער אַוועקשטעלן מיט אַלדאָס גוטס. די יידישע פרויען פלעגן גיך לויפן איינקויפן אויף שבת עס הערן זיך די געשרייען פון די יידישע קרעמער: יצחק משה, יהודה מענדל, דער געלער הלל, אברהם זיסקאָוויטש, דער שוואַרצער ישראל, יצחק וויעלגיס א. א.

פון אַלע עקן מאַרק הערט זיך רופן: ביליקע פיש, לעבעדיקע פיש, שיינע רענאַטן. אַלץ פלעגט מען באַקומען אויפן מאַרק. די קינדער פלעגן קומען אַקעגן די מוטערס אַהיימטראָגן די פולע קוישן וואָס זיי פלעגן איינקויפן. שוין דאָנערשטיק גרייט מען זיך צום שבת. פרייטיק פרי פלעגן די פאָטערס מיט די קינדער לויפן אין מקוה אַריין זיך אָנבאָדן. פרייטיק פאַר ליכט־צינדן פלעגן אַדורכמאַרשירן פרומע יידן ווי שמעה׳לע אַפטייקער, יאָקל פראָמאַן און אַנדערע פרומע יידן. זיי פלעגן רופן צו פאַרמאַכן די געשעפטן ווייל דער ליבער שבת קומט אָן. עס דויערט נישט לאַנג און די געשעפטן ווערן פאַרמאַכט.

אין די גאַסן ווערט שבתדיק. אין דערזעלבער גאַס האָט זיך אויך געפינען די גרויסע שול און דאָס בית המדרש.

אין די יידישע היימען גרייט מען זיך צו גיין אין שול אַריין. די פאָטערס און די קינדער, — אויסגעפוצטע מיט די געהאַקטע, זיידענע „קאַפאָטקעלעך", אין די רונדע, קליינע שוואַרצע היטעלעך. יינג און אַלט איילט זיך אין שול אַריין כדי צו הערן דעם חזן מקבל שבת זיין. דער רב קומט אָן אין באַגלייטונג פון זיין שמש. פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט דער רב דאַווענען אין בית מדרש. שבת — אין דער שול. ווען דער רב פלעגט קומען שבת אין די שול, פלעגט יעדער ייד אים באַגריסן מיט דרך־ארץ.

אין שול האָט מען מיט אָפשיי זיך צוגעהערט צום דאַווענען פונעם חזן, וועלכן דער כאָר האָט באַגלייט.

יידן האָבן זיך געפרייט מיטן שבת. אין די היימען איז געווען אָנגעגרייט לכבוד שבת, סיי ביים רייכן, סיי ביים אָרעמען. אַז די פאָטערס מיט די קינדער זענען געקומען פון שול, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און מען האָט געפראַוועט דעם שבת.

נאָכמיטיק פלעגן די קינדער לויפן, — יעדער אין זיין אָרגאַניזאַציע אַריין, אָדער אויף אַ שפּאַציר אין די גאַסן און אַלייען.

פון די אַלייען האָט מען געקאָנט הערן יידישע און העברעאישע לידער. עס פלעגן זיך צונויפקומען גרופן פון בית״ר, ווי אויך פון אַנדערע פאַרטייען. לייבל ראָזענבערג קאָמאַנדעוועט. ער פלעגט צוזאַמענשטעלן אַ כאָר פון: יהודית דרעזינער מיט איר הויפּט־שטימע, סאַלקע פרדס, רעגינא זיידמאַן, ברײַנדל זולר, גוטערמאַן, ראָזענבערג (מיטן נאָמען קאָציקע), אברהם יעקב פרדס, צראיל דרעזינער, יהודה גרינקרויט, מנחם דיקערמאַן א. א. אויך פלעגן פאָרקומען אָפט אויס־

פלוגן פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס אין פאַרשיידענע ריכטונגען. די שטאָט האָט געהאַט שיינע ערטער אין דער סביבה, ווי דער לאַזער וואַלד, קאָנזשילאָווקא, באָ־ראָווע פּאָלע, הוטקעס א. א.. דאָרט פלעגט זאַוויערטשער יוגנט פאַרברענגען איר פרייע צייט.

עס איז נאָך צו דערמאָנען דעם שיינעם פּאַרק, אין וועלכן עס זענען אָפט פאָרגעקומען פאַרשיידענע פאַרווייַלונגען.

צומאָרגנס, נאָך שבת, הייבט מען ווידער אָן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן. די קינדער לויפן אינדערפרי אין די שולן אַריין. דער קיעראָווניק לייזעראָוויטש מיט די לערערינס באַמיען זיך אַז די קינדער זאָלן זיך רואיק פאַרהאַלטן, אַז זיי זאָלן גוט לערנען און אָפּגעבן דעם געהעריקן כבוד. זאַוויערטשע האָט געהאַט אַ יידישע פאָלקס־שולע, ווי אויך אַ יידישן אָרקעסטער. דער אָרקעסטער פלעגט אָפט אַנטיילנעמען אין די פאַרשיידענע אויספלוגן.

די גאַנצע וואָך זענען אַלע געווען פאַרטאָן אין אַרבעט: יידישע געשעפטס־לייט, יידישע בעלי־מלאכה׳ס פון פאַרשיידענע פאַכן, וואָס זענען געווען אָר־גאַניזירט אין האַנטווערקער־פאַריין.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז יעדן 1־טן אָדער 15־טן פונעם חודש, אַרויס אין יידישע געשעפטן איינקויפן. די געשעפטן זענען געווען דעמאָלט אי־בערפולט. די שטאָט האָט אויך געהאַט פאַרשיידענע פאַבריקן. דאָס האָט לייכ־טער געמאַכט די פּרנסה.

אַזוי האָט די יידישע באַפעלקערונג אַדורכגעלעבט די גוטע טעג און שיינע שבתים. יעדער האָט געהאַט זיין סביבה וווּ ער האָט שעהן־לאַנג צוזאַמען פאַרבראַכט.

דאָס האָט זיך געפירט אַזוי לאַנג ביז עס איז געקומען דער קריג, און מיט אים, — דער חורבן פון יידיש זאַוויערטשע.



אַרבעטס־טראַנספּאָרט פון זאַוויערטשער יידן געפירט דורך די געסטאַפּאָ

**צבי שאַפּיראָ**

# איבער גאַסן און געסלעך פון זאוויערטשע

## דער שול־הויף

דער שול־הויף איז געווען אַ גרויסער פּלאַץ, אַרום מיט אַ הילצערנעם פּאַרקן. דאָרט איז, אין פראָנט צו מאַרשאַלקאָווסקא, געווען די שול. אינעם הינטערטייל פונעם בנין איז געווען דאָס בית המדרש. עס איז דאָרט געווען אַ ספּעציעלער בנין, ווו עס איז געווען די „תלמוד תורה" און די גמינע אין די גוטע צייטן פון יידיש־זאַוויערטשע. איבער דער תלמוד־תורה האָט געוווינט ר׳ אברהם לייב דער שול־שמש. אין אַ ספּעציעל געבײַדקעלע איז געשטאַנען דער שוואַרצער ארון. פונעם שול־הויף האָט מען געקאָנט אַדורך צו דער האָזשע־גאַס.

## דאָס בית־מדרש

שוין ביים איינגאַנג האָסטו געקאָנט זען ר׳ אלטער שמש ביי זיין טישל, ווו ער האָט פאַרקויפט פּאַפּיראָסן, אָדער דערלאַנגט טיי פון גלאַנצענדיקן סאַמאָוואַר. 5 טישן האָט דאָס בית מדרש געהאַט. ביי יעדן האָט אַן אַנדערער געזאָגט דעם שיעור, דער גאון ש. א. פרדס, זישע באַרנשטיין, שמחה מענדל נייגעבוירן און יואל צווייגל. בעל תפילה איז געווען ר׳ מאיר לעלעווער, דער אַלטער בעטעמטער בעל־תפילה. זיין גראָבער פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט געקוועטשט די שטים־בענדער, כדי דער קול זאָל זיין שטאַרקער, בעת די איבריקע רעכטע האנט האָט געגרוט אויפן באַק. אַזוי האָט אויך געטאָן ר׳ יאָסל פינקל, בעת ער האָט אים „אונטערגעהאַלטן".



אַלטער שמש און פרוי

דער בעל־קורא איז געווען ר׳ ישראלקע בריגער מיט דער גראָבער באַסאָוער שטימע, וואָס האָט פאַרהילכט אפילו דאָס שמועסן פונעם עולם. מען האָט אים דאָך געהערט. זיין פּרנסה — אַ שבתדיקע: אַ גלעזל ביר, באַבעס, אַרבעס, אַ פערטל גענדזנס האָט מען ביי אים געקאָנט באַקומען אום שבת. דאָרט איז געווען אַ מין קלוב.

מיין פעטער, ר׳ מענדל ליטוואַק (קעניגסבערג), — גערופן האָט מען אים מענדל פאַניע דער היטלמאַכער — פלעגט אונדז, קינדער, דערציילן, אַז ר׳ יש׳ראלקע׳ס ווייב, אַ קורצזיכטיקע, האָט איינמאָל, פרייטיק, ביים אָנפילן די קישקע, אַריינגעשטאָפּט אַ קעצעלע פון די קעצעלעך וואָס פלעגן זיך דרייען ביי ר׳ ישראלקע׳ן אין שטוב, און וואָס איז פלוצעם אַרויסגעשפרונגען אויפן טיש, ווו זי האָט געפילט די קישקע.

שטעלפאַרטרעטער אַלס בעל קורא איז געווען ר׳ יאַצעק משה, — אַ כלל טוער, וואָס האָט זיך אומעטום געמישט.

## די שול

דאָרט האָבן געדאַווונט אַביסל „אויפגעקלערטע״, — מענטשן פון אַלע שיכטן. אויבן־אָן די מער אַריסטאָקראַטישע. וואָס נענטער צום טיר ווינציקער־השובע בעלי בתים, — ביז אפילו וואַסער־טרעגערס. צו „פסוקי דזמרא״ איז צוגעגאַנגען ר׳ נחום מאַנגל, ביי וועלכן עס האָט נישט געוואַקסן קיין באָרד, טיילמאָל אויך ר׳ לייבל היפשער, אַ לוסטיקער שניידער. צום „שוכן־עד״ איז צוגעגאַנגען ר׳ שבתי, אַ שיינער, פולער ייד. בעל קורא איז דעמאָלט געווען ר׳ אברהם באַרנשטיין. ער איז געווען זייער קורצזיכטיק און ממש געלעגן איבערן ספר, ביי ביידע זייטן שולחן, ווו דאָס ספר איז געלעגן, זענען געשטאַנען די 2 גבאים: ר׳ לייבוש פרענק און ר׳ בירך בלאַט. טיילמאָל האָט אויך ר׳ לייבוש געלייענט די תורה. ר׳ אברהם־לייב שמש, איז געשטאַנען נעבן די גבאים אויפן בעלעמער און אַכטונג געגעבן צי עמעץ רעדט נישט צו הויך און געהאָלפן פאַרטיילן די עליות. (ער האָט געדענקט וועמען עס קומט אַן עליה). געמעגט האָט מען זיך נאָר שושקען אין שול. רב איז אין מיינע יינגלשע יאָרן געווען הרב לאַנדוי, — אַ שיינער, הויכער, מיט אַ לאַנגער גרויער באָרד, תמיד ריין גע־קליידט, אין אַ זיידענעם לאַנגן ראָק. ביי פייערלעכקייטן (נישט אין שבתים און יומטובים) פלעגט ער קומען אין ווייסע הענטשקעס און האַלטן אין האַנט א שטעקעלע מיט אַ זילבערן הענטל.

דער יראת־הכבוד צו דער שול מצד די מתפללים איז געווען זייער גרויס.

אין בית־המדרש פלעגן תמיד נעכטיקן אַדורכפאָרנדיקע אורחים (יעדן שבת איז אַן אורח געווען גאַסט ביי אַ בעל בית). איינמאָל האָט זיך אַ בכבודיקער אורח געוואַנדן צום גבאי אַז ער וויל מקבל שבת זיין. געדאַווונט האָט ער בעל־תפילים אָדער חזניש, און עס איז געווען נאָך מיט חסד. ערשט ביי „רזא דשבת״ האָט ער אָנגעהויבן זאָגן מיט „קאָפ־שטימע״ (ב„עלקאַנטאָ״ אין דער מוזיק־ליטעראַטור, וואָס דאָס מיינט: שיין געזאַנג). אַזאַ זינגען איז שפיציק: דין און שיין. דער עולם אין בית המדרש, וואָס האָט ליב געהאַט אַביסל צו טומלען, האָט נישט געהערט און האָט געחוזקט פונעם חזן. געווען זענען בלויז אַ פּאָר מבינים, וואָס האָבן געהאַט אַנונג אין די ענינים פון זינגען, האָבן זיי דעם בעל־תפילה פאַרבעטן אין שול אַריין אויף שבת פרי צו „שחרית״ און מוסף. די שול איז געווען געפּאַקט, ווייל פון אַלע חסידישע שטיבלעך זענען מתפללים געקומען הערן. ר׳ יאַנקעלע חזן — אַזוי האָט מען דעם בעל־תפילה גערופן, — האָט געגומען דעם עולם מיט זיין מתיקותדיקן דאַווענען. ער איז פאַרבליבן אין זאַווירטשע, — אַלס חזן אין דער גרויסער שול.

אין בית־מדרש פלעגן רעליגיעזע בחורים פאַרן „פּאָבאָר״ (מיליטער־

רעקרוטירונג) מתפלל זיין גאַנצע נעכט, און זאָגן תהילים — עטלעכע טעג פאַרן „פּאָבאָר" — זיי זאָלן ניצול ווערן פון גויעשע הענט. אנדערע האָבן אויך גע־וואַכט די נעכט פאַר זייער רעקרוטירן זיך, אָבער וואָס האָבן זיי געטאָן? — געשיכורט, געלאָזט זיך ווויל־גיין, געמאַכט אַוואַנטורעס, געריסן שילדן פון געשעפטן א. א. וו.

## ביים ברונעם

און איצט — דער ברונעם. די וואַסער־טרעגער: אברהם שטאָק. זיין ווייב האָט אונטערגעהונקען. זי איז געווען די „חכמה" און פלעגט אים תמיד צו־נייפרעכענען וויפל עס קומט אים פון יעדערן פאַרן וואַסער. יונה וואַסערטרעגער איז געווען דער 2־טער חכם ביים ברונעם. געהאַט האָט ער אַ רויט פּנים און אַ געל בערדל. מען האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. און ישעיה מיט זיין זון אברהמעלע־טשופע, וועגן וועלכנס חתונה עס שרייבן אוודאי אויך אַנדערע. און אחרון־אחרון — רודאָלף מיט די הויכע שטאָלצן וואָס פלעגט אויף אַלץ זאָגן „קאָפּ־געשוואָלן". ער איז אין 1914, ביי קריגס־אויסברוך פאַרשוווּנדן פון זאַוויערטשע און מען האָט געשמועסט אַז ער איז אַ שפּיאָן.



אויסזידלונג אין די זאַוויערטשער גאַסן

## שריפות

ווינציקער טראַגיש האָט זיך פאַרלאָפן די שריפה ביי מאַשקאָוויטשן אין הויף (פון ר' שבתי'ס שוך־פאַסטע פאַבריקאַציע). אינעם הילצערנעם הויז פונעם קצב, ר' פרץ וואָרטסמאַן, אויפן אַלטן מאַרק האָט זיך די שריפה פאַרענדיקט טראַגישער: זי האָט פאַראורזאַכט דעם טויט פון 2 מענטשן. איין קרבן איז געווען דירעקט פון דער שריפה: דער טרעגער הארשל מאַראָוויטש, וואָס האָט געוווינט

איבער בעריש האָכבערגערס דירה, האָט פאַרגעסן, בעת ער איז אַנטלאָפן פון דער שריפה, אַז זייַן זון שלאָפט אין אַ צימערל פון זייַן דירה. דער יינגער בחור איז אויף קויל פאַרברענט געוואָרן. דער צווייטער קרבן איז געווען — ישראל, פּרץ וואָרצמאַן'ס זון, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין אַ שבת צו נאַכטס מיט אַ האַק, בעת דער יינגער וואָרצמאַן איז אַרויס פון דער יאַטקע. די סיבה: די מאַראָוויטשעס האָבן געטענה'ט אַז וואָרצמאַן האָט ספּעציעל אונטערגעצונדן די געביידע כדי צו באַקומען די פאַרזיכערונג. עס האָט זיך פאַרפירט אַ משפט און דער יינגער מאַראָוויטש האָט באַקומען אַנדערהאַלבן יאָר תפיסה.

„דער פּלאַץ פון דער פּיעטראָוואַ"

טיילמאָל האָבן מייַנע עלטערן געהאַט פון מיר עגמת נפש: וויפל מאָל זיי האָבן מיך באַדאַרפט צום עסן, אָדער כדי מיך ערגעץ־ווו אַוועקצושיקן — בין איך נישט געווען אינדערהיים. תמיד האָבן זיי געוווסט ווו מיך צו זוכן: אויפן „פּיעטראָוו'ס פּלאַץ". דאָרט אַהין בין איך געקומען פון אונדזער שטוב, אַדורכגייענדיק אַן אַדורכגאַנג פון ר' אהרון באַנקערס הויף, אויף דער מאַרשאַלקאָווסקאַ.

דער פּלאַץ פון דער פּיעטראָוואַ האָט זיך געצויגן ביז צו די פּלאַנטן. פון דאָרט האָט מען געקאָנט אַדורכלויפן די שינעס, — אַזש ביז צו די „טשעמנע אַלייקעס" (טונקעלע אַליי). וואָס עס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן דאַרף מען נישט דערציילן, כדי נישט צו בלאַמירן די דעמאָלטיקע יוגנט. מען האָט געקאָנט דאָרט, אין די פינצטערע אַלייקעס, טרעפן יעדן יינגן בחור, וועלכער האָט אָנגעהויבן גיין מיט אַ מיידל אָן דער ידיעה פון די עלטערן.

אויפן פּלאַץ פון דער פּיעטראָוואַ פלעגט זיך צונויפקומען דער גרעסטער טייל יוגנט פון אַלע שיכטן. די יוגנט האָט דאָרט געשפּילט אין ניס, אין באַהעלטערלעך, פוסבאָל. דאָרט האָבן די זאַוויערטשער יידישע „ווייסע חברה'ניקעס" געפירט מלחמות מיט די שקצים, וועלכע זענען געקומען פון יענער זייט פּלאַנטן, — דורך באַוואַרפן זיך קעגנזייטיק מיט שטיינער, נישט איינמאָל פלעג איך אַהיימקומען מיט אונטערגעהאַקטע זייטן, מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ.

פון „פּעטראָוואַ'ס פּלאַץ" האָט מען זיך דורך די דראָטן געקאָנט אַרייַנגגבענען אינעם אויבסט־סאָד וואָס „שימעלע באַס", — אַ באַקאַנטער קלעזמער אין שטאָט, — פלעגט יעדעס יאָר אָפּדינגען ביי די באַלעבאַטים פונעם סאָד, ר' לייבל בערגער און זייַן שוואָגער, ר' בנימין משה לאַנדוי. (אין פראָנט איז געווען זייער הויז) אין אָט־דעם גאָרטן האָבן געוואַקסן פאַרשיידענע אויבסן, — עפּל, בירן (באַרנעס), קאַרשן, פלוימען א. א. וו. אָפּט פלעגן מיר זיך דערקוויקן, באַהאַלטנדיק זיך צווישן די צווייגן פון די ביימער.

ביי באַנקערן אין הויז האָט געוווינט, צווישן אַנדערע שכנים, ר' בעריש

בכלל האָט זיך דער טאַטע געמוזט רעכענען מיט דער „אָפּיניע", מיט דער „עפנטלעכער מיינונג" פון די עקסט־פרומע קרייזן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אין דער שטאָט. איינמאָל, בערך אינעם יאָר 1911—1912, האָט דער בענדינער „הזמיר" איינגעאָרדנט אין בענדין אַ חנוכה־אָוונט. מיין פאָטער איז אַהינגעפאָרן מיטן כאָר און געזונגען דאָרט אויפן אָוונט. האָט ער דערנאָך געהאַט „צו זינגען און צו זאָגן" פון אָט־די קרייזן („אַ חזן טאָרף נישט זינגען מיט זיינע משוררים אויף אַ באַל").

* *

דעם טאַטנס כאָר און דער טאַטע אַליין זענען געווען באַקאַנט אין דער געגנט. אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז, אָבער, אים באַשערט געווען אַ גרויסע טראַגעדיע: ער האָט פאַרלוירן, צוליב אַן אָנטצינדונג פון זיינע שטים־בענדער, זיין שטימע. און דאָס, — ערב זיין אָפּפאָרן קיין דובלין, איר־לאַנד, וווּ ער איז נאָמינירט געוואָרן אַלס חזן. פון דעמאָלט אָן איז אויך דער כאָר שוואַכער געוואָרן און מיין פאָטער האָט אויך אין מאַטעריעלער הינזיכט געליטן עוולות. קהל האָט גענומען שלעכט צאָלן די גאַזשעס. די בעסטע גוטע פריינט האָבן קעגן טאַטן גענומען אינטריגירן. צו זיין מזל איז ער שוין נישט מער געווען אָפּהענגיק פון קהל, — אַ דאַנק זיין פּרנסה פון פּעדאַגאָגישער טעטיקייט, פון כעמישער פאַבריקאַציע, און, — דער עיקר, — פון אונדזער מאָדע־געשעפט, וואָס איך האָב געגרינדעט.

זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך מיין פאָטער, טאַקע, פאַר־נומען מער מיט פּעדאַגאָגיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט (דער עיקר אין „מז־רחי"), — און ווייניקער מיט דער מוזיקאַלישער טעטיקייט אַרום דער שול.

די „מזרחי"־טעטיקייט האָט צוגעצויגן צו אונדזער שטוב, אַלס אָפטע באַזוכער, — נייע זאַוויערטשער פּערזענלעכקייטן, ווי: חיים קראַן, הרב ישעיה שפּירא א. א. וו. צווישן די פּערזענלעכקייטן פון מחוץ זאַוויערטשע וואָס האָבן באַזוכט, אָדער זיך אויפגעהאַלטן אין אונדזער שטוב, — געדענק איך: הרב זלאָטניק, הרב נייפעלד, הרב בראָט, דעם מטיף מילייקאָווסקי א. א. וו.

## לייבל דימאַנט

לאָמיר אין אָט־די שורות פאַרצייכענען אויך לייבל דימאַנט, איסר די־מאַנטס זון. ר' איסר איז געווען אַ פיינער, אידעלער ייד, וועלכער האָט גע־זאָרגט וועגן דער דערציאונג פון זיינע קינדער. ער האָט געהאַט אַ גרויסן שניי־דער־וואַרשטאַט מיט 8—10 געזעלן. ליידער האָט אין די דעמאָלטיקע זאַוויער־

משער פֿאַרהעלטעניש אַזאַ גרויסער פּילזייטיקער טאַלאַנט ווי לייבל דימאַנט, זיך נישט געקאָנט ווי געהעריק אַנטוויקלען. דאָס איז אויך געווען לייבלס גרויסע טראַגעדיע. ער האָט כסדר זיך באַקלאָגט אַז ער איז שטעקן געבליבן אין זאַווערטשע.

לייבל האָט געמאַכט זיינע ערשטע מוזיקאַלישע שריט ביי אונדז אין שטוב, אַלס משורר אין טאַטנס כאָר. ער איז געווען אַ נאָנטער שטוב־מענטש. פֿריער האָט ער געאַרבעט אַלס גלאָז־מאַלער אין דער שקלאַרניע. ער האָט ממש גע־ברויזט פֿון זיינע טיפֿע, ברייט־פֿאַרצווייגטע פֿיאַיקייטן: געווען אַ מוזיקער מיט ווונדערבאַרן פֿידל־טאָן. געזונגען האָט ער זייער גוט. די מוזיק האָט ער געהאַט אין די פֿינגער־שפּיצן. ער איז געווען דער פּראָטאָ־טיפּ פֿאַר אַלע ייִדישע ייִנגע־לייט אין זאַווערטשע וואָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מוזיק־אויסבילדונג. ווי איך הער האָבן זיך עטלעכע פֿון די ייִנגערע זאַוויערטשער שפּעטער אויסגע־צייכנט אינעם מוזיק־לעבן.

אַ חוץ מוזיק האָט דימאַנט געשפּילט טעאַטער, געשאַפֿן אַ טעאַטער־טרופּע, געפֿירט כאָרן און אויך זייער פֿיין געמאָלט.

אים איז ענג געוואָרן זאַוויערטשע. ער האָט געוואַנדערט מיט זיין פֿידל איבער פּוילן. היטלער האָט אים צוריקגעשלידערט אין געטאָ אַריין, ווו ער איז, צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע טייערע קדושים, אומגעקומען אויף קידוש־השם.



## לייבוש יואל לעבער און לעוואַרטאַווסקי

אין מאַשקאַוויטשס הויף האָט דערנאָך, אין שכנות מיט אונדז, געוווינט לייבוש יואל לעבער און זיין זייער טיכטיקע צוויטע וויב (פֿייגל לאה, האָט זי, דוכט זיך, געהייסן). זי איז „געגאַנגען אין די הויזן", אַרומגעפּאָרן, אַרומגע־רודערט, אויפֿגעכאַוועט די קינדער, געהאַנדלט־געוואַנדלט. לייבוש יואל איז געווען אַ העכסט־אָרנטלעכער מענטש, מיט אַ בלאַס, איידל פּנים (דערפֿאַר האָבן אים די קריסטלעכע קונים גערופֿן: „שמיערטש"). לייבוש יואל פֿלעגט שטיין אינעם קליינעם אויבסט־קלייט אין אונדזער הויף, אָבער תמיד פֿלעגט ער האַלטן פֿאַר זיך אַן אָפֿן ספֿר. אין הלכות מסחר פֿלעגט זיין פּלונית תמיד איינטענה׳ן מיט איר מאַן: „לייבוש יואל, מען מוז דאָך וויסן ווען יאָ און ווען נישט"...

לייבוש יואל האָט געפּאָלגט די באַפֿעלן פֿון זיין ענערגישער פֿרוי, אָבער אינעווייניק האָט עפּעס אין אים געקעקבערט. ער פֿלעגט זאָגן: „אַז מען הערט אַ קאַפּעליע אויף אַ חתונה, ווייסט מען ווי אַזוי עס וועט אויסזען נאָך דער חופּה.

די פידל שפילט: „ער און זי״. דער קלאַרנעט שפילט: „רעכט אויף אים״ און דער באַס, — דער באַס ברומט: „ווערסט דיר אַ שוואַרץ־יאָר אויסראַכטן״...

*     *

אַ צווייטע טיכטיקע פרוי אין אונדזער הויף איז געווען פרוי לעוואַר־טאָווסקי. איר מאַן איז געווען דער קאַנדיטאָר שמואל גדליה, אַן ערלעכער ייד, אַן אַרבעטסזאַמער, אָבער אַ רגזן. שרה לעוואַרטאָווסקי איז געווען בעריש דײַן׳ס טאָכטער פון טשענסטאָכאָוו. זי איז געווען אַ שיינע, ענערגישע פרוי, וואָס האָט געפירט די געשעפטלעכע זײַט פון דער קאַנדיטאָריע. זי האָט צוזאַמען מיט פרוי הענדלער (קאַפּל הענדלערס פרוי,אויך אַ טיכטיקע סוחרטע) געשאַפן אַ פרויען־פאַריין פאַר צדקה־צוועקן.

שמואל גדליה און זײַן ווײַב זענען געווען 2 וועלטן. שמואל גדליה׳ס ברידער זענען נישט געווען געלונגענע. איינער פלעגט שנאָרן אין דער געגנט אויף אַ העכסט אָריגינעלן אופן: ער פלעגט אַרײַן אין אַ בית־מדרש און פלעגט — מן הסתם דורך פאַרציען די אָטעם־מוסקולן, — חלשן. דער עולם האָט רחמנות באַקומען און פאַר אים געזאַמלט געלט.

איינמאָל האָט ר׳ שמואל גדליה געהערט אַז זײַן ברודער ליגט אַ פאַר־חלשטער אין בית מדרש און מען קאָן אים נישט דערמונטערן. איז שמואל גדליה אַרײַן אין בית מדרש און געזאָגט דעם ברודער: „אויב דו שטייסט נישט אויף, וואַרף איך דיר אַ ציגל אין קאָפּ אַרײַן״. דאָס האָט געפּועלט. דער ברודער איז באַלד אויפגעשטאַנען פון חלשות. אין זאַוויערטשע האָט דער פאַל געמאַכט אַן אויפזען.

אָט־דער שמואל־גדליה, וואָס איז נישט תמיד געווען שווה בשווה מיט זײַן ווײַב, איז איינמאָל אַזוי שוואַך געווען פון זײַן האַרעוואַניע, אַז מײַן מאַמע האָט אים פאַרבעטן צו אונדזער משפּחה־דאַטשע אין סקאַלע, ביי קראָקע, ווו די מאַמע מיט די קלענערע קינדער פלעגן פאַרברענגען איטלעך יאָר. שמואל־גדליה איז געקומען פּרייטיק נאָכמיטיק קיין סקאַלע. ער האָט זיך גוט געפילט, — ממש ווי אין אַ גן־עדן. נאַטירלעך האָבן מיר אים מכבד געווען מיטן קידוש פון פרייטיק צונאַכטס. ר׳ שמואל־גדליה הייבט אָן מאַכן קידוש און מיר זעען: אַ טרעפּל קאַפּעט אים פון דער נאָז (תמיד האָט אים געקאַפּעט אַ טרעפּל, בעת ער איז געווען אויפגערעגט). באַלד יאַוועט זיך אַ טרער אין זײַן אויג. אינמיטן קידוש צעכליפּעט ער זיך און ער קאָן דעם קידוש נישט ענדיקן.

ער האָט זיך פאַרבענקט אַהיים...

אַזוי שטאַרק איז געווען דעמאָלט דער צונויפבונד מיט דער משפּחה, אַז אַרויס פון דער משפּחה אויף אַ קורצע צײַט, — איז שוין געווען אַ טראַגעדיע.

**די לעוואַרטאָווסקי׳ס האָבן געהאַט אַ פיינע טאָכטער גוטקע. זי איז געווען אַ גוטע חברטע פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „צעירי ציון", „הרצליה" א. א. וו.. די מענטשן פון אונדזער גענעראַציע דערמאָנען זי אָפט, צו איר ליכטיקן אָנדענק. באַלד נאָך דער מלחמה, האָט זי חתונה געהאַט און אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז זי געשטאָרבן מחוץ פון זאַוויערטשע, ווו זי האָט געוווינט.**

**אין זעלבן הויף האָבן אויך געוווינט: מאַנעלע ריינהערץ (אברהם ריינ־הערץ׳ס פאָטער), דער זייגערמאַכער האַמערמעסינג, סעוועק מאָשקאָוויטש און זיין שוואָגער מאָריץ ווײַנבערג. די לעצטע, וואָס האָבן זיך טאָפּלט פאַרשוועגערט, זענען געווען אַסימילאַטאָרן, אָבער מיר אַלע אינעם הויף האָבן געלעבט ברידער־לעך צווישן אונז.**



שמעון פייגנבלאַט

# אין די גוטע קינדער־יאָרן

### אין שוואַרצבוימס הויז

אין יאר 1924 האב איך פאַרלאָזט די שטאָט זאַוויערטשע. דאַמאלס האָבן מיר געוווינט אויף דער אפטעשנע גאס נומער 26, אין שוואַרצבוימס הויז. דאָס הויז איז קיינמאָל נישט פאַרטיק געוואָרן. ס'איז געווען סכנות נפשות אַרויפצוגיין אויפן בוידעם כדי אויפצוהענגען וועש. נישט איינמאָל האָט זיך צעבראָכן א ברעט אין טרעפּן־צימער, און מען איז שיעור נישט דערהרגעט געוואָרן. נישט איינמאָל האָט מען געמוזט ברענגען אַ טיש מיט בענקלעך און שטעלן איינס אויפן אַנדערן, ביז מען האָט זי אַראָפּגענומען....

געבוירן בין איך אין הויז פון רוזשא יאַנאָווסקי. געווען איז דאָס א הילצערן הויז פון 2 שטאָק. מיר האָבן געוווינט אינעם פּאַרטער. רוזשע גופא האָט געוווינט אויפן 2־טן שטאָק. ביי איר האָט מען געקענט באַקומען אַ גוט געבראָטן גענדזל. שפּעטער האָבן מיר געוווינט, קעגנאיבער ביים אַפּטייקער. דאָרט איז געווען אַ גרויסער הויף, וווּ מיר קינדער פלעגן זיך שפּילן אין באַהעלטערלעך, „זבוקעס״, פּאַלאַנטעס, האָרמע די לאָקשן און קויטעס. ווינטער־צייט פלעגן מיר זיך גליטשן, אָדער קוילערן זיך אינעם שניי, אָדער גאָר זיך באַוואַרפן מיט באַלן שניי. אין שמיגוס־צייט פלעגן די שקצים גיסן אויף אונדז וואַסער.

אויפן הויף, ביים אַפּטייקער, איז געווען אַ גרויסער גאָרטן, ווו מיר האָבן געריסן עפּל, באַרנעס, אַגרעסן און ווײַמפּערלעך. דעם גאָרטן האָט געהיטן אַ גרויסער הונט, וואָס האָט געהייסן „באַראָן״. איך פלעג שטענדיק רייטן אויף אים.

מיר האָבן געפלעגט אַרויפגיין אויפן דאַך פון אונדזער הויז און דאָרט מאַכן עפּעס וואָס אונטער אים פלעגן קינדער אַדורכלויפן...

◡

### מען מאַכט אַ לעבן

הויזן האָט מען מיר באַשטעלט ביים שטומען גאָדל. ער האָט געוווינט ביי יעקעלע „שפּיאָך״ (שלעפּער״) אויפן הויף. כאַלאַטלעך, ווידער, האָט מיר געמאַכט שלמה ניעגיס. אויך ער האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף. שיך איז נישט געווען וויכטיק, — ווייל מיין פאָטער האָט אַליין געמאַכט שיך. גערופן האָט מען אים יאָסל שוסטער. ער האָט איינגעזען אַז מען קאָן אויך גיין אביסל באַר־וועס... געבעקס האָבן מיר געקויפט ביי משה בעקער אויף דער מאַרשאַלקאָווסקא־גאַס אין אַ קעלער. אויף שבת האָבן מיר געבאַקן קוכן און חלות, וועלכע מיר

האָבן געטראָגן צו אברהם בער נאַרק צו שטעלן אין אויוון אַריין. נישט־איינמאָל האָט זיך אינעם אויוון געמאַכט א רעוואָלוציע: די חלות און די קוכנס פון די באַלעבאָסטע׳ס האָבן זיך איבערגעביטן...

נאָך זאַלץ, נאַפט, קנויטן צום לאָמפּ האָט מיך מיין מוטער געפּלעגט שיקן צו בושיקן. גרינס האָבן מיר געקויפט ביים סלאָמניקער. ער האָט געהאַט זיין קראָם אין אַלטן מאַרק, אין א קעלער. האָבן מיר געקויפט א הינדל אָדער א גאַנז, — האָבן מיר עס קודם־כל געטראָגן אין שעכט־הויז, וואָס איז געווען אויפן מקווה־הויף. נאָך דער שחיטה האָבן מיר עס געגעבן אָפּצופּליקן ביי בערל לאַזעלע... ווורשט (ביי אונז האָט מען געזאָגט: „דער וואָרשט״) האָבן מיר געקויפט ביים לאָמען קצב. ער האָט געהאַט זייער גוטע ווורשט וואָס דער טעם ליגט מיר נאָך עד היום אין מויל... פאַרשיידענע אייזן־צודאַטן האָבן מיר געקויפט ביי דוד זילבערשטיין אויף דער מאַרשאַלקאָווסקא גאַס.

אויף דער חתונה פון משה דוד שקלאַרזש בין איך געווען. אָבער איך געדענק נישט ווער ס׳איז דעמאָלט געווען דער בדחן — לייבל מאַרשעליק אָדער זישע מאַרשעליק, ווייל ביי אונז א חתונה אָן א מאַרשעליק האָט נישט געהייסן קיין חתונה כדת וכדין... שייך איז געווען, ווען מען האָט אויסגערופן דאָס דרשה־געשאַנק. אַלע האָבן פּייערלעך דערלאַנגט די מחותנים זייער דרשה־געשאַנק, כדי אַלע געסט זאָלן עס זען באַשיינפּערלעך...

האָט מיר ווער געטוען א צאָן, בין איך אַריין צו וואַלדבערגערן דעם פעלדשער, און ער האָט אים מיר גלייך אַרויסגענומען. געשווירן האָב איך זיך ביי וואַלוועלע פעלדשער אויף דער קאַזשע גאַס. היטלעך האָבן מיר געקויפט ביי אברהם קאַם. נאָך צוקערקעס בין איך געלאָפן צו יוסף פינקל. ער האָט געהאַט זיין קלייט אין אַלטן מאַרק ביי פּרץ קצב. קעז־קוכן — דאָס איז געווען ביי יעקל קאַלקע, וועלכער האָט געוווינט אין הענדל האַמערס הויז אויף דער מאַרשאַל־קאָווסקא גאַס. געוועגדזלטע הערינג זענען מיר געגאַנגען קויפן ביי הלל שפּירא.

## ערב־שבת און יומטובים

יעדן פרייטיק זענען מיר געגאַנגען אין די מקווה אריין זיך אָנוואַשן דעם שמוץ פון דער גאַנצער וואָך און אויך כאַפּן דאָרט א שוויס. מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך פרישע און געוואַשענע וועש, וואָס מיר האָבן דאָרט געביטן.

יעדן ראש השנה זענען מיר געגאַנגען אויפן מקווה־הויף צו תשליך. דאָרט האָבן מיר געזאָגט די תשליך־תפילות און אַריינגעוואָרפן ברייזעלעך פון די קעשענעס און מיט זיי אויך אַלע עבירות, וואָס מיר האָבן געטאָן אַ גאַנץ יאָר.

אפילו אָרום וועש וואַשן איז ביי אונז אין שטוב געווען א גאַנצער רעש. מען האָט „צוגענומען״ א וועשן. אינעם וואַש־טאָג האָט מען אָוועקגעשטעלט א

גרויסע באַליע, געבראַכט וואַסער פון אַלטן מאַרק, געקאָכט די וועש אין אַ קעסל אויווּן. נאָכן וואַשן האָט מען די וועש געטראָגן אויפן בוידעם. דאָרט האָט מען זיי אויפגעהאָנגען אויף שטריק צו טריקענען (נישט איינמאָל איז נישט געווען וואָס אַראָפּצונעמען, ווייל מען האָט די וועש פשוט צוגעגנבעט) דערנאָך האָט מען די וועש געטראָגן צו משה וואָלף צום „מאַנגלען".

די מוטער מיינע האָט מען גערופן פּראַדל פון דער בויד, ווייל זי האָט געהאַט אַ בויד, האַרט ביים אַפּטייקער. זי האָט געהאַט צו פאַרקויפן פאַרשיידענע צוקערוואַרגס, געבעקס און אויך אוגערקעס וואָס זי גופא האָט איינגעזויערט. איך האָב ליב געהאַט צו נאַשן כאַלווע. שרייב־געצייג האָבן מיר געפּלעגט קויפן ביי וואָלוועלע וויגדערזאָן (סמאָטלאַך).

ביי אונז אין שטוב האָט מען מיך גערופן „דאַלעד". דער נאָמען איז מיר געקומען ווייל כ'האָב שטענדיק צעריסן די הויזן, אָדער דאָס כאַלאַטל מיט אַ „געוואַלטריס" וואָס האָט אויסגעזען ווי דאָס אות דאַלעד. איך האָב שטענדיק געבעטן דעם אויבערשטן אַז ווען מיינע מלבושים וועלן זיך צורייסן, — זאָלן די ריסן נישט אויסזען ווי אַ דאַלעד. אָבער מיינע תפילות און תחינות האָבן נישט געהאָלפן...



## דאָנערשטיק אויפן מאַרק

דאָנערשטיק איז געווען ביי אונז אין זאַוויערטשע אַ גאַנץ גערודער — די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדער. ס'איז געווען מאַרק־טאָג (יאַרמאַרק אויף פּויליש). אויפן נייעם מאַרק איז געווען קאָפּ אויף קאָפּ פון מענטשן. אַלע פּויערים פון די אַרומיקע דערפלעך פלעגן אין די דאָנערשטיקן ברענגען צו פאַרקויפן — ווער בהמות, ווער תבואה, גרינס. וועגעלעך מיט קוילן און אַנדערע זאַכן. פאַרן פדיון האָבן די פּויערים געקויפט פאַר זייערע שטיבער פון דער שטאָט אַלץ וואָס זיי און זייער הויזגעזינט האָבן געדאַרפט. דאָס גערודער, דער טומל האָט מיך שטענדיק געצויגן. איך האָב געוואָלט זען איטלעכע זאַך.

אויפן מקווה־הויף.— אין „טייך", — האָט הערשעל פישער געהאַט אַ קאַסטען מיט פיש. איך האָב האָלט געהאַט צו זען ווי ער שלעפּט אַרויס מיט אַ שטעקעלע די פיש אין פירט זיי אויפן נייעם מאַרק צום פאַרקויפן פאַר די שבת סעודות.

די צייט צווישן פּורים און פסח האָב איך זייער ליב געהאַט. דער פרילינג איז געקראָכן אין די ביינער אריין. דער שניי איז צעגאַנגען, די בלאָטעס זענען געוואָרן אויסגעטריקענט, און ביסלעכווייז זענען זיי פאַרשוואונדן. עס זענען געוואָרן מחיהדיקע טעג און מען האָט זיך גענומען באַקן מצות אויף פסח. איך פלעג מיך אַרויסגנבענען פונעם חדר און פלעג אַרויף צו מאַטע בעקער אויפן הויף. איך פלעג זיך מיט גרויס אינטערעס און הנאה צוקוקן ווי דער עולם באַקט די

מצות, דער גערודער, דער געהילך, דאָס האווען, דאָס זינגען הלל, דאָס שאַרן מיט די וואלגערהעלצער, און מיט די לעכער־רעדלעך, דאָס רופן: „א מצה אין אויוון אריין" — פון דעם אלעמען איז דאָס הארץ געוואַקסן פון הנאה. ווער שמועסט נאָך ווי גרויס איז די פייערלעכקייט געווען ווען מען האָט אהיים געבראַכט א גרויסן קאשיק מיט די מצות, בעת מיר קינדער פלעגן געוואָרנט ווערן חס וחלילה נישט צוגייך צו די מיט חמץ...



אַזעלכע פיינע יינגלעך זענען מיר געווען

געלערנט האָב איך ביי די מלמדים שיע וואָלף, ביים וחידיסלעוווער, גרויינים לייביש, משה וואטעוווקע אין איך ביים טראַטעוואַק, צולעצט — ביי יאָסעלע פרדס. איין מאָל האָט ער מיר געגעבן א פאטש. איך געדענק, וואָס אָן אמת, נישט פארוואָס, אָבער איך בין זיכער אז איך האָב דעם פאטש כשר פארדינט. צווישן די חברים פונעם חדר געדענק איך: איטשע זיסקינד, יידל בלאַקאָווסקי, שלמה מאיר וויינגליק, יעקב שלמה פרדס, מרדכי סטאַראָזום (נבון), פינטשע (פנחס) וועקסלער ישראל יצחק מאַרטענפעלד.

דער פֿאָטער מײַנער האָט מיך שטענדיק געפּלעגט שיקן נאָך אַ שעפֿ וואַסער אין אַלטן מאַרק אַרײַן און ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז איך זאָל אים דאָס ברענגען פֿונעם פֿערטן רערל...

## אברהמעלע׳ס חתונה

איך געדענק אויך ווען די שטאָט האָט חתונה געמאַכט אברהמה׳לען, טשופּע דעם וואַסער־טרעגערס זון, — מיט חוה׳לע. פֿאַר זאַוויערטשע איז דאָס געווען אַ גרויסער יום־טוב. אַלע אײַנוווינער זענען געווען די מחותנים צו דער חתונה. אַלע האָבן געגעבן געלט און פֿאַרשיידענע מתנות — ווער טאָרטן, ווײַן און ווער אַנדערע מתנות. אַלע זענען געווען די אונטער־פֿירערס. אויף דער חתונה האָבן געשפּילט די באַוואוסטע קלעזמערס פֿון זאַוויערטשע: זלמן קלעזמער, אַנטשי יאַמע׳ס, נחום זכריהו, טוביה מיט דער באַס. עס האָט זיך געטומלט און גערודערט: אַ חתונה אין שטעטל. אַז עס איז געקומען די צײַט פֿון דער חופּה איז דער גאַנצער עולם געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. אַלע האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט אויפֿן פּלאַץ. מען האָט נישט געקאָנט וואַרפֿן אַ שפּילקע צו דער ערד. דעם חתן האָט מען געטראָגן אויף די הענט. די כלה האָט געהאַט פֿון אַלע זײַטן אונטער־פֿירערס. ממש עס איז געווען „ליהודים״. שפּיל און טאַנץ, געלעכטער און פֿאַר־שייטקייט. די חתונה האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. ווער עס האָט נישט געזען די חתונה האָט אין זײַן לעבן נישט געזען קיין חתונה אין אַ שטעטל...



## די שול און דער בית־המדרש

מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט מען נישט געטאָרט זאָגן תחינות.

דער הויפּט־צענטער איז אין זאַוויערטשע געווען די שול און דער בית־המדרש. די שול איז געווען זייער שיין אײַנגעאָרדענט, פּלעגט קהל קומען יעדן טאָג דאַוונען. אויך אין בית המדרש האָט מען יעדן טאָג געדאַוונט. אַ גאַנצן טאָג, פֿון דער פֿרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָבן דאָרט געלערנט ישיבה־בחורים. די ניגונים פֿון די ישיבה בחורים „מאימתי קורין שמע״ האָט מען געקאָנט הערן אַ סאַך מעטער פֿון דער ווײַטנס. די ישיבות האָבן אַרויסגעגעבן אַ סאַך בחורים, וואַגיקע אין לומדות, וואָס האָבן געשמ׳ט אין דער גאַנצער וועלט. ביים אַרײַנגאַנג אין בית המדרש איז געשטאַנען אַ לאַנגע באַנק. דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט די „פּאָליטיקער״, וואָס פּלעגן זיך אַמפּערן אײנער מיטן צווייטן. דאָס איז געווען דער פּאָליטישער קלוב ווו עס איז באַהאַנדלט געוואָרן די גאַנצע אויסערלעכע און אינערלעכע פּאָליטיק.

דער שול־הויף איז געווען דער צענטער פֿון דער גאַנצער ידישער באַפֿעלקערונג. גרויס איז אונדזער ווייטיק, אַז אַלץ איז חרוב געוואָרן און עס

איז פון דעם אַלעמען קיין זכר נישט איבערגעבליבן. מיר קאָנען דאָס נישט פאַרגעסן. עס קלינגט מיר נאָך אין די אויערן סרולקע (ישראלקע) בריגערס מנחה־דאַווענען, שבת אינעם בית מדרש, בעת ער פלעגט זאָגן מיט זייך באַס־קול: „אתה אחד ושמך אחד". אוי, ווי גוט איז עס דעמאָלט געווען...

איך געדענק ווען איך בין נאָך געווען א קלייך ייגגל: אין אונדזער אפטעטשנער גאַס איז געשטאָרבן א ייד מיטן נאָמען גינזבורג. ער איז געווען דער אלטער דירעקטאָר פון דער אקציע־פאבריק (ט.א.ז.). האָט זיין זון אָפגעטאָן א מעשה און אָפגעשמדט פארן טויט זייך פאָטער. די קריסטן האָבן דאָס שמדן לייטיש באַערט און געמאַכט אַ גרויסן „פאָגזשעב" (קריסטלעכע לוויה). ווי דער שטייגער פון אלע „וואָזשנע פאָגזשעבן" האָבן די גוים אויך גינזבורג׳ס לוויה באגלייט מיט מוזיק. זיי האָבן דעם פריש־געשמדטן בר־מינן געפירט אין א שווארצן גרויסן וואָגן מיט צווי גלאַנציק־אויסגעפוצטע פערד, וואָס זענען געווען באדעקט מיט שיינע שווארצע דעקעס (דערעס האָט מען דאָס גערופן ביי אונדז). מיר יידן האָבן געפלאַצט פאר עגמת־נפש, — ווייל מען האָט גענומען א ייד, געמאַכט פון אים א קריסט נאָכן טויט און באַגראָבן אים אויפן קריסטלעכן צמענטאַזש.

איך געדענק אויך ווי איינמאָל האָט שלמה מאיר ווייגגליקן,— וועלכער האָט שפאצירט מיט א חבורה פריינט ביי דער אקציע־פאבריק.— באפאלן א שקץ און אָפגעטאָן אַ מעשה. דער פאַקט האָט דעמאָלט אויפגערודערט די גאַנצע יידישע באפעלקערונג אין דער שטאָט. אויך א טייל קריסטלעכע באפעלקערונג האָט פארורטיילט די טאַט.

און מיר יידן אין זאווערטשע,— וואָס האָבן מיר, אלס מינדערהייט, געקאָנט טאָן אין אזעלכע פאלן?



ד״ר ישעיהו באומאַן

# די אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכקייט און געזעלשאַפטלעכן לעבן אין יידישן זאַווירטשע

מיר ווייסן אַז זאַווירטשע איז געוואָרן אַ שטאָט — ערשט ביים סוף פונעם 19־טן י״ה. טאַטע־מאַמע פלעגן אונדז דערציילן, אַז נאָך אין 1890 זענען אין זאַווירטשע געווען 200—300 ייִדישע פאַמיליעס. אַ גרויסער טייל פון זיי איז, אַ פּאָר יאָר פאַר 1890, געקומען קיין זאַווירטשע פון פאַרשיידענע קליינע שטעטלעך, — דער עיקר פון די אַזוי־גערופענע „מלך אביונס גיטער״ אין דער קעלצער גובערניע, אָדער פון שטעטלעך אַרום טשענסטאָכאָוו. נאַטירלעך שטאַמען די אור־זאַווירטשער פון די שטעטלעך און דערפלעך אין דער נאָענטסטער שכנות מיט זאַווירטשע (קרימעלעוו, פּילץ, לאָשניץ, בלאַנאָוויץ, וולאָדאָוויץ, שעווער, אימזשיגליד א. א. וו.).

שפּעטער אַביסל זענען צוגעקומען אַביסל „זיידענע יינגערמאַנטשיקעס״, וועלכע האָבן חתונה געהאַט מיט טעכטער פון בעלי־בתים, איינגעפונדעוועטע שוין אַביסל פריער אין זאַווירטשע.

אָט־דער פאַקט, ווי אויך דער ווירטשאַפטלעכער יסוד פאַר דער ייִדישער עקאָנאָמיק אין דער שטאָט: „שאַריע״־קויף, פאַקטריי אין דער פאַבריק, אַגענטורן פון דער ט. א. ז. — סיי פאַר אָפּנעמען אירע סחורות און סיי פאַר ליפערונגען פון סחורות, — האָבן באַדינגט די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלעכקייט און פונעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק אין ייִדיש זאַווירטשע.



דער אימיגראַציע־שטראָם פון די קליינע שטעטלעך

קיין זאַווירטשע זענען תחילת געקומען ייִדן פון אַזעלכע שטעטלעך, וועלכע האָבן אין יענער צייט פאַרלאָרן דעם באָדן אונטער די פיס. דאָס זענען, אָבער, נישט געווען שטעטלעך מיט אַן אַלטער פאַרטיפטער, לומדיש־ייִדישער טראַדיציע, מיט אַלט־ייִדישער דורות־פאַרקניפּטער קולטור. אין אָט די אַלטע שטעטלעך האָט דער יינגער עולם זיך פאַרט געהאַלטן צוזאַמען און ווייטער געצויגן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון משפּחיש־לומדישער טראַדיציע. אין די נייע אינדוסטריע־צענטערן אין פּוילן זענען אָנגעקומען יינגע מענטשן, לרוב פון שטעטלעך אָן באַזונדערס גרויסער לומדישער טראַדיציע (דאָס זעלבע איז געווען אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון עמיגראַציע קיין אַמעריקע).

דער שטייגער אין זאַווירטשע האָט זיך, טאַקע, אין די ערשטע צענדליק

יאָרן פון יידישע לעבן דאָרט אַנטשפּרעכנדיק אויספאָרמירט: חסידישע שטיבלעך אָן אַ פּאַרטיפּטן לומדישן הינטערשלאָק; בעל־מלאכישע קרייזן אָן אַ זין פאַר אָרגאַניזאַציע און פאַר אַנטוויקלען אַ פאָלקס־קולטור; סתם יידן וואָס זענען געווען אַזוי פאַרהאָוועט מיט דאגות־פּרנסה אַרום „שאַריע" און אַנדערע לופט־געשעפטן, אַז זיי זענען צופרידן געווען פון אַביסל מנוחה אום שבת, פון אַביסל אַרבעס און ביר ביי אַ ברית־מילה, פון אַ מלוה־מלכה'לע, מיט אַ גוטן הערינג און אַביסעלע ביר.

מלמדים האָבן אין זייערע שטיבער, — ווי אויך די וויגעלעך פון זייערע קינדער זענען געשטאַנען, — געהאַלטן חדרים. אינעם בית־מדרש האָבן בחורים מיט גרויס מי אויפגעהאַלטן אַ מין ישיבה, וואָס איז אין די ערשטע צענדליק יאָר נישט געווען צו פאַרגלייכן מיט אַנדערע באַרימטע ישיבות, ספּעציעל אין ליטע.

איבערן זאַוויערטשער ישוב האָבן אַ פּאָר חסידישע גבירים־תקיפים, נישט קיין גרויסע לומדים, און אויך נישט באַזונדערס פיינפּיליקע געזעלשאַפטלעכע טוער, — דיקטירט די ניי־אָנגעקומענע קיין זאַוויערטשע זייער לעבנס־שטייגער.

IIIIIIIIIIIII

„די דייטשן"

אַן אַנדערע כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג פאַר זאַוויערטשע איז — די געשלאָסענע קאָלאָניע פון „אויפגעקלערטע", „דייטשן", וועלכע האָבן געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטע אין דער פאַבריק.

מען האָלט זיי פאַר אסימיליאַנטן און גויים־גמורים, — שוין מיט דער מוטער־מילך. דאָס איז אַ טעות. צווישן זיי זענען געווען אויך אַ פּאָר געוועזענע חסידים, מיט יידישלעכע רעמינעסצענצן און יוגנט־זכרונות. אויך די גרינדער פון דער גינסבערג־פאַבריק זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך לכתחילה אינטערעסירט מיטן גורל פון זייערע קליין־שטעטלדיקע „פאָלקס־גענאָסן" (געבויט פאַר זיי אַ מאָדערנע שול, — נישט דווקא צוליבן צוזאָג נישט צו קויפן „שאַריע", נאָר כדי זיי „אויסצומענטשלען"). זיי האָבן געשאַפן דעם „דאַבראָטשיננאָשטש", געווען „דאָזאָרעס" (אגב מיט דער הילף פון די פאַנאַטישסטע חסידים), זיי האָבן געשאַפן דעם אַלגעמיינעם „באַנק ווזאַיעמני", פון וועלכן יידישע סוחרים האָבן אַממייסטן גענאָסן.

אָבער קיין געמיינזאַמע שפּראַך מיט זייערע קליינשטעטלדיקע מיט־ברידער האָבן זיי נישט געהאַט.

די צייט איז שנעל געלאָפן. זיי זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין די ראָטאַציע פון די פאַבריק־מאַשינען. דער פעריאָד איז געווען אַ פעריאָד פון גלייבן

אין נייע ווערטן: אינדוסטריאַליזאַציע, „תכלית", „אָן דאָגמע". זייער לעבן איז וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרן פאַרוועבט מיטן לעבן פון אַ מאָדערנער פאַבריק, וואָס האָט געהאַט העכסטע פּראָספּעריטי. מיט יעדן יאָר האָט זיך, אַלזאָ, פאַרטיפט דער תהום צווישן זיי און צווישן די חסידיש־דבקותדיקע לופט־יידן פון די הינטערשטעלקסטע שטעטלעך.

די אינדוסטריע־פּראָספּעריטי האָט געשטאַרקט די פּאָלאָניזאַציע, — די תכליתדיקע, — פון אַ געוויסן קרייז יידן. אין דער פאַבריק־לייטונג ווערט דער אַמאָליקער יידישער באַאַמטן־רוב מינאָריזירט. תכליתדיקע געזעלשאַפטלעכע פאַרפליכטונגען מאַכן ענגער זייער קאָנטאַקט מיט נישט־יידן. זייערע שטיבער האָבן ווינציק גייסטיקייט. אַלץ ווערט דאָרט תכליתדיק. עס איז נישט תכליתדיק צו שיקן די קינדער לערנען אין חדר פון ר' איטשע מאיר, — אַנדערע יידישע שולן זענען נישט פאַראַן. הייבן זיך אָן זייערע קינדער שטאַרק חברן מיט נישט־יידישע קינדער. מיט יידישע קינדער און יוגנטלעכע האָבן זיי קיין קאָנטאַקט נישט. זיי זענען מזלזל יידישע קינדערלעך מיט לאַנגע קאַפּאָטקעס און פּיאהלעך. ויערט אַזוי צוגעגרייט דער באָדן צו שמד.

די אונטערוואַקסנדיקע קינדער, ווידער, ווירקן אויף די עלטערן אין פּרט פון גאַלאָפּירנדיקער אַסימילאַציע. דאָס ביסל יידישע זאַפּטיקייט ווערט ביי זיי אויסגעטרוקנט, — ווייל זיי ווערן אָן עדה וואָס האָט שוין נישט די געמיינזאַמע שפּראַך מיט די איבריקע יידן.

דאָך, מען טאָר נישט גענעראַליזירן: צווישן דעם עלטערן דור „דייטשן" פּולסירט נאָך אַ ידישלעך האַרץ (ווייצען, וויטשיץ, בראַנדעס א. א. וו.). וואָלט דער גיוואָ פונעם אַנטשיידנדיקן רוב יידן געווען אַן אַנדערער, אַ וועלטלעכער אַביסל, — אפשר וואָלט זיך אויסגעפורעמט אַן ענגערע צוזאַמענאַרבעט און אַ ברייטערער פאַרנעם פון דערציעריש־קולטורעלער טעטיקייט.



מ ש כ י ל י ם

די עכטע משכילים־שיכט מיט אַ יוסטער יידישער בילדונג און מיט אַ סאָלידער אַלגעמיינער בילדונג זענען אין זאַוויערטשע אין די ערשטע צענדליק יאָרן געווען אַ גאָר דינע שיכט. זייער שוואַכע עקאָנאָמישע לאַגע און זייער קנאַפּע וואָג אינעם לעבן פונעם זאַוויערטשער כלל האָט, אָבער, זיי שטאַרק געצוימט אין זייער דראַנג צו טאָן פאַר דער עקספּאַנזיע פון דער השכלה. די צייט איז אויך נישט געווען דערפאַר: די אַלטע פאָרם פון השכלה איז שוין אַ שטיק פאַר 1882 (ווען די פּאָגראָמען האָבן דער השכלה געגעבן דעם טויט־קלאַפּ) געווען אַ בר־מינן. חיבת־ציון האָט זיך אָנגעהויבן יאָווען אויפן האָריזאָנט. אָבער אין נייע שטעטלעך ווי זאַוויערטשע, — ווייט פון די השכלה־צענטערן און פונעם

היבת־ציון צענטער, — איז חיבת ציון נישט געווען אַט־די גערעלשאַפטלעכע פילאָזאָפיע, ווי אין אָדעס, ווילנע אָדער וואַרשע. מען האָט געזאַמלט פאַר „ישוב ארץ־ישראל", אָבער מען האָט נישט געוואָלט מאַכן אַ געזעלשאַפטלעכע רעוואָ־ליציע אין זאַווירטשע. אַזאַ זאַך וואָלט געהייסן קאַמף, און צו קאַמף איז דאָס הייפל משכילים אין זאַווירטשע נישט געווען גרייט.

זענען זיי אַלזאָ, געוואָרן בטל בששים אין יענעם אומאויספאַרמירטן יידישן לעבנס־שטייגער אין זאַווירטשע, מיט אירע סענסאַציעס אַרום מחלוקתן וועגן אַ רב, וועגן אַ שוחט א. א. וו.

נעגטער צו די משכילים זענען געווען גרויסע סוחרים, ווי די העלבערגס, די בוכנערס, די פּאָטאַקס. אָבער קיין אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן האָבן זיי כמעט נישט גענומען.



משכילים־ציוניסטן

אזוי האָט זיך געפירט לאַנגע יאָרן אַן אידיליע ביי די זומפּן פונעם וואַרטאַ־סטאַוו.

אַ געוויסע דערוואַכונג איז געקומען אין דער תקופה פונעם קישענעווער פּאַגראָם און פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע. שוין דעמאָלט איז געווען אַ בולטע דיפערענציאַציע צווישן דער נאַציאָנאַל־באַוווסטער יידישער יוגנט. עס האָט זיך שוין אויספאַרמירט דער ציוניסטישער קרייז און יידיש־סאָציאַ־ליסטישע קרייזלעך (פועלי ציון, בונד), דער אַלגעמיין־ציוניסטישער קרייז איז געשאַפן געוואָרן שוין אַסאַך פריער, — טאַקע פון די משכילים. איינער פון די טיפע משכילים איז געווען לייבוש פרענק, אַן איבערגעגעבענער חובב ציון. פון די ציוניסטישע וואָרט־זאָגער זענען דעמאָלט געווען: שבתי שפּיעוואַק (שבתי חזן), שלמה באומאַץ, אברהם באָרענשטיין, וועלכער האָט זיך שפּעטער אַזוי באַ־זונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין געזעלשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, מיט זיינע גלענצנדיקע רעדעס לטובת דעם ציוניזם, און אַלס קהילה־פּאָרזיצער און וויצע־בירגערמייסטער פון זאַווירטשע. איבערגעגעבענע חובבי־ציון און ציוניסטן זענען געווען אויך: זילבערמאַן, דער „אַלטער פּאַקער" און זיינע איידעמס בירך בלאַט און יוסף סאָבעלמאַן, זלמן מרגלית, גאָלסטער, וויטשיץ, און פון די יינגערע — מאיר פרענק און בנימין (יאָמע) קלוגמאַן, דער זון פונעם חסיד מנחם מענדל קלוגמאַן. אַ געוויסן אַנטייל האָט אויך גענומען שמואל העלבערג, בנימין סויקע, שניידערמאַן פונעם סאָדע־פאַבריקל, ווי אויך אַ פּאַר האַנטווערקער ווי זעליג שטיינקעלער, איסר דיאַמאַנט און נאָך אַ פּאַר וועלכע איך געדענק נישט מער.

אַ טייל פון זיי האָבן נאָך געשטעקט אין די אַלטע לאַטשן פון חיבת ציון.

בעת דער יובל־קאָנפערענץ אין קאַטאָוויץ, לכבוד דעם 25־טן באַשטאַנד פון די אָרגאַניזאַציע חובבי ציון האָבן זיך באַטייליקט פון זאַוויערטשע שלמה בוימאַץ, בירך בלאט און וויטשיק (ווי זיין זון, וואָס איז איצט אין ישראל, פאַרזיכערט). איך געדענק דאָס גוט, ווייל מיין פאָטער האָט מיך דעמאָלט, — נאָך אַלס קינד מיט־גענומען צו דער קאָנפערענץ, כדי אין מיר איינפלאַנצן דעם ציוניזם. אין אָט־דער קאָנפערענץ האָט זיך אויך באַטייליקט, לויט ווי איך געדענק, שמריהו לעווין.

דער דאָזיקער קרייז ציוניסטן איז שוין אין די יאָרן 1903—1905 געווען אַזוי אַקטיוו, אַז זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ ציוניסטיש־באַאיינפלוסטן „חדר" פאַר זייערע קינדער. מיט די קינדער האָט געלערנט אַ מאָדערנער לערער (נאָכן ליקווידירן די שולע האָט ר׳ שבתי שפיוואַק געעפנט זיין חדר מתוקן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן כמעט די גאַנצע זאַוויערטשער מענלעכע אינטעליגענץ, וואָס האָט שפּעטער שטודירט).

אָט־דער קרייז האָט אויך אָרגאַניזירט ביי יאָמע קלוגמאַן אַ קאָלעקטיווע שפּייז־קראָם וואָס אירע רווחים זענען געווען געווידמעט דער התישבות. אָט־דער קרייז האָט געשיקט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווין, 2 דעלעגאַטן: מאיר פרענק און שלמה באומאַץ.

דער קרייז פלעגט איינאָרדנען פאַרזאַמלונגען און מיטינגען אין דער שול. פאַקטיש איז די שול געווען די פעסטונג פונעם ציוניסטן־קרייז, ווייל זיי האָבן אין איר געגעבן דעם טאָן. אויך די „דייטשן" האָבן אימפּאָנירט אָט־די יידן־ציוניסטן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך מער געקאָנט צונויפריידן ווי מיט די אַנדערע. די גאָר־פרומע און שטאַרק אָרטאָדאָקסע קרייזן האָבן געדאַוונט אינעם בית מדרש און אין שטיבלעך. אין דער שול פלעגן אויך אין מיינע יוגנט־צייטן קומען פאַרשיידענע ציוניסטישע מטיפים מיט רעדעס מעניני דיומא, — און די „דייטשן" האָבן געהערט דערפון אָפּקלאַנגען.

---

דעמאָקראַטישער גייסט אין דער שול

אין דער שול האָט געהערשט אַ שטאַרק־דעמאָקראַטישער גייסט, הגם דאָרט האָט אין אויבן־אָן, ביי דער מזרח־וואַנט, געדאַוונט די „אַריסטאָקראַטיע". עס איז, אָבער נישט געווען קיין שום דיסקרימינאַציע לגבי די בעלי־מלאכות און סאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט זייערע „שטעט" אין סאַמען „מזרח־פראָנט". ביי געוויסע געלעגנהייטן, — און ספּעציעל אום שמחת־תורה פלעגט כמעט די גאַנצע שול זיך צונויפנעמען ביי שבתי ספיוואַק׳ן אין דעם בריוחדיקן הילצערן הויז פון 5 גרויסע צימערן, וואָס איז געווען האַרט ביי מאַשקאָוויטשס גאָרטן. דאָרט, אינעם גאָרטן, פלעגט דער גרויסער עולם זיך וויל־גיין ביי גרויסע

געדעקטע טישן. יוסף סאָבעלמאַן, שניידערמאַן און גאַלסטער זענען געווען ספּעציאַליסטן אויף צו מאַכן „פּאַנטש" (פון וויין און אתרוגים, געקאָכטע מיט צוקער און נעלקן־בשמים). מען פלעגט דאָרט זינגען, דערציילן שפּאַסיקע מעשיות, רעדן וועגן פּאָליטיק, — און דער עיקר וועגן ערנסטע יידישע און ציוניסטישע ענינים. אַ זייער וויציקער און גייסטרייכער קאָנפערענסיער איז געווען ר׳ אברהם באָרנשטיין. אויך אין אנדערע יומטובים אָדער צו „שאָלעשידעסן" (שלש סעודות), — פלעגט זיך זאַמלען ביי ר׳ שבתי׳ן אַן עולם, אָבער דאָס איז שוין געווען אַן ענגערער קרייז פון די ציוניסטישע אַקטיוויסטן אין שטאָט און פון זייערע סימפּאַטיקער.

אַ וויכטיקע ראָליע ביים צעוואַרעמען דאָס אייז ארום די ערשטע משכילים־ציוניסטן אין שטאָט איז אויך געווען דער פאַקט, אַז די מענטשן פון דעם קרייז האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אַנטשטאַנען אין שטאָט: ר׳ אברהם באָרנשטיין איז יאָרן לאַנג געווען סעקרעטאַר פון „דאָבראָטשינאָשטש" און ער האָט אין איר געהאַט אַ דעה. מיין פאָטער איז געווען אַקטיוו טעטיק אין „לינת הצדק" און אין גמילות־חסד קאַסעס. וויטשיק האָט זיך אינטערעסירט מיט קהילה־ענינים און געווען אפילו אַ געוויסע צייט דאָזאָר. זלמן מרגלית האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אַלס פילאַנטראָפּ און געווען באַקאָנט מיט זיינע צדקה־אַקציעס. אויך דער „אַלטער פאקער" האָט גענאָסן פון אַלגעמיינער סימפּאַטיע. ר׳ שבתי׳ס ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט אַלס חזן און אָנפירער פון אַ גרויסן כאָר, וואָס האָט געשמט אין דער געגנט, ווי אויך אַלס פּעדאַגאָג און דערציער פון די „בעסערע" קינדער, און דערצו נאָך זיין פאָלקס־טימלעכקייט, האָבן אים געשאַפן פּאָפּולאַריטעט אויך צווישן די נישט־ציוניסטישע, אָדער אַנטי־ציוניסטישע קרייזן.

עס האָט זיך אַ ריר געטאָן אין אָט־דעם זאַוויערטשע פון אָנהויב 20־טן י"ה. אין די גאַסן פון זאַוויערטשע האָט מען שוין דעמאָלט אפילו געמאַכט בלי־מעלעך־טעג לטובת דעם קרן קיימת, הגם דאָס איז אין די צאַרישע צייטן געווען פאַרבאָטן. עס זענען אויך געווען שפּראָצונגען פון ציוניסטישער טעטיקייט צווישן כּרויען.

מען קאָן זאָגן וועגן יענער תקופה, אַז דער אַנטשיידנדיקער רוב זאַוויערטשער יידן איז דעמאָלט געווען חסידיש־אָרטאָדאָקסיש און האָט ווייטער געטאָפּטשעט אין זיין אָקסן־שפּאַן. ער האָט ווייטער געלעבט לויט די קליינשטעטלדיקע באַגריפן פון האָבן אַ תענוג פון אַ צווייפלהאַפטן בעל תפילה און אַ נאָך צווייפלהאַפטערן בעל מופת, פון אַ וואַרעמער, חסידיש־דביקותדיקער, אָבער נישט תמיד עסטעטישער מלווה־מלכא, אָדער פון טרינקען תיקון ביי אַ יאָרצייט.

דאָך האָט די שיכט משכילים־ציוניסטן וואָס טיפער און ברייטער אַריינגעטאָן דאָס נאַציאָנאַלע אויפקלערערישע אַקער־אייזן אין פאָסנעם באָדן פון יידיש זאַוויערטשע.

פאַר דער יוגנט וואָס איז אונטערגעוואַקסן אין אָט־די פּאָרטגעשריטע־נערע היינער איז דאָס אָבער נישט גענוג געווען. אַז די רעוואָלוציע פון 1905 איז אויסגעבראָכן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס זענען שוין פאַראַן געוויסע קרייזן פון יידישע סאָציאַליסטן. צו די ס. ס. האָבן באַלאַנגט גוטעק און אַניא באָרנשטיין (שפּעטער אניא מאַרגוליס). זיי זענען געווען טעטיק אין טשענסטאָ־כאָוו. צום „בונד" האָט באַלאַנגט ברוך אברבנאל, וועלכער האָט אפילו געהאַלטן פייערדיקע רעוואָלוציאָנערע רעדעס אויף אַ באַלקאָן אויפן נייעם מאַרק. איטשע ערליכס אַ זון און איינער אַ געשטופּלטער, וואָס איז נאָכדעם אַוועק קיין גאַל־וועסטאָן, ווי אויך אַ קרייז יינגערע אַרבעטער — ווי צום ביישפּיל יאַנקל פּעלזנ־שטיין — וועגן וועלכע איך ווייס נישט צו זיי זענען אויך נאָך דער רעוואָלוציע געבליבן געטריי דעם „בונד". אַלנפאַלס האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן דער „בונד" זיך נישט געמעלדעט צום וואָרט אין זאַוויערטשע. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן פּועלי ציון. פון די אַקטיווע פּועלי ציון איז געווען ישעיה טאָר־גאָווניק, וועלכער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע אַ סך יאָרן פאַר דער וועלט־מלחמה. אויך דער שפּעטערדיקער עברית־לערער אין זאַוויערטשע, קאָפּל מינץ פון זשאָריק איז געווען באַטייליקט, דורך זיך, אין דער פּועלי־ציון־באַוועגונג. ער איז אַנטלאָפן נאָך 1905 (דוכט זיך קיין ענגלאַנד) און איז דערנאָך צוריקגע־קומען — אַ קעגנער פון סאָציאַליזם. עס איז אַוודאי געווען אויך אַן ענגער קרייז פּועלי־ציון אין זאַוויערטשע וואָס האָט שטילערהייט געווירקט נאָך אין די צאַרישע צייטן, אָבער קיין גרויסן איינפלוס האָבן זיי נישט געהאַט אויף די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט.

דער באַיקאָט פון די ענדעקעס (נ. ד.) אין 1912 האָט אין זאַוויערטשע נאָך פאַרטיפט דאָס געפיל, וואָס האָט געעקבערט נאָכן קישענעווער פּאָגראָם די געמיטער, אַז אין פוילן ווערט עס ענגער און ענגער פאַר יידן. מען האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט עליה קיין ארץ־ישראל (3 עולים, האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה: הלל שפּירא, יוסף ספּיבק, ידידיה דיאַמאַנט). די מלחמה האָט אָט־דעם פּראָצעס איבערגעריסן. עולם איז אויך געפאָרן קיין אמעריקע (ביי אונדז האָט דאָס פאָלק געזאָגט „ער איז געפאָרן קיין גאַלוועס־טאָן", אַנשטאָט: „ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע", — אַ פּנים ווייל די ערשטע עמיגראַנטן זענען געפאָרן קיין גאַלוועסטאָן, אין שטאַט טעקסאַס פון די פאַר. שטאַטן).



אין אַט־דער אַטמאָספער פונעם געפיל, אַז אין זאַווערטשע — און אין פוילן בכלל — שמעלערט זיך דער באָדן פאַר יידן און ספּעציעל פאַר דער אונטער־וואַקסנדיקער יוגנט, האָט אַ טייל יוגנט גענומען אויסוואַנדערן שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פון זאַווערטשע — קיין אויסלאַנד, אין אַנדערע שטעט פון פוילן, וווּ זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט ביי אַרבעטן, אָדער זיך דאָרט איינ־געאָרדנט געשעפטן. צווישן די וואָס האָבן אויסגעוואַנדערט זענען געווען זין פון די פאַרפונדעוועטסטע משפחות אין זאַווערטשע, וואָס האָבן חתונה געהאַט און זיך געשאַפן פאַבריקן און געשעפטן אין גרעסערע שטעט אין פוילן.

עס זענען אָנשטאָט זיי צוגעקומען פריש־איינגעוואַנדערטע קיין זאַוויער־טשע, אָבער שוואַכערע אין עקאָנאָמישן פּרט און אין וועלט־באַהאַוונטקייט. אויך זיי זענען געקומען פון דער הינטערשטעליקסטער פּראָווינץ. אויסבאַלאַנסירט איז שוין מער נישט געוואָרן דער אָפּפלוס דורכן נייעם צופלוס פון מענטשן קיין זאַוויערטשע.

* *

די אַלע פּראָצעסן האָבן געהאַט נאָך אַ פּעולה: אין אַט־דעם זאַוויערטשער קאָנגלאָמעראַט פון חסידיש־אָרטאָדאָקסישן שטייגער, וואָס איז אַדורכגעפלאָכטן געוואָרן מיט אַ דינעם שנירל פון משכילישער און אַסימילאַטאָרישער (אָדער האַלב־אַסימילאַטאָרישער) אינטעליגענץ און האַלב־אינטעליגענץ, — האָט זיך גענומען ביי דער יוגנט דער דראַנג צו העכערער בילדונג. אַ מיטל־שול איז, דוכט זיך, נישט געווען אין זאַוויערטשע אַ פּאָר יאָר פאַר דער ערשטער מלחמה (געווען בלויז אַ נישט־יידישע „פּענסיע" פאַר מיידלעך פון דער פרוי קאָר־טשעווסקאַ).

האָט, טאַקע, די יידישע יוגנט געמוזט זוכן איר שול־בילדונג אין אַנדערע שטעט אין פוילן. אַ טייל האָט אפילו געלערנט אין מיטל־שולן אין אויסלאַנד (קראָקע איז אויך געווען אויסלאַנד אין יענע צייטן פאַר 1914), שפּעטער האָט אַט־די יוגנט געלערנט אויך אין הויכשולן אין אויסלאַנד.

אין אַנדערע פּוילישע שטעט און אין אויסלאַנד האָבן שטודירט פאַר דער מלחמה: דער זון פון נתן לעווענשטיין; די זין פון ש. העלבערג (אין דער שוויץ), איין זון פון ש. העלבערג; פּאָטאַקס אַ זון, ישעיה באומאַץ (ווין, דער־נאָך שוויץ), רעגינע ווינדמאַן און דאָרע הענדלער, דוד שניידערמאַן (איצט באָריידא, וויצע־מיניסטער אין פוילן ). אַזוי אויך עטלעכע פון די „דייטשן", וועלכע איך געדענק נישט. אין העכערע טעכנישע שולן אין פוילן האָבן געלערנט: יהושע בוכנער (וועלוול בוכנערס זון) א. א. וו.

דוכט זיך אַז פון יידן איז דער ערשטער וואָס האָט באַקומען מאַטורע אין דער זאַווירטשער „מאַטשיעזש־גימנאַזיע" געווען רפאל יאַנאָווסקי. אַ יאָר שפּעטער — זיין ברודער דויד יאַנאָווסקי.

פון דעם איז אַרויסצודרינגען: ביז צו דער מלחמה זענען אין זאַווירטשע געווען געציילטע יידן וואָס האָבן פאַרענדיקט אַ מיטל־שול. אויב זיי זענען אַוועק־געפאָרן לערנען, — זענען זיי נישט צוריקגעקומען קיין זאַווירטשע.

יידיש זאַווירטשע האָט אַלזאָ נישט געהאָט קיין היימישע אינטעליגענץ, וואָס האָט פאַרענדיקט מיטלשול און העכערע אויסבילדונג, וועלכע וואָלט זיך געווידמעט דעם אַנטוויקלען מאָדערנע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין זייער געבורטס־פלאַץ. אַזאַ יידישע אינטעליגענץ איז אין אַלע יידישע צענטערן געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר. אין זאַווירטשע (ביז 1916—1917) — נישט.

דאָך מוז געזאָגט ווערן אַז אָט־די פּיאָניר־אינטעליגענץ, האָט, — פונדערוייטנס און אומדירעקט, — געוועקט ביי דער יינגערער גענעראַציע פון דער יוגנט דעם דראַנג צו בילדונג.

▬

דער יינגערער דור

אין די מלחמה־יאָרן 1915—1918 איז דאָס געקומען צום אויסדרוק: צענדליקער יינגלעך און מיידלעך אין זאַווירטשע האָבן גענומען לערנען אין מיטלשולן. זיי זענען אין יענע יאָרן געוואָרן די הייוון פאָרן אויפבריוז פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין זאַווירטשע. זיי האָבן משפּיע געווען אויך אויף זייערע עלטערע געשוויסטער, ווי אויך אויף די עלטערן. יידיש זאַוויער־טשע פון אַלע שיכטן האָט אָנגעהויבן אָפּשאַצן דעם ווערט פון אָרגאַניזאַציע און פון אַ מאָדערנערער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

די דייטשע אָקופּאַנטן האָבן געוואָלט געווינען יידן אַלס קעגנגעוויכט צום פּוילישן פּאַטריאָטיזם. נישט בלויז אַז זיי האָבן נישט שיקאַנירט און געשטערט, — ווי די צאַרישע מאַכט האָט עס געטאָן, — נאָר זיי האָבן די אַנטוויקלונג אפילו סטימולירט. זיי איז צו פאַרדאַנקען די פּראָפּאַגאַנדע־טור פון די פראַנקפורטער רבנים כהן און קאַרלעבאַך, וועלכע האָבן אויך באַזוכט זאַווירטשע, — און עס איז געשאַפן געוואָרן די „אגודה" (לויט ווי איך געדענק זענען אין זאַווירטשע די גאָר־פרומע נישט געווען שווה בשווה אפילו מיט דער „אגודה"). די דייטשע מאַכט האָט דערלויבט, — און אין אַ געוויסער מאָס סטימולירט, — די ציוניסטישע טעטיקייט (און ספּעציעל די ספּאָרט־טעטיקייט) אינעם קאַנט און אין דער שטאָט.

אין אָט־דער צייט איז געשאַפן געוואָרן דער „המזרחי" (הרב לאַנדוי, הרב

ישעיה שפירא, שבתי שפּיעוואַק, חיים קראַן, י. ד. ערליכמאַן, לוי האַבערמאַן א. א. וו.).

אויך די אַרבעטער־קרייזן (גרופּן פון „פּועלי ציון", „בונד", ס. ס. — דערנאָך „פאַרייניקטע") האָבן זיך גענומען רירן.

* *

די ציוניסטישע יוגנט האָט גענומען דערוואַכן פון איר לעטאַרגיע. ביי מאַטילדע שפּיעוואַק אין קלייט איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן די ערשטע יידישע עפנטלעכע ביבליאָטעק אין שטאָט. מיר האָבן מאָביליזירט צווישן דעם עולם ביכער, ווי אויך געלט כדי צו קויפן ביכער. מיט דער צייט איז געשאַפן געוואָרן אַ שיינע ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק איז געווען אין בעריש שניידער־מאַן'ס הויז, אויף דער מארשאַלקאָווסקאַ־גאַס. אין ערשטן קאָמיטעט זענען געווען: מאַטילדע שפּיעוואַק, ד"ר פּאָטאָק, מתתיהו־מאָטעס העלבערג, ישעיה באָו־מאַץ, י. היפשער, — און דוכט זיך אַז אויך די עלטערע ישראל פרענק, ישראל מאַרגוליס און איציק ראָטמענטש. אַקטיוו מיטגעהאָלפן האָבן ביי דער אַרבעט די יינגערע: רחל באָומאַץ, רחל שפּיעוואַק, יצחק שפּיעוואַק, דאָרע שניידערמאַן, יעקב העלבערג, גוטשיא בוכנער, יענטל קלוגמאַן און אין אַ געוויסער מאָס דויד שניידערמאַן (איצט באַריידא).

איך בין יענע יאָרן געווען זייער טעטיק אין ציוניסטישן און יידיש־קולטורעלן לעבן אין זאַוויערטשע.

## „צעירי ציון"

גלייך דערויף האָט זיך געשאַפן די „צעירי ציון". צווישן די גרינדער זענען צו דערמאָנען: שבתי קלוגמאַן (היינט ק. שבתאי, באַקאַנטער זשורנאַ־ליסט, רעדאַקציע־מיטגליד פון תל־אביבער „דבר"), מאטעס העלבערג, דויד לאַנדוי, ישעיה באָומאַץ, ישראל פרענק, מאַטילדע און רחל שפּיעוואַק, רחל באָומאַץ, יענטל קלוגמאַן, גוטקע לעוואַרטאָווסקאַ, סאַלטשע זילבערשטיין, די שוועסטערן: פעלא און עווא באַרנשטיין (אַניאַ באַרנשטיין האָט שפּעטער מיט־געהאָלפן. פעלא און עוואַ זענען שפּעטער געוואָרן פירערינס פון „השומר־הצעיר"), ישראל מארגוליס און די שוועסטערן גרינפעלד־שלאַדאָווסקי, טעכטער פונעם דיין.

מיר האָבן געשאַפן אַ ציוניסטישן לאָקאַל. דאָרט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן קורסן, געהאַלטן און געהערט פאַרטראַגן. דאָרט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט און דיסקוטירט ציוניסטישע פּראָבלעמען ווי אויך דעבאַטירט איבער ריכטונגען

אינעם ציוניזם. מיר האָבן פאַרבעטן ציוניסטישע רעדנער פון אַנדערע שטעט. מיר האָבן אָרגאַניזירט קאָנצערטן און האָבן געשפּילט טעאַטער לטובת ציוניסטישע און יידישע צוועקן. מיר, יידישע יוגנט, זענען אויך געווען אָרגאַניזירט אין „השומר הצעיר" — און מיר האָבן אָרגאַניזירט אויספלוגן.



ביים וויגעלע פון „השומר הצעיר" אין זאַוויערטשע
די ערשטע גרינדער

איך געדענק ווי איינמאָל זענען מיר אַלע צוריק געקומען פון אַזאַ אויספלוג. דאָס האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז דער אין זאַוויערטשע פּאָפּולערער דאָקטאָר, דער אַנטיסעמיט ד"ר פּערלאָווסקי, איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן און דערנאָך געזאָגט (אויף פּויליש): „עס איז געווען שיין. דאָך איז פּוילן נישט פּאַלעסטינע. דאָס איז דאָך אַ מדינה אין אַ מדינה".

נאָך אַ געוויסער טעטיקייט האָבן מיר געשיקט אַ דעלעגאַציע צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון די צעירי־ציון אין וואַרשע. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון: שבתי קלוגמאַן, מאַטעס העלבערג, ישעיה באומאַץ. נאָך אונדזער אַוועקפאָרן זענען געווען באַזונדערס אַקטיוו: שבתי קלוגמאַן און דויד לאַנדוי. נאָך לאַנדויס עולה זיין זענען געווען זייער אַקטיוו: שבתי קלוגמאַן, דויד ווערדיגער און אַנדערע.

די „צעירי ציון" האָט אַנטוויקלט אַ ברייט־פאַרצווייגטע פּאָליטיש־קולטורעלע טעטיקייט. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן רעפעראַטן און קורסן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַמאַטאָרן־טרופּע (רעזשיסער איז געווען האָראָוויץ, בוכהאַלטער אין דער יידישער „וזאַיעמנא קאַסאַ". אין קאָנצערטן האָבן זיך

באַטייליקט לייבל דימאַנט, פריילין בראַנדעס. אויך איז אַמאָל געקומען פון בענדין דער חזן שערמאַן. זיין זון האָט געשפּילט קלאַוויר.

קיין זאַוויערטשע איז געקומען די ווילנער טרופּע, אסתר רחל קאַמינסקאַ א. א. וו.

אין דער קולטור־טעטיקייט האָט זיך שטאַרק באַטייליקט יצחק (איציק) ראָטמענטש.



איינע פון די ציוניסטישע קולטור־כינוסים אין יענער צייט אין זאַוויערטשע

אַ סאַך פון אונדזערע חברים זענען עולה געווען, אָדער אַוועקגעפאָרן פון זאַוויערטשע. דאָס האָט דערשיטערט אביסל די רייען פון „צעירי ציון". דער־נאָך איז געקומען די פאַרייניקונג מיט די „צ. ס. פועלי־ציון" (רעכטע פּוע"צ) וואָס האָט אַרויסגערוקט אין פאָדער־גרונט נייע מענטשן, וועגן וועלכע איך ווייס נישט אַ סאַך, ווייל איך בין שוין נישט געווען אין זאַוויערטשע.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה בין איך אַוועק קיין שווייץ, ווו איך האָב ווייטער געפירט מיין ציוניסטישע טעטיקייט. אַ סאַך בין איך שוין נישט געווען אין זאַוויערטשע, אַ חוץ וואָס איך בין געקומען באַזוכן מיינע עלטערן.

מיר קאָנען אַלע שטאָלץ זיין אויף אונדזער שטעטל זאַוויערטשע.

די וואָס זענען געבליבן נאָך מיין אַוועקפאָרן פון דער שטאָט, וועלן האָב; אַ סאַך מער צו דערציילן. אָבער מיינע זכרונות האָבן זיך שאַרף איינגעפּרעסט אין מיר.

דעם גרויסן חורבן וואָס האָט אונדז געטראָפן קאָן קיין שום מצבה נישט קאָמפּענסירן.

יחיאל דאַנציגער

# זכרונות פון זאַוויערטשע

## איך בין אין זאַוויערטשע געבוירן

מיין מזל איז עס געווען אַז איך האָב פאַרלאָזט זאַוויערטשע, — און פוילן בכלל, — שוין אינעם יאָר 1919. אַזוי אַרום בין איך ניצול געוואָרן פונעם שרעקלעכן גורל פון מיינע עלטערן, פון מיינע געשוויסטער, — און פון אַלע זאַוויערטשער יידן. דערפאַר־זשע קאָן איך דערציילן בלויז וועגן זאַוויערטשע פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

איך וויל אָנהויבן מיטן יאָר 1894 (מיין געבורטס־יאָר).

* *

מיין מאַמע פלעגט מיר דערציילן (און דערביי געלאָזט פונעם אויג אַ טרער) וועגן מיין ברית־מילה. געווען איז עס אין אַ פאַררעגנטן און פאַרשנייטן חודש שבט.

אין זאַוויערטשע זענען יענע יאָרן די בלאָטעס געווען „ביז איבער די אויערן"; געפלאַסטערטע גאַסן זענען דעמאָלט נאָך נישט פאַראַן געווען, — און ערשט רעכט נישט אינעם קוואַרטאַל וואָס האָט זיך גערופן „קליין זאַוויערטשע" הינטער דער פלושאָוויניע (פלוש־אָפּטיילונג פון דער ט. א. ז.).

און אָט איז אין איינעם אַ פרייטיק צו נאַכטס געבוירן געוואָרן אַ יידיש יינגל וועמענס פאָטער האָט זיך געפינען אין מאָסקווע ביים רוסישן מיליטער.

האָבן זיין מאַמע און איר אַלטער טאַטע (דער זיידע פונעם נייגעבוירע־נעם) געמוזט זאָרגן וועגן דעם ברית. איז צו וועמען גייט מען? מען גייט, טאַקע צו ר׳ משה שוחט (משה זאקס), וועלכער איז אויך געווען אַ מוהל. ר׳ משה שוחט האָט צוגעזאָגט צו קומען צום ברית.

און טאַקע: שבת נאָכן דאַווענען זענען געקומען ר׳ משה שוחט און מיט אים: ר׳ איסר דימאַנט, ר׳ איטשע דוד קיפּקעוויטש, ר׳ דוד בלאַכאַזש, ר׳ ליפּע דוד דער ברוקער, ר׳ בערל (דער שמש פון דער שול), ר׳ פיניע וויגדערזאָן, ר׳ ישראל לייב באַזשיקאָווסקי (שוסטאַק" פלעגט מען אים רופן), הערמאַן שיין, דער אַלטער פעלדשער פון דער פאַבריק, שמואל דאַנציגער, מיין מאַמעס אַ פעטער, און אויך מיין זיידע, דער אַלטער דאַנציגער. דאָס איז געווען דער מנין.

אַלע די זענען געקומען קיין „קליין־זאַוויערטשע" נישט געקוקט אויפן

רעגן און שניי, כדי מקיים צו זיין די מצווה פון באַטייליקן זיך אין אַ ברית־מילה. דאָס באַווייזט די איבערגעבנקייט פון די זאַוויערטשער, — איינער צום צווייטן, — שוין ביי די אָנהויבן פון זאַוויערטשע. אַזוי איז עס אויך געווען שפּעטער, — און, לאָמיר האָפן, — ביזן היינטיקן טאָג.



## אָנהויבן פון זאַוויערטשע

ביז אין די זעכציקער יאָרן פונעם פאַרגאַנגענעם י״ה, איז זאַוויערטשע באַשטאַנען נאָר פון אַ פּאָר צענדליק קליינע הייזער און סטאָדאָלעס. גערופן האָט מען דאָס קליינע אָרט זא — וואַרטשע. דאָרט האָט א קליין וואַסער געפלאָסן, נישט ווייט פון דעם קליינעם דאָרף, מאַרטשישאָוו. די געגנט אַרום, ווי למשל, זאַוויערטשע, בלאַנאָוויץ, לאָשניץ, מאַרטשישאָוו און נאָך אנדערע קליינע ערטער, זענען אויף דער מאַפּע איבערהויפּט נישט פאַר־צייכענט געווען. אַלע די באַצייכנטע ערטער, האָבן באַלאַנגט צו קראָמאָלאָוו (קרימעלעוו). דאָס שטעטל קרימעלעוו האָט זיך שוין געפונען אויף דער מאַפּע. דאָרט איז טאַקע געווען די גמינע פאַר אַלע ארומיקע דערפער. קרימעלעוו איז אויך געווען דער הויפּט־צענטער פאַר די ארומיקע יידן. אין קרימעלעוו גופא האָבן, לויט די דעמאָלסדיקע באַגריפן שוין געוווינט אַ סאַך יידן. דאָרט האָבן געוווינט, די באַקאַנטע ברידער האַבערמאַן. די גרויסע משפחה האַבער־מאַן איז דער נאָך שטאַרק באַקאַנט געוואָרן אין זאַוויערטשע. געוווינט האָבן אין קרימעלעוו אויך די ברידער גאָלדמינץ און נאָך יידן, צווישן זיי אויך מיינע עלטער־זיידעס.

אַ סאַך יידן האָבן עמיגרירט, — ריכטיקער געזאָגט, זיי זענען אַנטלאָפן קיין עסטרייך, צוליב דער גזירה וועגן 25־יאָריקן, מיליטער־דינסט, („קאַנטאָני־סטן"). אין די יאָרן 1873 — 1875 ווען מען האָט אָנגעהויבן בויען די פאַבריק פון די ברידער גינזבורג, האָבן שטאַרק געפעלט אַרבעטער, היות די דאָרפישע באַפעלקערונג פון דער סביבה איז נישט געווען געוווינט צו ארבעטן אין פאַבריקן, דעריבער האָט די רוסישע רעגירונג אַמנעסטירט די אַלע דעזערטערן מיטן באַדינג, אַז זיי וועלן ארבעטן אין דער פאַבריק. צווישן די אַמנעסטירטע, איז אויך געווען מיין זיידע, צוויי זיינע ברידער און נאָך אנדערע יידן. די צוריקגעקומענע האָבן געמוזט, — נישט בלויז צוליב זייער התחייבות נאָר פשוט צוליב פרנסה, גיין צוזאַמען מיט זייערע קינדער, ארבעטן אין דער דאָזיקער פאַבריק. מיין מאַמע פלעגט אונדז קינדער תמיד דערציילן, אַז זי איז געווען א 6 — 7 יאָריקע בעת מיין זיידע פלעגט זי נעמען אויף די פּלייצעס און טראָגן זי צו ארבעט, ווייל דער שניי איז דעמאָלט זייער טיף געווען. מען האָט אין יענע ווינטער־טעג אויך מורא געהאַט, פאַר וועלף, וואָס האָבן זיך דעמאָלט ארומגעדרייט אין דער געגנט. געוווינט האָבן דעמאָלט מיין

מוטערס עלטערן אין דעם אזוי גערופענעם קליין זאוויערטשע, הארט ביי דער פאַבריק. שפּעטער איז דאָרט געווען דער קאָנזום.

פאַרשיידענע סיבות האָבן זאַוויערטשע געהאָלפן צו ווערן די באַקאַנטע אינדוסטריע־און האנדלס־שטאָט.

א) די אייזנבאַן־שטרעקע וואַרשע—ווין, וואָס איז געווען זייער וויכטיק פאַר דער אינדוסטריע. ב) דער פלאַכער און זייער גראָדער באָדן פון דער גאַנ־צער געגנט, — אַ זאַך וואָס איז דעמאָלטיקע צייטן געווען וויכטיק ביים בוי פון אונדוסטריע־אינטערנעמונגען. ג) די וואַסער־קוועלן פון דער „וואַרטע", וועלכע זענען געפלאָסן פון קרימעלעוו. זיי האָבן זיך — נישט ווייט ביי דער ווידרא — פאַראייניקט מיט די וואַסער־קוואַלן פון אגראָדזשעניעץ. אַביסל ווייטער האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די וואַסערן וואָס פליסן אין די גערטנער פון לעוונשטיין. דאָס געאייניקטע וואַסער האָט זיך צעשפּרייט אין דער מיט פון דער שטאָט: צווישן די אַלייען און אויך נישט ווייט פונעם אלטן מאַרק.

די דריי אויבן־באַצייכנטע סיבות האָבן גורם געווען דערצו אַז עס איז אויפגעקומען די שטאָט און אַז עס האָבן זיך אַנטוויקלט אירע אינדוסטריען. גלייכצייטיק מיטן בוי פון דער טעקסטיל־פאַבריק האָבן די דייטשע קאַפּיטאַליסטן אָנגעהויבן בויען די צווייטע, גרויסע פאַבריק פאַר אייזן, — די הולטשינסקי־פאַבריק. אַ קורצע צייט שפּעטער האָט מען געבויט די „שקלאַרניע" עס האָבן אָנגעהויבן איינוואַנדערען יידן פון דער סביבה קיין זאַוויערטשע. נישט נאָר זאַוויערטשע נאָר אויך פּילץ, וואָלבראָם, שטשיעקאָצין זשארקי האָבן זיך אָנגעהויבן אנטוויקלען, אָבער דער האנדלס־צענטער איז געווען זאַוויערטשע, דעריבער האָבן יידן איינגעוואָנדערט און אָנטוויקלט די שטאָט. דער האנדלס־צענטער איז געווען אין אלטן מארק, די ערשטע סוחרים זענען געווען: יחיאל ווינדמאַן, א גרויס שניט געשעפט, מענדל מאיר קלוגמאַן, — אויך א מאנופאקטור געשעפט. עס פלעגן קומען סוחרים פון די ארומיקע שטעט ווי אויך פון ווייטערע ערטער כדי צו האַנדלען. אַ חוץ זיי זענען געווען נאָך אנדערע סוחרים: דוד טורנער, בראַנדעס, בונים פעלדמאַן וואָס האָט געהאַט א גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט א. א. וו. (דערנאָך האָט עס עוזר זייפמאַן איבערגענומען), פייבל אקסענהענדלער, א. א. וו. וועלכע האָבן געהאַט פאַרשיידענע שפּייז־געשעפטן. לייבוש ווינשטאָק, בערל שטיבל, נפתלי האָניג, יאָסל זיעלנקע, זענען געווען מעל־סוחרים. א גרויסער סוחר איז געווען הענדל נאַפּטשאַרזש און אַ סאַך אַנדערע. אַ גוט ביסל לאָדעס האָט ביי קראַמען נישט געפעלט, גוטע וואָרשט האָט געהאַט דער קצב באַזשיקאָבסקי. א גוט שטיקל ברויט האָט געליפערט משה בעקער וואָס האָט געהאט זיין בעקעריי אינעם קעלער ביי דער טאַדריסקע אין הויז. דאָס בעסטע

און שענסטע אין געווען אין ווינטער ביים ברונעם. אַהין פלעגט מען גיין זיך גליטשן אין ווינטער. און ערשט דאָס קריגערייי און די זידלערייען פון די באַוווסטע וואַסערטרעגערס, צווישן וועלכע עס איז געווען דער גרויסער רודאָלף. האָט זיך זאַוויערטשע געבויט, אַנטוויקלט און געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. יידן האָבן זיך פון דער שטאָט לייטיש מפרנס געווען.



## ערב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה

אינעם יאָר 1904, ערב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, איז געווען אַ גרויסע פּראָספּעריטי אין פּוילן, — ובתוכה זאַוויערטשע. די גרויסע פאַבריקן האָבן געאַרבעט מיט פולער פּאַרע און אַ סאַך קלענערע פאַבריקעלעך זענען דעמאָלט אַנטשטאַנען אין זאַוויערטשע. עס האָבן געפעלט אַרבעטס הענט. די צאַרישע מאַכט, ווידער, האָט זיך געגוויטיקט אין סחורות פאַר קריגס־צוועקן. זי האָט דערפאַר געשיקט סאָלדאַטן אַרבעטן אין די זאַוויערטשער פאַבריקן. צווישן די סאָלדאַטן זענען געווען אַ סאַך יידן. דער רוב איז געקומען שבת אָדער אום יום־טוב אין שול אריין דאַווענען. נאָכן דאַווענען פלעגן די באַלעבאַטים פאַרבעטן די יידישע סאָלדאַטן צום טיש.

מיטן איסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה האָבן די רוסן אַרויסגענומען די סאָלדאַטן פון די פאַבריקן און זיי געשיקט אויפן פראָנט.

גראָד איז עס געווען דעם ערשטן טאָג פּסח. די זאַוויערטשער יידן האָבן נישט איינגערוט ביז זיי האָבן געזיכערט פּסחדיק עסן פאַר די יידישע סאָלדאַטן.

נאָך גרויסע באַמיאונגען פון די איבערגעגעבענע יידישע כלל־טוערס האָט נאַטשאַלסטוואָ דערלויבט צו באַזאָרגן די יידישע סאָלדאַטן מיט פּסחדיקע מאכלים. אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה האָבן די גוט־האַרציקע זאַוויער־טשער יידן צונויפגעקליבן מכל־טוב: פלייש, מצה, פיש, אייער אַז עס האָט געקאָנט קלעקן יעדן יידישן סאָלדאַט פאַר די גאַנצע 8 טאָג פּסח.

אין אָט־דעם פּעריאָד האָבן זאַוויערטשער בחורים געשאַפן אַ ישיבה אינעם בית המדרש, ווו זיי האָבן געלערנט „פאַר זיך" און אויך געגעבן שיעורים אנדערע בחורים. זיי האָבן געלערנט תורה לשמה. ווי ווייט איך געדענק זענען צווישן די בחורים געווען: זעליג מיימאָנס אַ זון; אהרן, ר' איסער דיאַמאַנטס אַ זון; אילע גליקשטיין; ר' אברהמעלע גאַנצוויד'ס צוויי זין (שלמהלע און וועלוועלע); משה, ר' שלום'עלס אַ זון. באַזונדערס איז צו פאַרצייכענען דער שפּעטערדיקער ראש ישיבה, ר' שמחה מענדל נייגעבויער, אַ זון פון ר' בער שניידער. די זאַוויערטשער ישיבה, איז באַוווסט געוואָרן אין פאַרשידענע קאַנטן פון פּוילן. זי האָט צוגעצויגן אַ סאַך בחורים און אומעטום אין פּוילן. עס האָט זיך דערפאַר געשטעלט די פראַגע וועגן עסן און שלאָפן פאַר די צוגעוואַנדערטע בחו־

רים. ווידער האָבן די זאַוויערטשער יידן, און באַזונדערס די בעלי מלאכות ארויסגעוויזן זייער כוח: זיי האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן און געגעבן די ישיבה־בחורים קעסט, — א טאָג אָדער צוויי א וואָך.

די דאָזיקע הילף האָט צוגעצויגן קיין זאוויערטשע גרויסע עילויים. אַ סאַך וואָס האָבן געלערנט אין דער זאַוויערטשער ישיבה זענען געוואָרן גרויסע למדנים, וועלכע האָבן געשמ׳ט איבער גאַנץ פוילן.

די ישיבה איז געווען דער שטאָלץ פון די זאַוויערטשער יידן, — גוטע טייערע יידן, וועלכע זענען שטענדיק גרייט געווען זיך מקריב צו זיין איינער פאַרן צווייטן.

אויך א חברה „לינת הצדק" האָט אין זאוויערטשע נישט געפעלט. עס זענען געווען מענטשן וואָס פלעגן זיצן ביי קראנקע גאַנצע נעכט. זיי האָבן אויך באטאָג געפלעגט, אַן אָפּצאל, קראנקע. מיט ליבע איז מען געגאנגען טאָן די פליכט. מען האָט קיין שאלות נישט געפרעגט, און מען איז געגאַנגען, ווייל יעדער האָט געוווסט אז די הילף איז קעגנזייטיק.

וואונדער־שיין איז געווען צו זען ווי אַן עולם זאַמלט זיך יעדן פאַרטאָג אין בית המדרש, זעצט זיך ביי לאַנגע טישן און לערנט תורה, אַ טייל פלעגן זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים מיט גרויס התלהבות. מאנכע האָבן שוין געהאַט אָפּגעדאַוונט, און זיי פלעגן טרינקן אַ גלעזל טיי ביי ר׳ משה, ר׳ מאיר לעלעווער׳ס אַן איידעם. משה האָט געהאַט אַ ריזיקן טיי־סאַמאָוואַר אינעם ווינקל ביים גרויסן קאכל־אויוון און פון דעם געצויגן חיונה. עס איז געווען א מחיה: אין דרויסן איז נאָך שטארק פינצטער געווען. עס איז געווען קאלט, אָבער דרינען אין בית המדרש איז שוין געווען ליכטיק און ווארעם. ווי ערליך און געטריי איז געווען דער „גוט מאָרגן" וואָס איין ייד האָט דעם צווייטן געזאָגט. ענטפערן פלעגט מען אַזוי האַרציק: „גוט מאָרגן, גוט יאָר"... די יידישע וואַרעמקייט פון אַמאָל, די ברידערלעכקייט לאָזט זיך שווערלעך באשרייבן אויף פאפיר. יאָ־יאָ, געווען צייטן.

אין אונדזער יוגנט־צייט האָבן מיר 13—14 יאריקע חברים, וואָס האָבן צוזאַמען געלערנט אינעם „חדר", געגרינדעט אַ חברה־ב בחורים ווו מיר פלעגן זיך יעדן שבת און יום־טוב צונויפקומען. מיר האָבן געהאט אַן אייגענעם מנין (ביי אפרים „קאָטשער" אין הויז). היינט זענען נאָך עטלעכע בחורים פון יענער חברה בחורים דאָ אין ישראל: יוסף פינקל, אברהם בער נאָרך,— אויב איך בין מיך נישט טועה איז צווישן זיי אויך געווען מלך גוטמאַן,— און איך. דאָס איז געווען אין יאָר 1910—1912. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר שוין אויך געלערנט פאַכן. דאַן זענען מיר געווען צוויי גרופן לויטן עלטער; די ערשטע גרופע, — וואָלף טאָפּער, שמואל מעסער, ליפּע ראָטמענטש. די צווייטע — דוד וואָרצמאַן, דוד מאיר גרינבלאט, איטשע מעסער, לייזער דאָמבראָווסקי, משה יצחק מאַנאָוויטש

הערשל יאבלאָנסקי, אפרים דאנציגער אין איך, זענען געווען מאלאזשעס (צבעים). פון די אנדערע פאַכן זענען געווען: חיים וואַרצמאַן — אַ בלעכער; שמואל טאָפּער — אַ היטלמאַכער; דוד טאָפּער — אַ שניידער. דאָס זענען מיר אלע געווען חברים פון איין חדר. פאַריינען זענען דעמאָלט אין זאַוויערטשע נישט געווען. האָט טאקע די יוגנט ארומגעבלאָנדזשעט: ווער א ביכעל געלייענט, ווער אנדערש פאַרבראַכט. מען איז פון אַלדינג צופרידן געווען. אַזוי פיין און האַרמאָניש האָבן מיר געלעבט ביז עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, דאן אנגעהויבן די זאוויערטשער יוגנט זיך צעפאלן, און איז ליידער צעברעקעלט געוואָרן.



## אין דער מלחמה צייט 1914—1918

די לאגע איז דאמאָלט אין אונדזער שטאט נישט גוט געווען. א טייל פון אונדזערע חברים איז אַוועק קיין דייטשלאַנד כדי צו אַרבעטן אין קוילן־גרובן. אַ טייל האָט זיך באַשעפטיקט מיט שוואַרצן האַנדל, אָדער אַלס שמוקלערס. ביי עטלעכע פאמיליעס איז די ווירטשאפטלעכע לאגע געווען זייער שווער. האָבן מיר ווידער, ווי עס שיקט זיך פאַר זאַוויערטשער, אַרויסגעוויזן קעגנזייטיקע הילף.

ווען די מלחמה האט זיך ענדלעך געענדיקט האט די יידישע יוגענט אָנגעהויבן אַביסל אויפלעבן. עס האָבן זיך געגרינדעט פאַרשיידענע פאַראיינען, און די עלטערע ווי אויך די אונטערגעוואַקסענע יוגענט האבן זיך צעשפרייט צווישן די פאַריינען. איך האָב באַלאַנגט צו דער פאַראייניקטער פאַרטיי („פאַר־אייניקטע”), — דער המשך פון דער ס. ס.־פאַרטיי. ד״ר יוסף קרוק פלעגט דעמאָלט קומען קיין זאוויערטשע אויף רעפעראטן און דיסקוסיעס. די דיסקוסיעס האבן אביסל אויפגעלעבט אונדזער יוגנט. פועלי ציון און ציוניסטן פלעגן תמיד פירן צווישן זיך דיסקוסיעס. יעדער האָט אויף זיין שטייגער געזעלשאָפטלעך געאַר־בעט און יעדער איז געווען טעטיק אין זיין קרייז. איך האָב מיך דעמאָלט נישט געקאָנט א סאך אפגעבן מיט דער פארטיי ווייל איך האב געהאט מיין אייגענע פאַרטייג — אַ פרוי מיט אַ קינד. די לאַגע ביי מיר איז דעמאָלט נישט געווען פויגלדיק. אינעם יאָר 1919 האָב איך פאַרלאָזט זאַוויערטשע און אפשר בין איך אַ דאַנק די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן אין זאַוויערטשע איצטער אין ישראל.



מוצאי שבת חנוכה 1915, — צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך בין מיט מזל געוואָרן חתן, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, פאַר מיר, מיין כלה און מיינע קרובים, געווען אַ גרויסע שמחה. זאַוויערטשע האָט זיך געקאָנט שוין פאַרגינען צו פראַווען פיינע, הגם באַשיידענע שמחות, ווייל די מלחמה־פראָנטן זענען דעמאָלט שוין געווען אַ שטיק נאָך זאַוויערטשע.

דער זאַוויערטשער קאָנט, — און זאַוויערטשע גופא — איז, לויטן לויף פון דער באַן־ליניע איינגעטיילט געוואָרן צווישן דער דייטשער און עסטרייכישער אָקופּאַציע־מאַכט. דער רעכטער טייל זאַוויערטשע און די סביבה וואָס ליגט רעכטס פון די באַן־רעלסן (קרימילעוו, פּילץ א. א. וו.) איז געווען עסטרייכיש געביט. די לינקע זייט (מיט פּאַרעמבע, שעווער א. א. וו.) איז געווען דייטש אָקופּאַציע־געביט.

די גרענעץ איז געווען שאַרף באַוואַכט דורך בײדע אָקופּאַציע־חיילות, ווייל עס האָט זיך געפירט אַ לעבעדיקער שמוקל. דאָס עסטרייכישע אָקופּאַציע־געביט איז געווען אין די בעסטע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאַנטן פון פּוילן, דאָס דייטשע געביט איז געווען קנאַפּער אין לאַנדווירטשאַפט און מער אינדוסטריאַליזירט. קיר"ה (ד. ה. עסטרייך־אונגאַרן), איז גופא געווען אַ לאַנד מיט אַ שטאַרקער לאַנדווירטשאַפט, דייטשלאַנד — מיט קנאַפּער אַגרי־קולטור. האָט דייטשלאַנד מער אַרויסגעשלעפּט קיין דייטשלאַנד פון איר טייל פּוילן, איידער דאָס האָבן געטאָן די עסטרייכער.

אין עסטרייכישן אָקופּאַציע־געביט האָט נישט געפעלט שפּייז, אין דייטשן געביט, — יאָ. האָט זיך געלוינט צו שמוקלען. יעדער האָט געשמוקלט: איינער אַ קילאָ פּוטער און אַביסל אייער אין די קעשענעס, — פאַר די הצטרכותן פונעם אייגענעם הויז־געזינד, אַן אַנדערער — גרויסע טראַנספּאָרטן צום פאַרקויפן, און פאַרדינען אַזוי אַרום אַביסל פּרנסה.

עס האָט זיך אויך געפירט אַ לעגאַלער האַנדל מיט דער הסכמה פון בײדע אָקופּאַציע־מאַכטן, כדי צו זיכערן די צוטיילונג פון שפּייז פאַר דער באַפעלקערונג אין זאַוויערטשע און דער סביבה אויף דער לינקער זייט.

* *

היות דאָס הויז פון דער מיליטער־פאַרוואַלטונג איז געווען נישט ווייט פונעם הויז פון מיינע עלטערן (ביים פּזשעאַזד), פלעגן קומען צו אונדז אין שטוב אַריין ייִדישע אָפיצירן פון דער עסטרייכישער אַרמיי. בין איך מיט זיי גוט באַקאַנט געוואָרן.

איינמאָל האָט מיך איינער פון די אָפיצירן געפרעגט צי איך ווייס ווער עס קאָן באַזאָרגן מעל, אויף צו באַקן ברויט פאַר דער זאַוויערטשער באַפעלקע־

רונג. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין גרייט דאָס צו טאָן. איך האָב געאַרבעט בשותפות מיט לייב רושינעק.

היות די באַן־בריקן זענען געווען צעשטערט, האָט מען געמוזט אַלץ טראַנספּאָרטירן מיט פערד־געשפּאַן.

מיר זענען אַלזאָ אַרומגעפאָרן אין דער געגנט, — אין פראַדלע, זשאַריק א. א .וו. און מיר האָבן געאַרבעט מיטן פולן ברען.

* *

און אַזוי, — אין סאַמען מיטן ברען פון אַט־דעם מסחר־פעריאָד, — בין איך, ווי געזאָגט, חתן געוואָרן. אין דער תנאים־נאַכט, האַלב 11 אַ זייגער, — נאָכדעם ווי איך האָב מיך געווילט מיט מיין כלה און מיט די „תנאים"־געסט, איז געקומען לייבוש רושינעק, און מיר איינגערוימט אין אויער, אַז מען מוז פאָרן קיין זשאַריק, — און איך טאַקע, מוז פאָרן, ווייל די דערלויבעניש צום האַנדלען איז אויף מיין נאָמען.

אַ ברירה האָט מען? פאָרט מען.

פאָרן מיר אַדורך דעם פּזשעיאַזד צווישן זאַוויערטשע און זשאַריק, ווו עס פלעגט שטיין אויף פּאָסט אַן עסטרייכישער סאָלדאַט, וועלכער האָט קאָנטראָלירט, צי די אַדורכפאָרער האָבן פּאַסיר־שיינען.

— „פּרע פּו סקו" (פּזשעפּוסטקע), — גיט אַן עסטרייכישער סאָלדאַט, אַן אונגאַר, — אַ זאָג.

איך שטעק גיך אַריין מיין האַנט אין מיין בוזעם־קעשענע, מיט דער כוונה אַרויסצונעמען פון דאָרט מיין פּאַסירשיין, מיין פּזשעפּוסטקע. איך נעם אַרויס אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר, — די מיט אַ פּאָר שעה פריער געשריבענע תנאים, — און דערלאַנג דאָס דעם עסטרייכיש־מאַדיאַרישן סאָלדאַט. איך האָב מיך באַלד געכאַפּט, אַז ביים איבערטאָן זיך, האָב איך גענומען, אַנשטאָט דער פּזשעפּוסטקע, די תנאים.

דער סאָלדאַט דרייט דאָס פּאַפּיר אַהער און אַהין און כאַפּט זיך נישט וואָס דאָס איז. לייבוש איז אויך פאַרבליפט: „וואָס גיסטו אים? — פרעגט ער מיך.

אינעם מאָמענט, ווען איך האָב מיך געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען, האָב איך מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער.

דער סאָלדאַט ווערט אין כעס און כאַפּט די ביקס פון זיין אַקסל. ער גיט צו מיר אַ געשריי: „נאַ קאָ־מענ־דאַנ־טורע" (אין די קאָמענדאַנטור), און ווייזט דערביי מיט דער האַנט אויף אַ דערנעבנדיק הייזל.

דאָס וואַכט־הייזל איז געווען נידריק און קליין (קוים 2—3 צימער). פריער האָט עס געדינט אלס דינסט־וווינונג פאַר די היטער פון די באַן־איבער־גאַנגען.

אַריינקומענדיק אין ערשטן צימער האָט מיר אַנטקעגנגעפּראַלט אַ וואַרעמ־קייט, וואָס האָט אַדורכגעדרונגען מיינע פאַרפרוירענע ביינער. אין די צימערן פונעם וואַכט־הייזל זענען געווען נאָך סאָלדאַטן און זיי האָבן געזאָרגט אַז די צימערן זאָלן זיין גוט־געהייצט.

דער סאָלדאַט, וואָס האָט מיך אַריינגעפירט פון דרויסן, האָט מיך איבער־געלאָזט' ביי די סאָלדאַטן פונעם וואַכט־הייזל. ער איז, — מיט די תנאים אין האַנט, — אריין צום וואַך־קאָמענדאַנט, וועלכער איז געווען אַן עסטרייכישער ייד.

נאָך אַ פּאָר מינוט איז דער קאָמענדאַנט אַריין צו מיר אין ערשטן צימער. מיט די תנאים אין האַנט איז ער צו צו מיר, הויך אויף אַ קול געווינטשט מיר „מזל־טוב, חתן" און דערלאַנגט מיר די האַנט.

„איך פריי מיך שטאַרק, גאַר־שטאַרק, אַז איר זענט היינט געקומען צו מיר".

וווּנדערט עס מיך פאַרוואָס דער ייד פרייט זיך אַזוי. אָבער לאַנג קאָן איך זיך נישט וווּנדערן. דער ידישער סאָלדאַט בעט מיך אַריין צו זיך אין צימער. ער זאָגט מיר דערביי, אַז דאָס טוט ער ווייל ער וויל נישט די גויים זאָלן זען ווי ער פרייט זיך מיט מיר.

„פרייען טו איך מיך ווייל איר און די אַנדערע יידן וואָס זענען אין דרויסן געבליבן זענען מיר ווי פון הימל געשיקט". — האָט געזאָגט דער וואַך־קאָמענדאַנט".

דער סאָלדאַט, וואָס האָט מיך פון דרויסן אַריינגעפירט, שטייט אַ גע־פּלעפּטער, קלאָפּט, מעשה־סאָלדאַט, צונויפן די פּיס „נאַ באַטשנאַשטש" און גיט אַ באַפעל צו די אנדערע סאָלדאַטן: „האַב אַכט". ער סאַלוטירט מיטן האַנט ביים היטל און דאָס זעלבע טוען אים נאָך די אַנדערע סאָלדאַטן.

* *

ווי איך בין געבליבן מיטן ידישן וואַכט־קאָמענדאַנט אַליין אין זיין צימער, זע איך ווי ער וויינט און קאָן מחמת דעם נישט רעדן מיט מיר.

איך פרעג אים גאַנץ דערשראָקן וואָס עס האָט פּאַסירט, פאַרוואָס ער וויינט.

ער בעט מיך זיך אָפּצוקושן, און פרעגט מיך וויפל יידן זענען געבליבן אין דרויסן. איך זאָג אים: 11.

ווי נאָר ער הערט דאָס, — ווערט זיין פּנים אויפגעהעלט פון פרייד.

— גוט, זאָגט ער, קומט אַרויס דרויסן צו די אַנדערע יידן. איך וועל אייך אַלע צוזאַמען דערציילן מיין געשיכטע.

מיר זענען אַרויס און ער האָט אונדז פּאַלגנדיקס דערציילט: איך הייס שלמה בלאָט און בין ק. ק. (קייזער־קעניגלעכער) סאָלדאָט. אַ סאַך האָב איך שוין מיטגעמאַכט. איך בין געווען אויף די פאַרשיידנסטע שלאַכט־פעלדער. איצט איז מיין רעגימענט געקומען זיך אָפּרוען אין אייער געגנט. איך האָב מיך געפרייט, אַז איך וועל מיך אויסרוען אביסל און זאַמלען פרישע כוחות. איז, אָבער, נישט אַזוי ווי דער מענטש וויל. נאָך אַ לענגערן איבעררייס, האָט מיר די כעלד־פּאָסט געבראַכט אַ בריוו פון דערהיים. תחילת האָב איך מיך זייער געפרייט, אָבער אַז איך האָב אים געעפנט האָב איך אין אים געלייענט אַ שרעקלעכע, טרויעריקע ידיעה, אַז מיין מאַמע איז געשטאָרבן.

* *

ער מאַכט אַ קליינעם איבעררייס, ווייל ער קאָן נישט ווייטער רעדן. דער־נאָך זאָגט ער:

— דאָס איז געשען, לויט ווי מען שרייבט מיר, פּונקט פאַראַיאָרן. טאַקע היינט איז דער יאָרצייט נאָך מיין מאַמען. לויטן דין האָב איך מוצאי־שבת זיך אָוועקגעזעצט צו שבעה אויף אַ שעה. איך האָב געטראַכט און געטראַכט ווי אַזוי קאָן איך קדיש זאָגן. בעט איך אייך טאַקע, ליבע יידן, דערמעגלעכט מיר צו זאָגן דעם ערשטן קדיש נאָך מיין מאַמען.

דער יידישער וואַכט־קאָמענדאַנט האָט אַרויסגענומען אַ קליין תהילימל, געזאָגט אַ קאַפּיטל תהילים, און דערנאָך האָט ער געזאָגט דעם ערשטן קדיש דרויסן אונטערן פרייען הימל, אין אַ פרעמד לאַנד, וווּ ער קען קיינעם נישט.

— און איצט, מיינע ליבע יידן, — זאָגט ער צו אונדז, — פאַרט שנעלער און זעט, אַז איר זאָלט גאַנץ פרי צוריקקומען אין אייערע וווין־פּלעצער. מאַכט דאָס גיך ווייל דער קאָנטראָל־אָפיציר קומט אַהער אינדערפרי און ער קאָן אייך מאַכן שוועריקייטן.

ער האָט אונדז געבעטן ווידערצוקומען און צו ברענגען חנוכה־ליכט (עס איז דעמאָלט געווען חנוכה).

מיר האָבן געטאָן וואָס ער האָט געזאָגט. מיר זענען שנעל אָוועק קיין זאַוויערטשע. גאַנץ פרי, באַצייטנס זענען מיר ווידער געווען ביים פּאָסטן, מיט־געבראַכט דעם יידישן קאָמענדאַנט חנוכה־ליכט, שנאַפּס אויף לחיים, ווי אויך עפּעס אויף צו פאַרבייסן.

ווידער האָט דער ייד געזאָגט אַ פּאָר קאַפּיטלען תהילים און געזאָגט קדיש.

נאָך דער תפילה האָט זיך דער ידישער סאָלדאַט פון ריישע מיט אונדז געזעגנט און זיך האַרציק ביי אונדז באַדאַנקט.

ער האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן איטלעך יאָר אום חנוכה זיך דערמאָנען אין אים און אינעם יאָרצייט פון זיין מאַמען.

יאָר ביי יאָר, אין מוצאי־שבת חנוכה דערמאָן איך מיך אין דעם פאַל. אָבער עס איז מיר שוין ביז־גאָר קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, נאָכן נאַצישן בלוט־באָד, בעת איך דערמאָן מיך, אַז עס זענען געווען אַמאָל בעסערע צייטן, — אפילו אונטער די דייטשן.

אמאָל, אמאָל...



שלמה אלעקסאַנדער דאַנציגער

## סאָציאַליסטישער גערָאנגל אין פוילן

אָנהויב 20־טן י״ה איז די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין פוילן געשטאַנען פאַר א סאַך שווערע און היסטאָריש־וואָגיקע פּראָבלעמען. געהערשט האָט די צאַרישע קאָזאַקישע טיראַניע און מען האָט געמוזט פירן אַן עקשנותדיקן און סיסטעמאַטישן קאַמף פאַר פרייהייט און זעלבסט־שטענדיקייט פונעם לאַנד. דאָס פוילישע פאָלק איז באַזונדערס שטאַרק געווען אונטערדריקט דורך די צאַרישע טיראַנען. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט דעריבער געפירט אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן דעם צאַריזם אלס נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אונטערדריקער.

אויך אין זאַווערטשע איז געווען טעטיק א קאַמפּס־אָפּטיילונג פון דער פּ. פּ. ס.־אָרגאַניזאַציע. מיין פאָטער איז אין איר געווען אַן אַקטיווער חבר.

אין פוילן האָט געהערשט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר סטאָליפּין. ער איז געווען אַלעמען באַקאַנט אלס טיראַן, הענקער און מענטשן־פיינט. לויט זיינע באַפעלן זענען צענדליקער חברים פון פּ. פּ. ס. געוואָרן אויפגעהאַנגען. סטאָליפּין איז געקומען קיין פוילן האַרט נאָכן אַטענטאַט פון דער פּ. פּ. ס. ־ חבר'טע קראַכעלסקא אויפן פריערדיקן גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן.

מיין פאָטער, יוסף דאַנציגער, האָט באַלאַנגט צו דער באַקאַנטער פּ. פּ. ס. ישער קאַמף־אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „פינף", ווייל זי איז באַשטאַנען פון 5 ווויל־באַקאַנטע פּ. פּ. ס.־חברים. אַחוץ מיין פאָטער זענען אין

דער גרופּע געווען: פעליקס בערעזאַ, יאַן קוואַפּינסקי, ווראָבלעווסקי און נאָך איינער, וועמענס נאָמען איך געדענק נישט.

מיין פאָטער פלעגט שמוקלען פאַר דער פאַרטיי געווער פון עסטרייך און דייטשלאַנד. ער פלעגט אויך אויספירן פאַרשידענע אַקציעס אונטערן פאַרטיי־נאָמען „קאַגין".

איינמאָל האָט זיך די פּ.פּ.ס.־פאַרטיי דערוווּסט אַז סילוועסטער פּודלאַ איז אַ שפּיצל פון דער אָכראַנע און ער פאַרראַט די פאַרטיי. פּודלאַ ווערט פאַראורטיילט דורכן אונטערגרונט־געריכט צום טויט.

יאַנואַר 1907, אין איינעם אַ קאַלטן ווינטער־אָוונט, ווערט דער פּסק־דין אויסגעפירט אויף אַזאַ אופן: פּודלאַ שפּאַצירט מיט זיין געליבטער אין אַ זייטן־געסל פון דער אַפּטייק־גאַס. בעתן שפּאַציר ווערט ער דערשאָסן.

צומאָרגנס איז געווען אַ גערודער: רעוויזיעס, אַרעסטן. די קאָזאַקן מאַכן אויך אַ רעוויזיע ביי מיינע עלטערן אין שטוב. זיי דרייען אַלץ איבער אין דער שטוב. עס ווערן אַרעסטירט חברים פון פּ.פּ.ס. — און מיין טאַטע בתוכם.

די צאַרישע מאַכטהאָבער שיקן די אַרעסטירטע קיין בענדין אין די טורמע. פון דאָרט שיקט זיי די אָכראַנע נאָך 3 חדשים קיין טשענסטאָכאָוו און דערנאָך צום פּיאָטריקאָווער טריבונאַל. דאָרט ווערן 2 פּ.פּ.ס.־חברים פאַרמשפּט צום טויט. דער פּסק־דין בנוגע מיין פאָטער איז: פאַרשיקן, אַ געשמידטן אין קייטן, קיין סיביר. מיין מאַמע לויפט צום פּאָליצמייסטער. זי שרייבט צום גובערנאַטאָר קיין וואַרשע און אַפּעלירט קעגן דעם פּסק־דין. דערויף ווערט אויך מיין מאַמע אַרעס־טירט און געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו אין די תפיסה. פון קלעפּ און צרות ווערט זי שווער קראַנק. אַ קראַנקע און צעבראָכענע ווערט זי ערשט, נאָך אַ פּאָר חדשים אָפּזיצן אין דער תפיסה, באַפרייט. די פּ.פּ.ס.־פאַרטיי גיט איבער מיין פאָטערס פאַל צו די בעסטע אַדוואָקאַטן.

נאָך 4 יאָר קאַטאָרגע אין סיביר קומט מיין פאָטער אַהיים קיין זאַווירטשע. די גאַנצע שטאָט פרייט זיך. אָבער די פרייד דויערט נישט לאַנג. מיין טאַטע ווערט אַרעסטירט, אַלס פּאָליטישער טוער און ער ווערט ווידער פאַרשיקט.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען 6 וואָכן. איך פאַרבלייב מיט מיין מאַמען. וועמענס גורל עס איז געווען צו בלייבן איינע אַליין. אָן איר מאַן, אין אירע שענסטע יוגנט־יאָרן. אירע בעסטע יאָרן זענען אַוועק, — געפּייניקט פון זאָרג, בענקשאַפט און דערוואַרטונג אויף מיין פאָטערס אַהיימקומען.

אויפן קאַלענדער שרייבט זיך שוין 1914. איך בין שוין אַלט 4 יאָר. מען רעדט שטאַרק וועגן מלחמה. אין אויגוסט 1914 איז מיין מאַמע, אַ דערשלאָגענע און פאַרביטערטע, אַהיימגעקומען און דערציילט מיר, אַז עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה.

מיט מיין קינדערשן שכל האָב איך גענומען איבערצייגן מיין מאַמען זי זאָל נישט וויינען ווייל איצטער וועט דער טאַטע זיכער אַהיימקומען בקרוב.

באלד ביים אויסברוך פון דער מלחמה ווערט אין זאַווירטשע די לאגע גאָר הארב: עס פעלט אויס עסן. ארבעטס־מענטשן און אָרעמערע שיכטן הונגערן. די רוסן פארלאָזן די שטאָט. די דייטשן מארשירן אריין דורך שעווער און אָקופּירן זאַוויערטשע. אין דער שטאָט ווערן געשאפן הילפס־אקציעס. עס ווערן געגרינדעט קאָמיטעטן מיטן ציל צו געבן הילף צו קראנקע, אָרעמע א.אַ.וו.

די יאָרן זענען פאמעלעך אוועק, פול מיט זאָרג און דאגות. פלוצעם דער־וויסן מיר זיך אז מיין טאטע לעבט: אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע ווערט ער באפרייט אלס פּאָליטישער טוער, און אינעם יאָר 1918 קומט ער אַהיים קיין זאוויערטשע. הונדערטער מענטשן האָבן אים מקבל־פנים געווען. איך בין דערמאָלט אלט געווען 8 יאָר.

אינעם יאָר 1919 ווערט מיין טאטע מאָביליזירט אין די פוילישע ארמיי. דאָס איז געווען אין דער צייט בעת גענעראל סאָסנקאָווסקי איז געגאנגען קיין קיעוו כדי צו „באפרייען" פוילן. באלד ווערט מיין פאָטער פארשיקט דורך סאָסנקאָווסקי׳ס קליקע קיין יאבלאָנקא, ווו די פוילישע רעגירונג האָט געשאפן א קאָנצענטראציע־לאגער פאר פּאָליטיש אקטיווע יידן. ערשט אינעם יאָר 1921 ווערט מיין פאָטער באפרייט.

די פויליש־סאָוויעטישע מלחמה ענדיקט זיך. די צייט ווערט ווידער נאָרמאל. זאוויערטשע אנטוויקלט זיך ווידער. די אינדוסטריע ארבעט און עס דוכט זיך אז די לאגע וועט זיך וואָס אמאָל מער נאָרמאליזירן.

אינעם יאָר 1932 באקומט מיין פאָטער פארשיידענע אויסצייכענונגען אינעם נאָמען פונעם פרעזידענט פון דער פוילישער רעפובליק פאר זיין אקטיוון אָנטייל אינעם קאמף פאר פוילנס באפרייאונג. אלס געוועזענער פּאָליטישער ארעסטאנט, פאר זיין קאמף פאר פוילנס אומאָפּהענגיקייט האָט ער באקומען א חודשלעכע עמעריטור־פענסיע.

מיר האָבן נאָך אָט־דעם געפירט א שיין, רואיק און צופרידן לעבן, — ב״ה, עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־פוילישע מלחמה און דער נאַצישער מערדער האָט חרוב געמאכט אונדזער היים. אינעם יאָר 1940 ווערט מיין טאטע פארשיקט קיין דאכאו. אין יאָר 1941, בעת דער ערשטער אויסזידלונג פון די זאַוויער־טשער יידן, ווערט אויך מיין מאמע, — א קראנקע, — צוזאמען מיט א סאך אנדערע זאוויערטשער יידן געבראכט מיט כוח איפן מארק און פון דאָרט פארשיקט קיין אוישוויץ. מיינע צוויי שוועסטערן קלאמערן זיך פעסט אָן איר, אָבער דאָס פועלט נישט.

אין יענער צייט ווען די נאַצישע בעסטיעס האָבן געשיקט מיין מאמען צום פאַרניכטן ווערט מיין טאַטע באַפרייט פון דאַכאַו. ער האָט געלעבט, פונקט ווי אַנדערע זאַוויערטשער יידן אינעם געטאָ, צוזאַמען מיט אַלע זאַוויערטשער יידן ווערט ער פאַרניכטעט אין אויגוסט 1943.



**אהרון בנימין לוגערנער (ניו־יאָרק)**

## אין די יאָרן 1905—1906

דאָס אונטן־באַשריבענע האָט, וואָס אַן אמת פּאַסירט אין בענדין (מיין געבורט־שטאָט), אײדער איך בין געוואָרן אַ פול־בלוטיקער זאַוויערטשער. מיר דורכט זיך אָבער, אַז היות ענלעכעס האָט אין יענע יאָרן פּאַסירט אויך אין זאַוויערטשע, און היות אינעם סיפור־המעשה זענען פאַרוויקלט זאַוויערטשער (און נאַטוראַליזירטע זאַוויערטשער, ווי איך), האָט די באַשרייבונג אַן אָרט אינעם זאַוויערטשער בוך.

* *

קוים אַ בחור פון 14 יאָר האָב איך געפילט אַ רעוואָלוציאָנערן אויפברויז צווישן דער יוגנט, דער עיקר צווישן דער אַרבעטנדיקער יוגנט, — געזעלן ביי טאַנדייטערס (בעלי מלאכות פון שטיוול, שיך, קאָנפעקציע־מלבושים, גאַטקעס, שעניקעס, שטרימפּ א. א. וו.). געזעלן ביי מאָס־שניידער זענען ווינציק מיטגעריסן געוואָרן מיט אָט־דעם אויפברויז, ווייל זיי האָבן פאַרהעלטעניש־מעסיק בעסער פאַרדינט. אויך די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען ביי זיי געווען בעסערע, זיי זענען נישט געווען אַזוי פאַרשקלאַפט ווי די געזעלן ביי די טאַנדייטניקעס. זיי זענען מענטשלעכער באַהאַנדלט געוואָרן: נישט געבויטיקט געווען אויסצוגיסן דעם פּאָמעשאַף אין רינשטאָק אַריין; אַריינצוברענגען קוילן פונעם קעמערל, וואשן די פאַרקויטיקטע ווינדלען.

די פאַרביטערונג איז דערפאַר געווען, דער עיקר, ביי די געזעלן פון די טאַנדייטניקעס. זייער ביטער האַרץ איז געווען אויף די אַלגעמיינע באַדינגונגען און נישט אַזוי שטאַרק אויף זייערע באַלעבאַטים, וועלכע זענען דעמאָלט נאָך מער געווען פאַרשקלאַפט. זיי, די מייסטערס האָבן געמוזט צושניידן, פּרעסן די פאַרטיק־געוואָרענע מלבושים. האָט זיי געקלעקט אַביסל צייט, פלעגן זיי זיצן און נייען פאָדשעווקעס אָט אַזוי: מיטן רעכטן פוס האָבן זיי געטראָטן איפן מאַשין־טרעטער, מיטן לינקן — דאָס וויגעלע. אין אַזאַ וויגעלע פלעגן ליגן די קינדערלעך אויף אַזאַ אופן אַז איין קינד האָט באַרירט מיטן פיסעלע דאָס קעפל פון צווייטן.

אַ בעל־מלאכה האָט געמוזט טאָן אָט־די צוויי מלאכות מיט איין מאָל, ווייל זיין אשת־חיל איז געווען פאַרנומען ביים אויוון און געגרייט וועטשערע. חז״ל זאָגן דאָך: „אין מלאך אחד עושה שתי שליחויות״ — און בפרט איז דאָס געזאָגט געוואָרן וועגן אַ יידענע, ר״ל. טוט זי דאָך, סיי־ווי, מיט איינמאָל מער ווי צוויי זאַכן; זי זעט צו אַז דער קרופּניק זאָל האָבן גענוג ווייכע פּערלגרויפּן, אַז די קעלבערנע פיסלעך זאָלן זיין פעט און גוט געקנאָבלט...

עס איז, אַלזאָ, קלאָר: דער גזלן האָט צום בעל בית חס וחלילה נישט געהאַט קיין בייז הארץ, און אין אים האָט נישט געבושעוועט קיין שנאה צום בעל בית און דער באַלעבאָסטע נאָך אַזאַ מין סעודה, וואָס ער פלעגט צובייסן מיט אַ שטיק קאָזאַצקע ברויט, ווי מען האָט געגעסן אין אונדזערע קאַנטן.

* *

צודאָך איז ביי די גזלן, אַלס שקלאַפן־אַרבעטער, די אומצופרידנקייט געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין פאַרשיידענע קליינע שיקאַנעס, למשל, לגבי די מלבושים־סוחרים. אַלס געבוירענער אין בענדין, געדענק איך די דאָזיקע זאַכן פון דאָרט. אַלע מלבושים־סוחרים זענען דאָרט געווען ייִדן.

צו אָט־די גזלן זענען צוגעשטאַנען אַ צאָל קינדער פון רייכערע לייט. דאָס האָבן זיי געטאָן פון אידעאַליסטישע טעמים.

צוערשט האָט די ייִנגע באַוועגונג געפירט אַן אינערלעכע פּראָפּאַגאַנדע, אָבער באַלד איז זי אַריבער צו אַקטיווע מעשים.

איך געדענק: איינמאָל אין אַ שבת, בעת ייִדן זענען געגאַנגען פון דאַוונען, האָט מען פּלוצעם דערזען אַז קאָזאַקן לויפן אין די גאַסן און שיסן אויף יעדן, וועמען זיי האָבן געזען.

צוויי שעה האָט געדויערט אָט־די שיסעריי. אַ סאַך הרוגים זענען נישט געווען, ווייל ייִדן זענען באַלד צוריק געלאָפן אין די הייזער. די קאָזאַקן האָבן נאָר געהאַט אַ באַפעל צו שיסן אין די גאַסן.

תחילת האָט מען נישט געוווסט וואָס איז די סיבה פון דער שיסעריי, אָבער מען האָט באַלד אויסגעפינען די סיבה:

רעוואָלוציאָנערן, — אַ פּנים פונעם „בונד", — האָבן געפירט אַ „פּאָג־זשעב" פון אַ דערשאָסענעם רעוואָלוציאָנער צום צמענטאַזש (קריסטלעכן בית־קברות).

דער קרבן איז געווען אַ רינגל אין דער לאַנגער קייט פון טעראָר און קעגן־טעראָר פון יענע יאָרן.

די מעשה האָט זיך אָנגעהויבן אָט אַזוי:

אין בענדין איז געווען אַ סטראַזשניק, וועלכער האָט אָנגעטאָן די רעוואָ־לוציאָנערן אַ סאַך צרות.

איינמאָל איז אָט־דער פּאָליציאַנט געשטאַנען אויף דער וואַך, איז צו אים פון הינטערווייַלעכץ צוגעלאָפן איינער פון אַ גרופּע רעוואָלוציאָנערן און

האָט אויפס טויט דערשאָסן דעם סטראַזשניק. באַלד דערנאָך זענען די קאָזאַקן אַרויס מיט זייער בלוט־דורשטיקער נקמה. דערביי האָבן זיי דערשאָסן עטלעכע זייטיקע, אומשולדיקע מענטשן.

איינער פון די אומגעקומענע איז געווען אַ פּ. פּ. ס.־ניק, אָדער אַן אַנדע־רער קריסטלעכער רעוואָלוציאָנער, וועלכן די רעוואָלוציאָנערן אין בענדין (לרוב יידן) האָבן געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן פּאַגזשעב. ביי אָט־דעם פּאַגזשעב האָבן זיך די קאָזאַקן ווידער צעווילדעוועט און געשאָסן אין עולם אַריין.

* *

גראָד האָט זיך דעמאָלט ביי אונדז אין שטוב, אין בענדין, אויפגעהאַלטן מיין קומענדיקער שוואָגער, בעריש ניימאַן, ר׳ לאָזער מלמד׳ס אַ זון. ער איז געקומען צו אונדז אויף שבת מיט אַ מתנה פאַר מיין שוועסטער, זיין כלה׳ן ליבעלע.

די מעשה פונעם שידוך איז געווען אַזאַ:

מיין פאָטער פלעגט אָפט פאָרן צום קרימעלעווער רבי׳ן אויף שבת. איך געדענק זייער גוט ווי איינמאָל האָט מיך מיין פאָטער מיטגענומען אויף שבת.

אין זאַוויערטשע ביים פּשעיאַזד האָבן תמיד געוואַרט בעלי עגלות פון קרימעלעוו, גרייט אויפצונעמען די חסידים קיין ק״ק קרימעלעוו. דער פּרייז פאַר אַ גאַנצן חסיד איז געווען 15 קאָפּיקעס, און פון אַ שטיקל חסיד, — ווי איך אַ שטייגער — נאָר 10 קאָפּיקעס. דער הנחה־פּרייז פאַר מיינעטוועגן איז געווען, ווייל מיך האָט מען אַריינגעקוועטשט צווישן די וואַליזקעס, ביים עק פונעם „פּולקאָשעק״. בעת איך בין פון דאָרט אַרויסגעקראָכן, האָט מיין ייבעצע אויסגעזען ווי אַ צעקנייטשטע שמאַטע. אָבער דערפאַר־זשע, בעת איך בין אַריינגעקומען צום רבין, האָט מיר זיין זון, חיים׳ל, דערלאַנגט אַ האַרציקן שלום־עליכם, ווייל איך בין דעמאָלט געווען פונקט אַזאַ גרויסער למדן ווי ער. דעריבער טאַקע זענען מיר געווען גוטע חברים. מיר האָבן באַלד אָנגעהויבן רעדן וועגן תורה. אַזוי ווי זיין מלמד איז געווען דער אַלטער ר׳ טוביהו, און דער האָט געזען אַז איך בין מער באַהאַוונט אין לערנען ווי חיים׳ל, האָט ער געזאָגט די רביצין, זי זאָל מיר געבן אַ צוקער־קיכל אַלס מתנה. וואָלט איך מיך דעמאָלט נישט געשעמט, וואָלט איך זי געבעטן נאָך אַ צוקער־קיכל, וואָרום איך בין געווען גאָר שטאַרק הונגעריק... היות איך האָב געהאַט נאָך אַ חבר אין קרימילעוו, יאשע בער — אַ זון פון ישראל בעקער — האָט ער שוין געזאָרגט, בעת איך בין געקומען צו זיי אויף אַ באַזוך, אַז מיין מאָגן זאָל נישט זיין ליידיק.

איינמאָל, בעת דער קרימעלעוועך האָט שוין געווינט אין זאַוויערטשע, האָט געטראָפן אַז מיין פאָטער האָט מיך מיטגענומען פון בענדין קיין זאַוויערטשע צום רבין. דאָרט האָבן מיר זיך דאַמאָלס דערוווסט, אַז דער רבי איז געפאָרן צו זיין ברודער קיין ראַדאָמסק. זענען מיר טאַקע געצוווּנגען געווען צו האַלטן שבת ביי יאָסעלע זאַלצבערגער.

דאָרט איז געקומען אַ בחור פון עטלעכע און צוואַנציק יאָר. יאָסעל זאַלצבערג'ס ווייב האָט מיין פאָטער איינגערוימט אַ סוד, אַז דער בחור איז אַ פאַסיקער שידוך פאַר מיין שוועסטער און ער וועט זיך באַגניגן מיט 400 רובל נדן.

אַזוי איז עס געקומען צום שידוך צווישן בעריש ניימאַן און מיין שוועסטער ליבעלע.

* *

אַזוי ווי בעריש איז געווען אַ ביסל אַ שעמעוודיקער, האָט ער מיטגעבראַכט אויפן וויזיט צו זיין כלה זיין חבר און ידיד, זלמן וויגאָדסקי. עס איז געווען שוין בין מנחה למעריב, מיר זיצן אַלע אין אַ גוטער שטימונג, פּלוצעם הייבט אָן צו קנאַלן אַ שיסעריי אַן אויפהער. יינגע לייט זענען אַריינגעלאָפן צו אונדז און צו שכנים. בלוט האָט זיך געגאָסן פון מאַנכע פון זיי. מיר אַלע זענען געוואָרן אויפגעציטערט, און מיר האָבן מורא געהאַט, אַז די קוילן זאָלן נישט אַריין צו אונדז דורכן פענסטער. מיר האָבן גראָד געהאַט אַ זייטיק אַלקערל מיט אַ קליין פענסטערל, וואָס איז אַרויס אויף אַ נידריקן בנין. זענען די בחורים אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטערל צום דאַך, פון דאָרט זענען זיי אַראָפּגעשפּרונגען, און אַזוי אַרום האָבן זיי זיך געראַטעוועט. דערנאָך זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די שיסעריי איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ מסירה, און אָט צוליב וואָס:

אין יאָסעלע ערליך'ס בית המדרש, וואָס איז געווען בשכנות מיט אונדזער שטוב, זענען אַריין אין בית המדרש עטלעכע מיטגלידער פונעם „בונד", און האָבן פאַראָרדענט, אַז די גערער חסידים, וועלכע האָבן דאָרט געדאַוונט מנחה, זאָלן דאָס בית המדרש אָפּגעבן זיי, כדי זיי זאָלן אָפּהאַלטן אַ מיטינג. בעת דער מיטינג איז געווען אין סאַמע ברען, זענען, לויט אַ מסירה, אָנגעקומען די קאָזאַקן, און האָבן גלייך אָנגעהויבן שיסן אין די פאַרזאַמלטע. די מיטינג־אָנטיילנעמער האָבן גענומען לויפן און געמאַכט אַ טומל אין גאַנצן הויז. די קאָזאַקן האָבן געשאָסן נאָך זיי...

קלאָר, אַז מיר זענען די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.



**ישעיה לאנדוי**

## משפחות ראשונים בזבירציה

עזבתי עם הורי ובני משפחתי את זבירציה, על מנת לעלות ארצה, — ואני עדיין לא בן 18. יתרה מזו: למעשה עשיתי כמה שנים מחוץ לזבירציה גם קודם (החל מגיל 13), בלמדי במקומות אחרים בישיבות.

למרות זה, — היו כל הגיגי וגעגועי, בדומה לאלה של חברי, נתונים לזבירציה. זכורני כיצד היינו, — קבוצת חברים, בני זבירציה, — מטיילים בלילות שבת וחג ברחובות תל־אביב, ולרוב היה נושא שיחתנו: זבירציה, היינו משיחין בשבחה של זבירציה, בייחודה מבחינת צביונה שהיה מבדיל אותה מערים אחרות. על קבוצה זו של בני זבירציה הצעירים היו נמנים: מרדכי בוים, הי״ד (אחיו היה המו״ץ, ר׳ חיים בוים), יעקב לובלינג (כעת בארה״ב) ואחרים.

בל תחשדוני כי משוחד אני מרוב אהבתי וזיקתי לזבירציה שלי. אבל היה משהו אפייני בתכונות יהודי העיר: עדינות, אדיבות, אידיאליזם וזיקה טבעית לתורה ודעת (אינטליגנציה בלע״ז). בן־זבירציה, — יהודי, כמובן, — נשא על מצחו תו של תכונות אלה, בכל מקום בעולם שנקלע. בכל אתר בעולם היהודי היו מיד מכירים, לפי תכונות אלה, שפלוני הוא בן זבירציה, — אף כי לא ידעו מראש מהו מקום מוצאו.

תכונות אלה לא באו לה, לדעתי, מן ההפקר. אישים רבים טרחו ועמלו שהדור הצעיר המסורתי ובני העיר המסורתיים בכלל ישיגו תכונות אלה. אזכיר כאן רק אחדים, — מהבולטים ביותר, — שהאצילו מרוחם על צביון בני העיר: הרבי מקרימעלעוו ובני ביתו, הרב מקאָזשיגליוו, ר׳ יואל צווייגל, ר׳ שמעון קאָרניצער, המשפחות: ערליך, בערגער, האבערמאַן, הערצבערג, ווינדמאַן, לאַנדוי, ליבערמאַן, באָרנשטיין, פראָמאַן, קראָן, קליינער, ראָזענבערג, רושינעק ועוד.

כן היו בקרב חוגים אחרים של הישוב היהודי בזבירציה אישים דגולים, בעלי תכונות תרומיות שהאצילו מרוחם על השכבות הקרובות להם.



### צאצאי ר׳ ישעיה האָבערמאַן

צאצאי ר׳ ישעיה בן הרב צבי האבערמאַן היו מהראשונים שהקימו בית בזבירציה. ר׳ ישעיה, — ואולי עוד אביו — השתקעו בקרימעלעוו שהיא עיר עתיקה (המבצר, אשר משפחת האברמאן היתה גרה בו הוקם בימי קאזימיר הגדול, כלומר: לפני 500 שנה).

ר׳ ישעיה עסק בקרימעלעוו — עוד לפני ייסוד זבירציה, — בייצור אריגים עבים למעילי חורף. הוא עשה, כנראה, חייל בעסקיו, כי היה מלווה ל„פריץ״ של קרימעלעוו והסביבה כספים. כאשר התקשה הלה לסלק חובו, — מכר להאבערמאן כל שטחי האדמה של קרימעלעוו והסביבה, — ובכלל זה שטחים בזבירציה העתידה לקום.

ר׳ ישעיה היה חסיד ראדאמסק. בהשפעת אשתו הוצע להרב נ. נ. ראבי־נאוויטש, — בנו של בעל „חסד לאברהם״, שהיה הרבי מראדאמסק, — שישתקע בקרימעלעוו. הרב נ. נ. ראבינאוויטש כונה אחר כך „הרבי מקרימעלעוו״. אשתו של ר׳ ישעיה טענה שהזמנה זו היא סגולה לגידול בנים טובים.

הרב נ. נ. ראבינאוויטש, שנעתר להזמנה זו, יסד בקרימעלעוו ישיבה, אליה נהרו תלמידים מקרוב ומרחוק. אף ראש הישיבה „כתר תורה״ בטשענסטאכאוו, אשר בה למדתי בשנת תר״ץ, למד בזמנו, — כפי שסיפר לי, — בישיבת קרימילעוו.

ר׳ ישעיה כלכל מכספו את הישיבה, וכל בחורי הישיבה אכלו על שולחנו.

מבניו של ר׳ ישעיה היה ר׳ שלמה האבערמאן, ה„דזשעדזיץ״ של קרימע־לעוו וזבירציה. הוא נשא לאשה את נכדתו של בעל ה„תפארת שלמה״ מראדאמסק, וקבל מאביו שמינית מאחוזות ההאבערמאנים בקרימעלעוו־זבירציה.

ביתו היה פתוח לאורחים לרווחה. הוא היה נדבן ותמך בתלמידי חכמים.

הוא נדב את מגרש בית הכנסת ובית המדרש (שעליו בנתה הנהלת ביהח״ר גינסבערג—ט. א. ז. את ביהכ״נ וביה״מ). כן נדב מגרש לבית העלמין היהודי של זבירציה, ולשם איזון — גם את הנוצרי.

בנדבתו לקופת מאיר בעל הנס, בסך 2,000 רובל, הוקם בזמנו על שמו בית במאה שערים שבירושלים.

הוא היה חותנו של ר׳ שמעון קארניצער; של יוסף לאנדוי (בנו של בנימין משה), וכן של הרב ב״צ גראספעלד, שכיהן כרבי בלאזי ובשטשעקאשטין. מלבד בנות אלה היו לו עוד 2 בנים ו־5 בנות. בתו אסתר בענעט גרה בירושלים, ובתו רחל מרים לאנדוי, — בתל־אביב.

* *

זבירציה התפתחה, כידוע, עם הקמת כמה בתי חרושת, — ובראש וראשונה הודות לבית החרושת הגדול לטכסטיל שנוסד ע״י האחים גינצבערג, ילידי טשענסטאכאוו, שבאו לעירנו מברלין. הם היו קרובי ר׳ חנוך (הענדל) לאנדוי

מבענדין. עם ייסוד בית החרושת קיבל הנ"ל את אפסקת העצים לבית החרושת והשתקע בזבירציה. כך התרכזה בזבירציה משפחת לאַנדוי העניפה, וכן השתקעו ר' לייבל בערגער, שהיה חתנו של ר' הענדל לאנדוי, ואחיו ר' מענדל בערגער. איטשע מאיר לאנדוי המשיך אחרי מות אביו, ר' הענדל, באספקת עצים לביהח"ר ט. א. ז. ואילו בנימין משה לאנדוי (סבי) היה סוכן וספק ראשי בט. א. ז.. שניהם היו בני אורין. ר' בנימין משה (יאַמע משה) היה למדן גדול, מגדולי התלמידים והחסידים של בעל "אבני נזר" מסאָכאַטשאָוו. הוא היה בעל מוח חריף, פיקח ושנון, שעסק יומם ולילה בתורה. עוד בהיותו אברך בבנדין היה מלמד גפ"ת לבחורים ולאברכים, — ובין היתר להרה"ג מקאָזשיגלאָוו. גם בזבירציה המשיך, למרות טרדותיו בעסקים המרובים שלו, להרביץ תורה ברבים, ב"שטיבל" הסאָכאַטשאָוואי, כל בוקר וערב.

ר' איטשע מאיר לאנדוי היה אהוד בזבירציה. בנו היה דוד לנדוי (שחי בישראל ונפטר בירושלים) ויחזקאל לאנדוי, מראשוני עולי זבירציה לאחר מלחמת העולם הראשונה. נפטר בחיפה.



דוד לאַנדוי ז"ל

## שלמה'לעס קינדער־יאָרן

דער יידישער טייל זאַוויערטשע — קרומע, נישט־געפלאַסטערטע גאַסן און געסלעך, הייזעלעך, — מייסטנס הילצערנע, איינגאַרנדיקע, דעכער — באַדעקט מיט שינדלען אָדער שוואַרצער פאַפּע, — און זעען אויס ווי גרויסע היטלעך, טיף־אַראָפּגעדרוקטע אויף די קעפּ פון די פרומע הייזלעך, וואָס זענען זייער נזהר אין הלכות גילוי־ראש. די געציילטע, געמויערטע הייזער, — געבויטע פון רויטע ציגל, נישט געטינקעוועטע. צעוואַרפענע זענען זיי דאָ און דאָרט און זעען אויס אַ שטייגער זיי וואָלטן האַפּערדיק־שטאָלץ פאַריסן זייערע קעפּ צום הימל און גערופן צו די נידעריקע הייזעלעך: "אַ וואָרע, קבצנים! דרך־ארץ פאַר אונדז!"

אינעם נישט־יידישן טייל — פאַבריקס־הייזער ("פאַבריטשנע הייזער"). דאָרט וווינען פאַבריקס־באַאַמטע, — יידן און קריסטן, מייסטער און אַרבעטער. די הייזער דאָרט — געמויערטע, אַרומגערינגלט מיט גערטנער. די הייזער פון דער טעקסטיל־פאַבריק זענען געווען די שענסטע אין שטאָט. דער קוואַרטאַל — אַן אמת'ער גאָרטן.

טויזנטער אַרבעטער פלעגן שטראָמען אין די פֿאַבריק און פֿון איר, — לויט די פֿאַרשידענע שיכטן. אַ שווערקייט איז געווען אין זייער הילוך. אַ מידע מאַטקייט אויף זייערע פּנימער. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט די אַרבעטער אין די קוילן־גרובן, מיט זייערע שוואַרצע פּנימער און הענט. וויפל מען האָט זיי געוואַשן, — אַ לייכטע שוואַרצקייט איז תמיד געבליבן, ווייל אין די הויט־פּאָרעס האָט זיך איינגעפרעסן די שוואַרצקייט. די קוילן־גרובן זענען געווען עטלעכע קילאָמעטער פֿון דער שטאָט, און די קוילן־גרעבער האָבן גע־מוזט פֿאַרטאָגס אויפשטיין, — אַ סאַך פריער ווי די אַרבעטער וואָס האָבן גע־אַרבעט אין שטאָט. האָט מען טאַקע, נאָך פֿאַרטאָגס געזען אַרבעטער, מיט פּעק־לעך עסנוואַרג און קריגעלעך קאַווע, אָדער טיי אין די הענט.

* *

די ייִדישע באַפעלקערונג — מייסטנס בעלי מלאכות, גרויסע און קליינע סוחרים, אַ פּאָר פֿאַבריקאַנטן, אביסל מלמדים און כלי־קודש (פֿאַרשטייט זיך, — מיטן רב אין דער שפּיץ).

די בעלי־מלאכות — פּראָסטע ייִדן, וואָס זענען פֿון באַגינען ביז חצות פֿאַרנומען מיט דער נאָדל, אָדער קאָפּיטע. זיי ווינען אין איין צימער, צוזאַמען מיט אַ האַלבן טוץ קינדערלעך. דאָרט איז געווען סיי אַ וואַרשטאַט, סיי אַ קעך, סיי אַן עס־צימער און סיי אַ שלאָפצימער. אַלץ האָט זיך דאָרט געפינען: פֿון אַ „פּאָמיניצע" ביז אַ שויבן־שאַנק, מיט מעשענע לייכטער און אַ מנורה אין איר. אַ גרויסער וווּנדער, אַז אַלץ האָט זיך „פּאָמיעשטשעט" אין איין צימער.

אַזעלכע ייִדן גייען זיך זייער אָקסן־שריט. מען גיט אָפּ כבוד אַ וואָזשנערן פֿון זיי. זייער ווערט ווייסן זיי, „אומשטיינס־געזאָגט". דאָס זענען פּראָסטע ייִדן, — קוים וואָס זיי לערנען אַ פּרשה חומש אָן רש"י, אָדער וואָס זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים מיט אַ צוביס פֿון „מעמדות".

דאָס „אויבערשטע פֿון שטייסל" אין ייִדיש זאַוויערטשע זענען געווען; די סוחרים, די חסידים און לומדים, אָדער די „גלאַט־שיינע ייִדן".

אַ באַזונדערס בכבודיקן פּלאַץ האָבן פֿאַרנומען די ייִדישע באַאַמטע פֿון דער טעקסטיל־פֿאַבריק. זיי — געוועזענע משכילים, אָדער חסידים, וואָס זענען געוואָרן אפּיקורסים, אַ ביסיטשקעלע, אָדער שטאַרק אַסימילירט.

זיי האָבן אַ מגע געהאַט מיט ייִדן־סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט דער פֿאַבריק. „גוטע" מענטשן זענען דאָס געווען און זיי פֿלעגן אָננעמען די מתנות וואָס די סוחרים פֿלעגן זיי שיקן אויף פּסח און צו „נאָווי ראָק", זיי האָבן גע־האַלטן אַז „המהדרין יוצאים ידי שניהם".

אין אַ געסל דאָרט, אין איינעם פֿון די ייִדישע הילצערנע הייזער, אָפּגע־

רוקטע איינס פונעם צווייטן, — קעגנאיבער אַ ריי גויעשע הייזלעך, מיט גערטנ־דלעך פאַר די פענסטער און מיט „סצעקנדיקע” גרויסע, בייזע הינט, — איז שלמה׳לע געבוירן און אויפגעוואַקסן אין אַ סוחריש־חסידישער און לומדישער משפּחה.

אינעם איינגאָרנדיקן הייזל ווו שלמה איז געבוירן געוואָרן האָבן געוווינט 3 ידישע פאַמיליעס, — שוועגער־לייט. דאָרט האָט אויך געלעבט די משפּחה־מאַטראָנע, די באָבע פון שלמה׳לען און פון די אַנדערע קינדער אינעם הייזל, — צוזאַמען מיט איר יינגסטער טאָכטער.

די שוועגער־לייט זענען געווען גרונט־פאַרשיידן איינער פונעם אַנדערן. בלויז אין איין זאַך איז קיין חילוק צווישן זיי נישט געווען: אַלע זענען זיי געווען מטופל מיט אַ סאַך קינדערלעך אָן עין־הרע.

שלמה׳ס פאָטער, — אַ ייד אַ בן־תורה, וואָס האָט ליב געהאַט אַ בלאַט גמרא מיט אַ שיינער סברא פון תוספות. אָבער גלייכצייטיק איז ער געווען ארייננגעטאָן אין תהילים. אָן תהילים׳ל האָט ער נישט געקאָנט אָנהייבן זיין טאָג. ער פלעגט פון צייט צו צייט פאָרן צום אַלטן רבין זצ״ל, און טיילמאָל פלעגט ער אַריינקוקן אין אַ ספר, נישט תמיד אַ גלאַט־כשר׳ס. געווען איז ער שוין אַזוי ווייט, אַז ער איז געווען אפילו פון די ערשטע „שקל”־קויפערס.

אַ ייד איז דאָס געווען מיט אַ מילדן, גוטן שמייכל אויפן פנים, מיט אַן אָפענער האַנט. תמיד האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר יעדן נויט־באַדערפטיקן. געווען איז ער אַ ייד אָן קונצן, נישט קיין „איינרייסער” אין געשעפטן. אַ פאַמע־לעכער, אַביסל פלעגמאַטיש. יעדן האָט ער געגלויבט. יעדן געהאַלטן פאַר זיינס־גלייכן. ער איז געווען אַ גוטער טאַטע, אַ ליבער פעטער, אַ פריינט און אַ צו־ציאונגס־מאַגנעט פאַר אַלע קינדער. ווי בינען צו האָניק, האָבן זיי געצויגן צו אים. בקיצור: חסד שבחסד.

שלמה׳ס מוטער איז געווען אַ העפטיקע נאַטור, אַ שרייערין. רק זי בייזערט זיך און שרייט וועגן יעדער נאַרישקייט, — אפילו די זאַך איז ווערט אַ שושקע פולווער. אָבער אין דער אמתן האָט זי פאַרקערפּערט גוטס און שלעכטס אינאיינעם. זי איז געווען אַ צדקה־קלאַפּערן. ביים ערגסטן וועטער, — בעת יעדער זיצט אונטערן אויוון, — פלעגט מען זי טרעפן אַרומגיין און קלייבן נדבות פאַר אַ בכבודיקער משפּחה. מייסטנס איז זי געווען אַריינגעטאָן אין די ווירטשאַפט. זי פלעגט שטאַרק אָנשרייען די דינסטן און פלעגט זיין שטאַרק איבערגעגעבן די קינדער — ממש מקריב געווען זיך אַזש ביז פאַרגעסן זיך אַליין. אַזוי איז נאָר אַ ידישע מאַמע פיאיק צו זיין. זי איז געווען פרום, ווי צען נשים־צדקניות. איר גרעסטער אידעאַל איז געווען צו האָבן אַ זון אַ רב.

אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ איז געווען דער שוואָגער פון שלמה׳ס פאָטער, ר׳ לייבל. געווען איז ער אַ למדן, אַ קליינער מיט אַ שוואַרץ בערדל. ער האָט

געטראָגן ברילן, וואָס האָבן פאַרשטעלט זײַן בײזן שטעכעדיקן בליק. ער איז געווען פרום ביז גאָר. געווען איז ער אַ לאַנגזאַמער, סײַ אין וואָרט און סײַ אין זײַנע טריט. געווען איז ער אַ פאַבריקאַנט, וואָס האָט געוווסט אַז 50 אַרבעטער אַרבעטן פאַר אים, ד. ה. אַ ייִד וואָס „מלאכתו נעשית ע״י אחרים״.

אַ ייִד, איז ער, ר׳ לײבל, געווען, וואָס האָט געהאַלטן פון זיך. ער האָט זיך נישט אָפּגעבן מיט יעדן אײנעם. געווען איז ער אַ קרוב צום רבי׳דס זון, וואָס איז׳ שפּעטער געוואָרן רבי. אַ האַרטע נאַטור, מיט אַ קאַלטן בײזן שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט פײַנט געהאַט אַז מען שטערט אים. ער האָט ממש נישט געקאָנט אָנקוקן קינדער. מיט זײַן בלויזן בליק פלעגט ער זיי פאַרטרײַבן „ווי דער פעטער וואַקסט״. הקיצור: „דין שבדין״, אײנער פון די תלמידי בית שמאי.

זײַן פרוי, — אַ קלוגע ייִדענע, אַ סוחרטע (אַ חוץ דער פאַבריק האָט ר׳ לײבל אויך געהאַט אַ געשעפט). זי האָט געהאַט אַ שאַרף צינגל און קלוגע, שטעכנדיקע אויגן. זי פלעגט זעלטן זיצן אינדערהײם. זי פלעגט ליב האָבן צו „מאַטלען״ און האָט זיך פאַרלאָזט אויף די 2 דינסטן בנוגע דער ווירטשאַפט. די שטוב־זאַכן האָבן פאַרשטייט זיך, אונטערגעהינקן. באשר די קינדער, — האָט זי געוווסט: כל זמן דער ברודער (שלמה׳ס פאָטער) און די שוועגערין וווינען אין זעלבן הויז, וועט זיי גאָרנישט פעלן. אומעטיק וועט זיי אויך נישט זײַן.

דער צווייטער שוואָגער, ר׳ חיים, איז געווען כמעט כולו אַ צונויפשטעל פון זײַנע צוויי שוועגער־לײַט. אַ ייִד אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט ווײַכע בלאָנדע האָר, — האָט ער תמיד געהאַט אַ מילדן, שוואַכן שמייכל אויף זײַן איידל פּנים. ער איז געווען אַ בן־תורה. אַ שטילער, אַ פאַמעלעכער, — קוים וואָס מען האָט געהערט זײַנס אַ וואָרט. ער איז געווען אַ ייִד פון פשרות, — אַ פאַרכטיקער און אַ ציטערדיקער פאַר גאָט און לײַטן. ער איז געווען פייער פרום, זייער אָפּ־געהיטן פון אַ שמץ עבירה. געווען איז ער אַ סינטעזע פון דין און רחמים. זײַן פרוי איז געווען אַן אשה צנועה וכשרה, אַן ענערגישע, שטאָלצע, שוואַרץ־חנווודיקע פרוי, וואָס האָט געוווסט איר ווערט און געטאָן וואָס עס שטייט גע־שריבן אין די הייליקע ספרים. זי האָט געהאַט אַן אָדער פון אַ קאַזאַק. מען האָט זי פאַרערט און געליובט. זי איז געווען אַ גוטע, ווײַל עס שטייט אין די הייליקע ספרים, אַז מען זאָל גוט זײַן. אַ צדקה־קלאַפּערין, האָט זי גערעדט מיט אַ באַפעלערישן טאָן. זי האָט געהאַט אַ סאַך חסידישע זעלבסט־זיכערקייט און חוצפה.

שלמה׳ס באָבע, חווה לאה, איז געווען אַ קלײנע, ברייטבייניקע פרוי, אין קופּקעס לויטן טאָג, — וואָכעדיקע און שבתדיקע. זי פלעגט דאַווענען 3 מאָל אין טאָג, — מעשה עכטער מאַנספּערשוין... זי פלעגט באַדויערן אַז זי האָט נישט גאָנט אַ מנין, זי זאָל קאָנען דאַווענען בציבור.

די באָבע חווה לאה פלעגט געדענקן אויסנווייניק כמעט די גאַנצע „צאינה

וראינה". זי איז געווען גוט באַהאַוונט אין „רבנו בחיי", אינעם „של״ה הקדוש", אינעם „קב וישר" וכדומה. זי האָט געלעבט מיט זכרונות פון איר, — מיט אַ לאַנגער צייט צוריק פאַרשטאָרבענעם — מאַן ר׳ חנוך הענדל, וואָס איז געווען איינער פון די באַקאַנטע פיגורן אין פוילישן ידנטום. זי האָט איר מאַן דערמאָנט מיט טיפער פאַרערונג און זיך געפילט נאָנט צום רבש"ע (אַ קלייניקייט, — אַזאַ מליץ יושר ווי זי האָט אין הימל). די מעשיות פון דער „צאינה וראינה" און די צוקונפט אירע אינעם גן־עדן איז ביי איר געווען מער ווירקלעכקייט, ווי די ווירקלעכקייט גופא...

זי איז געווען אַ מקור פון תענוג און שמחה פאַר אירע אייניקלעך: „לעצט־געלט", „קום־געלט", „חנוכה־געלט", „שלח־מנות־געלט", „שבת־אויבס". און ווער שמועסט די מאַנטיקס און דאַנערשטיקס, ווען מען פלעגט ביי איר באַקומען אַ קאָפּיקע, אַ „דרייער".

אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט אַזאַ באָבע...

זי איז אויך געווען די ערשטע לערערין און פּרעדיקערין פון חיבת־ציון און פון עבודה מעשית אין ארץ־ישראל.

ווי אַזוי זי קומט דערצו — איז טאַקע אַ גרויסער חידוש, איז דאָך אין די חסידישע קרייזן אין פוילן ארץ־ישראל דעמאָלט געווען אַ הילכתא למשיחא. אפנים, אַז איר מאַן, ר׳ הענדל האָט געווירקט דערויף. עס איז באַקאַנט אַז ער האָט געוואָלט זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל.

די באָבע האָט אונדז, אייניקלעך, איבערגעגעבן פאַרשיידענע פונקציעס כדי צו זאַמלען געלטער פאַר ארץ־ישראל, למשל: זאַמלען ביינער נאָך יעדן מיטאָג, — אויך ביי שכנים (אפשר איז דאָס די סיבה, הלמאי די שכנותדיקע גויעשע הינט האָבן אונדז פיינט געהאַט און תמיד „געסצעקעט" אויף אונדז). יעדע וואָך האָבן מיר געזאַמלט אַ זעקל ביינער און זיי דערנאָך פאַרקויפט. דעם פדיון האָבן מיר איבערגעגעבן דער באָבען און זי האָט עס געשיקט קיין ארץ־ישראל. אויך קופערנע ניטן און שייבקעס פלעגן מיר אַרויסהאַקן פון אַלטע קעסלען, וואָס די צוויי פעטערס האָבן געבראַכט אויפן גרויסן בשותפותדיקן מש־פּחה־הויף. זיי האָבן עס באַקומען אין דער טעקסטיל־פאַבריק פאַר חצי חינם און דערנאָך עס פאַרקויפט אַלס אַלט־אייזן.

אָט־די זאַכן האָבן מיר חס ושלום נישט געגנבעט. מיר האָבן זיי גלאַט צוגענומען. דאָסגלייכן, — די גאַרן־אָפּפאַלן פון דער פאַבריק אינעם הויף פון די פעטערס. די אייניקלעך פון דער באָבען חווה לאה האָבן געפלעגט דאָס „צו־לאַטכענען" און דערנאָך פאַרקויפן אַ יידן. דאָס גאַנצע געלט איז געגאַנגען פאַר ארץ־ישראל.

ליידער האָבן אָט־די הכנסות נישט לאַנג געדויערט: די פעטערס האָבן אַנטדעקט אַז מיר גנבענען. זיי האָבן אונדז דערמאָנט דעם פּסוק „לא תגנוב".

דעם זיידן ר׳ הענדל, וועלכער איז געשטאָרבן יינג, און האָט געוווינט אין שכנותדיקן בענדין, האָט שלמה׳לע ווינציק געקענט. אָבער זיין גייסט, די פאַרערונג פון זיינע זין און טעכטער און די יראת הכבוד וואָס אַלע יידן פונעם גאַנצן קאַנט האָבן אים אַרויסגעוויזן, האָבן געהאַט אַ השפעה אויף די אייניקלעך און אויף זייער דערציאונגס־וועג. זיין נאָמען איז פאַר זיי געווען עפּעס דער־האָבנס. „ר׳ הענדלס אייניקלעך״ — פלעגט דער עולם אונדז רופן. זיי האָט געקלונגען דער נאָמען ווי עפּעס פון אַן אַנדער וועלט, עפּעס משיח׳דיקס, וואָס האָט דערמאָנט ארץ־ישראל מיט מלכות בית דוד.

ר׳ הענדל איז געווען אַ מיטל־וווקסיקער ייד מיט אַ שיינער שאַטין־באָרד. ער איז געווען אַ ברייטביינער, מיט אַ סאַך לעבעדיקייט און רירעוודיקייט. ער האָט געהאַט אַ ליכטיקן בליק, אַ גאָלדענע האַנט, פול מיט ברען און התלהבות, — האָט ער געהאַט אַ טיף־פילנדיק האַרץ און דערביי אַ ליכטיקן מוח. ער איז געווען אַ פאָטער און באַשיצער פון שוואַכע, אַ טרייער ידיד, אַ מוסטער און אַן אָפּשרעקענש פאַר פאַרטעמפּטע און שטומפּיקע גבירים, אַ טרייסט און הילף פאַר נויט־באַדערפטיקע און ליידנדיקע.

אַלץ האָט ער געטאָן מיט שמחה און התלהבות. געווען איז ער אַן ערלעכער סוחר מיט אַ סאַך געשעפטן, דערביי אַ ייד אַ למדן, וואָס האָט יעדע פרייע צייט געווידמעט דעם לערנען תורה. ער איז געווען אַ חסיד, און פאַרגעסן זיין חשבון ביים געבן. ער האָט נאָר געוווּסט פון איינאיינציקן חשבון, — דעם חשבון פון די נויט־באַדערפטיקע.

ער איז געווען דער בעל־מוסף אין רבין׳ס הויף אין די ימים נוראים. ער האָט געדאַוונט מיט התלהבות, דביקות, מסירת נפש. זיין דאַווענען מוסף איז אים געווען דער שיר השירים פון דער אויסגעלייטערטער נשמה, וואָס שטרעבט און לעכצט צום קוואַל פון ליכט און פרייד, — צום רבונו של עולם.

* *

שלמה האָט געהאַט אַן עלטערן ברודער און אַן עלטערע שוועסטער. די שוועסטער, — ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפירט אין חסידישע פאַרמעגלעכע פאַמיליעס, — איז געגאַנגען אין אַ פוילישע שולע. יידישקייט, וועט איר אַריין אין קאָפּ פון זיך אַליין, פון איר טבע שוין, — האָבן טאַטע מאַמע געטראַכט. עברי און לייענען אין סידור האָט זי געלערנט ביי אַ מלמד, — אַ ייד מיט אַ געלער באָרד, אַ שיקלדיקן.

די קינדער אינעם משפחה־הויז לערנען ביי די זעלבע מלמדים, — שלמה׳ס עלטערער ברודער מיטן עלטערן קוזין לערנען ביי אַ „גרעסערן״ מלמד. שלמה מיטן יינגערן קוזין — ביי אַ „קלענערן״ מלמד.

שלמה און דער ברודער נחום זענען 2 וועלטן. דער עלטערער ברודער

איז פון מיטעלן ווקס. ער איז ענערגיש, אַ רודערער, אַ שרייער, אָן אומ־רואיקע נאַטור. ער קאָן נישט איינזיצן אויפן אָרט. מיט דער גמרא איז ער נישט שווה בשווה. פיינט געהאַט האָט ער נישט די גמרא, אָבער אירס אַ גרויסער ידיד איז ער אויך נישט געווען. ווי מען האָט געשמועסט האָט נחום געמאַכט אַזאַ הסכם מיט דער גמרא: זי וועט אים נישט טשעפּען, וועט אויך ער זי נישט טשעפּען... אים האָט געצויגן צום פּראַקטישן לעבן, צום מסחר.

שלמה, ווידער, איז געווען שטיל, רואיק, תמיד פאַרטראַכט, פלייסיק, גע־פאָלגט די עלטערן און דעם מלמד, איבערגעגעבן דער גמרא מיט לייב און לעבן.ביידע האָבן געהאַט דעם הויפּט־שטריך פון דער משפחה: אַ רחמנותדיק, גוט האַרץ.

שלמה איז געוואָרן דער ליבלינג פון טאַטע־מאַמע. דעם אמת געזאָגט, האָט ער נישט אויסגענוצט זיינע פּריווילעגיעס. מיט פאַרדרוס האָט ער פאַרנומען די שאַרפע קריטיק פון די עלטערן קעגן דעם ברודער, און מיטן זעלבן פאַרדרוס — די קאָמפּלימענטן און שבחים אויף זיין קאָנטאָ. אָבער צוליב כיבוד אב ואם האָט ער נישט געוואַגט צו פּראָטעסטירן. צום ברודער האָט זיך שלמה באַצויגן דעליקאַט און וואַרים־ברודערלעך.

שלמה איז געווען געגליכן צו אַ שטיל וואַסערל, וואָס גראָבט טיף. ער רוישט נישט, אָבער זיין גייסט האָט זיך צעוואקסן — טיף אין דער פאַרגאַנגענ־הייט, — טאַקע אַזש ביז ששת ימי בראשית. די געגנוואַרט איז געווען צו אָרעם, טריב, גרוי...



א. ליטווין

# אַ זשורנאַליסט באזוכט זאוויערטשע

### וואָס איז אַזוינס זאַוויערטשע?

א וואָרט וואָס זאָגט גאָרנישט: א סטאַציע, וואָס האָט אפילו קיין בופעט נישט. אין „ראָזקלאַד יאזדי״, אין דעם „וועג־ווייזער״ פאַר די פוילישע באַנען פארלירט זיך דער דאָזיקער נאָמען צווישן דער מאסע אנדערע נעמען פון קליינע סטאַציעס, ווו דער צוג שטעלט זיך אָפּ, גיט א פייף און פאָרט ווייטער.

אָבער פאר דעם וואָס אינטערעסירט זיך מיט פוילישער קולטור און עקאָנאָמישער אנטוויקלונג זאָגט „זאוויערטשע״ א סאך, אלס וויכטיקסטער פונקט אין דער גרעסטער בראַנזשע פון דער פוילישער אינדוסטריע (טעקסטיל־אינדוס.). דאָ געפינען זיך די גרעסטע מעטאַל־הוטעס אין פוילן. זאוויערטשע איז א זייער אינטערעסאנטע שטאָט פאר יעדן אינטעליגענטן טוריסט, און איז באזונדערס באלערנדיק פאר א יידישן עקסקורסאנט. איך קאָן אן עצה געבן יעדן יידישן זשורנאַליסט און בכלל יעדן יידישן אינטעליגענט, וועלכער פאַרקלערט זיך וועגן דער לאגע פון דער יידישער באפעלקערונג אין פוילן, — אז ער זאָל באזוכן זאוויערטשע. זאוויערטשע איז א גאנצער באגריף, א סימבאָל, א מוסר־השכל.

אחוץ די מעטאל הוטעס און פאבריקן האָט זאוויערטשע גרויסע וועבע־רייען. אירע טעקסטיל־פאבריקן שפילן אין דער פוילישער אינדוסטריע נישט קיין קלענערע ראָליע, ווי אירע אייזן ווערק. די טעקסטיל־פאבריקן ציען זיך אין זאוויערטשע גאנצע וויאָרסטן לאנג. מער נאָך: זאוויערטשע איז געבויט געוואָרן מיט א 25 יאָר צוריק אדאנק אָט־די ריזיקע טעקסטיל פאבריקן.

און געבויט האָט זאַוויערטשע אַ ייד. גינצבערג הייסט ער. נאָך פּאָזנאַנסקי׳ן איז ער דער גרעסטער יידישער טעקסטיל־קעניג, דער גרעסטער יידישער מיליאָנער אין פוילן.

פארבראכט האָב איך אין זאוויערטשע בלויז עטלעכע שעה׳ן. איך בין די שטאָט אויסגעגאנגען אין דער לענג און אין דער ברייט — אין באגלייטונג פון אן ארטיקן יינגען מאן. אומעטום האָב איך ארייגעקוקט, — און דעם איינדרוק, וואָס איך האָב דאָ באקומען, וועל איך קיינמאָל נישט פארגעסן.

איך האָב געזען די זייט פון דער שטאָט, וואָס ליגט רעכטס פון דער באַן־ליניע. דאָרט איז דער „גן עדן״.

איבער א וויאָרסט האָבן זיך געצויגן די געביידעס פון די פאבריקן. אינעווייניק האָט געקאָכט די ארבעט. פון דרויסן איז געווען שטיל: דאָ זענען באשעפטיקט — ביים יידן גינצבערג, — ביז 10,000 פוילישע ארבעטער. יידישע וועבער — קיין

אײנער נישט. א מײסטער א מאשיניסט איז אמת דאָ אײנער א ייד. איז דאָס, נאטירלעך, צופעליק.

מיר זענען געגאנגען װײטער און אַרײַנגעפאלן אין א מין גאָרטן־שטאָט. קלײנע, 2־שטאָקיקע הײזלעך, צו 4 װױנונגען אין א היזל, באַשטימט פאר 4 פאמיליעס: 2 אונטן, 2־אויבן. יעטװעד הײזל האָט פונעם פראָנט א בלומען־גאָרטן. איך מוירל איז אָפגעטײלט פונעם אנדערן דורך א פרײַען הויף. בערך יעדע 4 היזלעך בילדן א קװארטאל. דאָס גאנצע שטעטל איז אדורכגעשניטן מיט רעגלמעסיקע ברײטע גלײַכע און גלאַט אײַנגעטראמפּעטע גאסן אין דער לענג און אין דער קװער, מיט בײמער װאָס שאָפן אלײען. בײַ יעדע צװײ הײַזער פון דרױסן שטײט אַ פּלומפּ. קינדער מיט פאַרברענטע פּנימער, — לײַכט, פּשוט געקלײדט, מײסטנס באָרװעס, — לויפן דאָ לוסטיק אַרום, שפּילן זיך אויף די הויפן און דרויסן אין גאס. ײנגע און עלטערע פרויען, װי אויך מײדלעך גײען אַפּס אַרײַן און אַרויס פון די הײַזער צו די פּלומפּן, זענען זיך עוסק מיט הויזווירט־שאפטס־ארבעט, שײַערן כלים, װאַשן אָדער הענגען צום טרוקענען װעש אויף שטריקלעך, פאַרצױגן אויף די הויפן.

אַלץ איז דאָ פול מיט באַװעגונג, אָבער עס מערקט זיך דאָ נישט קײן האַװען, קײן שמײען. די באַװעגונגען זענען רואיק, געלאסן, ערנסט. אַלץ אָטעמט דאָ מיט רעגלמעסיקן ריטם. אַלץ װערט דאָ געטאָן שטיל, מיט סדר.

אַלס גאנצקײט זעט אָט־דער טײל שטעטל אויס װי א װילע, אײַנגעטונקט אין בײמער און בלומען פון אַלע זײַטן. אין די גאסן זעט מען זעלטן א מענטשן אדורכגײן. די ארבעט קומט פאָר בלויז אין די הײַזער אָדער אַרום די פּלומפּן. די געשטאַלטן, װעלכע באַװעגן זיך, זענען אויסשליסלעך פרויען. קינדער װײניק. דאָס רוב שפּילן זײ זיך. ערטערװײַז העלפן זײ אונטער די עלטערע.

דער טײל שטאָט ענדיקט זיך מיט 2 פּרעכטיקע, פרײַע בולװאַרן רעכטס און לינקס. רעכטס שטײט אינמיטן א בולװאַר א גרויסע פיר שטאָקיקע געבײדע פון מאָדערנער אידעאַלער ארכיטעקטור. דאָס איז א קינדער־שול פאַר די אײַנװױנער פונעם קװאַרטאַל. אביסל אָן אַ זײַט דערפון שטײט אַ קלענערע געבײדע, אויך פון זײער א שײנעם אויסזען. דאָס איז א באָד־הויז מיט װאַנעס און טושן און מיט אַנדערע מאָדערנע אײַנריכטונגען, — אַלץ לויטן לעצטן װאָרט פון סאַניטאַרער טעכניק. דערצו נאָך — אַ „דאָם־לודאָװי״, שול־הײַזער, אַ „רעסורסע״, ספּאָרט־זאַלן א. א. װ. װי אויך אַ קאָאָפּעראַטיװער קאָנסום, פון געזעלשאַפטלעכן מסחר. דאָס איז פאַר זײ אַן אויסגעצײכנטע שולע פאַר העכערער סאָציאַלער, נאַציאָנאַלער און פּאָליטישער זעלבס־דערציאונג״.

אין דער לינקער זײַט זאַװיערטשע װוינען יידן. זײ זענען אָרעם, אָן עקאָנאָמישער באַזיס — גרײט יעדע מינוט איבערצוװאַנדערן ערגעץ אנדערש, װוּ די מינדעסטע האָפענונג איז פאַראַן אויף אַ גראָשן פּרנסה.

אפנים, אז גינצבערג, — בעת ער האָט געבויט זאַוויערטשע, — האָט ווינציק געטראַכט וועגן זיינע אָרעמע יידישע קרובים פון די אַלטע שטעטלעך, וואָס זענען שוין פול אָנגעפּאַקט און איבערגעפּאַקט, און ווו עס איז שוין פּרנסה נישט פאַראַן. ער האָט נישט געטראַכט וועגן זיינע פעטערס און מומעס וואָס זענען גרייט — מיטן שטעקן אין די האַנט, מיט דער טאָרבע אויף די פּלייצעס. דערפאַר האָבן זיי אַ סאַך געטראַכט וועגן רייכן פלימעניק. ווי אַ פייל פון בויגן האָט זיך אין די אַלטע געפּאַקטע יידישע ישובים פאַרשפּרייט דער קלאַנג וועגן דעם נייעם ישוב.

נישט געבעטענע — זענען זיי אַליין געקומען...

פון פאַרשיידענע קאַנטן זענען אַהער געקומען יידעלעך, וואָס האָבן נויטיק חיונה. ביסלעכווייז האָט זיך אויף דער לינקער זייט זאַוויערטשע געבילדעט אַ יידישער ישוב, אַ יידיש זאַוויערטשע. דער רייכער פלימעניק האָט זיך וועגן דער לינקער זייט זאַוויערטשע ווינציק געקימערט. זיי, ווידער, — די יידן פון דער לינקער זייט,— האָבן נישט געוואַגט צו גיין אין די „פּאַקאַיעס", זיך געריבן הינטן אַרום, און געזאָגט זיך: יידן האָבן אַ גאָט און גאָט וועט שוין זאָרגן פאַר פּרנסה...

אפנים אז דער רייכער פלימעניק האָט מסכים געווען מיט אָט־דער מיינונג פון זיינע אָרעמע קרובים, והא ראיה — — — ער האָט זיי .. געשטעלט אַ שול. זאָלן זיי בעטן פּרנסה ביים אויבערשטן, נישט ביי אים. די שול איז אַ געראַמע, אַ שיינע.

דער רייכער פלימעניק האָט נישט געטראַכט וועגן זיי, אָבער זיי האָבן די מעגלעכקייטן צו זאָרגן פאַר זייערע באַדערפענישן. דער פאַבריקאַנט גינצבערג, האָט אין זיין מענטשלעכער באַציאונג צו זיינע אַרבעטער זיך נישט בלויז גערעכנט מיט יושר־געפילן אַליין. דאָ איז אויך געווען אַ פּאָליטישער קוק. זאַוויערטשע, מיט איר באַפעלקערונג פון 20,000 גוט־אָרגאַניזירטע, אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע אַרבעטער, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע מיט אַ פּאָר יאָר צוריק (בעת דער רעוואָלוציע 1905 — ש. ס.). פריער אָדער שפּעטער וועט זאַוויערטשע ווידער באַקומען איר מאַכט. עס לוינט זיך אַ סאַך בעסער נישט צו פאַרשאַרפן, נאָר ווייכער צו מאַכן די באַציאונגען צו אָט־דער צוקונפטיקער מאַכט, פאַרטושן מיט עפּעס דעם קאָנטראַסט צווישן אַרבעטס־לוין און קופּאָן.

אָבער, — צי פון גאָט, צי גאָר פונעם גוי, דעם קונה, — יידן האָבן זיך געלאָזט קיין זאַוויערטשע. זיי מוטשן זיך צוליב דער קאָנקורענץ פון די קאָנסומען.

אין זאַוויערטשע לעבט נאָך אַ סאָרט יידן. „אינדזל־יידן", באַאַמטע פון דער פאַבריק.

צום טייל זענען אויך אָט־די יידן אומגערופן אהערגעקומען, צום טייל האָט מען זיי גערופן. זיי זענען דעם פאבריקאנט גינצבערג, פונקט ווי אנדערע יידישע פאַבריקאַנטן, נויטיק געווען אַלס באַאַמטע, אַלס פאַרוואַלטער פון זיין גרויס פארמעגן. אָנפאַרטרויען דאָס פארמעגן צו מענטשן, וועלכע זענען מיט די ארבעטער פון איין טייג געקנאָטן, — דאָס איז נישט געווען לחלוטין זיכער דעם קאַפּיטאַליסט. דערפאַר האָט ער, — ווי אין אַנדערע אינדוסטריע־שטעט אָנגע־שטעלט „מענטשן"־יידן. די זענען גאָר אַ באַזונדער סאָרט יידן; זייער פונקציע איז צו דינען אלס מחיצה, אלס שייד־ווענטל, אלס בופער־עלעמענט, צווישן דעם אַרבעטער און פאַבריקאַנט. גלייכצייטיק — נאָך אַ וויכטיקע פונקציע: די האָבן פארנומען א מיטל־פלאץ צווישן די אָרעמע פעטערס און מומעס און צווישן דעם רייכן פלימעניק. ער גופא — דער פלימעניק, — איז שוין לאנג אוועק.

די „אינדזל־יידן" — דאָס זענען אויך געווען אַ מין רייכע קרובים, צו וועלכע מען פלעגט זיך ווענדן וועגן הילף.

האָט ביי די אונטערשטע שטויב־און מילבן־מענטשן נישט געקלעקט וואָס די אויבערשטע קרובים פון די הויכע הייזער האָבן צוגעוואָרפן, — איז געוואָרן אַ קאַמף וועגן דעם גוי. איינער האָט אים געצויגן צו זיך. אַן אַנדערער — צו זיך.

אין זאַוויערטשע לעבט דער סאָרט אינדזל־יידן איף אַן אינדזל צווישן דער לינקער און רעכטער זייט פון דער שטאָט. דאָס איז נישט צופעליק: זייער גאנצע פסיכאָלאָגיע איז צו זיין „צווישן". זייערע אינטערעסן זענען נישט פארבונדן נישט מיט די פון רעכטס, נישט מיט די פון לינקס. זיי לעבן, אין שיינע ווילעס גאַנץ באַקוועם. אַלע זייערע געדאַנקען און שטרעבונגען דרייען זיך תמיד אַרום דעם פארבאהאלטענעם ווונטש צו ווערן אליין פאבריקאנטן. אויב נישט פאבריקאנטן, — טאָ זאָל זיין גלאט א פירמע וואָס קאָן געבן און נעמען וועקסעלעך.

אין דער לינקער זייט זאַוויערטשע איז אַ פולקומענער חורבן, אַ גהינום, וואָס איז שרעקלעכער און אימהדיקער, ווייל אויבן־אויפיק איז גאָרנישט געשען. אלץ שטייט אויף זיין אָרט: די גרויסע הייזער, די אלטע איינגעבויגענע קרעמלעך, די שיינע גרויסע שול. די קראָמען זענען אָפן, ווי אמאָל. ארום די סטראַגאַנעס זיצן אלטע יידן און יידענעס ווי אמאָל. אָבער דאָס שטעטל איז וויסט, שטיל... מען הערט קיין שריט נישט, מען זעט קיין נפש נישט. עס זיצן די קרעמער און קרעמערקעס ביי די געוועלבער, בודקעס און סטראַגאַנעס און קוקן אָנגעשטרענגט מיט די אויגן אין עק גאס אריין, העט־וויט צום סאמען עק: טאָמער גייט עמעצער פון דאָרט, פון יענער זייט. אָבער קיינער גייט נישט.

זיצן, טאַקע, די קרעמערס און חלשן, געגעצן, וואַרטן...

נאָר אָט יאָוועט זיך עפּעס א נפש, — נישט פון דאָרטן, פונעם עק גאס,

נאָר פון א שכנותדיקן הויז: א קליין ידיש יינגל לויפט צו צו א קעסטל און וויל קויפן פאַר אַ פּאָר גראָשן קאַרשן. כאַפּן אים: — דער אַלטער, פון איין זייט, די אלטע פון דער אנדערער זייט. זיי שפּארן אים אין די האַנט די קאַרשן און רייסן אים פון אַנדערן האַנט זשעדנע די פּאָר גראָשן...

אזוי איז זאַוויערטשע מקיים דעם פאַרזאָג: „לכו והתפרנסו זה מזה" — ידן, זייט אייך מפרנס פון ידן...

קיין יוגנט איז אין זאַוויערטשע נישטאָ. ווער עס האָט כוח געהאַט צו אנטלויפן און ראַטעווען זיך פון הונגער, — איז אנטלאָפן: איינער קיין בענדין, קיין סאָסנאָוויץ, אנדערע קיין ווארשע און גאָר אנדערע — העט־ווייטער, קיין אמעריקע. די שלאַפע, די אלטע זענען געבליבן: צו היטן די פוסטע קראָמען און הייזער.

(פונעם בוך „יידישע נשמות")



משה דוד קעשיר (קאַסיער)

# אַ שטאָט האט זיך געבויט

(אַ מעשה, האַלב־וואָר און האַלב פאַנטאַזיע)

אַ סאַך הונדערטער יאָרן איז הינטערן שטעטל, אויף די „פּיאַסקעס" געשטאַנען אַן אַלטער האַלב־חרובער, אומבאַוווינטער שלאָס.

קינדער פלעגן צווישן זיך שושקען, אַז באַנאַכט כאַפּן זיך דאָ אַריין שדים, בייזע ווינטן פייפן דאָ דורך אַלע לעכער, — אַזש עס כאַפּט אַרום אַ שרעק.

דערפאַר אָבער, באַטאָג, —

באַטאָג פאַרכלינעט דאָ די זון־שיין יעטוועדע זעמדל, איטלעך שטיינדעלע, יעדן חדר־יינגל, וואָס קומט זיך אַ גליטש טאָן פון סאַמען שפּיץ בערגל, ווו דער שלאָס איז געשטאַנען. די יינגלעך גליטשן זיך פון העט־העט, דורך שמאָלע פאַסן ליים, אויף אויסגעריבענע געזעסלעך, — זשופּאַי, קינדער, ביז אַראָפּ.

* *

אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס, — ביז איינמאָל איז געקומען אַ געלאַסענער, גלייך־געוווירעטער יינגערמאַן, מיט אַן אונטערגעשוירן בלאָנד בערדל, מיט אַ שטעקעלע אין האַנט: וואָלטשאַק. ער האָט געהייסן פירן וועגעלעך זאַמד, כדי צו פאַרשיטן די טיפע גרוב וואָס איז געווען אויף די „פּיאַסקעס" אַרום דעם שלאָס.

אין שטעטל האָט מען געשמועסט אַז וואָלטשאַק בויט אַ שטיקערײַ. ער קומט פון לאָדזש, אָדער טשענסטאָכאָוו, — האָט מען געזאָגט אין שטעטל, — מיט די סאַמע נייעסטע מאַשינען. און „פּאַ אַמעריקאַנסקי", גיך־גיך; און עס שטייט שוין אַ געביידע, ממש אַ פעסטונג".

* *

ביז דעמאָלט זענען „די פּיאַסקעס" באַקאַנט געווען אַלס קליינער ישוב. זינט עס האָבן זיך אין דער געגנט אָנגעהויבן בויען פאַבריקלעך, האָט די, מיט אַ סך יאָרן פריער געלייגטע, באַן־ליניע געגעבן דער געגנט חשיבות. דער פּונקט אַרום די „פּיאַסקעס" איז אויף דער מאַפּע פון פּוילן געוואָרן אַ יש.

וועגן וואָלטשאַקן האָט מען געזאָגט, אַז ער איז רייך. ער איז רייך גע־

בוירן. ער וווינט אין 8 צימערן. — און דאָך איז ער נישט קיין גרויס־האַלטער. נישט איינמאָל קומט ער אין די „פּיאַסקעס" באַזוכן זיינע אַרבעטער. מייסטנס זענען דאָ די טירן פאַרמאַכט אינמיטן טאָג. אָבער ער קומט און לאָזט שפּורן פון אַ שוואַרץ לאַקירט שטעקעלע. מען האָט זיך אַנגעשטויסן: „דאָ געווען".

אַז וואָלטשאַק גייט אַוועק פון אַ באַזוך, זאָגן די שטוב־באַוווינער, אַז הער וואָלטשאַק איז אַ פיינער, אַ צוגעלאָזענער מענטש. אַזעלכע ווי פראַדלס מאַמע, וואָס איז אַ מאַרק־זיצערקע און זיצט אין מאַרק מיט אירע 2 פּיצלעך קינדער, ביז גאָט שענקט די נאַכט, אָדער ווי כייטשעס טאַטע, וואָס זיצט כסדר אין בית־מדרש, בעת זיין ווייב איז אַ נייטאָרין, אָדער ווי חנה׳ס טאַטע, ר׳ שמואל דוויד טינטן־מאַכער, — האָבן אַזוי צווישן זיך אָפּגעמאַכט.

אָבער די מעלה פון דער אַרבעט איז געווען, אַז זי האָט געקאָנט געטאָן ווערן פון יינגע קינדער, ווי פראַדל, כייטשע, חנה. אָדער יאַקוב, דעם שטריקל־דרייערס זון. זיי זענען געווען קינדער. די אַרבעט האָט נישט פאַרלאַנגט פון זיי באַזונדערע אויסבילדונג, — נישט מער ווי דאָס אַז זיי האָבן געמוזט זיין ביי זייער ארבעט גיך. גאָר־גאָר גיך.

זיי, די קינדער, און די אַנדערע אין דער פאַבריק האָבן געטראַכט אַנדערש. פאַר זיי שטעלט זיך וואָלטשאַק אָפּטמאָל אַוועק אַ נישט־אויסגעקעמטער... דאָס איז, בעת ער פאַרגעסט זיך טיילמאָל, בעת ער לויפט צו מיט רוגזה צו אַ מאַשין, רייסט אַפּיר אַ שטיק אַרבעט און ווייזט בלויזן. נאַ, פאַכעט ער פאַרן פאַר־שעמטן אַרבעטער.

אָבער באַלד דערנאָך כאַפּט ער זיך, אַז אויסער אַ פאַבריקל איז ער דאָך געקומען אַהערצו בויען אַ נאָמען — וואָלטשאַק! כאַפּט ער זיך דעמאָלט פאַרן שטעקעלע, ציט אַרויף זיין געהאַקטן פאַלטן און נעמט גיין איבער די היימען אויף די „פּיאַסקעס".

*   *

זיי, די אַרבעטער נעבן די מאַשינען, ווייסן שוין: דאָ זעצט די מאַשין — דאָרט שטייט ער, וואָלטשאַק, מן הסתם, פאַר זייערע שטיבער. ער שאַרט מיטן שטעקעלע אין זאַמד, דאָ מוז מען אַרויסיאָגן די קישקעס כדי אויסצופאַרטיקן די אַרבעט וואָס ער האָט זיי פאָרגעצייכנט. וואָס שטייט ער דאָרט און רעדט? זעט ער דען נישט, ווי עס גיסט זיך פון איר? וואָס שטייט ער צו אַלדי שוואַרצע יאָר?

עס פּאַסירט, אַז אַ סאַך אַרבעטער רעדן אין איין און דער זעלבער רגע אַריין אין זייערע מאַשינען... זיי שטייען פּלייצע צו פּלייצע, אָבער דורך די וואַלצן וועבט זיך אַ בשותּפותדיקער מאָטיוו. עס דוכט זיך טיילמאָל, אַז זיי

זינגען אַ לויב־געזאַנג צום גרוב, וואָס איז פאַרשיט געוואָרן און וואָס אויף אים איז אויפגעשטעלט געוואָרן די פאַבריק. טײַלמאַל, אָבער, קומט אויס אַז דאָס שרײַען די איבער די מאַשינעס, — צו זייערע מאַמעס אַריבער, זיי זאָלן נישט גלייבן וואָס ער, וואַלטשאַק, זאָגט. ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „ער איז אַ ליגנער!"

דאָס האָבן געזאָגט און געשריגן, — חנה, כייקע, יאקוב, און נאָך און נאָך — — —

אין שטעטל האָט זיך עפּעס גענומען פּיקן, אָבער וואָס עס איז — האָט קיינער נישט קלאָר געוווּסט. מען האָט געזאָגט, אַז עס איז אַנטקעגן דעם וואָס די וואַלצן גייען צו שנעל, — און צופּיל שעה אין טאָג. פון דעם נעמען די קינדער אויף די „פּיאַסקעס" אויסקוקן בלייך...

אויפן בית־המדרש הויף האָט מען גערעדט, אַז עס איז אַ חרפּה. מען דאַרף בשלום אַדורכקומען. עס איז אַ בושה אַז די „אחדות"־ייִנגען שטעלן זיך אַוועק רעדן ביים באַלעמער. טמאים, פּושעי ישראל!...

* *

פראַדל, דער אַלמנה'ס טאָכטער, מיטן בלאָנדן צעשויבערטן קאָפּ האָר, האָט זיך נישט געמישט. זי איז געוואַקסן ווי אַ ווילדע רויז אין פעלד. זי איז געווען צופרידן, אַז זי האָט איר חתן עליען, אַז פראַדל גייט מיט עליען פאַר־נאַכט שפּאַצירן, מערקן זיי קיינעם נישט אויף זייער וועג.

שפּעט אין אָוונט גייען פראַדל און עליע אַהיים. עליע איז ווי אַ הויכער שטאַרקער דעמב, פראַדל — ווי אַ ווייעטקע צווייג.

די לעצטע צייט האָט פראַדל גענומען אויסקוקן בלייכער אָבער שענער. שלאַנק און בויגעוודיק איז זי געוואָרן. אַ ביסעלע צוריקגעהאַלטן, — ווי אַ כלה.

שוין אַ שטיק צייט ווי זי האָט גענומען שפּייען מיט פּעדים. איצט האָט זיך אַ פּאָדים פאַרהאַלטן און עס האָבן גענומען אויפשטירצן בלוטיקע סטענגעס. אין אַ פרימאָרגן אַזאַ, אַנטקעגן גרויסע מויערן, האָט דער 20 יאָרי־קער טייוול, — וואָס איר בליק האָט קאָנטראָלירט יעדן ווינקל אין איר פאַבריקס־אָפּטייל, — אין סאַמע אָנהויב פון איר ליד, איר לעצטן אָטעם אויס־געשפּיגן.

(פונעם בוך „צווישן ווענט", ניו־יאָרק, 1939).





# סביבות זבירציה

**טוביה פאָגעל**

## זכרונות פון קרימעלעוו

לויטן פנקס העיר, וואָס איז געווען ביזן אויסברוך פון דער מלחמה אין מיין באַזיץ אַלס גבאי פון דער חברה קדישא, איז שוין אין 1852 (תרי״ב) געווען אין קרימעלעוו די משפחה פאָגעל, ווי אויך די משפחות: גאָלדמינץ, האָבערמאַן, ראָטמאַן, זאַקס, בראט, זאַנדבערג, ר׳ מאיר מענדלסאָן און זיינע איידעם׳ס לעווענשטיין און האָלענדערסקי. לעווענשטיין שטאַמט פונעם באַרימטן גאון ר׳ עקיבא אייגער. אויך די ייִנגערע לעווענשטיינס און האָלענדערסקי׳ס, — הגם, ווי עס ווייזט אויס, געבאָרענע אין זאַוויערטשע, — זענען געווען צוגעבונדן צו קרימעלעוו. ד״ר לעווענשטיין, וועלכער איז געווען אַ כירורג אין דער ראַנגע פון אַ פּולקאָווניק, האָט — נאָכן צוריקקומען פון ערשטן וועלט־קריג, — געהאַלטן אַלס זיין ערשטע אויפגאַבע צו אַראַנזשירן דעם גדר אָרום דעם בית עלמין אין קרימעלעוו. ער האָט אַליין פינאַנסירט די זאַך און אַכטונג געגעבן אויף די אַרבעטן. סטאַניסלאַוו האָלענדערסקי האָט זיך געשמדט, ערשט נאָכדעם ווי זיינע עלטערן זענען געשטאָרבן. ער האָט נישט געוואָלט מצער זיין די מוטער. ער האָט ווייטער געשטיצט די קהילה קרימעלעוו מיט „קמחא דפסחא״, „דמי־רגל״. יעדן יאָרצייט איז ער געקומען אויפן בית־עלמין צו די קברים פון זיינע עלטערן. האָלענדערסקי׳ן האָט אָפּגעשמדט דער גלח דזשיענטאַראַ.

אויפן קרימילעווער בית־עלמין האָט, — אַ יאָר אָדער 2 יאָר פאַרן אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה, — אַ גרופּע ייִנגע גלחים געפאָרשט די מצבות, ווייל עס איז דאָך באַקאַנט, אַז קרימעלעוו איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין פּוילן. פאַקטיש האָבן די גרופּע גלחים־פאָרשער געפינען אַ מצבה, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען איבער 440 יאָר. ווי ראובן בענעט דערציילט, איז נישט געבליבן קיין זכר פון אָט־די מצבות. בלויז די מצבות זענען געבליבן אויף די

קברים פון: שלמה האַבערמאַן, שמואל שוחט (שמואל זאַקס), מיין פאָטער אברהם שלמה בן־צבי פאָגעל ז״ל.

*   *

וועגן קרימילעווער פאַרצייטנס גיב איך דאָ איבער וואָס איך האָב געהערט פון עלטערע יידן בכלל און פון מיין פאָטער ז״ל בפרט. זיי האָבן דערציילט אַז אין תרי״ב (1852) איז אין קרימעלעוו אויסגעבראָכן די גרויסע מגיפה. מענטשן זענען דעמאָלט פשוט געפאַלן אין גאַס. עס זענען נישט געווען קיין יידן אויף צו ברענגען די פאַרשטאָרבענע צו קבר־ישראל. האָבן 3 ברידער פאָגעל, יינגע, קרעפטיקע מענטשן, זיך מוסר נפש געווען, זיך מטפל געווען מיט די קראַנקע, און געטראָגן די פאַרשטאָרבענע אויף זייערע רוקנס כדי זיי קובר צו זיין. זיי, גופא, זענען לא עלינו אומגעקומען און האָבן איבערגעלאָזט יינגע יתומים, וועלכע האָבן זיך, נאָכן טויט פון זייערע טאַטעס, מיט אייגענע כחות אויסגעהאַלטן. זיי זענען אויסגעוואַקסן אין קרימעלעוו, און דערנאָך האָבן זיי זיך צעשפּרייט.

די קברים פון די פאַרשטאָרבענע פון כאָלערע זענען אויפן בית הקברות אין קרימעלעוו געווען קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ. אַ געוויסע צייט פאַר 1939 זענען די מצבות שוין געווען איינגעזונקען אין דער ערד. יידן פלעגן ביי יעדער געלעגנהייט, — און בפרט תשעה באב, נאָך די קינות, — קומען צו אָט־די קברים.

די קרימעלעווער שול מיטן בית־מדרש האָט בערך מיט 400 יאָר צוריק גע־געשענקט די „פריצה״ פון דער שטאָט. דאָרט איז אַמאָל געווען אַ טעקסטיל־פאַבריקל מיט האַנט־שטולן. נאָכן טויט פונעם זון האָט די פריצה דאָס דאָזיקע הילצערנע געביידעלע געשענקט אַלס אַ שול און אַ בית מדרש. דאָרט איז אויך אַראַנזשירט געוואָרן אַ וווינונג פאַרן שמש.

רבנים. לויט ווי איך האָב געהערט איז קיין קרימילעוו געקומען בערך מיט 80 יאָר צוריק פון „ניישטאָט (נאָווע מיאַסטאָ) ר׳ ישראל לייב. ער האָט געשטאַמט פונעם ניישטאָטער „גוטן ייד״ און איז געווען אַ קרוב פונעם כאַנטשינער רבי׳ן. ער איז אייגנטלעך געווען אַ מאַנופאַקטור־סוחר. אין קרימעלעוו האָט ער באַקומען אַ כתב־רבנות, אָבער אַן געהאַלט. נאָכדעם ווי ר׳ ישראל־לייב איז נסתלק געוואָרן (בערך 1899—1900), איז געוואָרן רב אין קרימעלעוו ר׳ מרדכי יוסף. אינצווישן איז ר׳ ישראל לייב׳ס זון, ר׳ אברהם׳טשע אַריבער קיין זאַוויערטשע. דעמאָלט האָט די שטאָט אויפגענומען ר׳ יעקב בערן, וועלכער האָט געפירט די שטאָט ביד רמה. ער האָט געפירט אַן אָפן, ברייט הויז. זיין אייניקל, בוקסבוים, איז געווען דירעקטאָר פון דער זאַמבקאָוויצער גלאָז־פאַבריק. ר׳ יעקב בער איז נסתלק גע־וואָרן בערך 1901.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער ענין פון ברענגען קיין קרימעלעוו דעם

רבי׳ן וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס „קרימעלעווער רבי״. די „פּני״ פון דער שטאָט זענען געווען די האַבערמאַן׳ס און די גאָלדמינץ׳ס. אויך זייער פּאָטער , איסר הכהן (שפּעטער פירשטנבערגס שווער), איז געווען פון די רייכסטע יידן אין קרימעלעוו. די משפּחה גאָלדמינץ האָט (אונטערן איינפלוס פון גרויסן חיים דאַנציקער, וועלכער איז געקומען קיין קרימעלעוו פון וואָל־בראָם — 45 יאָר פאַרן אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה) מצדד געווען צו פאַרבעטן דאָס אייניקל פון „תפארת שלמה״ אַלס רבי אין קרימעלעוו. די האַבערמאַן׳ס זענען געווען סאָכאַטשעווער חסידים און זיי האָבן געוואָלט ברענגען דעם ווישעגראָדער וועלכער איז געווען אַ סאָכאַטשעווער אייניקל. די משפּחה גאָלדמינץ האָט געפּועלט און ר׳ נחום נתן ראַבינאָוויטש זצ״ל, — דעמאָלט נאָך אַ יינגערמאַן, — איז געוואָרן רבי אין קרימעלעוו.

וויבאַלד די משפּחה האַבערמאַן האָט געזען ווער עס האָט געזיגט, האָבן זיי אויך נאָכגעגעבן. ר׳ ישעיה האַבערמאַן האָט זיך דאָך משדך געווען מיטן ראַדאָמסקער (זיין זון שלמה האָט חתונה געהאַט מיט אַ ראַדאָמסקער טאָכטער). זיי האָבן דעם רבי׳ן אָפּגעגעבן אַ גרעסערן טייל פון זייער פּאַלאַץ, וואָס האָט נאָך געשטאַמט פון די צייטן פון קאַזשימיר דעם גרויסן. דאָרט האָט דער רבי געהאַט זיין „הויף״. דער רב, ר׳ יעקב בער האָט דערנאָך נאָך געלעבט אַ לענגערע צייט. דער רבי האָט אים מכבד געווען אַלס מרא דאתרא, פּונקט ווי יעדער בעל־בית. ער פלעגט שיקן דעם רב מתנות צו פּורים און צו יעדן יום־טוב.

נאָכדעם ווי ר׳ יעקב־בער איז נסתלק געוואָרן האָט קהל באַשטעטיקט דעם רבי׳ן אויך אַלס רב, ווייל די הכנסות פונעם קהל זענען דעמאָלט געווען שיין, צוליב דעם ווייל קרימעלעוו האָט געשחטן אויך פאַר זאַווערטשע און סביבה. לויט די דעמאָלטיקע תקנות האָט דער שוחט באַקומען 55 פּראָצענט פון דער שחיטה־הכנסה און דער רב 45 פּראָצענט. היות אַ רבי קאָן זיך נישט פאַרנעמען מיט דין־תורות און שאלות, האָט מען דעמאָלט געבראַכט פון טאָמאַשאָוו ר׳ יצחק שמואלעוויטש (אַ לאָדזשער) אַלס דיין. מען האָט אים גערופן ר׳ יצחק טאָמאַשאָווער (ער איז געווען ר׳ הערצקע ליבערמאַן׳ס שוואָגער). ער האָט גענומען אַ טייל פונעם רבי׳ן׳ס הכנסה פון דער שחיטה. כדי צו האָבן פּרנסה בריווח האָט ער געגרינדעט אַ ישיבה מיט בערך 20 בחורים.

צווישן דעם רבי׳ן און דער שטאָט האָט געהערשט שלום. דער רבי האָט באַשלאָסן, בערך 1912—1913, איבערצוגיין קיין זאַווערטשע, ווייל די חסידים האָבן אים געבעטן צו וווינען אין אַ שטאָט מיט אַ באַן־סטאַציע. אין צו־זאַמענהאַנג דערמיט האָט זיך דער רבי געוואָנדן צו די „פּני־העיר״, אַז היות ער מוז מאַכן דעם שריט און איבערגיין קיין זאַווערטשע, בעט ער אַז זיין זון שלמה אלימלך (דערנאָך קאַמינסקער, און שפּעטער זאַווערטשער רב), וועלכער איז אַן איידעם פון זיין ברודער, דעם ראַדאָמסקער „כנסת יחזקאל״, — זאָל

באַשטימט וורען אַלס קרימעלעווער רב. קהל האָט איינשטימיק מסכים געווען דערצו, ווייל מען האָט געזאָגט: דער יינגערמאַן איז אויפגעוואַקסן אינעם שטעטל. ער איז ראוי צו זײַן רב אין קרימעלעוו. ער קען אויך זייער גוט די ענינים אינעם שטעטל. ר׳ שלמה אלימלך איז, אַלזאָ, געוואָרן רב אין קרימעלעוו.

אָבער יענע צייט איז בנוגע די הכנסות פון דער שחיטה געקומען אַ שינוי: דעמאָלט איז שוין זאַוויערטשע געוואָרן אַ שטאָט און אַ גרויסער טייל קצבים זענען אַריבער קײַן זאַוויערטשע (למשל, חיים סאלדין, מנחם העכט א. א.). איז במילא די הכנסה קלענער געוואָרן און עס וואָלט נישט געקלעקט סיי פאַרן ר׳ב, סיי פאַרן דיין. האָט דער רבי׳ געגעבן דעם דיין ר׳ יצחק אַ פּאָסיקע אַנטשע־דיקונג, ער זאָל מוותר זיין לטובת זיין זון. דעם דיין איז עס אויך געווען רעכט, ווייל עס האָט זיך נישט געשיקט, אַז ער, דער עלטערער, זאָל זיין דיין מיט אַ יינגערן רב. ר׳ יצחק איז געגאַנגען קײַן לאָדזש אַלס מורה הוראה. (אין לאָדזש האָט מען אים גערופן „קרימעלעווער רבי״).

אין קרימעלעוו איז דעמאָלט געווען ראש הקהל און גבאי פון דער חברה קדישא ר׳ חיים האבערמאַן. פרנס און גבאי פון דער חברה קדישא איז אויך געווען מענדל זעליג שוואַרץ (זעליג שוואַרץ׳ס אַ שוואָגער און געשוועסטער־קינד), זיי האָבן ווייטער געפירט די שטאָט אויף גרויסן פאָרמאַט. בעת עס איז אויסגע־בראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך די קהילה ווייטער געפירט אומגע־שטערט. רב איז יענע צייט ווייטער געווען ר׳ שלמה אלימלך ראַבינאָוויטש. אין דער שטאָט איז דעמאלט געווען פרנסה בשפע, צוליבן האַנדל מיט די דייטשן אין זאַוויערטשע (קרימעלעוו איז געווען עסטרייכיש אָקופּאַציע־געביט). אינצווישן האָט מען (1919—1920) פאַרגעשלאָגן ר׳ שלמה אלימלך׳ן דאָס רבנות אין קאַמינסק ביי ראַדאָמסק, די שטאָט האָט דעמאָלט זייער באַדויערט אַז דער באַליבטער ר׳ שלמה אלימלך פאַרלאָזט זי. אָבער יעדער האָט געוווסט: מען האָט נישט קיין רעכט צו שטערן אַ מענטשן, וועלכער וויל זיך פאַרבעסערן די לאַגע.

דאַן האָט דער רבי געמאַכט אַ פאָרשלאַג אויפצונעמען אַלס רב דעם סאָכאַטשעווער רבין׳ס זון ר׳ אלימלך באָרנשטיין, אָבער צוליב פאַרשיידענע ענינים צווישן די „פני־העיר״ איז דערפון גאָרנישט געוואָרן און מען האָט פון פילץ געבראַכט ר׳ אלחנן דויד שידלאָווסקי, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פון ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר פון קאָוונע.

קרימעלעווער ייִדן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פּי־מסחר אין גרויסן מאָס־שטאָב (בערך 10 משפחות). אַלע בעקערייען זענען געווען ייִדישע. די ברויערײַ איז געווען אין ייִדישע הענט. זי איז פריער געווען האבערמאַן׳ס. דערנאָך האָט זי איבערגענומען ר׳ משה ברעוודא, אַ ייד פון לאָוואָוויטש (ליטע). ער האָט עס געבויט האַבערמאַנען די ברויערײַ און זי געפירט אַלס פאַכמאַן און דער־נאָך האָט ער אַליין אָפּגעקויפט די ברויערײַ. ברעוודא איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה. די ברויערײַ האָט געהייסן „בראָוואַר נאַד וואַרטאָן״. ליידער איז

פון דער גאַנצער משפחה געבליבן בלויז 1 טאָכטער. זי לעבט אין ישראל און איז באַשעפטיקט אַלס באַאַמטין אין משרד הסעד.

שיינע פרנסה האָבן געהאַט: יידישע שניידער און אַנדערע בעלי מלאכות, יידישע שפּיז־קראָמען. יידן זענען געווען גרעסערע סוחרים. זיי האָבן געהאַנדלט מיט די פּריצים. גרויס האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנט־וועבעריי, טעפּעריי א. א. אין די לעצטע יאָרן, אַ פּאָר יאָר פאַרן אויסברוך פון דער 2־טער וועלט־מלחמה האָבן זיי אויך אין מסחר צוגעלייגט אַ האַנט. זיי האָב שטאַרק קאָנקורירט מיט די יידישע געשעפטן. און עס איז געוואָרן שווער מיט פרנסה, האָבן יידן שוין געזוכט וועגן צו פאַרלאָזן פּאָמעלעך קרימעלעוו. קיין שום אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען אין קרימעלעוו.

*　*

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן מיינע איבערלעבונגען אין דער מלחמה. דעם 24־טן אויגוסט 1939 בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין ד. א. ק. קראָקע. דאָס איז געווען די ערשטע מאָביליזאַציע איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אויפן וואָקזאַל אין זאַוויערטשע זענען געווען זאַוויערטשער יידן. זיי זענען געווען שטאַרק פאַרדאגה׳ט. מען האָט מיך באַדויערט. ר׳ דויד זשעריקער האָט זיי געזאָגט: „איך בין איבערצייגט, אַז ער איז גליקלעכער פון אונדז, ווייל ער גייט אין מיליטער. ביזן 4־טן סעפּטעמבער בין איך געווען סטאַציאָנירט אין קראָקע. פון קראָקע זענען מיר אַוועק אין די ריכטונג פון רומעניע. מיר זענען געווען פון די לעצטע וואָס זענען אַנגעקומען קיין רומעניע. מען האָט אונדז געבראַכט אין אַ מיליטער־לאַגער. אינעם לאַגער זענען געווען 2.600 פּוילישע זעלנער, צווישן זיי 9 יידן, און פון זיי זענען געווען עטלעכע זאַוויערטשער. אַלע 9 יידן פון יענעם לאַגער זענען איצט אין ישראל.

אינעם לאַגער איז געווען שרעקלעך: אַ העלפט לאַגער־אינזאַסן איז אויס־געשטאָרבן. מיר האָבן געזען אַז עס איז ביטער. האָב איך פּאַר געלט אַרויס־גענומען אַלע 9 יידן (און איך בתוכם) פונעם לאַגער אַלס ציוויל־פּליכטלינגע.

די פּאָליאַקן האָבן באַלד דערנאָך באַקומען אַ דערלויבעניש איינצוואָרדנען פּוילישע שולן. די רומענער האָבן געשטעלט אין באַדינג: צי זיי האָבן אייגענע, פּוילישע פּראָפעסאָרן, א רב און אַ גלח. איך האָב באַקומען אַ פּאָסטן אַלס רב צו לערנען יידישע תלמידים. גלח איז געווען פּרעזידענט מאָשטשיצקי׳ס גלח, הומ־פּאַלאַ, וועלכער פלעגט אָפּנעמען די שבועה פון דיפּלאָמאַטן אין פּוילן.

געווען בין איך אין רומעניע ביז 1944. היות איך האָב געהערט די טראַ־גישע ידיעות פון פּוילן האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל, הגם איך האָב געהאַט אַנדערע מעגלעכקייטן. הרב ישעיה שפּירא ז״ל האָט מיר פאַרשאַפט אַ סערטיפיקאַט, דערוויסנדיק זיך אַז איך געפין מיך אין רומעניע און וויל עולה זיין קיין ישראל. געקומען בין איך מיט דער שיף „בולבול״.

**יהודה (לייבל) דימאנט**

# קרימעלעוו די מוטער פון זאַווערטשע

די באַן־ליניע האָט געמאַכט זאַוויערטשע צו אַ שטאָט. פריער איז קרי־מעלעוו געווען די שטאָט און זאַוויערטשע — אַ דערפל. מיט דער צייט זענען טאַקע אַ סאַך קרימעלעווער איינוווינער אַריבער קיין זאַוויערטשע. געבליבן זענען אין קרימעלעוו בלויז אַ פּאָר מנינים יידן. געווען איז אַ רב, אַ שוחט א. א. וו. דאָס שיינדל פון קרימעלעוו איז געווען די אַלטע שול וואָס האָט געהאַט אין דער גאַנצער געגנט אַ שם מיט איר קונסט־מאַלעריי. אויך דאָס אַלטע בית־המדרש פונעם רבי׳ן, הגם ער האָט שוין אַ לענגערע צייט געוווינט אין זאַוויערטשע, — האָט ווייטער עקזיסטירט. אויך דער היסטאָרישער פּאַלאַץ וואָס האָט באַלאַנגט צו די ידישע „דזשעדזשיצעס״, די האַבערמאַן׳ס איז געווען אַ צירונג פאַר קרימעלעוו.

אין קרימעלעוו זענען געווען עטלעכע פּערזענלעכקייטן:

הרב ר׳ אלחנן דויד הלוי שידלאָווסקי. ער האָט געהאַט אַ גאונישן קאָפּ: ער האָט געלערנט ש״ס מיט פּוסקים פון אויסנווייניק.

ר׳ מענדל שוואַרץ, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער קרי־מעלעווער שול.

ר׳ יעקל דיאמאנט (מיין פאָטער), איז געווען אַ גרויסער מכניס אורחים און קיין יידן נישט אַדורכגעלאָזט, ער זאָל ביי אים נישט טועם זיין.

ר׳ חיים דאַנציגער מיט זיין שיינער, לאַנגער, ווייסער באָרד (אַ געוויסע צייט, הגם די דייטשן האָבן שוין געשניטן ביי יידן די בערד, האָבן זיי זיינע געלאָזט אַלס שיינקייט).

~~~

### די נאַצי־צייט

אָנהויב 1940 האָט די נאַצישע בעסטיע שוין געהאַט שליטה איבער גאַנץ פּוילן. קרימעלעוו איז געוואָרן אַ גרענעץ־שטאָט צווישן דעם „רייכגעביט״ און דעם א. ג. גענעראַל־גוווערנעמענט.

אין שטעטל זענען אָנגעקומען עטלעכע הונדערט דייטשע סאָלדאַטן פון דער גרענעץ־וואַך, ד. ה. אויף יעדן ייד 3—4 סאָלדאַטן. דעמאָלט האָבן זיך אָנגעהויבן די ידישע צרות.

ערשטנס האָבן זיי ביי אונדז צוגענומען די וווינונגען, די מעבל, די שטוב־כלים, כדי זיי צו נעמען צו זיך אין זייערע קוואַרטירן. צווייטנס האָבן זיי גע־
~~~

נומען רייסן ברעטער פון דער שול כדי צו בויען פון זיי ביידלעך פאַר זייערע גרענעץ־פּאָסטנס. פאַרברענען די שול האָבן זיי סיי־ווי נישט געקאָנט, ווייל אַרום איר זענען געווען הילצערנע הייזקעס פון די קריסטן און פאַר זיי וואָלט עס געווען אַ סכנה ווען די שול וואָלט געברענט.

האָבן זיי, טאַקע, גענומען רייסן פון דער שול שטיקער, — און יידן האָבן נעבעך, געמוזט טאָן אָט־די אַרבעט, אין משך פון וואָכן. עס האָט געשטאָכן ממש אין האַרץ.

אַז די קריסטלעכע שכנים האָבן געזען, אַז מען רייסט, — האָבן אויך זיי גערייסן.

אין דער צווישנצייט האָב איך און נאָך עטלעכע בחורים אַרויסגענומען ביינאַכט די ספרי־תורה און זיי צעשטעלט אין פּריוואַטע הייזער.

אַ טייל יידן האָט מורא געהאַט אונדז אַריינצולאָזן מיט די ספרי־תורות. מיר האָבן איינמאָל באַנאַכט, — ממש אין סכנת־נפשות, — אויסגעגראָבן אויפן שול־הויף אַ גרויס גרוב און דאָרט באַגראָבן אַלע ספרים: צוויי גרויסע ווילנער ש״ס און נאָך הונדערטער טייערע ספרים.

היות, ווי שוין געזאָגט, ס'איז אויסגעפאַלן 1 ייד אויף 3—4 דייטשן זענען מיר אַלע געווען באַשעפטיקט מיטן באַדינען זיי. מיר האָבן, דערפאַר, קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרדינען פאַר אונדזער פּרנסה.

הונגעריק און באָרוועס האָבן מיר ביי זיי געאַרבעט, — פון פרי ביז נאַכט: פּרויען ביים וואַשן, שייערן. מענער — ביי אַנדערע שווערע, מיאוסע ארבעט.

איבער זקנים פלעגן זיי ליצנות מאַכן, שניידן בערד, הייסן מאַכן גימנאַסטיק א. א. וו. אָפט פלעגן זיי פאַרשטעלן יידן אַלס שמוגלער און גערייצט אויף זיי ספּעציעל־דרעסירטע הינט. נישט איינמאָל האָבן די הינט צעביסן יידן ביז בלוט.

די קריסטלעכע שכנים האָבן אונז מכלומרשט באַדויערט. אָבער אינער־לעך האָבן זיי געהאַט אַ נקמה אין אונדז. נישט איינמאָל האָבן זיי אונדז פאַר־מסרט און גורם געווען צו פאַרשיידענע צרות.

עס איז פאַראַן געווען אַ שטיקל יידנראַט. אָבער קיין גרויסע השפּעה האָט ער נישט געהאַט, סיידן וואָס ער האָט צוגעשטעלט אין די לאַגערן קיין דייטשלאַנד, — איינמאָל עטלעכע בחורים, דאָס צווייטע מאָל, — עטלעכע מיידלעך.

מערץ 1941 האָט די דייטשע פּאָליציי באַלאַגערט דאָס שטעטל און אַוועק־גענומען אַלע יינגע מענטשן. דעמאָלט איז חיים גאָלדשמידט דערשאָסן געוואָרן. מיר, — מיט נאָך עטלעכע, — איז געלונגען צו אַנטלויפן. מיר האָבן זיך אָפּ־געפּייניקט נאָך אַ יאָר.

פעברואר 1942 — ווידער אַן אַבלאַווע. דעמאָלט בין אויך איך געווען דער קרבן. אַלץ האָט זיך געענדיקט.

עס זענען דעמאָלט געבליבן אין קרימעלעוו בלויז אַ פּאָר צעבראָכענע זקנים.

בעת איך בין געווען אינעם לאַגער האָב איך באַקומען אַ בריוו, אַז מען האָט די פּאָר זקנים געשיקט קיין זאַוויערטשע, ווו די דייטשן האָבן געמאַכט אַ געטאָ. מער קיין ידיעות האָב איך נישט דערהאַלטן.

אזוי־אַ איז געשטאָרבן די מוטער־קרימעלעוו צוזאַמען מיט איר קינד זאַוויערטשע.



## קרימעלעוו — אַ שטעטל ווי אין שלום עליכם׳ס מעשיות

אַ שטעטל, — לויטן אויסזען ווי די שטעטלעך, געשילדערטע אין שלום־עליכם׳ס מעשיות. קרימעלעוו, 7 קילאָמעטער הינטער זאַוויערטשע, איז אַן אַלטער ישוב. אַ פּאָר צענדליק יאָרן פאַר דער ערשטע וועלט־מלחמה איז קרימעלעוו געווען אַ שטאָט בעת אַ טייל פון זאַוויערטשע האָט באַלאַנגט, אַלס דאָרף, צו דער קרימעלעווער גויעשער גמינע און צו ק״ק קרימעלעוו. אַ זאַוויערטשער ייד פלעגט מען ביז 1904 ברענגען צו קבר ישראל אויפן קרימעלעווער בית הקברות.

אין יענע צייטן פלעגן אין קרימעלעוו פאַרקומען ירידים, אויף וועלכע עס פלעגן זיך צונויפפאָרן לייט פון די ארומיקע שטעטלעך און דערפער. קריסטן פון דער געגנט פלעגן קומען אָפּריכטן תפילות אינעם קרימעלעווער קאָשטשאָל.

וועגן קרימעלעוו געדענק איך פון די קינדער־יאָרן פאָלגנדיקס:

פון קרימעלעוו איז קיין זאַוויערטשע געקומען דער קרימעלעווער רבי, ועמענס זון איז געווען זאַוויערטשער רב ביז צו דער ליקווידאַציע. צום קרימעלעווער רבי׳ן פלעגן קומען חסידים פון ווייטע קאַנטן.

אין קרימעלעוו איז געווען אַ גרויסע יידישע ברויערײַ „בראָוואר נאַד וואַרטאַן״ די ברויערײַ האָט באַלאַנגט פון דור דורות צו דער משפחה ברעוודא.

לויט אלטע לעגענדעס איז קרימעלעוו מיט הונדערטער יאָרן צוריק נישט געווען קיין ישוב. איינמאָל איז אין דער געגנט געשטאַנען אויף דער וואַך אַ זעלנער, אַ קאַוואַלעריסט. זײַן פערד האָט פּלוצעם געגעבן אַ קאָפּע און פון דער ערד האָט געגומען אַרויסשטראָמען אַ קוואַל וואַסער. היות דער זעלנער האָט געהייסן

קראַמאַלאַו, האָט מען דעם ישוב וואָס איז אין דער סביבה איפגעקומען גערופן לויטן נאָמען פונעם קאָוואַלעריסט.

אינעם לעצטן פערטל פונעם 19־טן י״ה האָט זיך זאַווירטשע גענומען אַנטוויקלען אַלס וויכטיקע אינדוסטריע־שטאָט מיט אַ באַן־סטאַציע. קרימעלעוו איז געוואָרן הינטערשטעליק און געבליבן אַ קליין שטעטל.

מיט אַ סאַך יאָרן צוריק האָבן אין קרימעלעוו געלעבט זייער רייכע ייִדן, — גרויסע סוחרים און גוטסבאַזיצער.

פאַר מיינע צייטן זענען נאָך געווען די משפחות: 1. ר׳ טוביה פאָגעל, וועל־כער פלעגט האַנדלען מיט גרויסע פריצים פון דער גאַנצער געגנט; 2. ר׳ יוסף גאָלדמינץ, וועלכער האָט מיט זיין משפחה עמיגרירט קיין פראַנקרייך, נאָכדעם ווי ער האָט פאַרקויפט צו קריסטן זיינע גיטער און זיין איבריק פאַרמעגן. זיין משפחה לעבט נאָך עד היום אין פאַריז, אָבער ער גופא איז אומגעבראַכט גע־וואָרן דורך די דייטשע מערדער אין אַשוויענטשים.

מען פלעגט אויך דערציילן אַז דער עושר לעווינשטיין, וועלכער האָט גע־שטאַמט פון קרימעלעוו, האָט אויסגעהאַלטן דעם ייִדישן בית הקברות.

אין קרימעלעוו האָט יעדער ייִד געהאַט זיין אייגן הייזל, וואָס איז אים געקומען בירושה. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז על פי רוב געווען אַ פּויערישע, מיט אייגן פעלד אוןווירטשאַפט. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט זיך באַשעפטיקט מיט מלאכה און מסחר. ייִדן זענען אויך געווען סוחרים, בעלי־עגלות א. א. וו.

וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין קרימעלעוו געדענק איך, אַז דאָרט האָט זיך אין די 30־ער יאָרן געגרינדעט אַ רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי (מיט מאיר שוואַרץ בראש). אָבער צוליב מיר אומבאַקאַנטע סיבות, איז די פּאַרטיי אַ קורצע צייט שפּעטער איפגעלייזט געוואָרן. אַנדערע פּאַרטייען האָבן זיך נישט געגרינ־דעט. דעריבער איז אין קרימעלעוו נישט געווען קיין געזעלשאַפטלעך לעבן.

אויך אין קרימעלעוו האָבן די פּאָליאַקן ערב דער מלחמה פון 1939—1945 זיך מאָביליזירט. צווישן די מאָביליזירטע איז געווען אַן איינציקער ייִד: ר׳ טוביה פאָגעל, וועלכער געפינט זיך איצט אין ארץ־ישראל. זיין גאַנצע משפחה איז אומגעבראַכט געוואָרן אין אַשוויענטשים.



# דאָס אַלטע שטעטל קרימעלעוו

אין קרייז פון זאַוויערטשע געפינט זיך אַן אַלט קליין שטעטל קרימעלעוו. כמעט יעדער זאַוויערטשער תושב פון עלטערן דור האָט געשטאַמט פון אָט־דעם שטעטל.

פונעם קליינעם שטעטל זענען אויסגעוואַקסן רבנים און גרויסע פּערזענלעכקייטן: דער קרימעלעווער רבי און זיין זון, דער שפּעטערער זאַוויערטשער רב.

עס איז צו דערמאָנען די פאַמיליע ברעוודאַ, ווי אויך ר׳ חיים דאַנציגער, אַ ייד אַ הדרת־פּנים פון בערך 80 יאָר. אים האָבן די בלוטיקע היטלעריסטישע מערדער אַרויסגענומען אין מאַרק אַריין כדי אַלע זאָלן זען ווי זיי רייסן אים אויס די אַלטע גרויע באָרד. ער האָט נאָך דער דאָזיקער שפּל׳ער ברוטאַליטעט, אומאויפהערלעך געקלאָגט און געוויינט. איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז מקנא מיין פאָטער וועלכער איז געשטאָרבן אינעם יאָר 1936 אויף זיין אייגן בעט און מען האָט אים אחרי מותו אפּגעגעבן כבוד המתים און אים קובר געווען כדת וכדין. געקלאָגט האָט זיך ר׳ חיים הלמאי ער האָט נישט זוכה געווען און זיין גורל איז צו קומען אין די היטלעריסטישע מערדערהענט.

אין אונדזער שטעטל האָט אויך געלעבט הרב אלחנן דוד שידלאָווסקי מיט זיין גרויסער פאַמיליע, פון וועלכער עס איז געבליבן בלויז איין טאָכטער וואָס לעבט אין ישראל. די היטלעריסטישע מערדער האָבן אים געפּייניקט מיט יסורים און בזיונות: זיי זענען געקומען צו אים אין הויז אַריין. האָבן זיי אים יעדן טאָג אַריינגעזעצט אין אַ וועש־באַליע און געגאָסן אויף אים עמערס קאַלט וואַסער. דערנאָך האָבן זיי אים געהייסן אָנטאָן טלית און תפילין און אַרויסגיין אין גאַס בעטן צו גאָט. אין אַנוועזנהייט פון אַ פאַרזאַמלטן קריסטלעכן עולם האָבן זיי געמאַכט פון אים ליצנות.

אלע די אויסגערעכנטע און נישט־אויסגערעכנטע יידן פון קרימעלעוו, צווישן זיי מיין משפחה, האָבן די מערדער, בעת דער ליקווידאַציע־אַקציע אינעם זאַוויערטשער געטאָ, געשיקט קיין אַשוויענטשים. פון מיין משפחה זענען בלויז איך און מיינע צוויי ברידער לעבן געבליבן.

איך בין נישט אומשטאַנד אויסצורעכענען אַלץ וואָס די מערדער, האָבן אָפּגעטאָן ביי אונדז אין שטעטל. איך וועל געבן בלויז אַ פּאָר ביישפּילן: גלייך נאָך זייער אָנקומען האָבן זיי פאַרברענט די אַלטע שול מיטן בית־המדרש וואָס איז געווען געפּאַקט מיט טייערע ספרים. די ספרי־תורות האָב זיי גענומען אַלס דיוואַנעס אין זייערע קאָרידאָרן.

שמעון געלדנער

# א י מ ז ש י ג ל י ד

מיין קליין געבוירן־שטעטל אימזשיגליד (מזשיגלאַד), מיט איר קליינער יידישער באַפעלקערונג, האָט אַ שיינע פאַרגאַנגענהייט. דערפאַר שיקט עס זיך, אַז אויך אונדזער שטעטל זאָל באַצייכנט ווערן אינעם זאַוויערטשער "ספר זכרון".

אימזשיגליד איז איינס פון די שטעטלעך אין שכנות מיט זאַוויערטשע. אין דער אמתן איז אונדזער שטעטל עלטער פון זאַוויערטשע גופא.

אין אימזשיגליד זענען אַלע יידן געווען זייער געשעצט דורך די קריסט־לעכע איינוווינער. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ שול מיט אייניקע מנינים, אַ חזן, אַ שוחט. אויך דער פאַרעמבער שוחט, ר׳ העניך, האָט געשטאַמט פון אונדזער שטעטל און ביז צו זיין אַריבערגיין קיין פאַרעמבע האָט ער געוווינט אין אימזשיגליד.

דאָס שטעטל איז געווען פרום; יידישקייט איז געווען זייער שטרענג אָפּ־געהיטן סיי דורך עלטערע לייט און סיי דורך דער יוגנט.

פון די גאָר אַלטע איינוווינער זענען געווען טשעבינער און בוטניק. זיי זענען דערנאָך אַריבער קיין זאַוויערטשע און אויך דאָרט זענען זיי זייער באַ־ליבט געווען און געשעצט געוואָרן דורך די אָרטיקע יידן.

צוביסלעך איז זאַוויערטשע געוואָרן דער צענטער פון דער גאַנצער גע־גנט, — אויך אין לערנען. אַזוי, למשל, האָט דער בעל־קורא, ר׳ וואָלף שאַנצער, געלאָזט איינעם פון זיינע צוויי זין לערנען אין זאַוויערטשע.

דער נאַטירלעכער פּראָצעס פון קאָנצענטרירן זיך אין גרעסערע ישובים, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אימזשיגליד. בעלי בתים זענען אַריבער אויך אין אַנדערע שטעט, און נישט בלויז קיין זאַוויערטשע. אַזוי, למשל, האָבן דער אייגנ־טימער פון דער מאַרטשישאָווער מיל בנציון, און אַן אַנדערער אימזשיגלידער, איסר, זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו. פון אימזשיגליד איז אויך אַרויס דער חזן שענטאַל, אַ זייער אָנגעזעענער ייד, וועלכן מען האָט געקאָנט באַמערקן פון דערווייטנס צוליב זיין שוואַרצער באָרד. שענטאַל איז אין דער שול געווען פון תמיד אַן בעל שחרית און די מתפללים פלעגן שטאַרק לויבן זיין דאַווענען.

אויך דעם חזן שענטאַל׳ס זון, שמואל שענטאַל, איז אַריבער אַלס אַ חזן קיין דאָמבראָווע (דאָמבראָוואַ גורניטשאַ). דאָרט איז שמואל שענטאַל געווען זייער געשעצט דורך די מתפללים.

ר׳ שמואל קרייצער, וואָס איז געווען באַוווסט אַלס אָרנטלעכער און רייכער ייד, האָט געלאָזט אַלע זיינע קינדער לערנען אין זאַוויערטשע, ווו זיי האָבן זיך

שפעטער אויך באַזעצט. פונדעסטוועגן זענען זיי געווען זייער געבונדן מיט זייער אַפּשטאַם־שטעטל אימזשיגליד. זיי פּלעגן אָפט קומען אויף אַ באַזוך צו די עלטערן.

איינער פון ר׳ שמואלס קינדער, ר׳ איטשע, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גוטע מעלות, אַלס מליץ־יושר פאַר די זאַוויערטשער יידן. פאַר אים זענען אָפן געווען אַלע טירן פון די רעגירונגס־און מוניציפּאַל־אַנשטאַלטן אין דער שטאָט. האָט עמעץ געהאַט שוועריקייטן אין די אַמטן, האָט ער אַלץ פאַר אים געטאָן כדי אים צו העלפן. געטאָן האָט ער דאָס אַלץ, — נישט צוליב פּרנסה, נאָר לשם מצווה.

צוויי טעכטער פון ר׳ שמואל קרייצער, — חיה (העלא) און מלכה׳לע, — זענען געוואָרן אַנגעזעענע לערערינס אין זאַוויערטשע. די דריטע טאָכטער, חוה, וועלכע געפינט זיך ביים היינטיקן טאָג אין ישראל, איז אַוועק פון פּוילן בערך מיט 40 יאָר צוריק. איך געדענק ווי חוה איז מיט 30 יאָר צוריק געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן מיט איר קליין יינגעלע חנוך (ער פאַרנעמט היינט אַ חשובן אָרט ביי אַ פּראָדוקטיווער אַרבעט). בעת איר באַזוך האָט חוה נישט פאַרגעסן צו באַזוכן איר געבורט־שטעטל אימזשיגליד.

* *

מיין אימזשיגליד האָט זיך אויסגעלעבט אין דינען דעם בורא — ביים עמוד. אין מיין זכרון איז פאַרבליבן דער שטענדיקער קאַמף צווישן די מתפּללים וועגן חזקה אויפן עמוד. אין אונדזער שול פלעגט מען זיך רייסן צום ברעטל. פון צייט צו צייט פלעגט דאָס אַרויסרופן קאָנפליקטן צווישן די מתפּללים. איינער האָט דעם צווייטן נישט צוגעלאָזט צום עמוד דאַווענען. זיי האָבן דאָס געמיינט ערלעך. איך דערמאָן מיך די אימת הציבור פאַר די ימים־נוראים — ראש השנה און יום הכיפורים. שוין אַ סאַך טעג פאַר די ימים־נוראים האָט זיך געלאָזט מערקן דער „פּחד" פון די הייליקע טעג. איך דערמאָן מיך ווי עס האָט זיך געפאַרעט אין יענע טעג מיין אומפאַרגעסלעכער פאָטער, וועלכער איז געווען זיינע אַלע יאָרן גבאי אין דער שול. ער פלעגט פריער פאַר אַלץ קומען, — באַגלייט דורך אונדז, זיינע דריי זין, צום דאַווענען און ער פלעגט אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדענונג. ערב יום־כיפור פלעגט אַן אָרטיקער קריסט, — יאָר איין יאָר אויס, — באַזאָרגן פאַר אַן אָפּצאָל היי וואָס האָט געדינט צום אויסבעטן דעם באָדן פון דער שול, כדי מיר, מתפּללים, זאָלן קאָנען דאַווענען אין די זאָקן. אין דער שול האָבן שימערירט די ווייסע קיטלען. מען האָט זיך געגרייט צו כל־נדרי.

ווי נאָר עס האָבן זיך געהערט די ערשטע ווערטער פון כל נדרי, וואָס ר׳ איטשע שענטאַל האָט אַרויסגעזאָגט, האָט דער עולם אָנגעהויבן ציטערן און איבערחזרן די ווערטער פון דער הייליקער תפילה.

אימזשיגליד איז אויך געווען, טראָץ דער קליינער צאָל יידישע איינוווינער, אַ שטעטל פון בעלי־צדקה. האָט זיך ווער גענויטיקט אין וואַסער נישט איז הילף האָבן אים די היימישע יידן נישט געלאָזט פאַלן. אויך אָרעמע לייט האָבן געהאַט אין אונדזער שטעטל זייער אמת׳דיקע און וואַרעמע היים.

איך געדענק ווי מיין פאָטער פלעגט אָפט גיין שפּעט באַנאַכט אין שול אריין: טאָמער איז עמעץ געבליבן, חס ושלום, אָן אַ מקום־לינה.

האָט פּאַסירט אַז ער האָט דאָרט עמעצן געטראָפן, האָט ער אים גלייך צו זיך אַהיימגענומען צום איבערנעכטיקן. איך געדענק, ווי אורחים פלעגן צומאַרגנס, באַפרידיקטע פון אונדז אַוועק. אַזוי איז אויך געווען די מידה פון אַנדערע אימזשיגלידער בעלי בתים.

ווי מוראדיק און אומפאַרגעסלעך איז דער געדאַנק אַז די יידן פון מיין אימזשיגליד זענען אַזוי שוידערהאַפט און בעסטיאַליש פערלענדט און פאַרשניטן געוואָרן.






פארלענדט, דערשטיקט, פארשוועכט...

# פייער און אומקום
# אש וחדלון

# משירי השואה

אלכסנדר־שלמה דאַנציגער

## אַ ש

אַש, אַש... ווו נאָר אַ וואָלקן אין הימל
זע איך אַש. ווו נאָר אַ שטויבעלע אינעם אַוועק
זע איך אַש, — דאָס אַש פון אַלע נאָנטסטע אין געריםל,
אַש פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברודער, פריינט און חבר.

נאַציש פייער האָט זיי פאַרשלונגען־פאַרברענט
מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

עס רייסן זיך קולות. עס וויברירט אין געיאָמער די לופט
פון זייער לעצטן פאַרצווייפלט־תחנונים'דיקן אויסגעשריי.
פלוצעם — שאַ און שטיל. אַ סאָווע רופט.
אין אויסגייענדיקן באַגינען ווערט רויך און אַש, — פון זיי.

נאַציש פייער האָט זיי פאַרשלונגען־פאַרברענט
מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

אַש, אַש — אַש פון זייער קערפערלעכן איבערבלייב
האָבן ווינטן צעטראָגן אַרום און אַרום
ווו נאָר אַ ווינט און אַ שטורעם פּאַטשט אין מיין פענצטער־
שייב
הער איך זייער יאָמער, הגם זיי זענען טויט און זענען שטום.

נאַציש פייער האָט זיי פאַרשלונגען־פאַרברענט
מיט קליינע קינדער אויף די הענט.

אונדזער לעבן איז פּאָסנע איצט. ס'איז ניוועץ. וואָס טויגן
מיר אָן זיי?
איך געפין מיר קיין רו נישט. איך געפין קיין נחמה, —
בלויז אין גאָרגל ווערט דערשטיקט אַ קול, אַן אויסגעשריי:

נקמה. נקמה!

ש. ספיבק

# בהלך על פני חלד

מהלך על פני חלד, נטול בית וגג
מציץ לאחור, רווי געגוע והגיג, —
לבי עליך, עירי. בא שודד — רוצח והרג,
הבעיר אש, רמס. הותיר באפר אך זיק.

זיק של זכר לכל שקרם עור, בשר, גידים,
תוך המיית עדה, ששונה, יגונה ברחבי קרתא:
המון־עם — נאור ואדוק, פשוטי עם ונגידים.
יקרה מיקר, ערש נעורי, זבירציה על הוואַרטה!

מה טעם שמכונות לנוע לא חדלו? מה ערך לפיח
בוקע מארובות בתי ייצור בעיר?
חמק הכל, נותר אך הד. אין האגם. אין בפאַדזאַמטשע הצריח.
גם הפאַרק והשדרות אינם, כי אין מבקר שם הדור היהודי הצעיר.

צל ממרחק מגיח, פיח כבשוני אָשוויעצטשים מתמר לאף
כיתושו של טיטוס רשע: צור ישראל, את בית הכנסת השארת,
אך היכן יהודיך הקדושים, הנשים וטף
בזבירציה, העיר על פלגי הווארטה?

ווי אַ וואָגלער איבער ערד, אָן הויז, אָן דאַך, אָן שטוב,
וואָס קוקט טרויעריק צוריק, אין בענקשאַפט פאַרזונקען, —
באַוויין איך מיין שטאָט. געקומען אַ גזלן, געהרג׳עט,
געוואָרפן אין גרוב.
אַ פייער צעבושעוועט. צעטראָטן אַלץ. אין אַש געלאָזט
בלויז עטלעכע פונקען.

פונקען פון אָנדענק נאָך אַלץ, וואָס איז געווען פלייש און בלוט,
ביין און גליד,
אינמיטן פרייד־און טרויער־קולות, אין טעג און יאָרן, —
ליבע, האַרטע.
אַ סאַך יידן אין שטאָט געווען, — אָרעם און רייך,
אַ פרייער און אַ פרומער ייד.
מיין טייער שטעטל, יוגנט־וויגל, — זאַוויערטשע מיינס
אויף דער וואַרטע.

וואס טויג אַז מאַשינען באַוועגן זיך דאָרט איצטער?
דער רויך, — צוואָס?
צו וואָס־זשע די פאַרע, וואָס דרינגט פון אונדזער שטאָטס פאַבריקן?
אַז אַלץ איז פאַרביי. געבליבן אַן עכאָ בלויז. קיין סטאָוו נישט.
נישט פאַדזאַמטשער שלאָס.
אויך פאַרק און אַלייען נישט, — אויב יידיש יינגוואַרג
וואַרפט אויף זיי נישט חן־בליקן.

א שאָטן פון ווייטנס זיך יאַוועט. סאַדזע־רויך עקבערט
די נאָז אַצינדער
ווי דאָס מיקל פון טיטוס הרשע: גאָט אין הימל, די שול
האָסטו געלאָזט אַ פאַרשטאַרטע —
אָן יידן. ווו זענען זיי? ווו זענען דיינע יידן, — הייליקע, —
פרויען און קינדער?
ווו זענען זיי, די יידן פון זאַוויערטשע, דער שטאָט
אויפן קלאָרן טייכל וואַרטע?

אלכסנדר־שלמה דאַנציגער

## שטאָט פון מיין געבוירן

זאַוויערטשע, מיין שטאָט, — שטאָט פון מיין געבוירן,
קבר פון יידן־קדושים, פון היימישע, — מזבח פון מאַמע,
טאַטע, שוועסטער, ברידער.
מיט זיי האָב איך דאָס גאַנצע חיות מיינס, מיינע וואָרצלען
פאַרלוירן
און כ'קאָן מיך נישט פאַרוואָרצעלן ווידער.

מיין מאַמען — קיין אוישוויץ פאַרשלעפּט. מיין טאַטן און
שוועסטער — אין געטאָ פאַרשפאַרט.
דער זיידע אין אָגאָנעק, צו באַקומען פאַר די אייניקלעך
ברויט,
איז פון אַ דייטשן סאָלדאַט געקיילט געוואָרן ביז טויט,
בעת ער האָט, — מיט תחנונים־תפילות צו גאָט, —
אויף אַ נס געוואַרט.

פרעגט מיין קינד מיך: אבא,
ווו זענען מיין סבתא און מיין סבא?
וואָס זאָל איך אים זאָגן? ווי זאָל איך פאַרטייטשן
אַז גערצחנט האָט אַ פאָלק, — אַמאָל אַ פאָלק פון גרויסע
גייסטער, — דאָס פאָלק פון דייטשן?

זיי האָבן אויסגעטראַכט ווי „וויסנשאַפטלעך" צו פאַרלענדן
מיליאָנען יידן און מיליאָנען מענטשן סתם.
אָן מצבה, אָן איבערבלייב, אָן זכר, — מענטשן־לעבנס
צו פאַרשווענדן.
און די וועלט? זי האָט געהערט, געשוויגן, פאַרדייט עס, —
אָן פּראָטעסט און טאַראַראַם.

דוד לאנדוי ז"ל

# נ ק מ ה

ממעמקי האדמה הספוגה
מדם יהודים קדושים
מתפרצים קולות ובנות
קולות הקוראים —

נ ק מ ה !

להט השמים האדומים
מאש עיירות שעלו
על המוקד על יושביהן
עונה לעומתם —

נ ק מ ה !

רק שיר אחד יודעים
הכוכבים, אותם העדים
הנצחיים למעשים
שהיו ושמם

נ ק מ ה !

והים בזעפו ובקצפו
מטיח ראשו
בחופי סלעים
ו צ ו ר ח —

נ ק מ ה !

וכל היקום בעלבונו
וצערו שואג
ממכאוביו —

נ ק מ ה !

# „בצל הזוועה"

כבספרונו של „חיים" („בצל הזוועה". הוצאת המשמרת הצעירה למפא"י) מובא סיפורו של בחור יהודי מפולין על חיסול 3000 מיהודי זבירציה, שהובאו לאָשוויענטשים מ„אקציה" אחת. אם כי אין אפשרות לוודא מהימנותו של סיפור קצר זה, השאוב מכלי שני, נביא כמה קטעים.

„— — — 3000 יהודים. ראש הקהל, יהודי תם וישר, יהודי מכובד על עדתו, — אף הוא עמהם. והבאים — אנשי עבודה ברובם, כי לשם עבודה הובאו, כידוע. הן בתי חרושת חדשים נבנו כאן...

באו למקום, — ונצטוו בראש וראשונה ללכת להתרחץ ולהחליף בגדים. כבר בתחנה הקביל פניהם ראש המחנה ונאם לפניהם דברים חותכים על הצורך בנקיון והיגיינה, כיאות לפועלים במשטר החדש...

באו יהודים לפרוזדור של בית המרחץ. הציצו לתוך האולם הגדול והרחב, — ראו מזלפי מקלחת מותקנים בתקרתו ומערכת צנורות המצטלבים בה לאורך ולרוחב. לבם נקפם בכל זאת. ראש הקהל ניסה להרגיעם: „הן לא ייתכן שעדה שלמה בת 3,000 נפש תומת כאיש אחד. עד כדי כך לא יגיעו...

משעמדו היהודים בסירובם ונוגשי הס. ס. עומדים עליהם ומאיימים בנשקם, — קם ראש הקהל ואמר: „אחי, הלא אתם מכירים אותי, כל הימים הקשים בגיטו הייתי משרת אתכם באמונה ואף אתם רחשתם לי אימון. עשיתי הכל כדי למנוע אסון בידיכם... ואף עתה שלטו־נא ברוחכם, כי ידו של הצורר נטוייה. הנני ואלך למנהל המחנה ואמסור לו את חששותיכם".

כאן מוסר הסיפור כיצד ראש הקהל מסר למנהל המחנה על רחשי בני עדתו ועל חשדותיהם. המנהל שקיבל את ראש הקהילה באדיבות נשבע לו שלא יאונה להם כל רע, כי תחת חסותו הם ואך לעבודה באו. ראש הקהל מסר לבני עדתו את דברי ראש המחנה. כדי להפיג את פחדם הכריז ראש הקהל, שהוא ייכנס הראשון.

„וכך הווה" — ממשיך הספרון: — הראשון נכנס ראש הקהל ואחריו נהרו יתר בני העדה. תא הגזים שהיה מיועד ל־3,000 איש נתמלא כולו, — ומיד נסגרה מאחוריהם בכוח הדלת ההרמטית. כעבור דקה אחת פרצה מתוך „בית־המרחץ" יללה איומה פולחת כליות ולב...

כעבור 10 דקות, — ירדה דממה גדולה.

י. גרייצר

# במערבולת הימים והדמים

ביום פרוץ המלחמה לא הייתי במקרה בזבירצ׳יה, אלא — בקשר לאיזה ענין בלודז. בעיר זו היה, כידוע, מיעוט גדול של גרמנים, והילכך נתגלה בה, — ממש ביום פרוץ המלחמה — באופן בולט ביותר רקבונה של פולין ורקבון הצבא הפולני; במקום לבנות ולבצר מדינה וצבא עודדה אז ממשלת פולין אנטישמיות ברוטאלית לפי האופנה של שכנתה גרמניה. הבגידה פשתה איפוא בכל אתר ואתר. אפשר היה לראות כיצד היו ברחובות לודז׳ בוגדים למיניהם מאותתים לאוירונים הגרמנים, אשר עטו על העיר כדי להתקיפה, ואכן בעטייה של בגידה זו נפגעו לודז׳אים רבים כבר ביום פרוץ המלחמה.

ב־5 בספטמבר 1939 הודיע הרדיו בלודז׳ על יציאה כללית של כל הגברים לברזיני, לשם התיצבות לצבא הפולני. בהתאם לצו זה עזבו אלפי אנשים את העיר למחרת בבוקר. בעיר נשאר, כמובן, כל הגייס החמישי של ההיטלריסטים שהתכוננו לקבל בתרועת־גיל את פני הצבא הנאצי. כאשר הגענו לברזיני לא היה כבר זכר לצבא הפולני. אש והרס היה מסביב. דרך קשה ומיגעת עברה עלי ועל חברי לצרה עד שהגענו לוורשה.

על כל צעד ושעל ראינו במו עינינו את בגידת המנהיגים הפולניים דאז, — בגידה שהביאה להתפוררות הצבא והמערך הצבאי. ראינו נשק רב שהיה מונח ככלי ריק ונעזב בדרכים.

הגענו לוורשה כאשר טבעת המצור הודקה סביבה. החלו ההפצצות וההרס.



אויסזידלונג אויף פורן

לא היה באל ידה של וורשה הנצורה, שנשארה אי בודד ועזוב, לעשות רבות למען הגנתה.

עד לכיבוש וורשה ישבתי, בצוותא עם פולנים, בבונקר שברחוב קרמליצקה. ההפצצות היו איומות. האוכל היה זעום והיה צריך להתרוצץ למען השג מעט מזון. בוורשה היה אז רווחות שמועות כי הצבא הסובייטי, בהנהגת הגנרל סוסנקוב־סקי, עולה על העיר. הפולנים ציפו בהתלהבות לבואם של הרוסים, לשם פריצת טבעת המצור סביב וורשה. מיום ליום נעשה המצב הלוך ורע. נפסקה אספקת החשמל והמים. הרעב החל להציק. מרוב כפן היו אוכלים בשר סוסים (הסוסים נהרגו ע״י פגזים). מחלות פרצו מרעב ומהסאניטאציה הירודה.

בכל המחזה הזה של חוסר־אונים, בגידה וקלות דעת היו גם בימים טרופים אלה כמה גילויי־גבורה מצד הצבא הפולני: פה ושם הופלו אוירונים ונלקחו שבויים גרמניים. הייתי נוכח עת הפיל חייל פולני, ביריות מרובה רגיל, אוירון גרמני. מתוך האוירון שהיה נאלץ לחנות, הוצאו שני טייסים גרמניים, — שניהם בלונדיים, גבוהים גלויי־ראש, ההמון הסתער עליהם בריתחה. נשים פולניות ירקו עליהם. אך בקושי חילצו אותם אנשי המשטרה מידי ההמון הנרגז והעבירום לבית הסוהר המפורסם „פאוויאַק״.

מפקדת העיר וורשה החליטה אז לא להיכנע, אף באם הדבר יגרור אחריו הרס העיר. המונים גוייסו לעבודת־ביצורים ולניקוי רחובות. גם אני הייתי בין המגוייסים לעבודה.

רושם רב השאירו הנאומים הנלהבים של סטאַזשינסקי, אחד מאישי הצמרת הפולנית בימים אלה. איש זה, שהיה דימוקרט ואדם ישר־מידות, רשם אחר־כך בתולדות וורשה שבתקופת הכיבוש הגרמני, פרק עילאי של גבורה ועמדה ללא־חת.

נחושה היתה, איפוא, ההחלטה להחזיק בוורשה ויהי־מה. אולם לפתע באה תהפוכה: המפקדה החליטה להיכנע לגרמנים. העיר נותקה ממוקשים, החיילים זרקו נשקם. נעלמו המטרסים (הבאריקאַדות) מהרחובות. כוחות הצבא והמשטרה הפולניים הלכו מרצונם לשבי וכל הפליטים נצטוו לחזור לבתיהם ולמקומות מגוריהם. נחרתה בזכרוני ולא אשכח לעולם כניסתו הגאוותנית והשחצנית של הצבא הנאצי לוורשה, שהתחיל בו ביום בתעלוליו נגד היהודים.

בפרברי וורשה נאספו עשרות אלפי פליטים והובלו לפרושקוב. משם הוגלו תוך ייסור ואלימות, למקומות שונים. אם זכורני אינו מטעני רוכזו אלה אחר כך ביאַבלונקה.

לאחר הגליה זו עזבו אותנו לנפשנו. חזרתי איפוא ללודז׳. בלודז׳ קבלתי רשיון־יציאה מהעיר. החלטתי לחזור הביתה. נזדמן לי להשיג מקום ברכבת־משא שהיתה בדרך לזגלמביה וכך חזרתי לזבירציה.

דאָרט זענען מיר געוואָרן איבערגעפירט אַלס שווערע פאַרברעכער און מען טוט אונדז אָן ווי אַרעסטאַנטן, אין נומערירטע מלבושים פון אַ שטאָף מיט גרינע און ווייסע פּאַסן. דער קאָפּ ווערט אונדז אָפּגעשוירן. אין דערמיט פונעם קאָפּ־שייטל ראַזירן די נאַציס אונדז אויס אַ שמאָלן פּאַס אַלס קען־צייכן. די בלאָקן זענען געווען ארומגעצוימען מיט טאָפּלטע עלעקטריזירטע שטאכל־דראָטן און ארומגערינגלט מיט שטרענג ־ באוואכטע טורעמס. ביינאכט איז דער לאגער געווען באלויכטן מיט רעפלעקטאָרן.

מען פירט אונדז יעדן טאָג צו דער ארבעט, שטארק־באוואכט, די ס. ס. לייט שלאָגן אונדז — אויסגעמוטשעטע שוין פון די פריערדיקע לאַגערן. פּאַמעלעך צאנקן א סאך פון אונז אויס, ווייל זיי קאָנען נישט אדורכהאלטן די יסורים. אויף אזא אופן שטארבט, נעבעך, אונדזער שטאָטישער לאנדסמאַן איטשע גרייצער — שוין הארט פאר די גאולה, בעת די דייטשן האָבן זיך שוין געפינען אין פאנישן ריקצוג.

דאָס איז געווען סוף 1944, בעת די דייטשע אַרמיי ציט זיך צוריק פון די רוסישע פראָנטן. דאָס לאָזט זיך מערקן ווייל דער לאַגער־פירער מיט זיינע מענטשן הויבן אָן פונדאָסניי אונדז צו פייניקן און ווייל מען האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט אונדז אַ ספּעציעלן לאַגער־ספּאָרט. מיר ווערן פאַרמאַטערט און מיר פאַרלירן דעם חשק צום לעבן. פון טאָג צו טאָג ווערט ערגער, מען פאַרקלע־נערט אונדז די פּאָרציעס עסן. אַ סאַך שטאַרבן פון הונגער.

1945 בעת די רוסן האָבן זיך דערנענטערט צום קאנט ווו אונדזער לאגער האָט זיך געפינען האָט מען אונדז פארשיקט קיין בוכנוואלד. אויפן וועג שטארבן ווידער אויס א סאך פון די לאגער ־ אינטערנירטע. ציגלער, חיים אַלמערס אידים ווערט דערשאָסן דורכן לאגער־פירער, ווייל די דייטשן האָבן אים געפאקט ווי ער אנטלויפט פונעם טראנספּאָרט קיין בוכנוואלד.



## דער לאַגער פאַר פּאָליטישע אין בוכנוואַלד

אַריינקומענדיק אין לאַגער ווערט גלייך אַוועקגענומען פון די אָנפירער די גומענע שטעקנס דורך די פּאָליטישע געפאַנגענע. מען פירט אונדז אַדורך דורך די ס. ס.־לייט אין איין גרויסן זאל. דאָרט פאַרזאַמלען זיך, אין די טויזנטער, די רעשטלעך, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן אַלע לאַגערן.

עס איז געווען ביז־גאָר גרויליך: דאָס קרעכצן פון די קראנקע, דער געשטאנק פון די טויטע קערפּערס, וועלכע ליגן איינער אויפן אנדערן. אינעם לאַגער געפינען זיך איצט אַ סאַך זאַוויערטשער, אָבער עס איז שווער זיי צו דערקענען, — אזוי צוזאמענגעבראָכן זענען זיי.

עס פאַרשפּרייטן זיך קלאַנגען אַז די מלחמה האָלט זיך ביים ענדיקן, דערפאַר ווערט מצד די „אַלט־איגזעזעסענע" בוכנוואַלדער, — די פּאָליטישע לאַגער־אינטערנירטע, — אַלץ געטאָן כדי צו פאַרמיידן פּראָוואָקאַציעס און אומזיסטע קרבנות. די פּאָליטישע געפאַנגענע געבן צוויסן אַלעמען, — און באַזונדערס אונדז, די אָקאָרש געקומענע קיין בוכנוואַלד, אַז מען זאָל זיך רויִק פאַרהאַלטן. ווייל די ס. ס.־לייט מאַכן צוגרייטונגען כדי צו פאַרלאָזן בוכנוואַלד, און די געפאַנגענע גופא נעמען איבער די פירונג פונעם לאַגער. עטלעכע קילאָמעטער פון בוכנוואַלד געפינען זיך שוין די אַמעריקאַנער. די נאַכט פאַלט צו. דורך די פענצטער זעט מען די רעפלעקטאָרן פון די אַמעריקאַנער. עס הערן זיך קאַנאָנען־שאָסן. יעדער איי־נער וואַרט אומגעדולדיק אויף די באַפרייאונג. דערווייל שטאַרבן אין דער נאַכט אויס און פאַלן אין חלשות הונדערטער מענטשן. עס איז קיין טראָפן וואַסער נישטאָ צו דערמונטערן די פאַרחלשטע. יעדער קעמפט אין אָט־דעם אַנטשיידונגס־מאָמענט אַז ער זאָל זיך דערהאַלטן ביים ביסל לעבן און זוכה זיין צו דער באַלדיקער באַפרייאונג.



דער לעצטער טויט־מאַרש פון בוכנוואַלד

אָבער צומאָרגנס דערלעבן מיר אַ שרעקלעכע אַנטוישונג: ס. ס. שלעפּט אונדז אַרויס פונעם לאַגער און צווינגט אונדז ווידער צו מאַרשירן, — דאָס מאָל מיט זיי אינעם ריקצוג־מאַרש. דאָס איז דער לעצטער טויט־מאַרש פון בוכנוואַלד. איבער דריי טויזנט מאַן גייען אין מאַרש. די ס. ס. שיסט ווידער אין אונדז. מענטשן פאַלן. עס מאַכט זיך אַ געלויף. יעדער שטופּט זיך אין די ערשטע ריי. אַ סך פּרווון צו אַנטלויפן אין די וועלדער. די ס. ס. הייסט זיך אויסשטעלן אין רייען פון 5 מאַן. אויך דאָס העלפט נישט. דער גערודער איז זייער שטאַרק. די ערשטע רייען ווערן דערשאָסן פון די ס. ס. די הונט בייסן.

אויפן וועג זענען אויסגעשאָסן געוואָרן בערך 200 מאַן.

מען האָט געזען באַשיימפּערלעך אַז אויף אָט־דעם מאַרש וועלן מיר פאַר־לירן דאָס לעבן.

אויפן וועג באַגעגן איך אַ זאַוויערטשער, ישראל קאָראָנאַ. ער איז צעבראָכן, — קוים ער שלעפּט זיך. אַזוי האָבן אים די ס. ס. צעשלאָגן. איך נעם אים ביי דער האַנט און פיר אים אין די פאָדערשטע רייען. ער גייט מיט אונדז נאָך 3 טעג. אָבער בעת ער איז צוגעלאָפן צו אַ קוואַל טרינקען אַביסל וואַסער, ווערט ער דערשאָסן.

די רייען פון די מאַרשירנדיקע ווערן וואָס אַמאָל שיטערער. איך פיל אַז איך וועל צוזאַמענברעכן, אויב עס וועט מיר אויסקומען אויך צו מאָרגנס צו גיין אינעם מאַרש, וועל איך פאַלן אַ קרבן, — פיל איך.

די נאַכט פאַלט צו און מיר בלייבן נעכטיקן אין אַ דאָרף. מיר געפינען זיך אין אַ פאַרמאַכטער סטאַדאָלע. אינדרויסן האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַקס־רעגן. מיר האַלטן זיך 4 מאַן צוזאַמען און מיר שמועסן זיך אָפּ צו אַנטלויפן. אָבער די חברים באַקומען דערנאָך חרטה און זיי זאָגן אַז עס איז בעסער צו וואַרטן ביז אינדערפרי

מיר לייגן זיך שלאָפן. אָבער דער געדאַנק ציט מיך צום אַנטלויפן.

איך לאָז איבער אַלץ ביי מיינע חברים, און איך זאָג זיי, אַז איך גיי אַרויס זען צי עס איז פאַראַן אַ וועג צו אַנטלויפן. קום איך נישט גלייך צו־ריק, — זאָל עס זיין אַ סימן אַז איך בין אַוועק.

איך גיי צו צום וואַכמאַן און בעט אים ער זאָל מיר דערלויבן אַרויס־צוגיין אויף הצטרכותן. ער מאַכט מיר אויף די טיר, ער וויזט מיר אָן דעם אָרט און גייט צוריק אויף זיין פּלאַץ. נישט ווייט פונעם דאָרף, וווּ מיר האָבן איבער־נאַכטיקט געפינט זיך אַ וואַלד צו וועלכן איך לאָז מיך לויפן. עס הערן זיך עטלעכע שאָסן, אָבער איך לויף ווייטער. דער רעגן האַלט אין איין פאַלן. איך בין אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז איך בין אַוועקגעפאַלן, און אַ מידער, איינגעשלאָפן.

אין דערפרי האָב איך מיך אויפגעכאַפּט, אַ דורכגעווייקטער, און אַ צו־בראַכענער. איך נעם זוכן אַ וועג.

איך געפין אַ שמאָלן וועג. פונדערווייטנס זע איך אַ געצעלט. איך ווייס נישט וואָס איך האָב צו טאָן. אָבער איך באַשליס אַריינצוגיין, — אפילו איך וועל זיין אַ קרבן.

איך קום צו צום געצעלט, און איך טרעף דאָרט שלאָפן ציוויל־לייט. זיי כאַפּן זיך אויף פונעם שלאָף. ווער איך געווויר, אַז דאָס זענען געווען פּוילישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דייטשלאַנד.

זיי נעמען מיך אַריין אין געצעלט. איך באַקום פון יעדן פון זיי אַביסל זאַכן צום אָנטאָן זיך. זיי ברענגען מיר אויך עסן פון זייער לאַגער, — אַביסל געקעכטס.

דערנאָך גייען זיי אין זייער לאַגער צו די אַרבעט, איך בין, אַלזאָ, גע־בליבן איינער אַליין אינעם געצעלט ביז פאַרנאַכט.

פאַרנאַכט קומט צו מיר איינער פון דער חברה און ער זאָגט מיר, איך זאָל מיט אים מיטגיין. נישט ווייט פונעם געצעלט וווינט אַ דייטשער פויער. זאָל איך אַריינגיין און אים בעטן אָן אָרט צום נעכטיקן.

איך בין געגאַנגען מיטן פּוילישן אַרבעטער. אַריינקומענדיק אין שטוב באַ־מערק איך דאָרט 3 דייטשע מיליטער־לייט. איינער פון זיי רופט מיך אַוועק און ער זאָגט מיר איך זאָל אויסטאָן דעם קאַצעט־מונדיר, וועלכן מען האָט אַרויסגעזען פון אונטער די נייע מלבושים. זיי זאָגן מיר אַז ס. ס.־לייט קומען

אַהער נעמען עסן. אויב זיי וועלן מיך באַמערקן אין אַ קאַצעט־מונדיר, וועלן זיי מיך דערשיסן.

דער מיליטער־מאַן האָט מיר גלייך געבראַכט אַ ציוויליסטן־העמד, ווי אויך ראַזיר־כלים צום ראַזירן זיך. איך וואַש מיך אַרום. דער פויער מאַכט מיר עפּעס צום עסן, ווי אויך אַ געלעגער אין שטאַל, צום שלאָפן. איך וואַרעם מיך גוט אַדורך.

אין דערפרי האָט מיך דער פויער אויפגעוועקט און ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך מוז אוועק, ווייל דאָס מיליטער ציט זיך צוריק און זיי קאָנען מיך זען. ער גיט מיר מיט אַביסל עסן און איך גיי ווידער אין וואַלד אַריין.

אַ פּאָר שעה שפּעטער הויבן זיך אָן שיסערייען, וועלכע דויערן אַ גאַנצן טאָג.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. איך גיי צום זעלבן פויער און איך בעט אים ער זאָל מיך נאָך איינמאָל לאָזן איבערנאַכטיקן. איך בין שוין דרייסטער צו אים און איך פרעג אים ווו מיר געפינען זיך.

ער האָט מיר געזאָגט אַז די אַמעריקאַנער געפינען זיך 10 קילאָמעטער פונעם דאָרף. האָב איך, טאַקע, געהאָפט אַז ביז אינדערפרי וועלן די אַמעריקאַנער שוין זיין אין דאָרף.

אינדערפרי וועקט מיך דער דייטשער פויער ווידער אויף, האַלטנדיק אַביסל עסן אין האַנט, איך פרעג אים וואָס עס הערט זיך. זאָגט ער מיר, אַז די אַמעריקאַנער האָבן שוין אָנגעהויבן אַ צווייטן פראָנט.

איך בעט דעם דייטש ער זאָל מיר ווייזן דעם וועג צו די אַמעריקאַנער. ער ווייזט מיר דעם וועג צו די שטאָט נוינבורג. דאָרט געפינען זיך די אַמעריקאַנער.

דאָס איז געווען 4 טעג פאַר דער באַפרייאונג.

8.1.45 ענדיקט זיך דער קריג. מען הויבט אָן זוכן די קרובים, איינצעלנע, צעבראָכענע, איבערגעבליבענע רעשטלעך פון אונדזער שטאָט. אָבער, ליידער, דערוויסט מען זיך דעם שוידערלעכן אמת:

נישטאָ מער די זאַוויערטשער באַפעלקערונג, נישטאָ מער די קינדער וואָס פלעגן קויפן אין די יידישע שולן. נישטאָ מער די מוטערס, וואָס פלעגן לויפן איינקויפן אויף שבת. נישט די פאָטערס וואָס פלעגן גיין מיט זייערע קינדער אין שול אַריין. דאָרט הערט מען נישט מער דעם חזנ'ס קול. עס איז נישטאָ מער די שיינע יוגנט פון זאַוויערטשע.

אַלץ איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך פון די קוימענס אין אַשוויענטשים, בירקענוי, מיידאַנעק, טרעבלינקע.



**יואל גרינקרויט**

# חורבן זאַוויערטשע

22־טער יתי 1941. די ידיעה וועגן אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אינעם זאַוויערטשער געטאָ. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז דאָס וועט אָפּלענקן די נאַציס פון זייער מאָרד־וואַקכאַנאַליע קעגן יידן. האָבן מיר, טאָקע, באַלד דערלעבט אַ ביטערן טעות. ליידער איז אין זעלבן אָוונט פון 22־טן יוני געקומען אויפן געטאָ אַ גרויסע צרה: אַ געיעג אויף לינקע עלעמענטן און אַרעסטן פון כלומרשטע לינקע.

פאַקטיש איז פאַר יעדן קלאָר געווען, אַז וויבאַלד דער סאָוויעט־דייטשער פלירט האָט זיך פאַרענדיקט, — וועלן די נאַציס מאַכן ווילדע אָבלאַוועס אויף לינקע. האָבן, טאָקע, די יעניקע אויף וועלכע דאָס היטל האָט געברענט, אָדער וועלכע האָבן געהאַט אַ גרונט צו מיינען אַז מען וועט זיי פאַרדעכטיקן אין לינקע אָריענטאַציע, — זיך באַצייטנס אויסבאַהאַלטן.

עס וויזט, אָבער, אויס אַז די געסטאַפּאָ האָט געמוזט געבן דער העכערער שטורם־קאָמאַנדאָ פון יעדער שטאָט אַ באַשטימטע קוואָטע. היות אין זאַוויערטשע האָבן זיך די לינקע באַצייטנס אויסבאַהאַלטן, — האָבן די געסטאַפּאָווצעס אַרעסטירט סתם יונגע מענטשן, — 7 יידישע בחורים פון זאַוויערטשע, וועלכע זענען געווען ווייט פון לינקער אָריענטאַציע, ווי עס איז ווייט הימל פון ערד. צווישן די אַרעסטירטע זענען אויך געווען אַ סך פּאָליאַקן, וואָס די דייטשן האָבן חושד געווען אין לינקע אָריענטאַציע.

* *

צווישן די אַרעסטירטע 7 יידן איז געווען מיין צווילינג־ברודער יהודה־יידל, וואָס איז געווען גאַנץ ווייט פון קאָמוניזם. ער איז גאָר געווען אַן אַקטיווער חבר אין בית״ר. דאָס איז געווען אַ גרויסע טראַגעדיע פאַר אונדזער משפּחה. מיר האָבן פּשוט נישט געוווסט וואָס צו טאָן כדי אים צו ראַטעווען. צווישן די סתם־אַזוי אַרעסטירטע 7 יידישע יינגעלייט זענען אויך געווען יאָסל וואַרטסמאַן, שטיבל, קרעלבוים און אַנדערע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

אונדזערע באַמיאונגען וועגן ראַטעווען דעם ברודער האָבן נישט געהאָלפן. די נאַציס האָבן די אַרעסטירטע געקאַטעוועט און געריצט אויף זיי זייערע ווילדע הינט, וואָס האָבן זיי מערדערלעך צעביסן. מיר, ברידער און שוועסטער האָבן געוווסט דעם ביטערן אמת, אָבער די עלטערן האָבן מיר וועגן דעם נישט געזאָגט .מיר האָבן זיי דערציילט, אַז די אַרעסטירטע האָט די געסטאַפּאָ געשיקט אין אַ תפיסה קיין אָפּעלן.

3 טעג נאָכן אַרעסטירן יידלען האָבן מיר באַקומען אַ טעלעגראַם אַז ער איז געשטאָרבן. די דייטשן האָבן זיך דעמאָלט נאָך געפירט פאַרמאַליסטיש. שפּע־טער האָבן זיי אפילו אַזאַ פאָרמעלע זאַך, ווי אַ מעלדונג, נישט געשיקט.

נאָך 2 וואָכן זענען צוריקגעקומען יידלס מלבושים. אַ מזל אַז דאָס פּעקל איז אריינגעפאַלן אין מיין ברודערס האַנט און נישט אין די הענט פון די עלטערן.

אין משך פון 2 יאָר, — פון יוני 1941 ביז דער לעצטער אויסזידלונג אין אויגוסט 1943, — פלעגט מיין מוטער שטיין גאַנצע נעכט ביים פענצטער און וואַרטן. אַז מען פלעגט זי בעטן זי זאָל גיין שלאָפן, פלעגט זי זאָגן: „אָט איז אָנגעקומען אַ צוג, אפשר קומט יידל. ווען אים די זשאַנדאַרן נישט כאַפּן אויב עמעץ וועט, באַלד ווי ער וועט רופן, עפענען אים דאָס טויער".

אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען אין אַ סאַך אַנדערע משפחות, אָבער זיי זענען געוווּר געוואָרן אַביסל שפּעטער וואָס עס איז געוואָרן פון זייערע אַרעס־טירטע זין און ברודערס.

* *

אַפּריל 1942 ערשטע אויסזידלונג. עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן אויס־זידלונגען אין אַנדערע געביטן (לובלינער רעזערוואַט), הגם מיר האָבן שוין גוט געוווּסט אַז אין וואָלינער קאַנט פירן די נאַציס אַדורך מאָרד־ליקווידאַציעס.

4 וואָכן פאַר דער ערשטער אויסזידלונג אין זאַווירטשע, זענען געקומען אין שטאָט אַריין 2 פאָרשטייער פונעם „פעלד־באַקליידונגס־אַמט דער לופט־וואַפע": לייטענאַנט גאַבריך און הויפּטמאַן טייכערט. זיי האָבן אָנגעהויבן אָר־גאַניזירן אין דער פאַבריק ט. א. ז. פאַרשיידענע שאַפּן פאַר באַקליידונגס־אויס־אַרבעטונגען, וואָס איז נויטיק געווען דער לופט־וואַפע. אין דער פאַבריק גופא האָבן זיי די מאַשינען דעמאָנטירט און אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד. אַ טייל מאַשינען האָבן זיי צעבראָכן.

אין די האַלב־ליידיקע פאַבריקס־זאַלן האָבן זיי געשאַפן פאַרשיידענע וואַרשטאַטן.

מאַי 1942 עס קומט פאַר די ערשטע אויסזידלונג פון 2,000 יידן.

איך האָב שוין געוווינט ביי מיין שווער, אברהם קאָניעצפּאָלסקי. דאָרט זענען אין אַ פּאָר פלעצער געשאַפן געוואָרן דורך יינגעלייט עטלעכע בונקערס, כדי זיך דאָרט צו ראַטעווען און אויסבאַהאַלטן זיך פון דער אויסזידלונגס־אַקציע.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ הויז־קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט די אויפ־גאַבע צו היטן אויף די דעכער צי די געסטאַפּאָווצעס דערנענטערן זיך נישט צום הויז.

אַ נאַכט פאַר דער אויסזידלונג האָבן מיר געוווסט אַז אַלע מוזן אַריין אין די בונקערס. אין הויף איז די בהלה געווען גרויס. דאָרטן האָבן אין יענער צייט זיך אויפגעהאַלטן 48 פאַמיליעס (114 נפשות), אַנשטאָט 12 פאַמיליעס אין נאָר־מאַלע צייטן. עס זענען געווען פרויען, מענער און קינדער. מיר האָבן גערופן דער עולם זאָל גיין אין די בונקערס. מיר האָבן דעם עולם געוויזן ווו די בונקערס זענען, אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט נעמען אויף זיך די אחריות און אָנווייזן גענוי אין וועלכן בונקער יעדער זאָל אַריין.

עס זענען געווען 2 צווישנפאַלן אין צוזאַמענהאַנג מיטן גיין אין די בונקערס.

דער ערשטער צווישנפאַל איז געווען מיט ר׳ שימעלע קאַרניצער. ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט אַראָפּ אינעם בונקער. זיין פרוי האָט געהאַלטן אין איין בעטן אונדז, יינגע, אַז מיר זאָלן משפיע זיין אויף אים, — אויב נישט מיט גוטן, טאָ מיט כוח. ליידער האָבן מיר זיך געמוזט באַנוצן מיט כוח כדי אים אַראָפּצושלעפּן אין בונקער אַריין.

דער צווייטער צווישנפאַל איז געווען מיט ר׳ יוסף שמעון מאַלץ. נישט בלויז אַז ער גופא האָט נישט געוואָלט אַראָפּגיין אין בונקער, נאָר ער האָט אפילו נישט דערלויבט זיין פרוי און קינדער אַראָפּצוגיין.

אין יענעם טאָג איז די פאַמיליע מאַלץ געווען די איינציקע יידישע פאַמיליע אין אונדזער הויז וועלכע די נאַציס האָבן אַוועקגעשיקט מיט דער אויסזידלונג.

צומאָרגנס נאָך דער אויסזידלונג האָבן זיך אַרום די בונקערס געדרייט זשאַנדאַרן און ס. ס.־לייט. זיי האָבן געניסטערט און שפּיאָנירט. אָבער דער עולם אין אונדזער בונקער האָט זיך אויפגעפירט ביז גאָר דיסציפּלינירט און לייטיש. זיי האָבן די בונקערס נישט אַנטדעקט.

בונקערס פלעגן זיין פאַרשיידענע: קעלערס, מאַגאַזינען, פאַרמויערטע שטיגן־געגנג א. א. וו. וועגן די יידן וואָס די נאַציס האָבן קאָנצענטרירט אויפן מאַרק און דערנאָך אַוועקטראַנספּאָרטירט האָט מען תחילת נישט געוווסט וווהין מען שיקט זיי. אָבער נאָך אַ פּאָר טעג האָבן מיר זיך, ליידער, דערוווסט אַז מען האָט זיי געשיקט קיין אַשוויענטשים.



אַ פּאָר ווערטער וועגן די דײַטשע ווערמאַכט־אָפיצירן טײַכערט און גאַבריך. אײנעם טאָג פון דער אַקציע זענען זײ אַרױס אויפן נײַעם מאַרק. זײ זענען צוגעגאַנגען סתם צו ײדישע ײנגעלײט װעלכע זײ האָבן אפילו נישט גע־קענט און געזאָגט: „וואָס שטייט איר דאָ? איר אַרבעט דאָך בײַ אונדז אין דער לופטוואַפע?".

אַזוי, למשל, האָבן זײ געזאָגט מײַן קוזין פּיניע: „דו ביסט דאָך אַן עלעקטריקער בײַ אונדז, וואָס שטײסטו דאָ?".

עס זענען געווען צענדליקער אַזעלכע פֿאַלן.

דאָך זענען טײַכערט און גאַבריך, בײַ זײער בעסטן ווילן, געווען אָנ־מעכטיק לגבי דער געסטאַפּאָ און ס. ס. באַנדעס, וועלכע האָבן בלוטיק געבו־שעוועט אין שטאָט, געשאָסן סתם, געלאָזט הינט בײַסן אומשולדיקע ײדן, גע־שענדעט און געשלאָגן מיט קאַנטשיקעס, און געטאָן נאָך און נאָך בעסטיאַלישע מעשים.

דעם אמת מוז מען, אָבער, זאָגן אויך בנוגע רײַקן, טײַכערטן און גאַב־ריכן און די אַנדערע ליבעראַלע נאַציס, אַז ײדישע „מתנות" האָבן אויך זײ נישט אָפּגעוואָרפן. דאָך האָבן זײ געטאָן אַלץ כדי צו ראַטעווען ײדן, — אפשר, ווײַל זײ האָבן געהאַלטן אַז ײדן זענען גוטע אַרבעטער. אָבער פון דער צווײטער זײַט זענען געווען אַסאַך פֿאַלן פון הילף מצד טײַכערט און גאַבריך, אין וועלכע „מתנות", אָדער דער אַרגומענט פון אַרבעטס־פּײַאיקײט פון די געראַטעוועטע, האָבן נישט געשפּילט קײן ראָליע.

מיט דער הילף פון די 2 אָפיצירן, זענען ווי ווײַט מעגלעך וואָס מער אַרײַנגעצויגן געוואָרן ײדן צו אַרבעט אין דער לופטוואַפע. די אַרבעט האָט זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. געניטע שנײַדערס, אָדער שנײַדערס בכלל זענען נישט געווען אַזוי פיל וויפל דער שאַפּ האָט נויטיק געהאַט. האָט מען טאַקע אַרײַנבאַקומען צו דער אַרבעט אויך נישט־שנײַדערס (מענער און פרויען). למשל, אויף 6 שנײַדער האָבן געאַרבעט 30 נישט־שנײַדערס.

אַזוי אַרום זענען מיר אָנהויב 1943 דערגאַנגען דערצו, אַז בערך 2500 זאַוויערטשער ײדן האָבן געאַרבעט אין דער לופטוואַפע.

מיר פלעגן אַרויסגײן אינדערפרי אין געשלאָסענע קאָלאָנעס און אַזוי פלעגן מיר אויך צוריק און געטאָ אַרײַן.

אין דער צײַט פון 1942 ביז 1943 האָבן די נאַציס געמאַכט פאַרשײדענע אַקציעס. עס זענען געווען „אַרבעטס־אײַנזאַצן" און אויסזידלונגען. טאָג־טעגלעך, און נאַכט בײַ נאַכט, איז אונדזער בלוט געצאַפּט געוואָרן. ווי נאָר עפּעס אַ שיסערײַ, אַ בילן פון הינט, — האָבן מיר געמײנט אַז עס קומט אַ נײַע צרה. און צרות האָבן נישט געפעלט.

אינעם חודש מאי 1943, נאָכן אויפשטאַנד פונעם וואַרשעווער געטאָ, האָבן די נאַציס געמאַכט אַן „אַקציע" פון זוכן כלומרשט געווער. פאַרשטייט זיך אַז אין אַזאַ אַקציע זענען תמיד געווען 100—150 קרבנות, — געהרגעטע און פאַרשיקטע אין די גאַז־קאַמערן. דאָך איז ביז דער 2־טער אויסזידלונג פאַר די פאַרבליבענע נאָך דער ערשטער „אויסזידלונג" געווען טאַקע אַ שווער לעבן, אָבער עס זענען נישט געווען קיין באַזונדערע דערשיטערונגען. ראַטער איז, טאַקע, געווען אַ סאַדיסט וואָס האָט זיך אַריינגעגריזשעט אין די ביינער פון די פאַרשפּאַרטע אין זאַווערטשער געטאָ. ווער עס איז געפאַלן פון זיין האַנט, — איז געפאַלן, אָבער אויך ער האָט נישט דערשיטערט דאָס אַלגעמיינע יידישע לעבן אין זאַווערטשער געטאָ, — ביז עס זענען געקומען די אומגליקס־טעג פון אויגוסט 1943.

פאַר ראַטערן איז געווען געסטאַפּאָ־שעף אין זאַווערטשע, איינער אַ נאַצי מיטן נאָמען פאַלטער. דער איז געווען מער ליבעראַל ווי ראַטער. באַלד האָט מען אים אַוועקגעשיקט אויף אַן אַנדערן אַמט און מען האָט געשיקט אַ סאַדיסטישן באַנדיט קיין זאַווערטשע.



אויסזידלונג אין זאַווערטשע

24־טער אויגוסט 1943

4 אַ זייגער נאָכמיטיק האָבן מיר ביי דער אַרבעט אין דער לופט־וואַפע באַקומען אַ ידיעה אַז „עס מאַכט זיך די ריכטיקע חתונה". בענדין, סאָסנאָוויץ, דאָמבראָווע זענען שוין דעמאָלט געווען יידן־ריין. אַ סאַך יידן פון אַט־די שטעט, וואָס זענען אַנטרינען, האָבן באַקומען אַ מקום־מקלט אין זאַווערטשע.

מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין קאָפּ צו דער אַרבעט. איינער האָט דעם צווייטן געקוקט אין פּנים אַריין, אָנהענגענדיק אַ פרעגנדיקן בליק. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט, אַז עס זאָל שוין זיין 6 אַ זייגער, כדי אַהיימצוגיין און זען צי די נאָנטסטע זענען נאָך אינדערהיים.

געקומען אין געטאָ אַריין האָבן מיר געזען אַז די יידן אינעם געטאָ זענען שוין אינפאָרמירט. די בהלה איז געווען גרויס. מיר האָבן אַלע פאַרגעפילט, אַז איצט — קומט שוין אונדזער סוף. מיר זענען אַרויס אין גאַס. איינער האָט זיך געפרעגט ביים צווייטן וואָס ער האָט געהערט. איינער האָט זיך באַראַטן

מיטן צווייטן. די נאַכט איז געווען פול מיט גרויל. יעדער האָט געפילט אַז דער מאָרגענדיקער טאָג ברענגט אונדזער אומקום. 8 אַ זייגער ביינאַכט איז געווען, ווי תמיד, „פּאָליציי־שטונדע". די גאַנצע נאַכט האָבן מיר נישט געשלאָפן. יעדער האָט צוגעגרייט זיין ביסל אָרעמקייט, ווייל ביי יעדן האָט געטליעט אַ פונק פון האָפענונג: „אפשר, טאָמער, דאָך".

מיר זענען געזעסן אין דער פינצטער. איך בין געווען ביי מיין שווער אברהם קאָניעצפּאָלסקי אין שטוב.

2 אַזייגער ביינאַכט הערט זיך אַ האָגל שאָסן. פונעם שול־הויף האָט זיך געהערט אַ געשריי, ווי אַ קויל וואלט עמעצן געטראָפן.

6 אַ זייגער אינדערפרי זענען מיר אַראָפּ אין גאַס. די בהלה איז נאָך געווען גרעסער ווי דעם פאַרנאַכט פריער: אויפן שול־הויף איז געלעגן טויט ישעיה פלאָוונער (מאיר פערלמוטערס אידעם). אויף דער שטעל האָט מען אים קובר געווען אין אַ ווינקל פונעם שול־הויף.

אין דערזעלבער נאַכט איז דערשאָסן געוואָרן לערנער, שמעון הוטניקס אַ קרוב, — אַ פּליט פון דייטשלאַנד, — ווי אויך יאַנקל באַנקער, וועלכער האָט מן הסתם געגלויבט אַז אים קאָן אַ קויל, צוליב זיין פונקציע, נישט טרעפן...

אזוי האָט אויסגעזען אינדערפרי, בעת איך בין אַרויף צו מיינע עלטערן און זיי געזאָגט: „קומט צו אונדז, מיר ווילן טיילן אונדזער גורל מיט אייך און מיט אייערע אייניקלעך". איך האָב אַריבערגעפירט צו קאָניעצפּאָלסקין אין הויז מיינע עלטערן און אַלע זייערע אייניקלעך, וועלכן האָבן זיך ביי זיי אויפגע־האַלטן, — אויך די אייניקלעך פון מחוץ זאַווירטשע.

איך האָב זיי אַריינגעזעצט אין אַ בונקער. יעדער טאָג איז געווען אַ געווינס.

אין דעם טאָג זענען געווען עטלעכע זעלבסטמאָרדן. צב"ש די עלטערן פון ישראל איסר פּולטאַראַק זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך סם. זיי האָבן געבעטן זייער זון אַוועקצוגיין אויף אַ געוויסע צייט. נאָך זייער טויט האָבן זיי אים געבעטן ער זאָל זיי קובר זיין און זאָגן נאָך זיי קדיש.

דער זון איז צוריקגעקומען. די עלטערן זענען שוין געווען טויט. אויך זיי האָט מען קובר געווען אויפן שולהויף. דער זון האָט געזאָגט קדיש.

זעלבסטמאָרד איז אויך באַגאַנגען אַ פרוי, אַ מוטער פון קינדער, — שטיינקעלער'ס אַ קרובה, — ווי אויך נאָך עטלעכע יידן.

* *

אין געטאָ איז מען געלאָפן אַהין און צוריק. יעדער האָט געפּרוווט זיך צו ראַטעווען.

אַרום 9 אַ זייגער איז די אָנפירונג פון דער זאַוויערטשער „לופטוואַפע"־פאַבריק, — מיטן אָבערסט רייק, דעם הויפט־שעף בראש, — אַרויסגעקומען אויפן נייעם מאַרק, ווו עס איז געווען דער זאַמל־פּלאַץ. זיי האָבן געפירט דעבאַטעס מיט די געסטאַפּאָ־אָפיצירן פון קאַטאָוויץ און אָפּעלן, וועלכע זענען ספּעציעל געקומען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקציע.



זאַמל־פּלאַץ אין אַ ברענענדיקער שטאָט

ווי מיר זענען דערנאָך געוווּר געוואָרן איז צווישן די לייט פון דער „לופטוואַפע"־פאַבריק און די געסטאַפּאָ־אָפיצירן פאָרגעקומען אַ שאַרפער וואָרט־געראַנגל. די אָפיצירן פון דער לופט־וואַפע האָבן געטענהט, אַז די אַסטפּראַנט נויטיקט זיך אין די צושטעלונגען פון פאַבריקאַטן וואָס די לופט־וואַפע־שאַפן אין זאַוויערטשע פּראָדוצירן. וועלן אַוועקגעשיקט ווערן די טויזנטער זאַוויערטשער יידן, וועלכע אַרבעטן אין דער „לופטוואַפע", — איז די גאַנצע צושטעלונג פון אָט־די אויסאַרבעטונגען אין סכנה. „דאָס איז ממש סאַבאָטאַזש" — האָבן די לייטער פון דער לופטוואַפע־פאַבריק געטענהט.

די געסטאַפּאָ־אָפיצירן האָבן געזאָגט: „טענה'ט וואָס איר ווילט, אָבער מיר האָבן אַ באַפעל פון בערלין. העכסטנס קאָנען מיר וואַרטן נאָך אַ טאָג מיט דער ליקווידאַציע פונעם זאַוויערטשער געטאָ. איר קאָנט אינטערוועניר אין בערלין.

דאָס איז די סיבה פאַרוואָס די ליקווידאַציע איז אָפּגעלייגט געוואָרן נאָך אויף אַ טאָג. די קהילה־לייט האָבן זיך משתדל געווען, דורך זייערע פּראָטעקציעס, אין קאַטאָוויץ, און אפילו אין בערלין. פון דאָרט איז געקומען אַ נעגאַטיווער ענטפער.

צוריקגעקומען אין ביורא, האָבן די לייטער פון דער פאַבריק באַשלאָסן צו קומען מיט אַן אַנדערן פאָרשלאַג: זאָל די געסטאַפּאָ כאָטש איבערלאָזן אַ פּאָר הונדערט ספּעציאַליסטן פון אַלע אָפּטיילונגען, כדי די פאַבריק זאָל נישט בלייבן אינגאַנצן שטיין. מיט אָט־דעם פאָרשלאַג האָבן זיי מצליח געווען.

אַרום 11—12 אַ זייגער פאַרמיטיק זענען מיר אינעם געטאָ געוווּר

געוואָרן, אַז עס ווערט געמאַכט אַ רשימה פון רעקלאַמירטע — בערך 400 מאַן. צווישן די רעקלאַמירטע בין איך גופא געווען און אויך מיין שוועסטער (אַ ספּעציאַליסטקע אין דער וועש־אָפּטיילונג).

צופעליק האָב איך אויפן וועג געטראָפן דעם שעף פון דער לופטוואַפע און אים געפרעגט: „וואָס איז דאָס? אין דער רשימה זענען אַריינגעשמוקלט געוואָרן נישט־פאַכלייט, בעת מיין פרוי, למשל, — אַ גוטע שניידערין, פון די ערשטע אַרבעטער אינעם שניידער־שאָפּ, — איז נישט אין דער רשימה. איך גופא, הגם איך בין רעקלאַמירט, — בין נישט אין דער רשימה.

בקיצור, איך האָב געהאַט אַ גרויסן קאַמף, ביז איך האָב אַדורכגעפירט אַז אויך מיין פרוי זאָל אַריין אין די רשימה.

ווי אַ בליץ האָט זיך אינעם געטאָ גיך פאַרשפרייט די ידיעה וועגן דער רשימה פון רעקלאַמירטע. דער עולם האָט זיך געלאָזט לויפן צום קאָנסום. די דייטשן האָבן אויף זיי געשאָסן. עס איז זיי געווען לייכטער צו טרעפן ווייל דער עולם איז געקומען מיט רוקזעק און וואַליזקעס. אפשר האָט מיר אָפּגעגאָלטן נישט געהרגעט צו ווערן, ווייל איך בין געווען אָן געפּעק. איך האָב נאָר געהאַט אַ פּעקל פאָטאָגראַפיעס אונטערן אָרעם. דאָס גערדרענג איז געווען זייער גרויס. אין געוויסע מאָמענטן האָט די גאַנצע זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג אַריינגעשאָסן אין עולם אַריין מיט מ. פּ. (מאַשין־פּיסטאָלן). ביי אָט דער שיסעריי זענען געפאַלן דער צאָן־טעכניקער סלאָמניצקי, טורנער פון מישקאָוו. קאַרפּין איז געוואָרן שווער פאַרוווּנדעט.

איך ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געלונגען קאַרפּינען, אַלס שווער־פאַר־וווּנדעטן אַריינצובאַקומען זיך אין די פאַבריק אַריין.

בעת איך און מיין פרוי זענען אַריין אין די פאַבריק, זענען שוין דאָרט געווען 12 יידן אין אַ נייעם זאַל. מיר האָבן געזען אַ שווער־פאַרוווּנדעטן. בלוט האָט גערונען פון אַלע זייטן, — אָרום און אָרום. אַ פּאָר מינוט, נאָכדעם ווי מיר זענען אַריין אינעם זאַל, איז אָנגעקומען דער פּוילישער כירורג ליפּניצקי. ער האָט אים,ביים ליכט פון אַ לעכטל, געמאַכט אַן אָפּעראַציע, — אין באַדינ־גונגען, וואָס האָט אוודאי נישט זייערס גלייכן אין דער געשיכטע פון דער כירורגיע. די „אָפּעראַציע איז געלונגען. קאַרפּין האָט געלעבט און איז געוואָרן גאַנץ געזונט, — ביז זיין פאַרשיקן קיין אַשוויענטשים.

ד״ר ליפּניצקי, האָט נישט געטאָרט מאַכן אַן אָפּעראַציע איבער אַ יידן. ער האָט דערמיט פּשוט איינגעשטעלט זיין לעבן. איז טאַקע, ווערט צו דער־מאָנען ביי דער געלעגנהייט, איינעם פון די חסידי אומות העולם. יידישע דאָק־טוירים וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום יידנראַט, האָבן זיך אַ סך ערגער אויפגעפירט. נאָך דער מלחמה איז ד״ר ליפּניצקי געוואָרן דירעקטאָר פון דאָמ־בראָווער שפּיטאָל „שוו. באַרבאַרי״.

איך האָב געזען צווישן דעם אַריינגעקומענעם עולם חימל לעווקאָוויטשן מיט זיין פרוי. האָב איך מיר געזאָגט: אויב די געסטאַפּאָ וועט זען צווישן אונדז עלטערע מענטשן, — זענען מיר אַלע אין סכנה. דאָס האָב איך אויך געזאָגט גאַבריכן. איך האָב אים דערפאַר פאָרגעשלאָגן צו מאַכן אַ בונקער אין דער פאַבריק, כדי די עלטערע לייט זאָלן זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן ביז די געסטאַפּאָ וועט אויפהערן ווילדעווען.

גאַבריך האָט דערצו באַלד מסכים געווען און אין דער פאַבריק איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ בונקער, ווו אַ פּאָר עלטערע לייט האָבן געפינען אַ מקום מקלט.

אַ זייגער 2 האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס אַריינקומען פון יידן אין די פאַבריק, נאָך איידער די ליסטע איז באַשטעטיקט געוואָרן. עס זענען זיך צו־נויפגעקומען ביז 2 אַ זייגער בערך 30—40 מאַן.

אַרום 4 אַ זייגער איז אין פאַבריק אַריין אַ דעלעגאַציע פון דער „קולטוס־געמיינדע” און דערציילט אַז די ליסטע איז געפּסלט געוואָרן דורכן שעף פון דער קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ, ווייל אין איר געפינען זיך נישט־אמתדיקע פאַכלייט.

ערשט מיט גרויס מי איז גאַבריכן, מיט דער הילף פון אָבערסט רייק, געלונגען צו שאַפן אַ פרישע ליסטע, וועלכע איז געוואָרן אָנגענומען דורך דער געסטאַפּאָ.

דערווייל איז אָבער, צוגעפאַלן די נאַכט. דאָס אַרייננעמען מענטשן לויט דער נייער רשימה האָט זיך אָפּגעשטעלט. צומאָרגנס האָט די זאַך געזאָלט אויס־געפירט ווערן.

די יידן וואָס האָבן זיך פריער אַריינבאַקומען אין די פאַבריק אַריין האָבן אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. די מענטשן זענען געזעסן אויפן דיל ביים ליכט פון אַ לעכטל. זיי האָבן געוויינט, געזיפצט, געזאָרגט וועגן דעם גורל פון זייערע קינדער, פרויען, עלטערן.

אין דער נאַכט האָבן זיך געהערט פאַרשיידענע שיסערייען. ווי מיר האָבן צומאָרגנס געהערט, זענען ווידער דערהרגעט געוואָרן צענדליקער יידן פון אָט־די שיסערייען.

צומאָרגנס שוין גאַנץ פרי, האָבן אין די פאַבריק אָנגעהויבן אַריינקומען „רעקלאַמירטע” לויט דער רשימה. אַ סאַך, וואָס זענען נישט געווען אין דער רשימה, האָבן זיך אויך באַוויזן אַריינצובאַקומען אין די פאַבריק. זיי האָבן זיך באַמיט ווי אַמגיכסטן אַריינצובאַקומען אין דעם בונקער, וועלכן גאַבריך האָט געלאָזט מאַכן.

צווישן די רעקלאַמירטע איז געווען מיין שוועסטער מרים בלייפער און

איר מאַן. מײן שװאָגער האָט אַרײנגעשמוקלט זײער 8־חדשמדיק מײדעלע, אײנגעװיקלט אין אַ מאַנטל. אױך אַן אַנדער פּיצל קינד, — מאַניע שטײנקעלערס טעכטערל, שבח שטײנקעלערס אײניקל, — איז אַזױ אַרום געלונגען אַרײנצו־שמוקלען דורך איר פאָטער. די קינדער זענען אײנגעשלעפערט געװאָרן מיט לומינאַלעטן, זײ זאָלן נישט װײנען.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, די טראַגעדיע פון די עלטערן פון די 2 קינדערלעך, װעלכע גאַבריך האָט גענומען אונטער זײן שוץ.

* *

אַזױ זענען אין משך פונעם פאָרמיטיק אַרײן אין די פאַבריק בערך 500 מענטשן. אַ סאַך „רעקלאַמירטע" האָבן מיטגענומען זײערע פרױען און קינדער, הגם זײ זענען נישט געװען „רעקלאַמירט".

גלײך נאָכמיטיק זענען געקומען אָפיצירן פון געסטאַפּאָ און לופטװאַפע קאָנטראָלירן, צי אַלע פאַרזאַמלטע יידן זענען אין דער רשימה פון רעקלאַמירטע. זײ האָבן געהײסן דעם עולם זיך אױסשטעלן אין אַ קאָלאָנע און די אָפיצירן האָבן אָנגעהױבן אַרױסלײענען פון דער רשימה. די „רעקלאַמירטע" האָבן זײ געהײסן זיך אױסשטעלן אין אײן רײ. די נישט־רעקלאַמירטע, ד. ה. די יעניקע, װעלכע זענען נישט געװען אױף דער רשימה האָבן זײ געהײסן זיך אױסשטעלן אין אַ רײ אױף אַן אַנדערער זײט.

עס זענען געװען אַ פּאָר פאַלן אַז מענער זענען געװען צװישן די „רעקלאַמירטע" בעת זײער הױזגעזינד איז נישט געװען אױף דער ליסטע. זענען די מענער אַריבער אין די זײט, װו די נישט־רעקלאַמירטע האָבן זיך אױס־געשטעלט. זײ האָבן מװתר געװען אױף זײער לעבן, אבי צו זײן צוזאַמען מיט זײערע משפחות און צו שטאַרבן מיט זײ. איך פאַל פון אָט־דעם מין פאַלן, דער־מאָן איך מיך געװנט, װײל ער איז נוגע געװען מײנעם אַ קרוב, יחיאל יוסף שװימער, אַ היטל־מאַכער, אַ גוטער פאַכמאַן, װאָס האָט געמאַכט מיליטער־היטלעך פאַר אַלע הױכע אָפיצירן אין זאַװיערטשע, — צו זײער גרױס צופרי־דנקײט. ער איז געװען „רעקלאַמירט", אָבער זײן פרױ און 2 קינדער זענען נישט אַרײן אין די רשימה.

האָט יחיאל יוסף שװימער דעמאָנסטראַטיװ פאַרלאָזט די קאָלאָנע פון „רעקלאַמירטע" און צוגעגאַנגען צו זײן פרױ און קינדער, װעלכע האָבן זיך געפינען אין דער אַנדערער קאָלאָנע.

דערװײל זענען אָנגעקומען 2 גרױסע טראַנספּאָרטן לאַסט־צוגן צו דער באַן־ראַמפּע, נישט װײט פון דער פאַבריק. דאָרט האָט די געסטאַפּאָ אַרײנגעפּאַקט יידן פונעם געטא און זײ געשיקט קײן אָשװיענשטים.

דעם 26־טן אויגוסט זענען אַזוי אַרום ליקווידירט געוואָרן בערך 4,500—5000 יידן אין זאַווערטשע.

צומאָרגנס, פרייטיק, דעם 27־טן זענען מיר געווויר געוואָרן אין דער פאַבריק אַז געסטאַפּאָ נישטערט און זוכט אין די הייזער און בונקערס, צי יידן געפינען זיך נישט אין זיי. צווישן אַנדערע האָבן זיי געפינען חיים שטרויסמאַנען, דעם אין זאַווערטשע באַקאַנטן יידישן קאָמוניסט, יודל פורמאַן׳ס זון, וועלכער האָט זיך אַ לאַנגע צייט, נאָך זיין צוריקקומען פון לעמבערג, באַהאַלטן אין זיין זייגער־מאַכער־וואַרשטאַט ביי די יאַטקעס. זיי האָבן אים אויפן אָרט דערשאָסן [1].

חיים שטרויסמאַן איז געווען אַ גלויביקער קאָמוניסט, — אַ וויזיאָנער. ערלעך ביז גאָר, גרייט זיך מקריב צו זיין. זיין טאַטע איז געווען אַן אָרנטלעכער האַרעפּאַשניק, וועלכער האָט זיך באַמיט זיינע קינדער אויפצוכאָווען אינעם גייסט פון ערלעכע יידישע אַרבעטס־מענטשן.

* *

הערנדיק וואָס עס טוט זיך אינעם זאַווערטשער געטאָ, האָב איך געצי־טערט וועגן דעם גורל פון מיינע נאָנטסטע — טאַטע־מאַמע, שוועד און שוויגער און זייער הויזגעזינד, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אינעם בונקער אין קאָניעצ־פּאָלסקי׳ס הויז.

שבת האָט זיי די געסטאַפּאָ געפונען און האָט זיי אָפּגעפירט צום זאַמל־פּלאַץ ביים קאָנסום, צוזאַמען מיט אַנדערע יידן. פון דער פאַבריק האָבן מיר אַרויסגעקוקט און געזען אויפן פּלאַץ ליגן אויסגעמאַטערטע 150 יידן, — מענער, פרויען, קינדער, — אויף דער הוילער ערד. צוויי פרויען פון צווישן די יידן וואָס זענען געלעגן אויפן פּלאַץ, — די פרוי פון נחמיה לעווענטאַל, פון דער־היים לובלינג, און פרוי ווייל, (ר׳ מענדל פראַמאַן׳ס טאָכטער), — איז געלונגען זיך אַריינצובאַקומען צו אונדז אין די פאַבריק. זייערע קינדער זענען געבליבן אויפן פּלאַץ. באַלד האָבן מיר זיי געזען אַרומלויפן איבערן פאַבריקס־זאַל, ווו מיר

1. שטרויסמאַנען איז אַ שטיק פריער געלונגען צו אַנטלויפן אויף די סאָוויעטישע זייט. ער איז געווען אין לעמבערג. דאָרט האָט אים געטראָפן, — ווי מען האָט שפּעטער דערציילט, — אַ זייער אַקטיווער קאָמוניסט פון זאַווערטשע. ער האָט שטרויסמאַנען געמאַכט פאַרוואָרפן, אַז ער האָט זיך נישט גוט געהאַלטן מיט אַ סאַך יאָרן צוריק, בעת ער, שטרויסמאַן, איז געווען פאַרשפּאַרט אין קאַרטוז־בערעזע. אפשר האָט ער אים מיט עפּעס געדראָט. בקיצור: ער האָט אים געצוווּנגען אונטערצושרייבן אַ דעקלעראַציע וואָס איז נישט געווען גינסטיק פאַר שטרויס־מאַנען, שטרויסמאַן איז באַצייטנס אַוועק פון לעמבערג, אַריבער די דייטשע גרענעץ און צוריקגעקומען קיין זאַווערטשע, איבערענטספּערנדיק זיין גורל צום חסד פון די נאַציס. שטרויס־מאַן האָט געלעבט אַ געוויסע צייט אין באַהעלטעניש, ביז די קויל פון די נאַציס האָט אים געטראָפן.

(רעדאַקציע).

זענען געווען, — מרה־שחורהדיק, פֿאַרצווייפֿלט, צעבענקט נאָך די קינדער. באַלד האָבן זיי באַשלאָסן צוריק אַרויסצוגיין אויפֿן אַלגעמיינעם זאַמל־פּלאַץ, ביים „קאָנסום", צו זייערע קינדער, כדי צו גיין צוזאַמען מיט זייערע קינדער אויף קידוש השם.

איך האָב גענומען לויפֿן צו גאַבריכן ער זאָל זען ראַטעווען מיינע נאָנטסטע. גאַבריכן האָב איך גוט געקענט, ווייל איך, — אַלס גוטער מאָס־שניידער, — פֿלעג מאַכן פֿאַר אַלע אָפֿיצירן אין שטאָט, און אויך פֿאַר גאַבריכן, אָנצוגן לויט מאָס.

גאַבריך האָט צוגעזאָגט צו טאָן אַלץ וואָס איז אין זיין מאַכט.



דאָ האָבן געלעבט, געאַרבעט בערך 2500 זאַחיערטשער ייִדן פֿאַר דער דייטשער „לופֿטוואַפֿע".

דאָ זענען פֿאַרלאָדנט געוואָרן צו פֿאַרטיליקונג טויזנטער ייִדן בעת אויסזידלונגען. די פֿאַרלעצטע, די גרעסטע, אויכזידלונג איז פֿאָרגעקומען דעם 26־סטן אויגוסט 1943. די לעצטע, — די אויסזידלונג פֿון די „500 לע־בעדיקע מתים" — איז פֿאָרגעקומען דעם 17־טן אָק־טאָבער 1943.

דערווייל איז אָנגעקומען אין פֿאַבריק אַריין אַ ידיעה אַז אַ זשאַנדאַרם, אַ דייטער שלאָנזאַק מיטן נאָמען יאַניק, האָט דערשאָסן עטלעכע ייִדן אינעם גאָרטן פֿונעם קרימעלעווער רבי'ן. צווישן די דערשאָסענע איז געווען: אַדוואָקאַט טאָשיעק באָרנשטיין, יוסף פּישער (אַ זייגערמאַכער אויפֿן אַלטן מאַרק), מיין ברודער מאיר הערש און עקיבא טעסטעלירער (צייטונגס־פֿאַרשפּרייטער). צווישן די דערשאָסענע זענען געווען נאָך עטלעכע פּערזאָנען, אָבער איך געדענק נישט זייערע נעמען.

דערווייל זענען צו די ראַמפּע ביי דער פֿאַבריק אָנגעקומען 2 וואַגאָנען פֿאַר די ייִדן וואָס די געסטאַפּאָ האָט געפֿינען נאָך דער אויסזידלונג אין בונקערס און באַהעלטערלעך. די נאַציס האָבן אַריינגעפּאַקט דעם עולם אין די וואַגאָנען און אַריינגעוואָרפֿן צווישן זיי 25—30 דערהרגעטע, וואָס די געסטאַפּאָ האָט אַוועק־געלייגט אין די פֿאַרשיידענע טיילן שטאָט.

גאַבריך איז ווידער געווען טעטיק. ער האָט אָפּגעראַטעוועט אַ סאַך

פאַרבאַהאַלטענע יידן, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געכאַפּט נאָך דער לעצטער „אויסזידלונג". צווישן די געראַטעוועטע האָבן זיך אויך געפֿינען מיין פֿאָטער און מיין שווער.

בעת מיין פֿאָטער איז אַריין אין זאַל, האָבן אים געפֿרעגט די יידן, וועלכע זענען שוין געווען אינעם זאַל, — וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער מאַמען. מיין פֿאָטער האָט דערציילט אַז די מוטער האָט געקאָנט מיט אים מיטגיין, אָבער זי האָט אַרום זיך צונויפֿגעשאַרט אַלע אירע אייניקלעך און נישט געוואָלט זיי לאָזן אויף הפקר.

עס האָבן אָבער נישט געפֿעלט אויך פֿאַרקערטע טראַגעדיעס: מוטערס האָבן געסמט זייערע אייגענע קינדער.

אַט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קאַשמאַרנע לעבן אין דער פֿאַבריק.

אינצווישן האָבן מיר אָנגעהויבן אַרבעטן. מיר האָבן זיך אָפּגעמיט צו געפֿונען אַ מקום מקלט פֿאַרן קליינעם קינד פֿון מיין שוועסטער.

גאַבריך און אַ דייטשער מייסטער לאַנגער האָט אויך דערין אונדז אַ סאַך געהאָלפֿן. תחילת האָבן זיי דיביידע קינדער געלאָזט באַהאַלטן אין די פֿאַבריק. דערנאָך האָט מען זיי איבערגעגעבן מחוץ דער פֿאַבריק אונטער קריסט־לעכער אויפֿזיכט, ווו דאָס מיידעלע איז געווען ביזן סוף פֿון דער מלחמה. נאָך דער מלחמה האָבן מיר זי געפֿינען. איצט לעבט דאָס טעכטערל, וואָס איז שוין אַ 15־יאָריק מיידל, אין ישראל.

דאָס לעבן פֿון די 500 „לעבעדיקע מתים" במשך פֿון די 6 וואָכן, (ביזן 17־טן אָקטאָבער 1943) וואָס זיי זענען געבליבן אין דער פֿאַבריק, איז געווען אַ לעבן אין אײן ציטער. יעדער האָט געהאַט אַ חשש אַז אויך די איבערגע־בליבענע וועלן טיילן דעם גורל פֿון די איבריקע קדושים. יעדער איינער האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין אייגענע הויט. אַזוי איז אַדורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט ראש השנה. אַ צאָל טראַדיציע־געטרייע יידן האָבן געפֿונען טליתים אויף עפּעס אַ מיסטעריעזן, מיר אומבאַקאַנטן, אופֿן. בקיצור: נאָך דער אַרבעט האָבן זיי זיך אין די ימים נוראים געשטעלט דאַווענען אין אַ מנין. דאָס איז געווען ממש אַ סכנות נפשות, אָבער די דאָזיקע יידן האָבן נישט געוואָלט מוותר זיין אויפֿן דאַווענען בציבור אין די ימים נוראים.

דורך פֿאַרשידענע פֿאַרבינדונגען האָב איך באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט מיינעם אַ באַקאַנטן שניידער, אַ פּאָליאַק, אַ געוויסן יאַסטזשאָמב. ער האָט אַראַנזשירט אַז זיין פֿרוי זאָל זיך אַריינבאַקומען אין די פֿאַבריק אַלס פּוילישע אַרבעטערין, כדי עס זאָל לייכטער זיין מיר און מיין פֿרוי זיך צו קאָמוניקירן

מיט מיר. פרוי יאַסטזשאָמב איז אַריין אין די פאַבריק אויף פאַלשע פאַפירן. נאָך לאַנגע בקשות האָט זי מסכים געווען אַרויסצונעמען מיין פרוי, ווען עס וועט שוין דרינגענדיק נויטיק זיין, פון דער פאַבריק (מיין פרוי האָט אַן אויסגעשפּראָכן אַריש פּנים און דאָס איז באַזונדערס מעגלעך געווען). די יאַסטשאָמבס האָבן דערפאַר נישט געוואָלט קיין פּרוטה. פון דעמאָלט אָן זענען מיר גוטע פריינט און מיר קאָרעספּאָנדירן צווישן זיך. איך האָף אַז בקרוב וועל איך האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרבעטן די יאַסטשאָמבס אויף אַ וויזיט אין ישראל. זיי ווילן זייער שטאַרק קומען.

איך האָב מיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט מיין פרוי, כל זמן די לאַגע פון די יידן אין דער פאַבריק איז נאָך געווען צו דערליידן, אָבער מיר האָבן מיט די יאַסטזשאָמבס באַשטימט אַז מיין פרוי וועט, — אין פאַל אַז די סכנה וועט שוין זיין נאָענט, — אַריבער צו זיי.

אַזוי האָבן מיר אין איין ציטער געלעבט אַ טאָג נאָך אַ טאָג.

* *

עס איז געקומען די ערשטע סוכות־נאַכט. יחיאל שוואַרץ, ישראל איסר פּולטאָראַק, מייך שווער, אברהמטשע קאָניעצפּאָלסקי, מעכטיקער און אַנדערע האָבן אין דער פאַבריק אויפגעשטעלט אַ סוכה.

אויף דער וואַך איז געשטאַנען אַ טויבער זעלנער. ער האָט געזען אַ ליכטל אין עפּעס אַ קאַמער, — האָט ער געשאָסן אין די ריכטונג פונעם ליכטל. די קויל האָט געטראָפן מעכטיקערן און אים שווער פאַרוואונדעט. אַ פּאָר טעג שפּעטער איז מעכטיקער געשטאָרבן פון די וואונדן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אין פאַבריק אַריינגעקומען אַ יינגער בחור, דער זון פונעם פּריזיער הילעק גרינשטיין. ער איז אין שאָפּעניץ אַראָפּגע־שפּרונגען פונעם טראַנספּאָרט קיין אוישוויץ און איז צו אונדז געקומען אין פאַבריק אַריין. ער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע.

געזשיפּעט האָבן מיר אַזוי ביז עס איז געקומען דער טרויעריקער אָוונט, דעם 16 אָקטאָבער 1943.

2 טעג פריער בין איך אַריין צו גאַבריכן און אים געזאָגט: איך האָב אַן אַראַנזשירונג פאַר ראַטעווען מיין פרוי, אָבער איך וויל אַז מיר זאָלן קאָנען זיך צוזאַמען ביז צום אויסערסטן פאַל. גאַבריך האָט מיר צוגעזאָגט נאָכצו־קומען מיין ביטע וועגן איבערלאָזן מיין פרוי אין דער פאַבריק, — ווי ווייט ער וועט קאָנען.

פאַרנאַכט, דעם 16־טן אָקטאָבער 1943, האָבן מיר געזען דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ, דעם באַנדיט־סאַדיסט ראַטער און דעם אָבערסט פעלער (פון דער לופטוואַפע) אַריינגיין צו גאַבריכן. זיי האָבן מיט אים שעהנווייז איינ־געטענה׳ט. מיר האָבן געפילט אַז דער חליף הענגט אונדז איבערן האַלדז. מיר



די נאַצי־מערדער ביי אַן „אפעל" אין זאַוויערטשע

זענען אַרומגעגאַנגען אין איין ציטער, פאַרדאגה׳ט און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן.

7 אַ זייגער אין אָוונט זענען ראָטער און פעלער אַוועק פון גאַבריכן, אביסל שיכורלעך (ביי יעדער פאַרהאַנדלונג פלעגן די נאַציס שכורן).

שפּעטער זענען מיר געוווּיר געוואָרן אַז די 2 אָפיצירן האָבן פאַרלאַנגט פון גאַבריכן אַרויסצוגעבן אַלע יידן. ער האָט תחילת פּראָטעסטירט קעגן דעם און ווידער געטענה׳ט אַז דאָס וועט זיין אַ שטערונג פאַר דער פּראָדוקציע. נאָך לאַנגע דעבאַטן האָט גאַבריך ביי זיי אויסגעדונגען אַז עס זאָלן בלייבן לפחות 7 מאַן פון די בעסטע פאַכלייט — צו 1—2 מאַן אין יעדער אָפּטיילונג.

וויבאַלד איך בין דאָס געוווּיר געוואָרן, — האָב איך, פונקט ווי אַנדערע, מיך געדרייט אַרום דעם ביורא, כדי גאַבריך זאָל מיך באַמערקן און מיך נישט פאַרגעסן. איך האָב מיך אַ געוויסע צייט אַזוי געדרייט. גאַבריך האָט מיך באַמערקט. אויך ער איז געווען אַביסל שיכור און איך האָב נישט געוווּסט צי איך זאָל אים גלויבן, אָדער נישט. ער האָט מיר געזאָגט: „דיין פרוי מוז היינט נאָך אַרויס פון דער פאַבריק".

גאַבריך האָט מיר נישט געזאָגט וואָס עס וועט זיין מיט׳ מיר, און איך האָב מיך נישט געוואָגט צו פרעגן וועגן דעם.

געהערט פון גאַבריכן וועגן דעם אַז מיין פרוי מוז פאַרלאָזן די פאַבריק, בין איך אַריין צו איר אין פרויען־לאַגער, גענומען זי אין אַ זייט און זי נישט געלאָזט נעמען אפילו אירע זאַכן, כדי דער ענין זאָל נישט אויפפאַלן, און עס זאָל זיך נישט מאַכן קיין בהלה.

מיין פרוי האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז זי האָט דאָך באַוויזן זיך צו געזעגענען מיט איר פאָטער. הגם גאַבריך האָט שטרענג פאַרבאָטן קיינעם נישט, — אפילו נישט די ענגסטע קרובים, — צו דערציילן וועגן מיין פרויס פּלאַן צו אַנטרינען.

אזוי אַרום איז מיין פרוי געלונגען זיך צו ראַטעווען. דערנאָך האָט זי מיטגעמאַכט אַלע מדורי גהינום, פּונקט ווי אנדערע רעשטלעך געראַטעוועטע יידן. אָבער זי איז געראַטעוועט געוואָרן. א דאַנק דעם לעבט זי ביזן הײַנטיקן טאָג.

נישט בלויז דאָס: יאַסטזשאָמב האָט געוואָלט אויך ראַטעווען מיין שוועסטער מאַניע'ן און מיין פאָטער. אָבער מיין שוועסטער האָט נישט געוואָלט גיין, ווייל זי האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן איר מאַן געצעק'ן.

כדי צו כאַראַקטעריזירן גאַבריכטס גוטע מידות וויל איך באַצייכענען אַז ער האָט צוגערופן מיינע מיט־חברים, די שניידערס צוקראָווסקי און בראָקמאַן און זיי געפרעגט פאַרוואָס זיי אַראַנזשירן ניט דאָס זעלבע פאַר זייערע פרויען, ווי איך האָב עס געטאָן. ליידער האָבן די דערמאָנטע נישט געקאָנט ראַטעווען זייערע פרויען: בראָקמאַן'ס פרוי האָט געוואַרט אויף די מינוט ווען זי וועט קאָנען אַוועק דאָרט אַהין, ווו איר יינגערער זון מאליש איז אַוועקגעריסן געוואָרן מיט דער „ליקווידאַציע", — דאָרט אַהין פון וואַנעט מען קומט שוין נישט צוריק. צוקראָווסקי'ס פרוי האָט זיך, ליידער, אַביסל פאַרשפּעטיקט. זי איז געבליבן אין דער פאַבריק פון וואַנעט זי איז צומאָרגנס אַוועקטראַנספּאָרטירט געוואָרן.

* *

איצט עפּעס וועגן אָבערסט רייק. פאַר דער אויסזידלונג, בעת אין פאַבריק האָבן זיך געזאַמלט רעקלאַמירטע און נישט־רעקלאַמירטע, האָט רייק געזען 500 יידן אין דער פאַבריק. האָט רייק געזאָגט אַז די צאָל איז גרעסער ווי די רשימה און ער וועט זיך נישט קאָנען פאַרטיידיקן פאַר געסטאַפּאָ, אויב די געסטאַפּאָוצעס וועלן קומען נאָכאַמאָל קאָנטראָלירן.

דאָס איז געווען נאָכמיטיק, ווען די טראַנספּאָרט־צוגן זענען שוין געשטאַנען ביי דער ראַמפּע, גרייט אַוועקצוגיין. דער אָבערסט האָט געזען אַז צווישן דעם עולם זענען פאַראַן בערך 100 מאַן וואָס זענען נישט אין דער רשימה, האָט ער פון אָט־די 100 מאַן אַרויסגענומען עטלעכע און צוואַנציק, וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט אַז זיי אַרבעטן אין דער פאַבריק. ער האָט זיי באַהאַלטן אין אַ ביוראָ־צימער אין דער פאַבריק. ער האָט אָנגעזאָגט זיך שטיל צו פאַרהאַלטן. כדי דער עולם זאָל זיך נישט צופיל דרייען האָט ער אַרויסגעשטעלט פאַר דער טיר אַן עמער פאַר מענטשלעכע הצטרכותן.

אינעם ביוראָ־צימער, וואָס איז געווען אין 2־טן שטאָק פון דער פאַבריק, — איבער איר הויפּט־טויער פאַר פורן, — האָבן די פאַרבאַהאַלטענע געזען דורכן

פענצטער די וואַגאָנען מיט די „אויסזידלונגס"־קרבנות און זיי האָבן געהערט קולות פון מענטשן, וואָס לויט זיי האָבן די פאַרזאַמלטע אינעם ביורא־צימער זייער אָפּט דערקענט ווער עס זענען די „אויסזידלונגס"־קרבנות.

אין אָט־דעם ביוראָ־צימער האָט זיך אויך געפינען פרוי קאַרפּין מיט איר קינד. דער אָבערסט האָט געזאָגט אַז ער וויל ראַטעווען ווי וויט מעגלעך, אָבער ער האָט מורא צו ראַטעווען אַ פרוי מיט אַ קינד און דערמיט ציען אויף זיך דעם כעס פון דער געסטאַפּאָ. פרוי קאַרפּין האָט, לײדער, געמוזט אַרויס פונעם צימער פון די געראַטעוועטע.

* *

אין דער פרי פונעם לעצטן אויסזידלונגס־טאָג, איז געקומען צו דער ראַמפּע ביי דער פאַבריק אַ טראַנספּאָרט וואַגאָנען, אויף וועלכע די געסטאַפּאָ האָט אַרויסגעטריבן אַלע ייִדן, וואָס זענען געווען אין דער פאַבריק, — אַ חוץ די 7, וועלכע זענען איבערגעבליבן צוליב גאַבריכס אינטערווענץ.

אויך די 7 מאַן האָט גאַבריך באַהאַלטן, צוליב זיכערקייטס־טעמים, אויף אַ גאַנצן טאָג. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס גאַבריך וויל מיט אונדז טאָן און מיר האָבן נישט געוואָלט גיין מיט אים. האָט גאַבריך אונדז גענומען מיט כוח און אונדז באַהאַלטן.

אַזוי זענען מיר, 7 ייִדן פון אַ עדה טויזנטער זאַוויערטשער ייִדן, — געבליבן אין דער פאַבריק ווי שאָטנס פון אַ מצבה, וואָס הויערן, ציטערדיק־אומרואיק איבער קברים פון טייערסטע, נאָנטסטע.

וועגן וויטערדיקן לעבן פון די 7 ייִדן נאָך דעם 17־טן אָקטאָבער 1943 שרייבט אין זיינע זכרונות מיין פריינט איציק ראַטמענטש. איך וויל, אַלזאָ, דערמיט פאַרענדיקן מיינע זכרונות.

* *

און איצט — נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם פינצטערן גורל פון די תקיפים אינעם יודנראַט. זיי האָבן געמיינט אַז די נאַציס וועלן זיי לאָזן ביים לעבן נאָך דער לעצטער „אויסזידלונג", היות — ווי מען זאָגט, — זייער זיכער־קייט איז געוואָרן „פאַרבריוועט" ד. ה. געזיכערט מיט אַן אָפיציעלן בריוו פון דער געסטאַפּאָ און ס. ס.־אויבער־לייטונג. נאָך דער לעצטער מאַסן־„אויס־זידלונג" האָט די געסטאַפּאָ געזאָגט די יודנראַטלער: „איצט ברויכן מיר אייך נישט". איצט קומט אייער סוף: זיי האָבן זיי גענומען שלאָגן מיט פרענטעס און געיאָגט אין די וואַגאָנעס.

עטלעכע פון זיי זענען געפאַלן אויפן פּלאַץ און פאַרענדיקט מיט אַ מיאוסן טויט.

**חיים טורנער**

# אין קלעם פון אומקום

## פאַניק נאָך די ערשטע קלאַנגען

די פאַניק אין זאַווירטשע, בעת עס האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען אַז דאָס דייטשע מיליטער מאַרשירט פאָרויס, איז געווען גאָר שטאַרק. נאָך שטאַרקער איז זי געוואָרן בעת עס זענען אָנגעקומען ידיעות פון קאָזשעגלאָוו (קאָזשיגליוו), — אַ שטעטל נישט ווייט פון דער דייטשער גרענעץ, — אַז מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשע חיילות זענען שוין אומגעקומען עטלעכע ייִדן.

פון מינוט צו מינוט איז געוואַקסן די בהלה אין דער גאַנצער שטאָט, און באַזונדערס צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס האָט דעמאָלט געציילט 7,000 נפשות. ייִדן האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט.

מוצאי שבת איז געווען אין דער שטאָט שטאָק־פינצטער. ווי לויט אַ באַפעל האָבן ייִדן, — דער רוב איז געווען מענער, יינג און אַלט — גענומען אַרויס־גיין און פאַרלאָזן זייערע היימען. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז פרויען און קינדער זאָלן בלייבן אינדערהיים. פרויען, ווידער, האָבן צוגערעדט זייערע מענער אַוועקצוגיין, היות זיי זענען געווען איבערצייגט אַז זיי, די פרויען, דראָט נישט קיין געפאַר. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די וואָס האָבן אַזוי געמיינט האָבן נישט געקענט די חיה וואָס האָט געהייסן היטלער־דייטשלאַנד.

אַז מיר זענען אַרויס פון זאַווירטשע האָבן מיר געזען אַז נישט בלויז אונדזער שטאָט וואַנדערט. אויך ייִדן פון די אַרומיקע שטעט האָבן געוואַנדערט.

אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן מיטן פּוילישן מיליטער וואָס האָט זיך שוין צוריקגעצויגן פון די גרענעץ־שטעט.

זונטיק פאַרטאָגס זענען מיר אָנגעקומען קיין פּיליץ. דאָרט האָבן מיר גע־טראָפן ייִדן פון די גרעסערע שטעט אינעם קאַנט (בענדין, סאָסנאָוויץ) און פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך.

ביי אַלעמען איז געווען אַן אומבאַשרייבלעכע שרעק. שלעכטע ידיעות זענען אָנגעקומען פון אומעטום. יעדן האָט געפּייניקט די מורא וואָס עס וועט געשען מיט דײַן פרוי און קינדער, און דער געדאַנק, אַז מען מוז זיך ווידער לאָזן אין אַ ווייטן וועג, אויסגעשטעלט אויף הונגער און קעלט, בעת מען האָט מיט זיך בלויז אַ קליין פּעקעלע אויף די פּלייצעס, כדי צו קאָנען מאַרשירן.

מיר וואַנדערן ווײַטער, — און פּאַראַלעל מיט אונדז ציט זיך צוריק אויך דאָס פּוילישע מיליטער.

נאָכמיטיק באַקומען מיר ידיעות אַז דאָס דייטשע מיליטער האָט שוין באַזעצט ווייטערע שטעט און אַז זיי מאַרשירן פאָרויס. פאַקטיש האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גרעסטער צאָל וואַנדערער איז סיי ווי אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט. בלויז אַ קליינע צאָל איז געלונגען ווייטער צו אַנטלויפן.

נאָך אַ פּאָר וואָכן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גרעסטער טייל פון די וועלכע זענען אַוועק, — קומט איינציקווייז צוריק, ווייל מענטשן זענען פאַרבליבן אין ווייטע שטעט, נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צוריקצופאָרן, היות באַנען האָבן נישט קורסירט. צופיס האָט מען מורא געהאַט צו גיין. דעריבער האָט עס גענומען אַ געוויסע צייט ביז דער עולם איז צוריקגעקומען.



דער אַריינמאַרש פון די דייטשע חיילות

דער אַריינמאַרש פון די דייטשע חיילות קיין זאַוויערטשע האָט קיין יידישע קרבנות נישט געבראַכט מיט זיך. דערמיט איז זאַוויערטשע געווען אַנדערש ווי אנדערע יידישע שטעט אין דער סביבה, וואָס האָבן באַלד געהאַט קרבנות.

אין בענדין, ווו עס זענען דעמאָלט געווען 30.000 יידישע נפשות, האָבן יידן, אין איינע פון די ערשטע נעכט שוין דערשפירט דעם טעם פון דייטשן באַרבאַריזם: מיטן אין דער נאַכט, בעת אַלץ איז געשלאָפן, — האָבן די דייטשע בעסטיעס אונטערגעצונדן אַ יידישן קוואַרטאַל, אין וועלכן עס האָבן זיך געפינען די שול, דאָס בית המדרש, די שול־גאַס מיט אַלע יידישע הייזער אַרום.

וועגן ברענגען הילף, ראַטעווען מענטשן און לעשן דאָס פייער איז קיין רייד נישט געווען. מער נאָך: יידן וואָס האָבן געמאַכט אָנשטרענגונגען זיך צו ראַטעווען פון די ברענענדיקע הייזער, מיט שפּרינגען דורך די פענסטער פון ערשטן, צווייטן און דריטן שטאָק, — זענען אויף דער שטעל דערשאָסן געוואָרן דורך דייטשע סאָלדאַטן.

אין אַ צווייטער שטאָט אין אונדזער זאַגלעמביע, — אין סלאַווקאָוו, — דורך וועלכער דער רוב מלחמה־וואַנדערער האָבן געמוזט אַדורך, האָבן די דייטשן אויסגעטראַכט אַן אַנדערע, מערדערישע תחבולה. דאָרט איז געווען אַ בריק. אונטער דער בריק איז געפלאָסן אַ טייך, ברייט־וואַסער. היבאַלד עס איז

אַריבער די בריק אַ נע־ונדניק, וועלכן די דייטשע סאָלדאַטן האָבן דערקענט, אַז, ער איז אַ ייד, — האָבן אים די דייטשע בעסטיעס אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין. האָט עמעץ פּרובירט זיך ראַטעווען פונעם וואַסער, — איז ער געפאַלן פון אַ דייטשער קויל.

אַזעלכע שוידערלעכע מעשים האָבן די דייטשע בעסטיעס, באַלד נאָך זייער אַריינמאַרש אָפּגעטאָן אין אַלע טיילן לאַנד.

* *

3 טעג נאָכן דייטשס באַזעצן זאַוויערטשע האָט ער פאַראָרדנט אַז די גאַנצע יידישע באַפעלעקרונג אין עלטער פון 17 ביז 50 יאָר זאָל זיך שטעלן אויף איין זאַמל־פּלאַץ. ווער עס שטעלט זיך נישט, וועט דערשאָסן ווערן, — האָבן די דייטשן געוואָרנט.

זענען, טאַקע, אַלע יידן געקומען אין די ט. א. ז. פאַבריק, ווו זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין די פאַבריקס־מאַגאַזינען. די באַדינגונגען זענען געווען ביז גאָר שלעכט: זיי האָבן גאָרנישט באַקומען צו עסן און צו טרינקן און אויך קיין אַראַנזשירונג ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן. דער עולם האָט צווישן זיך גע־שמועסט אַז די נאַציס וועלן זיי אַלעמען אַוועקשיקן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. דאָך זענען זיי אַלע, — נאָך 9 שווערע טעג, — אונטער באַוואַכונג פון מאַשין־געווער, באַפרייט געוואָרן אום ערב ראש השנה.

שוין די ערשטע צייט האָט דער דייטשער קאָמענדאַנט אין זאַוויערטשע געפאָדערט פון אונדזער באַליבטן רב, ר׳ שלמה אלימלך ראַבינאָוויטש זצ״ל, צו ליפערן פאַרשיידענע סחורות פאַרן מיליטער. זיי האָבן פאַרלאַנגט צוקער, גאָפּט, מעל און אַנדערע זאַכן. לויטן באַפעל האָבן די זאַכן געמוזט צוגעשטעלט ווערן אין משך פון עטלעכע שעה.

דאָס אַלץ איז די נאַציס נישט גענוג געווען. זיי האָבן הפקר געמאַכט יידישע געשעפטן פאַר דער רויב־גלוסטונג פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס האָט נאָר אויסגעקוקט אויף די געלעגנהייט צו ראַבעווען.

אין זאַוויערטשע האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון קאָנטריבוציעס. דער זאַוויערטשער דייטשער בירגערמייסטער פריק האָט געשיקט רופן עטלעכע אָנגעזעענע יידן פון דער שטאָט. דאָס זענען געווען ציוניסטן. איינער איז געווען אַ פאָרשטייער פון דער אגודה. ער האָט געפאָדערט פון זיי גרעסערע געלט־סומעס. די בעלי בתים האָבן פּרובירט אים איבערצייגן, אַז עס איז זיי אומ־מעגלעך די געפאָדערטע סומע צו מאָביליזירן ביי די אויסגעפּלינדערטע יידן, — האָט דער קאָמענדאַנט נישט געוואָלט פירן קיין איבעריקע דיסקוסיע. ער האָט אָנגעוויזן אויף זיין רעוואָלווער און געזאָגט אַז דאָס וועט עפענען די יידישע

קאָסעס. דאָס האָט זיך כסדר איבערגעחזרט: יעדע וואָך האָבן יידן געמוזט צאָלן קאָנטריבוציעס. פון אָט־די געלטער זענען געדעקט געוואָרן אַלע הצטרכותן פון דער שטאָט, — בלויז וואָס די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג האָט פון די געלטער נישט געקאָנט באַקומען קיין שטיצע. און נישט בלויז דאָס: די נאַציס האָבן געצוווּנגען יידן זיך צו שטעלן צו צוואַנגס־אַרבעט. באַזונדערס אין די יומטובים, שבתים, און גאַנץ באַזונדערס אום יום כיפּור, — האָבן די דייטשן אַרויסגעשלעפּט אַלע יידן פון די בתי תפילות און זיי געצוווּנגען צו מאַכן די געמיינסטע אַרבעטן.

* *

נאָך סוכות, אינעם חודש נאָוועמבער 1939, האָט דער דייטשער בירגער־מייסטער געפאָדערט אַ סטאַבילע פאַרשטייערשאַפט. זענען זיך צונויפגעקומען די זאַוויערטשער בעלי בתים אינעם לאָקאַל פון דער יידישער קהילה און זיי האָבן אויסגעקליבן אַ צייטווייליקע פאַרשטייערשאַפט.

די אויפגאַבע פון די פאַרשטייער איז געווען צוצושטעלן יעדן טאָג אַ קאָנטיגענט פון יידישע אַרבעטער, וואָס זאָלן אויספירן אַלע אַרבעטן פון דער שטאָט. זייער אויפגאַבע איז אויך געווען צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן דעקן אַלע קאָנטריבוציעס.

גלייכצייטיק דערמיט האָט די קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ נאָמינירט דעם פּרעזעס פון דער סאָסנאָוויצער קהילה אַלס לייטער פון אַלע יידישע קהילות אין „אָסט־אָבערשלעזיע", וועלכע האָבן דעמאָלט אַרומגענומען 100,000 יידן. אויך זאַוויערטשע איז אַריינגעגלידערט געוואָרן אין אָט־דעם אַדמיניסטראַטיוון ראַם.

דעם 30־טן סעפּטעמבער, 1939 איז דער לייטער פון אַלע יידישע קהילות אין אָסט־אויבערשלעזיע געקומען קיין זאַוויערטשע און ער האָט רעאָרגאַניזירט די צייטווייליקע פאַרשטייערשאַפט. ער האָט זי אויך פאַרגרעסערט מיט אַ געוויסער צאָל מיטגלידער. די געשאַפענע רעפּרעזענטאַנץ איז מחויב געווען אויסצופירן די באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט. זי האָט עס, טאַקע, תמיד געטאָן. די אויפגאַבע פון דער רעפּרעזענטאַנץ איז אויך געווען צו געבן מאַטער־יעלע און מעדיצינישע הילף דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג, וועל־כע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, צוליב דעם אריינשיקן קיין זאַוויערטשע „אויסגעזידלטע" יידן.

* *

דעם 17־טן דעצעמבער 1939, אינדערפרי, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה אַז דורך זאַוויערטשע איז אַדורך אַ צוג מיט פראַכט־וואַגאָנען, אין

וועלכע עס האָבן זיך געפונען לאָדזשער יידן, — מענער, פרויען און קינדער. עס איז גליַיך אַדורכגעפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע אַקציע צו זאַמלען עסנ־וואַרג, — דער עיקר, ברויט. די שעפּטערדיקע צוגן, וועלכע האָבן געפירט יידן, זענען פאַרזאָרגט געוואָרן מיט עסן, ווי וויַיט עס איז מעגלעך געווען.



נאַציס מאַכן אַן „אויסזידלונג" ביי דער זאַווירטשער באַן־סטאַציע

צווישן די דורכפאָרנדיקע אין די קאַלטע פראָכט־וואַגאָנען זענען געווען שוין טויטע, — יידן אויסגעצאַנקטע פון קעלט און הונגער.

סוף 1939 איז קיין זאַוויערטשע געקומען אַ הויכער אָפיציר פון דער קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ. ער האָט געפאָדערט אַ טאָטאַלע זאַמל־אַקציע פון גאָלד און זילבער ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין משך פון 5 טעג.

גלייכצייטיק דערמיט האָט פון זיין זייט דער דייטשער בירגערמייסטער פון זאַוויערטשע געפאָדערט גרעסערע קאָנטריבוציעס. די רעפּרעזענטאַנץ האָט די סומעס נישט געקאָנט מאָביליזירן אין דער צייט, וואָס דער בירגערמייסטער האָט באַשטימט. די סומען זענען געצאָלט געוואָרן אין ראַטעס. אַלס שטראָף פאַרן נישט איינהאַלטן דעם פאַרגעשריבענעם טערמין איז געקומען קיין זאַוויערטשע אַ גרעסערע גרופּע שוואַרץ־געקליידעטע ס. ס.־לייט פון קאַטאָוויץ. זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך 30 אָנגעזעענע בעלי־בתים פון דער שטאָט.

נאָך עטלעכע טעג האַלטן זיי אין דער סאָסנאָוויצער געסטאַפּאָ אין אַ שאַרפן אוממענטשלעכן אַרעסט (אָן עסן און טרינקען; קניען גאַנצע טעג און פאַרשיידענע טאָרטורן), — זענען די 30 ענדלעך באַפרייט געוואָרן.

אַזוי איז געקומען איין גזירה נאָך דער צווייטער. אין משך פון די פּאָר חדשים קריג זענען אַלע יידישע געשעפטן, וועלכע זענען נאָך נישט צע־

ראַבעוועט געוואָרן, און אין וועלכע עס איז נאָך געבליבן אַביסל סחורה, — געצוואונגען געווען צו בלייבן פאַרמאַכט, ביז אַזאַ יידיש געשעפט איז נישט איבער־גענומען געוואָרן דורך אַ דייטשן „טרויהענדער" (קאָמיסאַר). זיין אויפגאַבע איז געווען איבערצונעמען דאָס געשעפט מיט די סחורות און דערוויטערן, אויף וויפל עס איז מעגלעך, דעם געוועזענעם אייגנטימער פונעם געשעפט. אויב דער פריערדיקער אייגנטימער איז אַלס פאַכמאַן נויטיק געווען, — האָט ער געקאָנט בלייבן אינעם געשעפט מיט אַ מינימאַלער פענסיע. דער קאָמיסאַר האָט אויך געהאַט דאָס רעכט איבערצונעמען די פּריוואַט־דירה פונעם געשעפטס־אייגנטימער. דער גרעסערער און מיטלערער יידישער סוחר האָט אַלזאָ, פאַר־לוירן מיט איין שאָס סיי זיין מקור־פרנסה, סיי זיין פאַרמעגן, און סיי זיין דירה.

קליינע יידישע געשעפטן זענען תיכף נאָכן אַריינמאַרש ליקווידירט געוואָרן.

* *

די מאַטעריעלע לאַגע פון די יידן האָט זיך כסדר פאַרערגערט. יידן האָבן אין זאַוויערטשע געלעבט אין דחקות. אָבער יעדער האָט געדאַנקט גאָט, אַז מען קאָן נאָך לעבן און מען דערלויבט זיי נאָך צו בלייבן זיצן אין זייער זאַוויער־טשע, — און נישט ווי די טשעכישע יידן פונעם זאַאַלזשער קאַנט (מעריש אָס־טרוי), וועלכע די נאַציס האָבן געצוואונגען צו זוכן אַ נייעם מקום־מקלט. און טאַקע: אַפּריל 1940 זענען געקומען פאַרשטייער פון די דאָרטיקע יידן קיין זאַוויערטשע, כדי פעסטצושטעלן וויפל זאַוויערטשע און איר סביבה קאָנען אויפ־נעמען פון זיי. דער גירוש־דעקרעט האָט באַשטימט אַז ביזן 15־טן מאי מוזן אַלע יידן פאַרלאָזן די טשעכישע גרענעץ־שטעט און גיין אין אַנדערע פלעצער.

דעם 10־טן מאי זענען קיין זאַוויערטשע געקומען די ערשטע טראַנס־פּאָרטן פון די („זאַאַלזשער") טשעכישע יידן.

אין אָט־דער צייט איז נאָך געווען מעגלעך צו רעגולירן די ענינים צווישן יידן גופא און עס איז די פּליטים דערלויבט געווען מיטצונעמען מיט זיך זייערע שטוב־זאַכן. בלויז געלט און צירונג איז געווען פאַרבאָטן מיטצונעמען.

יעדע יידישע שטוב האָט צו זיך אַריינגענומען אַ טשעכישע יידישע משפחה. בסך הכל האָט יידיש זאַוויערטשע אַבסאָרבירט 600 פּליטים פון די טשעכישע יידן, וועלכע די זאַוויערטשער קהילה האָט געמוזט אונטערשטיצן, הגם פאַר דער אויסזידלונג זענען זיי געווען חשובע טשעכישע יידן.

נאָך אָט דער גזירה, וואָס האָט געשאַפן אַן ענגשאַפט אין די יידישע דירות, איז געקומען נאָך אַ שווידערלעכערע גזירה: די דייטשע מאַכט האָט פאַר־אָרדנט אַז יידן זאָלן נאָך מער אייגעצוימט ווערן און פאַרלאָזן אַלע גאַסן, אין

וועלכע עס האָט געוווינט אַ געמישטע באַפעלקערונג, ווי אויך די הויפּט־גאַסן פון דער שטאָט.

אַזוי אַרום האָבן ייִדן געמוזט אַרייַן אין אַ פּאָר גאַסן, — אין אַן אָפּ־געזונדערטן געטאָ. דער ציל איז אויך געווען אַז אויב ייִדן וועלן ווינען ענג, — וועלן זיי אָנטקפאַלן פון פאַרשיידענע עפּידעמיעס.

מען איז ווייטער געווען ביי זיך שטאַרק און מען האָט זיך געזאָגט: הלואי זאָל חלילה, נישט קומען ערגערס. עס מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז די טשעכישע ייִדן האָט ייִדיש זאַוויערטשע אויסערגעווינלעך גוט אויפגענומען. מען האָט זיך גוט צוזאַמען איינגעלעבט. איינער דעם אַנדערן איז געוואָרן שטאַרק איבערגעגעבן.

די שותפותדיקע ליידן און צרות, וואָס מיר זענען אַלע אויסגעשטאַנען מצד דער דייטשער געסטאַפּאָ, האָט אונדז פאַראייניקט. מיר האָבן, טאַקע, געלעבט ווי ברידער.

* *

אַ שווערן קלאַפּ האָבן די זאַוויערטשער ייִדן באַקומען אין נאָוועמבער 1940. אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען אַ באַפעל צוצושטעלן עטלעכע הונדערט ייִנגע מענער אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. עס זענען אַוועקגענומען געוואָרן קינדער פון זייערע עלטערן און מענער פון זייערע פרויען. די בהלה איז געווען אין לשער, מחמת מורא פאַרן אָנקומענדיקן ווינטער און מחמת אומצוטרוי צו דער דייטשער מאַכט. מען האָט פון אָנהויב נישט געוווּסט וווהין מען שיקט זיי. דערנאָך, נאָך עטלעכע וואָכן, זענען אָנגעקומען די ערשטע בריוו. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון שיקן פּאַקעטן. פון דער גזירה פון שיקן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד האָבן אַממייסטן געליטן די אָרעמע משפחות, פון וועלכע מען האָט אָפּט צוגענומען די איינציקע שפּייזער און פאַרדינער. במילא איז אויסגעקומען אַז די עלטערן פון די זין, ווי אויך  די פרויען און זייערע קינדער האָבן געליטן הונגער. עס איז כלומרשט געוואָרן אויסגעצאָלט אַ געוויסע באַלוינונג פאַר זייער אַרבעט, אָבער דאָס האָט נישט געקלעקט אפילו אויף אַ טרוקענעם קאַרטאָפל.

דאָס אַלץ איז די נאַציס געווען צו ווייניק. מיטן אָנקומען פונעם ווינטער האָט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג געמוזט צושטעלן פוטערס, מלבושים וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט. עס האָט כלומרשט געהייסן אַז דאָס איז נויטיק דער ווערמאַכט, אָבער דער גרונט־געדאַנק איז געווען: צונעמען ביי ייִדן אַ ווערט־קעגנשטאַנד, ווי אויך כדי דער ייִד זאָל בלייבן אָן אַ וואַרעם מלבוש. לויט דער פאַראָרדנונג האָט יעדן, וואָס האָט נישט געליפערט זיינע מלבושים, געדראָט די שטרענגסטע שטראָף.

וואָרט האָבן זיי, די דייטשן, טאַקע געהאַלטן: פאַר געפינען ביי אַ ייִדן אַ פוטער־מלבוש איז ער גלייך געשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. דאָס האָט באַדייט



אַ גרויזאַמע ווינטער־אַקציע פון די נאַציס

טויט. דערמיט האָט זיך די אַקציע נישט איינגעשטעלט. מען האָט שוין נישט בלויז פאַרלאַנגט פוטערס און מלבושים, נאָר מען האָט אָנגעהויבן פאַרלאַנגען אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר נויטיק געהאַט. אַזוי, למשל, פלעגן אַרויס פאַראָרדענונגען וועגן צושטעלן שרייב־טישן, שרייב־מאַשינען א. א. וו., וויבאַלד די דייטשן האָבן געשאַפן אַ נייעם אַמט אין שטאָט. פאַר די באַאַמטע האָבן זיי געפאָדערט קאָמפּלעטע איינריכטונגען כדי זייערע וווינונגען זאָלן זיין גוט אויסגעשטאַטעט. קלאָר אַז זיי האָבן צוגענומען דאָס בעסטע. אָנהויב זומער 1941 האָט אונדזער שטאָט באַקומען אַן אָרטיקע געסטאַפּאָ־אָפּטיילונג. מען האָט זיך גענומען אינטערע־סירן מיט יעדן איינצלנעם יידן. זיי האָבן געהאַט ביי זיך אַ גענויע קאַרטאָטעק וועגן יעדן ייד. זיי האָבן אָנגעהויבן קומען יעדן טאָג אין די יידישע גאַס, — אין באַגלייטונג פון ספּעציעל־דרעסירטע, ווילדע הינט. בעת אינעם קוואַרטאַל האָט זיך באַוויזן אַ געסטאַפּאָ־מאַן מיט זיין הונט, האָבן זיך אַלע באַהאַלטן. אַ קינד, אָדער אַ דערוואַקסענער, וואָס האָט נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, איז שטאַרק צעביסן געוואָרן דורכן הונט. דאָס, — אין יידישן קוואַרטאַל, ווו דער געסטאַפּאָ־מאַן האָט באַפרייט דעם הונט פונעם מויל־קאָרב. אין די פּוילישע גאַסן האָט דער הונט געטראָגן אַ מויל־קאָרב.

די צרות און די פאָדערונגען פון די נאַציס זענען געשטיגן פון טאָג צו טאָג.

דעם 22.6.41 איז אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה. דעמזעלבן טאָג זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אַרעסטן אין אונדזער שטאָט. מען האָט אַרעס־טירט אַ סאַך קריסטן, ווי אויך 10 יידן. די אַרעסטירטע, האָט מען, אונטער

שווערע טאָרטורן (געבונדענע אין קייטן און אין שטאָכל־דראָט, בעת נאַציס האָבן אויף זיי געהעצט הינט), געצוווּנגען אונטערצושרייבן פּראָטאָקאָלן, אַז זיי האָבן באַלאַנגט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. צומאָרגנס האָבן זיי אַלעמען געשיקט קיין אוישוויץ.

די נאַציס האָבן דעמאָלט ביים אַרעסטירן אַזוי געהאַנדלט: אויב זיי האָבן געזוכט אַ געוויסע פּערזאָן און זיי האָבן די פּערזאָן נישט געטראָפן אינדערהיים, האָבן די געסטאַפּאָ און שוץ־פּאָליציי גלייך מיטגענומען אַ ברודער, אַ קוזין. אויב אַ קרוב איז נישט געווען אין דער שטוב, האָבן זיי מיטגענומען אַ פרעמדן פון אַט־דעם הויז. דריי טעג נאָך די אַרעסטן זענען אָנגעקומען טעלעגראַמעס פון אוישוויץ אַז דער און דער ייד איז אין לאַגער געשטאָרבן. די פאַמיליעס האָט צוויסן געגעבן אַז זיי קאָנען קומען אין די געסטאַפּאָ אָפּנעמען די מלבושים פון די אומגעקומענע. דער פּראָצעס איז געווען אַ קורצער: לחלוטין אומשולדיקע מענטשן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און אַלס קאָמוניסטן זענען זיי פאַרמשפט געוואָרן צום טויט.

אויך מיך האָט די געסטאַפּאָ געזוכט אין זעלבן טאָג. ממש אין לעצטן אויגנבליק איז מיר געלונגען צו אַנטרינען און זיך אויסבאַהאַלטן. צום גליק איז קיין מאָן נישט געווען ביי אונדז אין שטוב. 2 חדשים שפּעטער איז ווידער געווען אַן ענלעכע אַקציע, מיטן זעלבן אויסגאַנג ווי פריער. פון דעמאָלט אָן האָט די געסטאַפּאָ פאַר די קלענסטע חטאים אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. עס איז געוואָרן כסדר שאַרפער. דערגאַנגען איז עס דערצו, אַז אויב עמעץ איז געוואָרן באַשולדיקט אין עפּעס אַ חטא, האָט מען אים פאַרשיקט קיין אוישוויץ אָדער פאַראורטיילט די גאַנצע משפחה.

זומער 1941 זענען געווען עטלעכע אַקציעס פון מענער פאַרן אַרבעטס־איינזאַץ, ווי אויך פאַרשיידענע קאָנטריבוציעס.

ווינטער 42—1941 האָט דער אַרבעטס־איינזאַץ אַרומגענומען אויך מיידלעך. אין דער יידישער שטוב איז געוואָרן וואָס אַמאָל פינצטערער: די נאַציס האָבן צוגענומען און גערויבט דאָס פאַרמעגן. מען האָט געציטערט פאַר דער געסטאַפּאָ. זין, און דערנאָך טעכטער, ווערן אַוועקגערויבט.

אין איינעם אַ מאַרס־פאַרטאָג, אינעם יאָר 1942 האָט די דייטשע שול־פּאָליציי אַרויסגעטריבן די גאַנצע מענלעכע באַפעלקערונג פון זייערע שטובן. זיי האָבן געשלאָגן מכות רצח און צוזאַמענגעטריבן די קרבנות אויף איין פּונקט. אויפן פּונקט האָבן זיי געטריבן די אומגליקלעכע פון איין ווינקל צום צווייטן און אָנגעטאָן זיי די משונהדיקסטע צרות. לאָמיר געבן עטלעכע ביישפּילן:

1. אויפן אָרט האָבן זיך געפונען חסידישע 12־און 13־יאָריקע בחורים מיט פּיאות. פלעגן די בעסטיעס פון דער פּאָליציי נעמען 2 פון זיי ביי די פּיאות

און זיי צונויפבונדן. אַזוי האָבן זיי געמוזט לויפן אויפן פונקט אַהין און אַהער, צום שפּאַס פון די דייטשע פּאָליצײ־לייט:

2. יידן מיט בערד האָבן זיך געמוזט איינער דעם צווייטן אָפּשנײַדן די באָרד מיט אַ מעסער. אַזוי האָבן די נאַציס געשפּאַט פון יידן דעם גאַנצן טאָג. ערשט פאַרנאַכט־צו האָבן זיי געלאָזט אַהיימגיין קראַנקע, שוואַכע, עלטערע מענטשן, ווי אויך אַזעלכע וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשיידענע „נאַטשאַלסטוואַ"־אַרבעטן. אַרויסגייענדיק פונעם פונקט האָט מען געמוזט אַדורכגיין אַ שפּאַליער פון שוץ־פּאָליציי. זיי זענען געשטאַנען מיט שטעקנס, גומעס, נאַהייקעס און זיי האָבן געשלאָגן אַזוי מערדערלעך יעדן איינעם, אַז יעדער איז אַהיימגעקומען אַ צעבלוטיקטער.

נאָך די שווערע איבערלעבענישן פון די אַקציעס צום אַרבטעס־איינזאַץ זענען אין אונדזער שטאָט געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע שאָפּן, וועלכע האָבן באַדאַרפט אויספירן פאַרשיידענע אַרבעטן פאַר דער ווערמאַכט („לופט־וואַפע"). מען האָט ווידער געגלויבט אַז דאָס וועט פאַרהיטן יידן פון פאַרשיידענע צרות און פאַרניכטונג. יעדער האָט זיך דערצו געריסן, בפרט אַז דעמאָלט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז נישט־אַרבעטנדיקע וועלן אויסגעזידלט ווערן. וואָס אויסזידלונג באַדייט האָט שוין יעדער געוווסט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אויך אַרבעט פון יידן האָט פאַר דער נאַצישער חיה קיין באַדייטונג נישט.

אין אַ געוויסן מיטוואָך, 5 אַזייגער פאַרטאָגס (16.6.42) האָט אָנגערוקט אַ שוואַרצער טאָג פאַר אונדזער שטאָט. קאַטאָוויצער און סאָסנאָוויצער געסטאַפּאָ האָבן, מיט דער הילף פון דער אָרטיקער שוץ־פּאָליציי, אַרומגערינגלט אַלע הייזער, ווו יידן האָבן געוווינט און אַרויסגעטריבן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג צום נייעם מאַרק. זיי האָבן געהייסן די צונויפגעטריבענע זיך אַנידערלייגן מיטן פּנים צו דער ערד. די געסטאַפּאָ־לייט און שוץ־פּאָליציי האָבן געטרעטן אויף זיי. ווער עס האָט אַביסל אַ הויב־געטאָן דעם קאָפּ, — האָט באַקומען געשלאָגן ביז טויט. אויך די הינט האָבן צוגעהאָלפן: זיי האָבן געריסן לעבעדיקע שטיקער פלייש. אַזוי זענען די יידן געלעגן אַ פּאָר שעה ביז די לאַנד־פּאָליציי האָט געבראַכט קיין זאַוויערטשע די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון די אַרומיקע שטעטלעך, (מישקאָוו, שעווער, קאָזשעגלאָוו, לאַז, קראָמאָלאָוו און פּאָרעמבע). ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די סעלעקציע. צוזאַמען זענען געווען פאַרזאַמלט ביז 7000 יידן. דער שעף פון דער קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ, — דרייער ימ"ש, — האָט דעצידירט וועגן יעדן איינעם. צום אויסזידלען האָט ער באַשטימט 1650 פּערזאָן וועלכע די נאַציס האָבן געבראַכט אין אַ פאַבריקס־געביידע, — צוזאַמענגעפּרעסטע איינער צום צווייטן. אַזוי האָבן די נאַציס זיי געהאַלטן, — ביז דאָנערשטיק 3 אַ זייגער נאָכמיטיק. עס זענען דעמאָלט אַוועק די אָנגעזעענסטע און חשובסטע בעלי־בתים. אינצווישן האָבן די נאַציס אַוועקגעשטעלט אַ פּערזאָנען־צוג פון 20 וואַגאָן כדי אריינצוברענגען אין אַ טעות די

אויסגעזידלטע. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן דערקלערט אַז די מענטשן ווערן געשיקט צו אַרבעט און דעריבער האָט מען ספּעציעל געגעבן אַ פּערזאָנען־צוג. זיי האָבן אפילו דערקלערט אַז אַלעמען איז דערלויבט מיטצונעמען די בעסטע מלבושים פאַר איבערטאָן זיך נאָך דער אַרבעט. עסנוואַרג האָבן זיי געהייסן די אומגליקלעכע מיטנעמען אויף אַ פּאָר טעג.

ערשט ווען דער צוג איז אַוועק האָט מען זיך דערוווּסט פון באַן־באַאַמטע אַז דער צוג איז אַוועק אין ריכטונג אוישוויץ.

דער צוג איז אַוועק 4 אַ זייגער נאָכמיטיק. 3 שעה שפּעטער זענען זיי שוין געווען אין אוישוויץ. עס איז שווער איבערצוגעבן די שטימונג אין דער שטאָט נאָך אָט־דער אויסזידלונג: האָבן דאָך פון יעדער שטוב געפעלט מענטשן, אָדער גאַנצע פאַמיליעס זענען ליקווידירט געוואָרן. ווי געמיין־ציניש די געסטאַפּאָ איז געווען קאָן דינען דער פאַקט אַז צומאָרגנס האָבן זיי צוגעשטעלט אַ רעכנונג דער גמינע און זיי האָבן געפאָדערט אַז די ייִדישע באַפעלקערונג זאָל דעקן די רייזע־הוצאות פאַר דער שטרעקע זאַווירטשע־אוישוויץ פאַר 1650 פּערזאָן, וועלכע זענען אויסגעזידלט געוואָרן. די אויסזידלונג האָט אַדורכגעפירט די קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ, מיטן ס. ס.־הויפּטמאַן דרייער, ימ״ש, בראש. כאָטש אונדזער שטאָט האָט נישט דירעקט געהערט צו דער קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ, האָבן זיי, ביי דורכגעפירטע אויסזידלונגען, צוזאַמען אויסגעשפּרייט זייער הערשאַפט אויך אויף זאַווירטשע.

נאָך אַלץ אונטערן איינדרוק פון דער ערשטער אויסזידלונג האָט זאַוויער־טשע דערלעבט אַ נייע צרה: נאָך 5 וואָכן איז געקומען אַ צווייטע אויסזידלונג, אַדורכגעפירט דורכן שעף פון די געסטאַפּאָ אין אָפּעלן (צו וועלכער זאַווירטשע האָט געהערט). ער האָט דאָס געמאַכט צוזאַמען מיט דער זאַווירטשער געסטאַפּאָ און שוץ־פּאָליציי.

דעם געדאַנק ביים אַדורכפירן אויף אַזאַ אופן די צווייטע אַקציע איז ביי די זאַווירטשער געסטאַפּאָווצעס געווען, אַז אויב פרעמדע געסטאַפּאָ מעגן אַדורכ־פירן אַקציעס, מעגן מיר, אייגענע ייִדן אודאי שלעכטס טאָן.

געהייסן האָט עס אַז מען שיקט אַוועק אַזעלכע, וועלכע אַרבעטן נישט. אָבער די געסטאַפּאָ האָט אַרויסגענומען פון ייִדישע שטובן יעדן, וועלכער איז איר געפעלן געוואָרן. בעת אָט־דער אַקציע האָבן די געסטאַפּאָווצעס צונויפגע־זאַמלט בערך 150 ייִדן. זיי האָבן די ייִדן אָנגעטאָן געבערענטע צרות. ספּעציעל־דערעסירטע בייזע הינט האָבן געריסן שטיקער פליש. די קולות פון די געפּייניקטע ייִדן זענען דערגאַנגען העט־ווייט. דאָסמאָל האָט געסטאַפּאָ נישט געמאַכט קיין סוד דערפון אַז די צונויפגעשלעפּטע ייִדן זענען פאַרמשפּט צום טויט. מען האָט קיינעם נישט געלאָזט מיטנעמען די מינדסטע מלבושים און קיין שום עסנוואַרג נישט. מען האָט זיי געיאָגט צום באַן־הויף. דאָרט האָט מען זיי באַלד דערנאָך פאַרלאָדנט

אין בהמה־וואַגאָנען, — פשוט, צוזאַמענגעוואָרפן אַלעמען, אָן שום רחמנות. די לאַגע איז געווען אַזעלכע אַז בלויז אַדורכפאָרן מיטן צוג 3 שעה איז געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן. די צווייטע גרופּע האָט געהאַט דעם זעלבן גורל ווי די ערשטע, ד. ה. זי איז פאַרניכטעט געוואָרן מיט אַן אוישוויץ־טויט. עס איז צו באַצייכענען, אַז פון ביידע טראַנספּאָרטן וועלכע זענען אַוועק פון זאַוויערטשע אין 1942 קיין אוישוויץ (צוזאַמען 1800 קדושים) — איז קיינער נישט געבליבן ביים לעבן.

נאָך די ביידע אַקציעס האָט עס געהייסן אַז די וועלכע זענען געבליבן אין שטאָט וועלן שוין קאָנען פאַרבלייבן. אַלס כלל וועלן זיי קאָנען אַרבעטן פאַר דער ווערמאַכט. באַלד נאָך ביידע אויסזידלונגען איז גלייך אונטערגעקומען אַ פרישע גזירה: „געטאָ״.

פּאַסירט איז אָט־וואָס: די זאַוויערטשער געסטאַפּאָ האָט פאַראָרדנט אַז דער געטאָ מוז זיין געשלאָסן און ענגער צוזאַמענגעקוועטשט ווי ביז דעמאָלט. אויפגעשטעלט זענען געוואָרן ספּעציעלע צוימען מיט שטאַכל־דראָט. דאָרט זענען געווען עטלעכע איינגאנגס־טויערן, פון וועלכע די געסטאַפּאָ האָט געהאַלטן די שליסלען. זיי האָבן אָנגעזאָגט אַז יידן טאָרן נישט פאַרלאָזן דאָס געטאָ. יעדער ייד וועלכן מען וועט טרעפן מחוץ דעם געטאָ וועט דערשאָסן ווערן, — האָבן זיי געזאָגט. אין געטאָ האָבן יידן געמוזט בויען פרישע דורכגאַנגס־טויערן. זיי האָבן געמוזט דורכהאַקן מויערן פון איין הויז צום צווייטן און שאַפן גאַסן דורך אַן אַדורכגאַנג פון איין הויז צום צווייטן. אָנשטאָט צו גיין, ווי פריער, דורך די גאַסן, — זענען יידן יעצט געגאַנגען דורך פּראָוויזאָרישע דורכגענג פון הייזער. אין דערזעלבער צייט האָט כמעט 70 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג געאַרבעט פאַר דער ווער־מאַכט און פאַר דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די אַרבעטנדיקע זענען יעדן טאָג, 6 אַ זייגער אינדערפרי, אַרויס צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער אין געשלאָסענע רייען. 6 אַ זייגער פאַרנאַכט האָבן זיי אין געשלאָסענע רייען אַריינמאַרשירט אין געטאָ. געבליבן אינעם געטאָ זענען קליינע קינדער און עלטערע מענטשן. דאָס האָט געסטאַפּאָ אויסגענוצט און כסדר אדורכגעפירט קליינע אַקציעס אויף אַלע די וועלכע האָבן נישט געאַרבעט און זענען במילא געבליבן אינעם געטאָ. כסדר האָבן זיי אַוועקגעשיקט גרופּעס קיין אוישוויץ. אַחוצדעם: אויב געסטאַפּאָ האָט געהאַט אַ פאַרדאַכט אויף אַ געוויסע פּערזאָן, אַז ער האָט זיך מיט עפּעס פאַרשולדיקט, — האָט זי ליקווידירט די גאַנצע פאַמיליע: ברידער, שוועסטער, פאָטער, מוטער, ווי אויך קינדער.

מיט איינמאָל זענען אויף אַזאַ אופן אָפּגעמעקט געוואָרן דריי דורות.

הגם אַלע האָבן בולט געזען וואָס עס קומט פאָר, — כסדרדיקע ליקווידאַציעס און פאַרקלענערונג פון דער צאָל יידן, — האָט זיך יעדער איינער געריסן צו אַרבעט. יעדער איז געווען זיכער אַז דאָס וועט אים ראַטעווען. יעדער

איינער האָט געהאָפט אויף אַ נס. יעדער האָט געגלויבט אַז אים וועט אפשר געלונגען אַדורכצוהאַלטן. מען האָט אויך געגלויבט און געהאָפט, אַז דער אַמעריקאַנער פרעזידענט רוזוועלט וועט אינטערווענירן און אויספועלן ביי די דייטשן, זיי זאָלן אָפשטעלן די יידן־פאַרניכטונג. עס האָט זיך אויך דערנענטערט דער ווינטער 1942—43, ווען יעדער האָט שוין געוווסט אַז אויפן רוסישן פראָנט האָט היטלער די אמתע מפלה. דאָס האָט געגעבן אַ גרונט צו האָפן אַז ער וועט זיך איינברעכן. מען האָט אונדז אויך כסדר איינגערעדט, אַז אַלע די וועלכע אַרבעטן, וועלן קאָנען בלייבן ביזן סוף פון דער מלחמה.

די יוגנט האָט געזוכט אַ וועג צו גיין אין וואַלד אַריין, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אוממעגלעך. מען האָט פרובירט רעדן מיט פאָרשטייער פון די קריסטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיטן וואַלד. זיי האָבן אָפן, — נישט שעמענדיק זיך, — דערקלערט, אַז פאַר יידן איז קיין פלאַץ נישט פאַראַן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין אונדזער געגנט זענען אין די וועלדער געווען די גרופע א. ק. דאָס איז די זעלבע גרופע וועלכע האָט אַדורכגעפירט פאָגראָמען און פאַרשיידענע אַנדערע אַקציעס קעגן יידן. במילא האָבן זיי נישט צוגעלאָזט אַז יידן זאָלן צו זיי דאָרט קומען.

די קריסטן האָבן אונדז צוגעזאָגט און אונדז געהייסן וואַרטן מיט געדולד. זיי האָבן געזאָגט, אַז עס ווערט פון זייער זייט געפירט אַ שטאַרקע טעטיקייט און אַז זיי גרייטן אַן אויפשטאַנד וועלכער וועט אַרומנעמען אַ שטיק פוילן, — פון אָבער־שלעזיע ביז וואַרשע. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין די גאָר האַרבע, שווערע צייטן, — איז נישט בלויז אַז זיי האָבן נישט געהאָלפן, נאָר זיי זענען געווען צופרידן אַז מען האָט אונדז פאַרניכטעט.

אַ פאָר חדשים זענען פאַרביי אָן אַקציעס. אָבער די שטימונג איז געווען אַ געשפאַנטע, ווייל פון אומעטום זענען אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות: די גרעסערע שטעט זענען שוין געווען ליקווידירט, — אַ חוץ אַ פאָר שטעט וועלכע זענען געבליבן מיט אַ ביסל יידן (לאָדזש, קראָקע, טשענסטאָכאָוו).

זומער 1943, בעת מען איז אין געטאָ כסדר געזעסן אין איין שרעק, האָבן מיר גלייכצייטיק באַקומען ידיעות פון אוישוויץ, דורך אַ קריסט אַ טשעך, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט. ער האָט געבראַכט אַ העברעאיש בריוול פון באַקאַנטע קראָקעווער יינגע יידן. זיי האָבן געבעטן מען זאָל זיי אַרויסהעלפן מיט וואָס מיר קאָנען. מיר האָבן זיך געשטעלט אין אַ כסדרדיקן קאָנטאַקט מיטן טשעך, דעם פאַרטיזאַן. ער איז יעדן שבת געקומען אויף אַ געוויסן טרעף־פונקט און יעדע וואָך האָבן מיר פון אים באַקומען ידיעות וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין אוישוויץ. 80—90 פראָצענט פון יעדן טראַנספאָרט ווערן באַלד געשיקט צו פאַרניכטונג, — האָט ער געזאָגט. בלויז אַ קליינער פראָצענט ווערט סעלעקטירט צו אַרבעט.

מיר האָבן בלויז געקאָנט שיקן עסנוואַרג און געלט, וואָס מיר האָבן גע־זאַמלט ביי אָרעם און רייך, וויפל עס האָט זיך געלאָזט, און דאָס געזאַמלטע האָבן מיר אַוועקגעשיקט אונדזערע אומגליקלעכע ברידער. נאָך אַ געוויסער צייט האָט דער טשעכישער פּאַרטיזאַן אויפגעהערט קומען צוליב אַן אומבאַקאַנטער אונז סיבה.

אין דערזעלבער צייט האָבן מיר, איינגעשלאָסענע אין געטאָ, באַקומען ידיעות אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון בענדין האָט אַ קאָנטאַקט מיט ציונים, וועלכע זיצן אין דער שווייץ. זייער טעטיקייט, — האָט מען אונדז געזאָגט, — באַשטייט אין אויסאַרבעטן פּעסער פאַר ציונים פון אַלע ריכטונגען, אַלס אורוג־ווייער און פּאַראַגווייער בירגער. עס האָט זיך גלייך פאַרזאַמלט דער געוועזענער וועד פון דער זאַווערטשער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, כדי זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין בענדין, וועלכע האָט אָנגע־פירט מיט דער אַרבעט. אַ פּונק פון האָפענונג האָט זיך באַוויזן.

נאָך אַ פּאָר זיצונגען פונעם וועד איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ ליסטע פון פאַרדינסטפולע ציוניסטישע עסקנים. זיי האָבן געזאָלט אַלס ערשטע באַ־קומען אויסלענדישע פּעסער כדי צו ווערן אינטערנירט אַלס בירגער פון נייט־ראַלע מדינות. ליידער האָט זיך נאָך אַ קורצער צייט אַרויסגעוויזן, אַז עס איז שפּעט דאָס אַדורכצופירן אין אַ גיכן טעמפּאָ. שוין האָט זיך אָנגעהויבן די ליק־ווידאַציע פון די בערך 70.000 זאַגלעמביער יידן. שבת ביינאַכט דעם 1־טן אוי־גוסט 1943 זענען די געטאָס פון בענדין און סאָסנאָוויצע אַרומגערינגלט געוואָרן מיט שטאַרקע וואַכן. זונטיק פרי האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע־אַקציע, וועלכע האָט געדויערט אַ פּאָר טעג.

נאָכן אכזריותדיקן חורבן בענדין־סאָסנאָוויץ האָבן שוין אין דער גאַנ־צער געגנט קיין יידישע ישובים נישט מער עקזיסטירט, — אַ חוץ זאַווערטשע. דאָרט האָבן געלעבט בערך 5000 יידן, פּאַקטיש אין חסד, ווייל עס האָט געהייסן אַז מיר זענען באַשעפטיקט ביי דער ווער־מאַכט און זענען אַ נוציקער עלעמענט וועלכן מען זאָל נישט ליקווידירן.

אפילו נאָכן חורבן בענדין־סאָסנאָוויצע האָבן מיר אַלע געהאַט אַן אילוזיע אַז זאַווערטשע וועט נישט אַזוי גיך ליקווידירט ווערן ווייל די ווער־מאַכט נויטיקט זיך אין אונדזער אַרבעט פון נייען וואַרעמע מלבושים פאַר די דייטשע סאָלדאַטן אויפן רוסישן פראָנט. באַזונדערס האָבן די כסדרדיקע דייטשע מפּלות אויפן רוסישן פראָנט ביי אונדז דערוועקט די האָפענונג, אַז די דייטשן וועלן שוין מער קיין צייט נישט האָבן אונדז צו ליקווידירן.

אָבער באַלד האָבן מיר דערלעבט אַ ביטערע אַנטוישונג. צוויי וואָכן נאָכן חורבן בענדין־סאָסנאָוויץ איז די קאַטאָוויצער געסטאַפּאָ געקומען קיין זאַווער־טשע באַשטימען מיט די לייט פון דער „לופט־וואַפע" דעם טערמין פאַר ליק־ווידירן אונדז. אין איינעם אַ נאָכמיטיק זענען געקומען ידיעות אַז דאָס געטאָ

איז אַרומגערינגלט. געציילטע יידן האָבן געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן. דער רוב האָט אפילו נישט געזוכט קיין וועג צו אַנטלויפן, ווייל די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען: נישטאָ וווהין צו אַנטלויפן.

די אַנטלאָפענע האָט פּאָליצײ אָדער געסטאַפּאָ געכאַפּט און באַלד אויף דער שטעל דערשאָסן. עס איז אויך געווען אַ אומזין זיך צו באַהאַלטן ביי פּאָליאַקן, ווייל זיי פלעגן מסרן. איז, טאַקע, די אַלגעמיינע מיינונג געווען, אַז ס'איז בעסער צו גיין קיין אוישוויץ. אפשר וועט מען זיין צווישן 10—20 פּראָצ., וואָס האָט מזל און בלייבט לעבן.

צומאַרגנס האָבן אַלע יידן זיך געמוזט פאַרזאַמלען אויף איין פּלאַץ. די געסטאַפּאָ האָט פאַראָרדנט מיטצונעמען מלבושים און וועש, ווייל מען שיקט אונדז צו אַרבעט. כמעט אַ גאַנצן טאָג זענען מיר געווען אויפן זאַמל־פּלאַץ. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן אַרויסגעזוכט פון דער מאַסע פערזאַמלטע די פערזאָנען, מיט וועלכע זיי זענען געווען די גאַנצע צייט אין קאָנטאַקט, — באַזונדערס די הויפּט־פערזאָנען פונעם יודנראַט.

מיט זיי האָבן זיי זיך באַזונדערס אָפּגערעכנט. זיי האָבן זיי געשלאָגן מכות־רצח און געפּייניקט. דערנאָך האָבן די געסטאַפּאָווצעס זיי דערשאָסן.

שווער איז געווען יעדן איינעם איבערצולעבן דעם טאָג. פאַרנאַכט־צו, האָבן מיר אָנגעהויבן מאַרשירן צו דער ט. א. ז.־פאַבריק. דאָרט האָבן מיר געזאָלט ווערן פאַרלאָדנט אין וואַגאָנען מיטן ציל אוישוויץ. בעת מיר זענען געגאַנגען צו דער פאַבריק האָבן מיר געמוזט אָדורכגיין אַ שמאָלן פּאַס, ווו געסטאַפּאָ איז געשטאַנען אויסגעשטעלט און זיי האָבן יעדן איינעם געשלאָגן מכות רצח מיט גומענע און אייזערנע שטעקנס.

בעת מיר זענען נענטער געקומען צו דער פאַבריק האָבן די געסטאַפּאָווצעס פאַרלאַנגט מיר זאָלן זיי אָפּגעבן דאָס געלט אָדער גאָלד וואָס יעדער האָט געהאַט ביי זיך. קלאָר אַז קיינער האָט נישט געוואַגט נישט אַוועקצוגעבן זיי דאָס געפאָדערטע. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. זיי האָבן ווייטער געשלאָגן מכות־רצח. אַזוי זענען מיר אָנגעקומען צום פאַבריקס־פּלאַץ, ווו מען האָט אונדז געזאָלט פאַרלאָדענען אין די וואַגאָנען.

עס איז אָנגעקומען אַ פראָנט־צוג, שטאַרק־באַוואַכט דורכן מיליטער. יעדער איז גיך אַריין אין די פאַרנטיקע וואַגאָנען און געהאָלפן די פאַמיליעס דאָרט אַריינצובאַקומען זיך וואָס גיכער, כדי נישט געשלאָגן צו ווערן. יעדער וואַגאָן איז געוואָרן פאַרזיגלט און שטרענג באַוואַכט.

פאָרנדיק אויפן וועג האָבן מיר געהערט כסדר שיסערייען. מעגלעך אַז דאָס איז געווען כדי אָפּצושרעקן, ווייל עס זענען דאָך געווען פאַלן אַז יידן זענען אַרויסגעשפּרונגען פונעם צוג, הגם דאָס האָט געמיינט אַ זיכערן טויט.

בעת מיר זענען געווען אין די פאַרזיגלטע וואַגאָנען האָבן מיר נישט פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן זיך געזעגענען מיט אונדזערע טייערסטע און נאָנטסטע, — אפשר מחמת שטאַרקער מורא צו טראַכטן וועגן דעם. דאָס איז געווען אַ גרויסער טעות מצד אונדז. מער האָבן מיר זיי נישט געזען.

שפּעט אין דער נאַכט זענען מיר, אָנהויב סעפּטעמבער, אָנגעקומען קיין אוישוויץ. די געסטאַפּאָ־לייט האָבן זיך ווילד צעשריגן, בעת זיי האָבן אויפגעזיגלט די וואַגאָנען. זיי האָבן פאַראָרדנט איבערצולאָזן אין די וואַגאָנען אַלץ וואָס מיר האָבן מיטגענומען און אַרויסגיין פון די וואַגאָנען.

דער ערשטער איינדרוק פון אוישוויץ איז געווען: מיר געפינען זיך אין אַ גרויסן פאַבריקס־צענטער. אַלץ אַרום איז געווען שטאַרק באַלויכטן. אָבער טרויעריק און טונקל איז געווען אונדז אויף דער נשמה, — באַלד ווי מיר זענען אַראָפּ פון די וואַגאָנען.

מיר האָבן זיך געמוזט אויסשטעלן אין אַ ריי. אַ געסטאַפּאָ־מאַן האָט מיט אַ שטעקעלע געוויזן יעדן איינעם ער זאָל גיין ענטוועדער רעכטס אָדער לינקס. דאָס איז געווען אַ גאַנג ענטוועדער צום לעבן אָדער צום טויט.

מיר האָבן אָנגעהויבן באַגרייפן דעם גרויסן חורבן: אַ ייִנגער מאַן אָדער אַ ייִנגע פרוי, וועלכע זענען אויס פיזיש געזונט, ווערן געשטעלט אין אַ פּונקט וואָס באַדייט לעבן. דאָקעגן עלטערע מענער און עלטערע פרויען — אין אַ קעגנגעזעצטן פּונקט. עלטערן זענען פאַנאַנדער געריסן געוואָרן פון זייערע ייִנגע קינדער.

מיר האָבן דאָס געזען און מיר האָבן פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר; צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר געזען אַז פון די טראַנספּאָרטירטע 5,000 זאַוויערטשער ייִדן האָבן זיך אָנגעציילט בלויז 400 אַזוי־גערופענע „אַרבעטס־פּייאיקע" מענטשן. וואָס איז אין דער נאַכט געשען מיט אונדזערע טייערע 4600 ייִדן? מיר האָבן דאָס פאַרשטאַנען נאָך אַ טאָג זיין אין אוישוויץ.

ייִדן וועלכע האָבן זיך געפונען אַביסל לענגער פון אונדז אין אוישוויץ, האָבן איינגעטענה'ט מיט אונדז בעת זיי האָבן אונדז געטראָפן, — הלמאי מיר זענען אַהערגעקומען, מיר האָבן ליבערשט געזאָלט אַרויסשפּרונגען פון די צוגן אײדער אַהערצוקומען.

איך, דער שרייבער פון אָט־די שורות, בין געקומען מיט 7 שוועסטערן און מיט זייערע 10 קינדערלעך אין זעלבן לאַגער. געבליבן איז פון זיי בלויז איך שוועסטער. דעמזעלבן גורל האָבן געהאַט די אַנדערע טויזנטער, וועלכע זענען אַהערגעקומען.

דעם ערשטן טאָג האָט מען אונדז אָנגעוויזן אויף די גאַז־קאַמערן. זיי האָבן געברענט אָן איבעררייס, 24 שעה אין אַ מעת לעת. דאָרט זענען אומגעקומען אויפן שוידערלעכסט־בעסטיאַלישן אופן אונדזערע נאָנטסטע און טייערסטע.

בעת מיר זענען אַרויס, 6 אינדערפרי צו דער אַרבעט, און בעת מיר זענען 6 אין אָוונט צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט האָבן מיר כסדר געזען דאָס פייער פון די גאַז־קאַמערן אין וועלכע יעדן טאָג זענען אומגעקומען טויזנטער מענטשן.

הגם, מיר האָבן שוין באַגריפן וואָס אוישוויץ איז, האָבן מיר אַ סאַך וועגן דעם נישט געקאָנט טראַכטן, ווייל דער הונגער האָט אונדז געפּייניקט. יעדן טאָג זענען פון הונגער אומגעפאַלן אונדזערע לאַגער־חברים. יעדן טאָג איז אונדזער צאָל קלענער געוואָרן. אָפּט האָט געטראָפן אַז צוויי חברים האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין איין בלאָק־פּריטשע. צומאָרגנס האָט זיין חבר שוין נישט מער געלעבט.

אַ טראַגיש קאַפּיטל איז געווען די תקופה פון אויגוסט 1943 ביז יאַנואַר 1945. בעת די רוסן האָבן זיך דערנענטערט האָבן אונדז די דייטשן איבערגעפירט אין אַ צווייט טויטן־לאַגער (מאַטהויזן־עבענזעע). דאָרט זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי דעם 6־טן מאַי 1945.



ארגון יוצאי זבירציה אין ישראל איז מזכיר די נשמות פון די זאַוויערטשער קדושים
מען זעט אויפן בילד (פון רעכטס צו לינקס): י. זיגלבוים, י. י. דרזנר,
י. ד. ערליכמאַן, י. פינקל, הרב א. שפירא, א. זאַקס, החזן, ש. פייגנבלאט

**ישראל יצחק גרינבוים**

# אין טעג פון גרויל

פרייטיק פרי. עס הילכן די ערשטע שאָסן פון נאַצישע עראָפּלאַנען. אַ דערהרגעטער אַרבעטער אויף דער באַן־ליניע, אַרום דער פאַבריק „ס. א. ז.". די שאָסן זענען געווען אַ בלוט־עדות, אַז די מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן צווישן נאַצי־דייטשלאַנד און פוילן בושעוועט אויך אין זאַווערטשע. זיי האָבן אויפגעוועקט די זאַוויערטשער פון שלאָף: צוזאַמען מיטן גאַנצן לאַנד איז אויך אונדזער שטאָט אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון מלחמה־פיבער. אין משך פון געציילטע שעהן האָט זיך געביטן דאָס לעבן פון דער שטאָט.

די יידישע באַפעלקערונג איז באַהערשט געוואָרן פון אַ געדריקטער און אומרואיקער שטימונג, אַ שטייגער ווי זי וואָלט פאָרגעפילט דעם שווערן גורל וואָס די נאָנטסטע טעג גרייטן פאַר איר צו. אויך די שטאָט גופא האָט געביטן איר אויסזען, — קוים צו דערקענען.

מיט איין מאָל האָט גענומען ווידמענען מיט מענטשן די „דריטע־מאַי" גאַס. דער שיינער וואָקזאַל איז געווען פול געפּאַקט פון מענטשן וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען דורך דער באַן. גלייכצייטיק איז פול געוואָרן מיט יידן אַרום ר' הענעך (חנוך) וועקסלערס וווינונג. ר' הענעך איז געווען אַ קהלה־מענטש, אַ סוחר וואָס האָט נישט איינמאָל פאַרנאַכלעסיקט זיין געשעפט און געגאַנגען העלפן אַ נויט־באַדערפטיקן. דאָס מאָל האָט ער אָרגאַניזירט אַן אויטאָ־טראַנספּאָרט פאַר יידן קיין קראָקע. דערפאַר־זשע האָבן מאָסן יידן געשטראָמט צו זיין וווינונג.

אַזוי האָט אויסגעזען די שטאָט זאַוויערטשע יענעם גורלדיקן פרייטיק, ביז ליכט־צינדן.

נאָך ליכט־בענטשן זענען אַלע יידן געגאַנגען צום דאַוונען, — ווער אין שול, ווער אין בית־המדרש, אָדער אין די שטיבלעך. מיין פאָטער משה מענדל, אַן אַלעכסאַנדער חסיד, האָט געזאָגט: „קינדער קומט צום דאַוונען".

איך בין נישט געגאַנגען מיט אים און האָב מיך אַרומגעדרייט פאַרן אַלעקסאַנדער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ זייטן־געסל פון דער פּאָ־רעמבסקאָ־גאַס, וואָס האָט געפירט קיין שעווער מישקיוו.

נאָך אַ געוויסער צייט איז מיין פאָטער אַרויס מיט פאַמעלעכדיקע שריט פון דאַוונען. זעען מיר: פון שעווער־זשאָריקער וועג קומען אָן אַ סאַך וועגענער מיט פויליש מיליטער, באַדעקט מיט גרינע צווייגן אַלס קאַמופלאַזש. די סאָלדאַטן זענען געפאָרן אין דער לאַנגער ריי וועגענער און געשוויגן. אפילו „זשידזשיע", — ווי זייער שטייגער איז געווינטלעך געווען, — האָבן זיי אונדז נישט צוגערופן.

מאָדנע, אַז דאָס מאָל, האָט זייער שפּאָרן מיט זייער זידל־וואָרט „זשיד" מיר געמאַכט געדאַנקען: דאָס איז געווען דער אָנזאָג פון דער מפּלה.

די פרייטיק־סעודה איז שוין דאַסמאָל נישט געווען אַזוי געמיטלעך, ווי געוויינטלעך אין פרייטיק־צו נאַכטסן. מען האָט זיך געאײַלט, געוואָלט וויסן וואָס עס הערט זיך אין גאַס. נאָכן עסן האָט מען באַמערקט אין גאַס קופּקעלעך אין אַלטן מאַרק און ספּעציעל אויף דער מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס ביי דער שול און העכער אַרויף, ביז יואל צווייגלס דירה.

אין נאָרמאַלע פרייטיק־צונאַכטסן פלעגט מען גיין שפּאַצירן אויף די אַלייען, אָדער זעצן זיך אויף די פּאַרק־בענק. דאַסמאָל זענען מיר אויף די אַלייע נישט געגאַנגען. אומעטום זענען געווען גרופּן מענטשן, וועלכע האָבן אַרומגעשמועסט די לאַגע. יעדער האָט זיך געשטעלט די פראַגע וואָס וועט זיין. ס'איז געוואָרן שפּעט. מען איז זיך צעגאַנגען מיט דער דעה, אַז מען וועט זען וואָס עס וועט זיין און וואָס מען זאָל טאָן. צומאָרגנס, שבת אינדערפרי, איז די שטימונג אין שטאָט שעה צו שעה געוואָרן מער נערוועאיש. מענטשן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַוועקלויפן. וווהין צו לויפן האָט קיינער נישט געוווסט. מען האָט נאָר געהערט פון יעדן איינעם דאָס וואָרט: „לויפן". פון צייט צו צייט האָט מען געהערט אַ קנאַל, אַ שטאַרקן שאָס, וואָס האָט די לופט צעריסן. דאָס זענען געווען שאָסן פון דער פּאָרמאַציע „פּשעציוו־לאַטניטשע", („אַנטי־אַוויאַציע" אַפּווער). די פּאָרמאַציע איז געשטאַנען ביי בערענטן אין הויף אויף שעווער גאַס, קעגנאיבער דער דירה פונעם קרימעלעווער רבי'ן. פון די שאָסן האָבן אַ סאַך פרויען געחלשט און קינדער האָבן זיך דערשראָקן. אַזוי שטייענדיק, טראַכטנדיק און שמועסנדיק, איז מען דערגאַנגען, אַז פאַרנאַכט עוואַקואירט זיך די שטאָט קיין פּילץ. ווי אַ שריפה האָט באַלד אַרומגעכאַפּט די יידישע באַפעלקערונג, די ידיעה, אַז אַלע גייען קיין פּילץ. יידן האָבן זיך אַלזאָ גענומען גרייטן צום טרויעריקן מאַרש, וואָס הייסט פּילץ. גלייכצייטיק האָבן זיך געפונען יידן וואָס האָבן נישט געהאַלטן פון לויפן. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַט געשעפטן און דערפאַר האָבן זיי נישט געוואָלט אַנטלויפן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וואָס זענען געווען קעגן אַנטלויפן זענען געווען גערעכט: די יידישע געשעפטן פון די וואָס זענען אַנטלאָפן, זענען צעראַבירט געוואָרן. פאַרנאַכטלעך איז שוין געווען אַ כמעט־אַלגעמיינער פּסיכאָז פאַר אַוועקלויפן. אויך מענטשן, וואָס זענען מיט אַ שעה פריער געווען אַנטשלאָסן נישט צו אַנטלויפן, האָבן זיך שוין אין אַ שעה שפּעטער שוין געגרייט צום מאַרש. מען האָט אַראָפּגעטראָגן גאָלד און זילבער און אַלע בעסערע זאַכן אין די קעלערס, מען וועט דאָך באַלד צוריק קומען — האָבן אַלע געטראַכט. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר. און בלויז פאַרשלאָסן די שטוב, ווי געוויינלעך, און געגאַנגען.

די פאַרמעגלעכע משפּחות האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן בעסערע קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען פאַרן טרויעריקן מאַרש, ווי למשל: זיך שאַפן וועגענער.

דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סאַך קאָסטן, ווייל די יידישע פורמאַנעס האָבן אַליין געהאַט משפחות. וועלכע זיי האָבן געוואָלט מיטנעמען. פון דער צווייטער זייט, האָבן זיי זיך געניטיקט אין געלד. נעמען אַ סאַך פּאַסאַזשירן האָט אַזאַ פורמאַן נישט געקאָנט, ווייל זיין משפחה גופא איז געפאָרן אויף דער פור. דאָך האָט ער אָנגעפּאַקט וויפל נאָר עס האָט זיך געלאָזט. די קאָנסעקווענצן זענען געווען טרויעריקע.

אין אונדזער הויז האָט געוווינט ישכר פורמאַן. ער איז געווען אַן אָרענט־לעכער ייד, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט איף פּרנסה. ער האָט געוווסט אַז מיין מאַמע איז אַ שוואַכע און קראַנקע האָט ער זיך אַליין אָנגעבאָטן מיטצונעמען מיין מוטער מיט אירע אייניקלעך. מיר האָבן זיך געפרייט פון ישכר פורמאַן'ס שיינער טאַט.

דערווייל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אויך דער שטאָט־רב, פאַר־לאָזט די שטאָט שבת־צו־נאַכטס. אַ קלאַנג האָט זיך אויך פאַרשפּרייט, סיי ביי יידן, סיי ביי קריסטן, אַז די דייטשן וועלן באָמבאַרדירן די שטאָט, ווייל זי איז אַ פאַבריקס־שטאָט, דאָס איז געווען דער אָנזאָג, אַז קינד און קייט, — יידן און קריסטן, — גרייטן זיך צום לויפן.

דער צוג פון די פורן האָט אַזוי אויסגעזען: בראש פינעם צוג זענען געפאָרן



קריסטן אויף זייערע וועגענער. אפילו בהמות האָבן זיי פון דער שטאָט אַרויס־גענומען. נאָך זיי זענען געפאָרן יידן אין פול געפּאַקטע וואָגנס: פרויען, קינדער, אַנדערע משפחה־לייט, קישנס און בעטגעוואנד. די מענער וואָס זענען געגאַנגען ביים וואָגן האָבן זיך אָן אים אָנגעהאַלטן, כדי נישט צו פאַרלירן די משפחה. יענע ווידער, וואָס האָבן קיין פור נישט געהאַט, זענען געגאנגען צוזאַמען. די קינדער האָט מען געטראַגן אויף די הענט, פון צו צייט פלעגט מען זיך טוישן מיט דער לאַסט, איבערגעגעבן דאָס קינד פונקט ווי אַ ספר־תורה אין שמחת־תורה... ביי הקפות.

וואָס ווייטער מען איז געגאַנגען אין דער פינצטערער נאַכט, — אַלץ מער האָבן זיך משפחות פאַרלוירן. מען האָט געהערט אין דער חשכות רופן נעמען פון משפחה־לייט, וואָס מ[illegible] נישט געוווסט וווּ זיי זענען. 12 אַ זייגער ביינאַכט זענען מיר געווען אויף דער העלפט וועג. רוען איז געווען אוממעגלעך, ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט זיין הינטערשטעליק. די קאָמפּאַניע איז ווייטער געגאַנגען. ס'איז געוואָרן עטוואָס ליכטיקער. מענטשן זענען געוואָרן דאָרשטיק, געוואָלט טרינקן וואַסער. האַרט פאַר פּילץ האָבן זיך אַלע וואַנדערער, — יידן מיט קריסטן, — אויסגעמישט. זיי האָבן נישט באַליידיקט איינער דעם צווייטן, וויילביידע זענען געלאָפן צוליבן פּחד פאַר איין שונא. פאַרטאָגס זענען מיר אַריין קיין פּילץ. ווער עס האָט דאָרט געהאַט משפּחה אָדער פריינט, — איז געווען פון די גליקלעכע. ווער עס האָט נישט געהאַט, איז אַוועק אין שול, וועלכע איז גלייך פול געוואָרן מיט מענער, פרויען און קינדער. די פּילצער שול איז געווען גענוג גרויס, און האָט געסטייעט פאַר אַלעמען. איך האָב זיך נישט אָפּגערוט, ווי די אַנדערע, און בין אַרויס אין קאָרידאָר. דאָרט האָב איך גלייך באַמערקט צוויי אומבאַקאַנטע פאַר־דעכטיקע מענטשן. גלייך האָב איך דאָס דערציילט אנדערע יידן. איך האָב גע־שיקט, יצחק אבא'ן, — יששכר פורמאַנס זון, — רופן פּאָליציי, וואָס איז געווען אויפן מאַרק און זיך פאַרנומען מיטן ברענען אַלע אַקטן. בכיוון האָב איך געמאַכט אינעם קאָרידאָר דעם אָנשטעל אַז איך שמועס סתם. פּלוצעם זענען אָנגעקומען 4 פּאָליציאַנטן מיט געווער און לעגיטימירט די פאַרדעכטיקע. די פּאָליציי האָט געפונען ביי זיי דייטשע דאָקומענטן. די דייטשן האָט מען תיכף געפירט אויפן מאַרק און דערשאָסן. מאָנטיק פרי האָבן מיר שוין געוווּסט אַז די דייטשן זענען אין זאַוויערטשע. אין פּילץ האָט געברענט. יידן האָבן זיך שוין געקליבן אַהיים, ווייל דער פּחד פאַר באָמבאַרדירן איז אַוועק. אָבער אַ סאַך יידן, — און ספּעציעל די יוגנט איז געלאָפן ווייטער צו די מזרח־קאַנטן. מען האָט זיך געזעגנט מיט די עלטערן און געלאָפן ווייטער אין ריכטונג פון וואָלבראָם, מיעכאָוו, דזשאַלאָשיץ.

אָנגעקומען קיין דזשאַלאָשיץ מיד'ע, צעבראָכענע, אָן אַ גראָשן געלט, האָט זיך פאַרנומען מיט אונדז גאַרנעץ'ס טאָכטער. (גאַרנעץ האָט אין זאַוויערטשע געוווינט אין שניידערמאַנס הויז, אויפן אלטן מאַרק). זי איז געווען ווי אַ מוטער צו אַלע זאַוויערטשער. זי האָט געקאָכט עסן, הגם איך ווייס נישט ביזן היינטיקן טאָג פונוואַנעט זי האָט גענומען געלט כדי פאַר אונדז צו קאָכן.

קוים אָפּגעווען עטלעכע טעג אין דזשאַלאָשיץ, קומען אָן די דייטשן. זיי האָבן באַפוילן, אַז אַלע פרעמדע זאָלן צוריק אַהיים. זענען מיר, טאַקע, ווידער געגאַנגען אַהיים צו פוס.

די ערשטע וואָכן, וויבאַלד עס האָט זיך אַביסל איינגעשטעלט די נאַצישע אָרדענונג אין שטאָט, האָט די יידישע באַפעלקערונג ביסלעכווייז אָנגעהויבן פילן די אײַזערנע פויסט פון דער היטלעריסטן־אָקופּאַציע. קודם־כל האָבן די דייטשן, לויט מסירות פון זאַוויערטשער פּאָלאַקן, רעקווירירט אין אַ בליץ־טעמפּאָ אַלע שפּייז־פּראָדוקטן און שיך פון יידישן באַזיץ. עס האָט זיך באַוויזן אַ פאַראָרדע־נונג פונעם שטאָט־קאָמענדאַנט, אַז יידן טאָרן נישט האַנדלען מיט קיין שפּייז־אַרטיקלען. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און די שטאָט איז פאַרבליבן אָן לעבנס־מיטלען. דאָס גאַנצע ווירטשאַפטלעכע לעבן אין שטאָט איז אינגאַנצן אָפּגע־שטאָרבן; ביי יעדן יידישן קרעמער און סוחר האָבן די דייטשן, צוזאַמען מיט פּוילישע שיקסעס צוגענומען יעדע סחורה וואָס ער האָט געהאַט אינעם קלייט, אָדער אינעם מאַגאַזין, און נישט באַצאָלט. צוליב דעם האָט וואָס אַמאָל מער געפעלט אין דער שטאָט עסנוואַרג. פאַר ראש השנה האָבן זיך גענומען ציען לאַנגע רייעס ביי די בעקערס.



**אילאנא פרייבערגער־פאלאק**

## פון זאַאָלזשע קיין מישקאָוו און זאַוויערטשע

איך בין געקומען מיט מיינע עלטערן, אין חודש יולי 1940, פון טשעשין קיין מישקאָוו מיט אַ „זאַנדער־טראַנספּאָרט" פון די „אויסגעזידלטע" יידן אינעם זאַאָלזשע־קאַנט (אוסטראַן, סקאַטשאָוו, קאַרווין און טשיניעץ). די געגנט האָט באַלאַנגט צו פּוילן זינט 1938, ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט טשעכיע און צוגעוואָרפן פּוילן אַ ביינדל, — דעם זאַאָלזשע־קאַנט.

קיין מישקאָוו האָב איך געהאַט אַן אינטערעס צו קומען, ווייל דאָרט האָב איך געהאַט זינט מאַי 1940 אַ קחינע פון אוסטראַן.

פאַר די „אויסגעזידלטע" יידן האָט געזאָרגט די מישקאָווער יידישע קהילה (קולטוס־געמיינדע). אין דער שפּיץ פון דער מישקאָווער קהילה זענען געשטאַנען דעמאָלט: אינזשענער הירשפעלד (פּרעזעס), און די הערן שמידט, באַבעל און מייטליס. אינזשענער הירשפעלד איז געווען אינזשענער אין דער מישקאָווער פאַבריק. געווען איז ער אַ וואַרשעווער. זיי האָבן זיך אַנשטענדיק אויפגעפירט און אויסערגעוויינלעך געזאָרגט פאַר אונדז, „אויסגעזידלטע" פון זאַאָלזשע. די מישקאָווער יידישע באַפעלקערונג האָט אונדז אָפּגעטראָטן צימערן, אַן אָפּצאָל. ווער עס האָט זיך געקאָנט לייסטן, האָט זיך געדונגען אַ בריווחדיקע וווינונג. „די „אויסגעזידלטע" האָבן געלעבט, — טיילווייז פונעם פאַרקויפן זייער האָב און גוטס, טיילווייז פון געלעגנהייטס־אַרבעטן.

ביז 1942 האָבן די מישקאָווער יידישע סוחרים נאָך געקאָנט פירן זייערע געשעפטן און נישט־יידן האָבן געמעגט גיין דורך יידישע גאַסן און קויפן ביי יידן. 1942 האָט דאָס אויפגעהערט, און די געשעפטן זענען ליקווידירט געוואָרן. אין גרעסערע געשעפטן זענען געווען דייטשע ממונים (טרויהענדער). אַ געוויסע צייט זענען יידן נאָך געבליבן אין זייערע וווינונגען, אָבער נאָכדעם האָט מען זיי „אומגעזידלט" פונעם צענטער פונעם שטעטל.

מישקאָוו איז דעמאָלט געווען אַ גרענעץ־פּונקט צווישן דעם „גענעראַל־גאָווערנעמענט" און „אָסט־אָבערשלעזיע". זשאַרקי־זשאַריק, למשל, איז שוין געווען אינעם „גענעראַל־גאָווערנעמענט" און דאָרט איז געווען אַ סאַך ערגער, ווי אין זאַוויערטשע, בענדין, סאָסנאָוויץ, וואָס אויך זיי האָבן באַלאַנגט צו „אָסט־אָבערשלעזיע".

די מאַכט איבער מישקאָוו האָט געהאַט בלויז די זשאַנדערמעריע. די ס. ס. איז פאַרוועגדס געוואָרן נאָר צו „אויסזידלונגען". פּאָליאַקן האָבן זיך בדרך־כלל אַנשטענדיק באַנומען. עס זענען געווען ווינציקע פאַלן אַז פּאָליאַקן

זאָלן מסרן יידן. עס זענען נישט געווען צו פאַרצייכענען גרוילטאַטן קעגן יידן.

1941 איז געווען די ערשטע אַקציע פון אַן „אַרבעטס־איינזאַץ״. די דייטשן האָבן דעמאָלט פאַרשיקט יינגעלייט און יונגע מיידלעך אין אַרבעטס־לאַגערן, קיין דייטשלאַנד.

איך בין געווען קינדער־גערטנערין (גננת) אין אַ „אָכראַנקע״, וואָס די יידישע קהילה האָט איינגעאָרדנט. אויך אַ דערנערונגס־שטעלע (קיך) פאַר קינדער האָט די קהילה געשאַפן. פּראָדוקטן האָט די דערנערונגס־שטעלע באַקומען פון סאָסנאָוויץ. מען האָט געלערנט די קינדער מלאכות.

* *

יוני 1942 האָבן די דייטשן „אויסגעזידלט״ פון מישקאָוו עלטערע לייט און קינדער. אַרבעטספּייאיקע מענטשן האָבן זיי געשיקט צופוס קיין „וואַרטענוי״ (אַזוי האָבן די דייטשן אַ נאָמען געגעבן זאַוויערטשע), — אַ מהלך פון 12 ק״מ פון מישקאָוו. בכלל זענען פון דער גאַנצער זאַוויערטשער סביבה געשיקט געוואָרן קיין זאַוויערטשע אַרבעטס־פייאיקע מענטשן.

די יידישע קהילה האָט דעמאָלט געזאָרגט פאַר אונדז, וואָס זענען „אויס־געזידלט״ געוואָרן פון דער סביבה. לויט זייער אינ־ציאַטיוו האָבן יידן אין זאַוויערטשער געטאָ אָפּגעטראָטן צימערן פאַר אונדזערטוועגן. די קהילה האָט איינגעאָרדנט אַ פאָלקס־קיך (לייטערין פון דער קיך איז געווען פרוי סאָבעלמאַן־גאָלדמינץ ז״ל). אַ סאַך פון אונדז זענען געוואָרן אַרבעטער אין דער פאַבריק, צוזאַמען מיט עטלעכע טויזנט זאַוויערטשער יידן וואָס האָבן שוין געאַרבעט אין דער פאַבריק.

בעת מיר זענען אָנגעקומען פון מישקאָוו קיין זאַוויערטשע, איז דעמאָלט נאָך נישט געווען אַ פאַרצוימט געטאָ אָבער פאַקטיש האָבן יידן נישט געטאָרט אַרויס פון דעם תחום וואָס איז פאַר זיי באַשטימט געוואָרן.

די נאַציס האָבן געשאַפן אַ „גרונדשטיק־געזעלשאַפט״, נאָכדעם ווי זיי האָבן קאָנפיסקירט יידישע הייזער. יידישע לאָקאַטאָרן האָבן איינגעצאָלט דירה־געלט אין די געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געפינען אין ד״ר פערלאָווסקי׳ס הויז אויפן נייעם מאַרק. לייטער פונעם גרונטשטיק־אַמט איז געווען יאָסל־יוסף ליבערמאַן. ער האָט געהאַט אַ פאַסיר־שיין און האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַוועגן זיך אויך אויף דער צרישער זייט.

ליבערמאַן האָט אויסגענוצט זיינע זייער גוטע פאַרבינדונגען מיטן פּאָליציי־שעף און האָט יידן געהאָלפן מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט. אַ דאַנק זיינע

באַמיאונגען איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן „אַרבעטס־איינזאַץ״ פון בערך 20 יינגע בחורים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער אייזנגיסעריי פון ערבע. אַ דאַנק דעם זענען זיי נישט פאַרשיקט געוואָרן אין די „אַרבעטס־לאַגערן״, וואָס זענען געווען טויט־לאַגערן.

אַחוצדעם האָט ליבערמאַן פאַרשאַפט נישט ווינציק יידן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין איינעם פון די שאָפּן אין דער פאַבריק פון דער לופּטוואַפּע. דאָס אַלץ האָט ער געטאָן נישט פאַר געלט, בעת די קהילה־לייט האָבן פאַר אַזעלכע טובות, אַריינצושטופּן עמעצן אין „אַרבייטסאיינזאַצן״ אין דער לופטוואַפּע א. א. וו., — גענומען בדרך־כלל געלט. דער אַרגומענט איז געווען: זיי ברויכן געלט, כדי אונטערצוקויפן די געסטאַפּאָ און די ס. ס.־לייטער. זיי האָבן טאַקע געגעבן אַ סאַך שוחד. נישט ווינציק אָבער איז געבליבן פאַר זיי. אָן ספק: זיי האָבן אַ סאַך בעסער געלעבט איידער די איבריקע יידן. אָבער, — היות מאַנכע פון די געראַטעוועטע פונעם שרעקלעכן זאַוויערטשער אומקום אין אויגוסט 1943 דערציילן וועגן אָרגיעס פון די קהילה־לייט — מוז איך זיין אָביעקטיוו און זאָגן, אַז עס איז אַ גוזמא צו רעדן וועגן אָרגיעס.

מיט דער זעלבער אָביעקטיוויטעט מוז איך אויך זאָגן, אַז די קהילה־לייט האָבן שאַרף געהאַנדלט קעגן יעדן יידן, וואָס האָט געהאַט אייגענע פאַרבינדונגען מיט די דייטשן. זיי האָבן געטאָן אַלץ כדי אים צו ליקווידירן. אויך יוסף ליבערמאַן איז געוואָרן אַ קרבן פון אָט־דער שטעלונג פון דער קהילה. די קהילה־לייט האָבן געוואָלט האָבן אַ מאָנאָפּאָל אויף אינטערווענץ לטובת יידן. אַמשאַרפסטן האָבן זיי געהאַנדלט קעגן אַזעלכע יידן וועלכע האָבן אינטערווענירט אָן געלט לטובת זייערע זאַוויערטשער יידישע ברידער.

דאָס איז געווען אין שפּעטערדיקן פּעריאָד נאָכן „ליקווידירן״ בוכנערן.

איך קאָן דאָס זאָגן מיט דער גאַנצער באַשטימטקייט ווייל איך בין אָ צייט געווען באַאַמטין אין דער „גרונדשטיק־געזעלשאַפט״.

* *

זאַוויערטשער יידן זענען, — בעת מיר זענען אָנגעקומען קיין „וואָרטענוי״, — געווען, דער עיקר, באַשעפטיקט אין דער „לופטוואַפּע״. אין יעדן „ווערק־שאָפּ״ איז געווען דעמאָלט אַ יידישער מייסטער. פון דער פאַבריק — צו מיטיק און אינעם אָוונט, — זענען מיר געגאַנגען אין געשלאָסענע רייען, באַוואַכט דורך יידישע מיליציאַנטן. געאַרבעט האָט מען אין דער פאַבריק פון 7 אינדערפרי ביז 1 אַ זייגער מיטיק, און נאָך אַ מיטיק־איבעררייס — פון 2 ביז 5 פאַרנאַכט. מען האָט זיך אַין געטאָ געקאָנט באַוועגן ביז 8 ביינאַכט. עס זענען נישט געווען קיין געזעלשאַפטלעכע אימפּרעזעס.

היות איך נעם אָן, אַז וועגן די אַרבעטס־תנאים אין דער פֿאַבריק וועלן נאָך אַנדערע שרייבן, — וועל איך וועגן דעם מיך באַשרענקען מיטן אויבן־געזאָגטן.

בעת מיר זענען אָנגעקומען פֿון מישקאָוו קיין זאַוויערטשע איז ייִדן פֿאַר־באָטן געווען צו גיין בלויז איבערן „פּשעיאַזד" (באַן־איבערגאַנג). דערנאָך האָט מען שוין נישט געטאָרט גיין אויף שעוויערסקא, (גורנאָשלאָנסקא), אויף די „פּיאַסקעס", אויף לאָשניצקא (פּילסודסקיעגאָ). סוף 1942 האָבן די נאַציס געמאַכט אַן ענג געטאָ, — וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ טייל פֿאָרעמבסקא, אַ טייל אָפּ־טעטשנאַ, דעם אַלטן מאַרק (ביזן „קאָנסום") אַ טייל מאַרשאַלקאָווסקא (ביזן נייעם מאַרק) און אַ טייל נייעם מאַרק, הינטערן קאָנסום, — דאָרט וווּ עס איז געווען די „קולטוס־געמיינדע", — האָבן די נאַציס געצויגן שטאַכייטן (שטאַכל־דראָט). דער וועג האָט געפֿירט דירעקט אין די פֿאַבריק אַריין.

נאָך אינעם יאָר 1942 זענען ייִדישע שפּייז־קראָמען, שיך־געשעפֿטן, ליקער־געשעפֿטן געווען אָפֿן. אַ חוצדעם זענען געווען גמינע קלייטן, וואָס האָבן פֿאַר־קויפֿט פּראָדוקטן אויף קאַרטן. איך קאָנפֿעקציע־מעבל און מאַנופֿאַקטור־קלייטן זענען געווען „טרויהענדער".

דער מערדער פֿון זאַוויערטשע, ראָטער, פֿלעגט גיין דורך די גאַסן מיט זיין הונט, וועלכע ער פֿלעגט אָנרייצן אויף ייִדן. אַז ראָטער פֿלעגט גיין דורך די געטאָ־גאַסן האָט מען אַפֿילו אייער פֿאַרבאַהאַלטן (האַלטן אייער איז דעמאָלט נישט געווען כשר). ס. ס.־לייט פֿלעגן אָפֿט שלאָגן ייִדן. אָפֿט פֿלעגן די וואַכלייט ביים פּשעיאַזד שלאָגן ייִדן.

דעם 10 יולי 1942, אַ פּאָר וואָכן נאָך דער ערשטער „אויסזידלונג" האָט מען ווידער געהייסן אַלע ייִדן אַרויס אויפֿן „זאַמלפּונקט". איז דעמאָלט געקומען לייטנאַנט גאַבריך און געזאָגט: „אַלע ייִדן, וואָס זענען דאָ פֿאַרזאַמלט, אַרבעטן ביי מיר אין דער „לופֿט־וואַפֿע". די ייִדן זענען באַפֿרייט געוואָרן, און זיי האָבן ווייטער געפֿירט זייער לעבן ביז דער לעצטער אויסזידלונג, אין אויגוסט 1943.

אויך אין אויגוסט 1943 האָט זיך די „אויסזידלונגס־אַקציע" פֿאַרשלעפּט איין טאָג. די „קולטוס־געמיינדע" האָט געפּרוווט, אינטערוועניִרן. ביי מערינען און ביי די העכערע אַמטן אין זאַוויערטשע. גאַבריך האָט געטענה׳ט, אַז ער וועט נישט קאָנען פּראָדוצירן און ליפֿערן די פֿאַרלאַנגטע און נויטווענדיקע פֿאַבריקאַטן פֿאַר דער לופֿט־וואַפֿע, אויב מען וועט ביי אים אָפּנעמען די גוטע ייִדישע אַרבעטער. די ס. ס.־לייט האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ באַפֿעל דירעקט פֿון הימלערן. זיי זענען גרייט אָפּצולייגן די „אויסזידלונג" אויף 1—2 טעג, כדי גאַבריך און די „קולטוסגעמיינדע" זאָלן קאָנען אינטערוועניִרן דירעקט אין בערלין. דערפֿאַר איז די „אויסזידלונג" אָפּגעלייגט געוואָרן אויף 1—2 טעג.

אָבער פֿון בערלין איז געקומען דער באַפֿעל: „אויסזידלען".

גאַבריך האָט אפילו אין אַנטשיידנדיקן טאָג פֿון 26־טן אויגוסט געפּרוווט, ווי ווײַט מעגלעך, מערערע ייִדן צו „רעקלאַמירן״, — דירעקט פֿונעם זאַמל־פּלאַץ. אַ חוץ אַנדערע ייִדן, האָט ער אויך מיך אַרויסגענומען פֿונעם זאַמל־פּלאַץ. „לײַדער נישט מער ווי אויף 6 וואָכן״, — האָט ער מיר געזאָגט.

דאָס האָט מיך אפֿשר געראַטעוועט פֿון אַ זיכערן אומקום. נאָך 6 וואָכן בין איך פֿאַרשיקט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער, וווּ איך האָב אַדורכגעמאַכט האַרטע טעג. אָבער איך האָב אויסגעהאַלטן, און — איך בין געראַטעוועט געוואָרן.



צבי שפּיראָ

## על פּי נס איבערגעלעבט די 2־טע וועלט־מלחמה

1

1939. די פֿאַרפֿאַלן אויף די פֿאַרשיידענע אַפּשניטן פֿון דער פּויליש־דײַטשער גרענעץ האָבן געמאַכט ברענענדיק די לאַגע.

עס איז געווען אַ פֿרימאָרגן, אַרום דעם 15־טן אויגוסט. דורכן פּוילישן ראַדיאָ האָט גערעדט צום פֿאָלק דער קריגס־מיניסטער, גענעראַל רידז־שמיגלי. פֿאַרענדיקט האָט ער זײַן רעדע מיט די ווערטער: „אַני גוזשיקאַ ניע אַדדאַמי״ (מיר וועלן אפֿילו אַ קנעפּל, — פֿון אַ מונדיר, — נישט אָוועקגעבן).

גלײַך נאָך דער דאָזיקער רעדע האָט זיך די לאַגע נאָך מער פֿאַרשאַרפֿט. די מהומה בײַ דער באַפֿעלקערונג איז געוואַקסן פֿון מינוט צו מינוט. דאָס האָט זיך געלאָזט מערקן אויך דערין, אַז די שפּײַז־קראָמען זענען געווען איבערפֿולט מיט קונים.

פֿרײַטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער אינדערפֿרי, בין איך געווען שטאַרק פֿאַרנומען אין מײַן געשעפֿט. די געשרייען פֿון די קונים, וואָס האָבן באַלאַגערט מײַן געוועלב, זענען דערגאַנגען עד לב השמים. אַ מערכה אַז איך האָב באַקומען אַ טעלעגראַפֿישן באַפֿעל זיך צוצושטעלן צום מיליטער, — אַנדערש וואָלטן מיר די צעווילדעוועטע קונים אויסגעליידיקט די קראָם.

אין משך פֿון אַ שעה, בערך, האָב איך אַלע קונים באַזײַטיקט, אַלץ נויטיקע אַראַנזשירט. איך האָב מיך געזעגנט מיט פֿרוי און קינד, — און גלײַך געלאָפֿן צו די באַן.

בלויז 3 טעג האָט די מלחמה געדויערט. אויב עמעץ האָט זיך אַביסל פּאַרשפּעקטיקט, — איז ער פאַרבליבן ביי זיין פאַמיליע.

אויף די שאָסייען און וועגן איז די מהומה געווען אומבאַשרייבלעך. אַלע, זענען געלאָפן: מיליטער־לייט און ציווילע האָבן זיך אין דאָזיקן מהומהדיקן געלויף אויסגעמישט. עס זענען געפאַלן אויף די וועגן אַ סאַך הונדערטער און טויזנטער. די היטלער־חיילות זענען מיט שטורעם געלאָפן פאָרויס און האָבן באַזעצט שטאָט נאָך שטאָט.

*     *

אונדזער פלוטאָן, וואָס האָט געציילט 120 מאַן, איז צעשמעטערט געוואָרן. בלויז איך און געציילטע יידישע זעלנער האָבן זיך געראַטעוועט דורך איבערגעבן זיך אין געפאַנגענשאַפט. די דייטשן האָבן אונדז אַוועקגעשיקט טיף קיין דייטשלאַנד, — צוערשט קיין מילבערג (זאַקסן), דערנאָך קיין מוסבורג (בייערן). דאָרט האָט מען אונדז איינקוואַטירט אין ספּעציעל־אויפגעשטעלטע געצעלטן.

אין די לאַגערן האָבן מיר געהאָרעוועט, גוט־באַוואַכטע, דורך ווערמאַכט־סאָלדאַטן, — ביי פאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעטן. שרייבן האָבן מיר געמעגט בלויז איין מאָל אין חודש, — בלויז אויף אָפיציעלע קאַרטלעך, ווו עס איז געווען באַצייכנט: „סטאַלאַג", ווי אויך די נומער פונעם לאַגער. לויט אָט־דער אַדרעס פלעגן מיר באַקומען פּאַקעטן. אין וועלכן פלאַץ מיר געפינען זיך, — האָט די פאַמיליע פונעם געפאַנגענעם נישט געוווּסט.

איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, — אָנהויב סעפּטעמבער, — האָט דער ביוראָ־שרייבער געמאָלדן, אַז אַלע געפאַנגענע יידן זאָלן זיך תיכף ומיד מעלדן אינעם ביוראָ. דאָרט זאָלן זיי אויפגעבן זייערע גענויע אַדרעסן, ווייל יידן ווערן אָפּגעשיקט צוריק אין זייערע היימען. אומבאַשרייבלעך איז געווען ביי די יידישע געפאַנגענע די שמחה, אַז מיט גאָטס הילף וועלן מיר זיך בקרוב פרייען מיט פרוי, קינד און משפחה. די פאָליאַקן, ווידער, האָבן מקנא געווען: „זשידזשי יאַדאָן דאָ דאָמו" (יידן פאָרן אַהיים), — האָבן זיי געזאָגט, — און מיר מוזן דאָ בלייבן...

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שוין דעמאָלט האָבן היטלער ימח שמו, און זיינע יועצים געהאַט צוגעגרייט דעם פּלאַן צו פאַרניכטן און אויסראָטן יידן.

פאַרן אַוועקפאָרן האָבן די דייטשן אָפּגענומען פון איטלעכן יידישן געפאַנגענעם די גוטע פּוילישע מונדירן און די שטיוול. אָנשטאָט דעם האָבן זיי אונדז געגעבן צעריסענע און געלאַטעטע מלבושים און פאַר די פיס — הילצערנע דרעפּ־לאַטשן, דרעפּאַקעס.

אויפן וועג האָבן אונדז באַגלייט דייטשע „ווערמאַכט"־סאָלדאַטן. ווי געזאָגט האָבן די דייטשן אײנעם לאָגער אונדז געמאָלדן, אַז מיר קערן זיך אום אין אונדזערע היימען. אַנשטאָט דעם האָבן זיי דעם גאַנצן טראַנספּאָרט געשיקט קיין לובלין, ווו מיר זענען אָנגעקומען סוף פעברואַר, — 800 מאַן אין צאָל.

די „ווערמאַכט"סאָלדאַטן האָבן זיך מיט אונדז העפלעך געזעגנט און אונדז געזאָגט: איצט זענט איר שוין אין ציוויל און מיר געבן אייך איבער דער „ציוויל־וואַכע", אָט די „וואַכע" האָט געטראָגן לאַנגע, שוואַרצע, מונדירן, אויף זייערע מיליטער־היטלעך איז געווען אָלס אַן אָפּצייכן דער טויטן־קאָפּ. ווי מיר זענען שפּעטער געוווּיר געוואָרן, זענען דאָס געווען ס. ס.־לייט.

שוין בעת מיר זענען אַראָפּ פון די צוגן און געגאַנגען פון דער באַן־סטאַציע אונטער זייער באַוואַכונג, — האָבן זיי אונדז געזידלט: „פאַרפלוכטע יודן, פאַרויס — פאַרויס!". דערביי האָבן זיי נישט געקאַרגט קיין קלעפּ מיט שטעקענעס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט, — אַזש עס איז אונדז געוואָרן שוואַרץ פאַר די אויגן. זיי האָבן אונדז אַריינגעפירט אין אַן אומאויס־געפּאַרטיקטע, גרויסע געביידע, — אַ פּנים אַ קהילה־בנין. קעלט און הונגער האָט אונדז אַרויסגעצויגן דאָס חיות.

אינעם בנין זענען מיר געלעגן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע. די קלעפּ האָבן נישט אויפגעהערט. אַביסל „שיטער־וואָרעמס" האָבן די דייטשן דער־לויבט אַריינצוברענגען פאַר אונדזערט וועגן. ווי ווילדע זענען מיר באַפאַלן דעם קעסל מיטן מאָגערן, שיטערן געקעכץ, — יעדער האָט געוואָלט פריער צוקומען צום קעסל. אַ געשלעג איז אויסגעבראָכן. דער סוף איז געווען, אַז דער קעסל האָט זיך איבערגעקערט און קיין עסן איז נישט געווען. אַנשטאָט עסן האָבן מיר באַקומען רציחה־קלעפּ. עס איז אוממעגלעך געווען זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער יידישער באַפעלקערונג אין לובלין, — צוליב דער שטאַרקער באַוואַכונג.

~

## 2

אין אַ שיינעם ווינטער־טאָג, אַ זייגער 4 נאָכמיטיק, איז געקומען אַ באַפעל אַרויסצוגיין אין דרויסן און זיך צו שטעלן אין רייען צו 4 מאַן. אין אַ פּאָר מינוט, — מחמת דעם האָגל קלעפּ און מחמת פּחד, — ווערט די שערענגע פאַרמירט. מיר ווערן באַוואַכט פון ס. ס.־לייט. ווי אַזוי מאַרשירט מען אין אַזאַ שפּעטן ווינטערדיקן נאָכמיטיק? — האָט זיך איינער געפרעגט ביים אַנדערן.

פלוצעם האָט זיך דער הימל באַדעקט מיט שווערע וואָלקנס, פון וועלכע עס איז געפאַלן אַ נאַסער שניי, צעיאָגט פון אַ שאַרפער זאַוויערוכע. קוים וואָס

מיר האָבן געכאַפּט דעם אָטעם. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, — און די נאַכט איז צוגעפאַלן.

זענען מיר אַזוי געגאַנגען, — אַדורכגעוויקטע פון נאַסן שניי.

פלוצעם הערן זיך שאָסן. מיר ווערן נערוועז, קיינער ווייסט נישט וואָס דאָס באַטייט. קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס שיסן די דייטשן טאַקע אויף אונדז. ס'טייטש: גלאַט שיסן אויף מענטשן, אויף אומשולדיקע? פאַר וואָס אַזוי? — האָבן מיר געטראַכט, טשאַרענדיק די פיס אינעם שניי־שטורעם. מיר גופא האָבן זיך געטרייסט: אַודאי שיסן זיי אויף האָזן, און אפשר גאָר סתם אין די לופט, כדי אונז אָפּצושרעקן, — אַז קיינער פון אונז זאָל זיך נישט דערוועגן צו אַנטלויפן אין די פינצטערניש אַריין.

מיר טאַפּטשען אינעם שניי אָן אַ ציל, אין אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע מלבושים. זיי, אונדזערע באַוואַכער, זענען אָנגעטאָן אין פעלצן און אין פוטערנע שטיוול. אַ שליטן מיט עסן מכל טוב, מיט וואָרשטן און מיט בראָנפן באַגלייט זיי, — צעשיכורט און „חי־געלעבט”. מיר — אויב עמעץ בויגט זיך אין מיטן מאַרש, כדי צו כאַפּן אַ שטיקל שניי אויף פייכט צו מאַכן די דאַרשטיקע ליפּן, ווערט אין מיג דערשאָסן.

איבערצייגט. אַז זיי שיסן אויף אונדז האָבן מיר זיך, וויבאַלד די געפאַנגענע פון די הינטערשטע רייען זענען געלאָפן צום פראָנט פון דער קאָלאָנע. זענען במילא אָט־די, וואָס זענען געווען פריער אין די ערשטע רייען, געוואָרן הינטערשטע רייען. באַלד זענען די, וואָס זענען געבליבן הינטערשטעליק, געלאָפן צום פראָנט. דאָס לויפן צום פראָנט האָט זיך כסדר איבערגעחזרט און עס האָט זיך געשאַפן אַ מין קאַראַהאָד. בלויז די קרעפטיקע, מיט שטאַרקע נערוון האָבן אַדורכגעהאַלטן. די איבריקע זענען געפאַלן, צעבלוטיקטע. צווישן די געפאַלענע אין דאָזיקן ברודער־געראַנגל איז אויך געווען אַ זאַוויערטשער, — איטשע זאַקס, אַ טרעגער.

די קלעפּ און די מידקייט האָבן אַ פּנים געהאַט אַ פּעולה; עס איז געוואָרן אָרדענונג אין די רייען. פונעם לאַנגן מאַרשרוט זענען אפילו די ס.ס.־לייט מיד געוואָרן.

צום סוף, באַלויכטנדיק די פינצטערניש מיט רעפלעקטאָרן, האָבן זיי אונדז צוגעפירט צו אַ חורבה אָן אַ דאַך, — אַ פּנים אַן אַלטער גאַראַזש, ווו עס זענען געשטאַנען אַלטע צעבראָכענע מאַשינען. געטריבענע מיט ביקסן־קאָלבעס, זענען מיר — אַזוי שטייענדיק — איינגעשלאָפן. איינער איז געווען צום אַנדערן צונויפגעפּרעסט, כדי זיך צו דערוואַרעמען.

פאַרטאָגס האָבן די ס. ס.־לייט אונדז ווידער אַרויסגעיאָגט, און געהייסן פאַרמירן אַ קאָלאָנע. דער שטורעם־פירער האָט אונדז מבשר געווען אַז מיר

באַקומען „ברויט צום פּרעסן” און באַפוילן אונדז צו בלייבן אין די רייען. דאָס וואָרט „ברויט” האָט אויף אונדז געהאַט אַ פּעולה. עס האָט אין אונדז עפּעס ווי אַ פרישע נשמה איינגעהויכט. באַלד זענען אָנגעקומען 2 גרויסע שליטנס מיט לייבלעך פאַרהאַרטעוועט ברויט, וואָס זיי האָבן געוואָרפן מיט סאַדיזם אין שניי אַריין, אָדער אויף אונדזערע קעפּ. נישט איינער האָט גע־בלוטיקט פון קאָפּ. דאָס ברויט איז באַלד צעכאַפּט געוואָרן, אָבער עס איז געווען אַזוי האַרט אַז ביים איינבייסן האָבן זיך אַ סך אויסגעבראָכן די ציינער, און ביים אַראָפּשלינגען די קראָמעס ברויט האָבן זיך אַ סאַך געוואָרגן, ווייל אפילו וואַסער איז נישט געווען כדי אַרונטער צו גאָרגלען דאָס שטיין־האַרטע ברויט.

ווידער אַ באַפעל: „מאַרשירן”. ווידער האָט זיך געשאַפן אַ קאַראַהאָר־געלויף פון די פאַרנטיקע און הינטערשטע רייען. די הילצערנע דרעפּאַקעס זענען שטעקן געבליבן אינעם שניי וואָס איז געווען אַ האַלבן מעטער הויך. (מיר זענען געטריבן געוואָרן דורך פעלדער און נישט דורך אויסגעטראָטענע וועגן), זענען אַ סאַך געלאָפן באָרוועס, זיך פאַרקילט, באַקומען לונגען־אָנט־צינדונג, געפאַלן אין מיטן וועג, אָדער, פון פאַרקילונג, געשפּיגן מיט בלוט. איך האָב מיינע דרעפּאַקעס פאַרבונדן מיט שטריק, וואָס איך האָב פריער צוגעגרייט, און אַזוי האָב איך זיי באַוואָרנט אַז זיי זאָלן נישט אַראָפּפאַלן.

אין לובאַרטאָוו זענען מיר איינקוואַטירט געוואָרן ביז 3 נאָכמיטיק אין דער צעשאָסענער, רואינירטער שול, ווו דאָס ארון קודש איז געווען פאַר־שוועכט. די קהילה־לייט האָבן זיך דערוווּסט וועגן אונדזער אָנקומען און זיי האָבן אונדז באַזאָרגט מיט עסן, — ביי דער הסכמה פון די ס.ס. יעדער פון שטעטל האָט געבראַכט צו אונדז זיין ביסל געקעכץ. אָבער ברויט האָבן יידן נישט געטאָרט ברענגען. ברויט האָבן אונדז צוגעוואָרפן — ווי בעתן נאָכט־מאַרש, — די געסטאַפּאָ־לייט, וואָס זענען געשטאַנען אינעם פּאָליש פון דער שול. ווידער זענען געווען געשלעגן צווישן די געפאַנגענע און דער מקום קדוש איז נאָך מער פאַרשוועכט געוואָרן.

* *

3.30 נאָכמיטיק איז ווידער געקומען אַ באַפעל זיך שטעלן אין רייען צו 4 מאַן. ווידער — אַ נאַכט־מאַרש און ווידער שאָסן, אָפּגעשוואַכט און אויסער זיך האָט אין מיר געעקבערט אַ ווייטיקדיקער געדאַנק: „טייערע פרוי, ליב קינד, עלטערן — ווער ווייסט צי איך וועל אייך נאָך זען?” און תפילה האָב איך געטאָן צום רבונו של עולם אַז אין זייער זכות זאָל איך געראַטעוועט ווערן.

פאַרשטריקט פון אַזעלכע פאַנטאַזיעס בין איך, — צוזאַמען מיט אַנ־

דערע, — צום סוף צוגעקומען צו עפּעס „אַ הויף", פון וואַנעט הינט האָבן אַרויסגעבילט און קיין האָבן געמעקעט.

די געסטאַפּאָווצעס האָבן אונדז געוואָרנט: „ווער עס זעצט זיך אַווּעק, ווערט געשלאָגן צום טויט". דערנאָך האָבן זיי אונדז איינקוואַטירט אין 2 שייערס, ווו מיר האָבן זיך אַריינגעגנורעט אין בינטן שטרוי, וואָס זענען דאָרט געווען. מיד און פאַרהונגערט זענען מיר געפאַלן אויפן שטרוי. פּאַר אַ ביסל שניי איינצוזעצן די דאַרשטיקע ליפּן האָבן די וואַכלייט, וואָס האָבן דרויסן געהיטן די שייערס, באַקומען גאָלדענע פּול־פּעדערס, זייגערלעך, רינגלעך. מיר זענען באַלד איינגעשלאָפן.

פּלוצעם, בערך 12 אַזייגער ביינאַכט, האָבן זיך אויפגעפּראַלט די טירן פון די שייערס און עס האָט זיך געהערט אַ באַפעל אַז 10 מאַן זאָלן אַרויס.

מיט רעפלעקטאָרן האָבן די דייטשן געגנישטערט, אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט. אַלע האָבן זיך נאָך טיפער אַריינגעגנורעט אינעם שטרוי. די דייטשן האָבן מיט באַגנעטן, וואָס זיי האָבן אַרויפגעזעצט אויף די ביקסן געשטאָכן אין די בינטלעך שטרוי. אַרויסגעצויגן האָבן זיי די באַגנעטן פאַר־בלוטיקטע, אָבער קיין פּיפּס האָט זיך נישט געהערט פון די געטראָפענע.

מיט כוח האָבן די געסטאַפּאָווצעס אַרויסגעשלעפּט צו 10 מאַן פון יעדן שייער. באַלד האָבן זיך דערהערט שאָסן און מיר האָבן תיכף פאַרשטאַנען אַז די 20 מאַן זענען שוין נישטאָ מער. דערנאָך האָבן זיי כסדר גענומען צו 10, ביז זיי זענען דערגאַנגען צו 90, וועלכע זיי האָבן דערשאָסן אין נאָנטסטן וועלדל.

איך בין געווען זיכער אַז באַלד טרעפט מיך דער זעלביקער גורל. אָבער מיין מזל איז געווען אַז אין דער לעצטער גרופּע בין איך געווען דער 11־ער, זיי האָבן מיך אַלזאָ צוריקגעלאָזט אין שייער.

די דייטשן, — וואָס זיי זענען זענען זיי, אָבער פּינקטלעך און „אָרדנונגס־געמעס" זענען זיי. זאָל מען נעמען 10, — נעמט מען נישט 11...

* *

אַזוי בין איך ווידער אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

נאָכן אָנטרינקען זיך מיט אַזויפיל בלוט, האָבן די דייטשן צוזאַמענגע־קליבן אַלעמען אין איין שייער. דאָרט האָבן מיר שוין, פון גרויס שרעק, נישט געקאָנט אַ גאַנצע נאַכט צוטאָן אַן אויג.

ווידער — אַ געשריי: „העראַוס".

בלויז איין בראָם פונעם שייער־טויער האָבן די דייטשן געעפנט. איז,

טאַקע, דער אַרויסגאַנג געווען שמאָל. אַלע האָבן פאַר פחד געוואָלט מיט איינמאָל אַרויס. איינער האָט זיך געשטופט איבערן צווייטנס קאָפ. קיינער האָט נישט געקאָנט אַרויס, — צוליבן גרויסן געדרענג.

ווידער אַ מאַרש אין טיפער חשכות. ווידער קלעפ און שאָסן.

עס איז געווען שבת. די איבערגעבליבענע זענען אַריין קיין פאַרטשעוו, אין ריכטונג צו פאָדלאַסקאַ. דער פאַרטשעווער רב האָט, — נישט געקוקט אויף דעם, אַז עס איז געווען שבת און מען טאָר ניש פאַסטן אום שבת, — אויסגערופן אַ תענית, כדי יידן זאָלן דאָס גאַנצע עסן, וואָס זיי האָבן פאַר זיך אַליין צוגעגרייט, — צעטיילן צו די רעשטלעך יידישע געפאַנגענע. די געסטאַפאָ־לייט האָבן באַקומען גרויסע לאַפוווקעס און זיי האָבן אונדז דערלויבט צו פאָרן אין שליטעלעך קיין ביאַלאַ־פאָדלאַסקאַ. ווען נישט דאָס, — וואָלטן מיר צופוס נישט דערגאַנגען.

* *

וויבאַלד די געסטאַפאָ האָט דערלויבט פאָרן אין שליטנס, האָט דער פאַרטשעווער גלח באַפוילן אַלע פריצים און פויערים פון דער געגנט צוצושטעלן אויף אַ באַשטימטער שעה זייערע שליטנס.

צו 4 זענען מיר אַריין — ווידער אונטער אַ האָגל קלעפ פון ביקסן־קאָלבעס — אין די שליטנס. ביי אונדז זענען די פיס געווען פאַרפרוירן ווי שטיקער העלצער. איך, למשל, האָב נישט געקאָנט הייבן אַ פוס, בין איך צו־ערשט אַרויף מיט קאָפ און אָרעמס, כדי נישט צו קריגן קיין קלעפ, און דער־נאָך נאָכגעשלעפט דעם רעשט קערפער.

אין ביאַלאַ־פאָדלאַסקאַ האָט אונדזער שטורעם־פירער איבערגעגעבן דעם אויבער־שטורעמפירער פון ביאַלאַ־פאָדלאַסקאַ ביים ראַפאָרט אַז דער טראַנס־פאָרט ציילט 320 מאַן, דער רעשט — האָט ער געזאָגט — זענען געווען קראַנקע און „פאַרמיסטע" אויפן וועג...

דער אויבער־שטורעמפירער האָט אונדז געזאָגט אַז יעדער באַקומט צום נאָכט־עסן ברויט און קאַפע. בלויז דאָס איז געבליבן, ווייל מיר זענען אָנגע־קומען צו שפעט. יעדער באַקומט זיין געלעגער און ער בעט עס ריין צו האַלטן. מאָרגן באַקומען מיר בעסערע פאַרפלעגונג.

פון פרייד אין די האַרצער האָבן מיר פשוט אויפגעלעבט. אונדז האָט זיך געדוכט אַז אָט־אָט באַפרייט מען אונדז און מען לייזט אויף אונדזער לאַגער. די גוטע בשורה אַז מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַלאַ־פאָדלאַסקאַ האָט זיך אומעטום פאַרשפרייט.

יידן איז געווען פאַרבאָטן צו פאָרן אויף דער באַן. היות יעדער האָט

געוואַלט וויסן צי זייערע געפאַנגענע מענער, זין און קרובים לעבן, האָבן זיי געשיקט די הויז־„סטרוזשעס" (שומרי בית) פאַר אַ הויכער באַלוינונג. די סטרו־זשעס האָבן מיטגענומען פּאַקעטן מיט עסן און אַנדערע זאַכן.

דערווייל האָבן קרובים אינטערווענירט און פאַמעלעך זענען מיר איינציק־ווייז־בהדרגהדיק באַפרייט געוואָרן.



3

אָנהויב אַפּריל 1940 בין איך אַהיימגעקומען צו מיין משפּחה.

ווי נאָר איך האָב באַטרעטן די שוועל פון מיין שטוב האָט מען מיר גלייך געוווּנטשן „מזל־טוב". די סיבה, — מיין פרוי האָט געבוירן אַ טאָכטער.

בין איך טאַקע אָנגעקומען אין אַ מזלדיקער שעה. טאָג־איין, טאָג־אויס פלעג איך באַלאַגערט ווערן פון אַ סאַך פרויען, וועלכע האָבן מיך באַשיט מיט פראַגעס, צי איך האָב ערגעץ געזען זייערע מענער. יעדע פון די פרויען האָט געזאָגט: „ער האָט דאָך אויך געדאַרפט זיין מיט אייער טראַנספּאָרט". לײדער האָב איך קיין תשובה נישט געהאַט פאַר זייערטוועגן. איך האָב נאָר געקאָנט דערציילן –– יעדערן בקיצור, וועגן מיינע איבערלעבענישן. די האָר פון קאָפּ האָבן זיך זיי אויפגעשטעלט בלויז פון הערן די צרות און זיי האָבן זיך גוט צעוויינט.

אויך פון מיין פאָטער האָבן מיר געהאַט אַ ידיעה אַז ער איז געווען אין לובלין. איך האָב גאָרנישט געוווּסט פון אים, זייענדיק דאָרט.

איינציקווייז בין איך צוריקגעקומען צו אַ נאָרמאַל, מענטשלעך לעבן.



ביזן ליקווידירן דעם זאַוויערטשער געטאָ אינעם יאָר 1943 זענען געווען טויזנטערליי פורעניות: צוואַנג צו טראָגן אויף דער ברוסט אַ געלע לאַטע מיט אַ „מגן־דוד" אין צענטער, ווי אויך אַ „יודן־צייכן". יעדער ייד האָט געמוזט אַרבעטן. אויף יידישע געשעפטן האָבן אויף דער פראָנט־טיר געמוזט הענגען שילדן מיט „מגן־דוידס", כדי גויים זאָלן וויסן אַז זיי זענען יידישע. קריסטן איז נישט דערלויבט געווען אַריינצוגיין אין זיי קויפן. יידישע יוגנטלעכע האָבן די נאַציס פאַרשיקט קיין טיף־דייטשלאַנד אין פאַרשידענע לאַגערן און צו פאַרשידענע אַרבעטן. אין די גרעסערע געשעפטן וואָס האָבן באַלאַנגט צו יידן, האָבן די נאַציס אַריינגעזעצט אַ ממונה (אַזוי־גערופענעם „טרוי־הענדער") איבער יעדן געשעפט. אַ צייט שפּעטער האָבן די נאַציס פאַרטריבן יידן פון געוויסע



ביי סכנת נפשות האָבן יידן געדאַוונט

קוואַרטאַלן אין אַנדערע קוואַרטאַלן. קריסטן פון די קוואַרטאַלן, ווו יידן האָבן זיך געמוזט באַזעצן, זענען אַריבער אין די יידישע וווינונגען פון די „יידן־ריינע קוואַרטאַלן", וועלכע יידן האָבן געמוזט פאַרלאָזן. קריסטן האָבן ביי דער געלעגנהייט פאַרנומען דאָס האָב און גוטס פון די יידן.

דער פלאַן פון די היטלעריסטן איז געווען צו קאָנצענטרירן אַלע יידן אויף איין אָרט, כדי שפּעטער, ביי דער אַלגעמיינער אויסזידלונג זאָלן זיי קאָנען בעסער כאַפּן די יידן. אַזוי אַרום זענען טעלעכע פאַמיליעס צונויפגעפּרעסט געוואָרן אין איין שטוב. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פאַמעלעכדיקע שיקן קיין אוישוויץ.

4

די קוואַרטאַלן, ווו יידן זענען צונויפגעפּרעסט געוואָרן, האָבן זיך גערופן „געטאָ".

די היטלעריסטישע בעסטיעס האָבן אויך אין זאַוויערטשע געווילדעוועט ווי אין אַנדערע יידישע יישובים. הגם אַ פּאָר טויזנט יידן איז געלונגען — צוליב זייער אַרבעטן פאַר דער „לופט־וואַפע", — אויסצומיידן עטלעכע יאָר די פאַרניכטונג אין אוישוויץ. צום סוף זענען אויך אָט־די „גליקלעכע" יידן אומגעקומען ווי כמעט אַלע פּוילישע יידן.

אויך אין די „גוטע צייטן" פון דער אַרבעט אין דער ט. א. ז. פאַר דער „לופט־וואַפע" פלעגן די נאַציס סיסטעמאַטיש זאַמלען די עלטערע מענער

און פרויען, וועלכע זענען נישט געווען באַשעפּטיקט, אויף אַ זאַמל־פּלאַץ. געהייסן האָט דאָס אַז זיי ווערן מאָביליזירט צו אַרבעט. די נאַציס האָבן אַט־די יידן באַפוילן מיטצונעמען מיט זיך אויפן וועג מלבושים און עסנוואַרג. דאָס האָבן זיי געטאָן, כדי דער עולם זאָל מיינען אַז מען שיקט אים טאַקע צו אַרבעט און כדי עס זאָל נישט ווערן אויפפאַלנד, אַז מען שיקט זיי קיין אוישוויץ.

אַזוי האָבן די נאַציס געגנאַרט דעם עולם. אין דער אמתן, אָבער, האָבן זיי אויך אַט־די יידן געשיקט קיין אוישוויץ.

צום יידישן שפּיטאָל (נישט ווייט פון קרימעלעווער רבין׳ס "הויף") זענען איינמאָל אין מיטן העלן טאָג צוגעפאָרן עטלעכע גרויסע לאַסט־אויטאָס. די נאַציס זענען אַריין און זיי האָבן אויסגעליידיקט דאָס גאַנצע שפּיטאָל. אַלע קראַנקע און קימפּעטאָרינס האָבן זיי אַרויפגעלאָדן אויף די לאַסט־אויטאָ׳ס. אַקאָרשט־געבוירענע עופה׳לעך, קינדער וואָס זענען געווען אַ פּאָר וואָכן אָדער אַ פּאָר חדשים אַלט, האָבן זיי אַריינגעפּאַקט אין זעק (פּונקט ווי מען פּאַקט אַריין קאַרטאָפל אין אַ זאַק). 2 דייטשן האָבן אַזאַ זאַק אָנגענומען, — יעדער ביי אַ זייט, — און אים אַרויפגעוואָרפן אויפן אויטאָ. פון דערווייטנס האָט מען געקאָנט זען ווי די אומשולדיקע טויבן־ריינע עופה׳לעך וואַרפן זיך אין די זעק, ווי קליינע קעצעלעך.

* *

אָן רחמנות האָבן די נאַצי׳ס סיסטעמאַטיש געשיקט גאַנצע טראַנספּאָרטן קיין אוישוויץ. קיינער האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד.

געוויסע נעכט האָט די געסטאַפּאָ, — מיט דער הילף פון דער יידישער מיליץ, — געמאַכט אַבלאַוועס. זיי האָבן אַרויסגענומען פון די בעטן יינג און אַלט, געפירט זיי אויף אַ געוויסן זאַמל־פּלאַץ און דערנאָך געמאַכט אַ „סעלעקציע". זיי האָבן אויססאָרטירט אַלטע, קראַנקע, — און אפילו יונגע פרויען, וואָס האָבן געהאַט מיט זיך קליינע קינדער. אַט די אויססאָרטירטע, „אויסבראַקירטע" האָבן זיי אויטאָמאַטיש געשיקט קיין אוישוויץ.

יינגע, קרעפטיקע מענטשן האָבן זיי געשיקט קיין דייטשלאַנד צו אַרבעט. עס זענען געווען פאַלן, ווען מוטערס האָבן אַריינגעפּאַקט זייערע זויג־קינדער אין וואַליזקעס און זיי איבערגעלאָזט אויף הפקר, אין דער האָפענונג, אַז דאָס יינגוואַרג וואָס פאָרט קיין דייטשלאַנד וועט אפשר מיטנעמען די וואַליזקעס, און אַזוי אַרום וועלן זייערע עופה׳לעך געראַטעוועט ווערן.

בעת דער זאַמל־פּלאַץ איז פריי געוואָרן האָט מען געקאָנט זען זיך וואַלגערן וואַליזקעס אין וועלכע עס האָבן געווינט מיט אַ דערשטיקט

געווען די זויג־קינדער, די נאַציס האָבן פאַרלאָדנט די וואַליזקעס אויף אויטאָס און זיי געשיקט קיין אוישוויץ. עס האָט אָנגעכאַפּט אַ שוידער, הערנדיק דאָס יאָמערן פון די זויג־קינדער.

* *

דער 1־טער אויגוסט 1943 איז געווען אַ זונטיק. מוצאי־שבת („שפּיס־צונאַכטס״) האָט די געסטאַפּאָ אַ גאַנצע נאַכט געווילדעוועט. מען האָט געהערט גאָר שטאַרק שיסן. דאָס איז געווען די ערשטע אַלגעמיינע „אויסזידלונג״ פון זאַגלעמביער יידן.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן די געסטאַפּאָוצעס געפּירט יידן, וועלכע זיי האָבן געכאַפּט אין בונקערס, ווו זיי האָבן זיך באַהאַלטן.

מיך האָבן די נאַציס אָפּגעריסן פון מיין פרוי און 2 קינדער, — אַ יינגל פון 6 יאָר און אַ מיידעלע פון 3 יאָר. איך האָב זיי 6 וואָכן פריער געשיקט פון בענדין (ווו איך האָב געוווינט) צו מיינע עלטערן קיין זאַוויערטשע, ווייל עס האָט זיך אָרומגעשמועסט, אַז די וואָס אַרבעטן אין דער פאַבריק, ביי דער „לופּט־וואַפע״ וועלן נישט „אויסגעזידלט״ ווערן און זיי וועלן פאַרבלייבן אין זאַוויערטשע. מיין פאָטער, הלל שאפּירא, האָט דאָרט געאַרבעט, לויט ווי פריינט איציק ראַטמענטש האָט מיך אינפאָרמירט, — אינעם וועשער־שאָפּ.

ליידער איז די האָפענונג פון ראַטעווען זיך דורך אַרבעטן אין דער לופט־וואַפע געווען אַ פאַלשע האָפענונג. אַזוי, טאַקע, זענען מיין פרוי און מיינע קינדער געוואָרן פון מיר אָוועקגעריסן מיטן טייוולאַנישן שטראָם. מיר איז לחלוטין אומבאַקאַנט, וואָס עס האָט מיט די קינדער פּאַסירט. אומאויפהערלעך עקבערט אין מיר דער געדאַנק: אפשר וועלן זיי זיך פּאַרט אָפּגעפינען, ווי עס האָבן זיך דערנאָך אָפּגעפונען אַ סאַך קינדער.

זונטיק, דעם 1־טן אויגוסט זענען מיר אין בענדין געטריבן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, מיט קאָלבעס־שלעג, צו דער באַן. אין מיטן וועג זענען אַ סאַך פון די טראַנספּאָרטירטע פאַר שרעק משוגע געוואָרן, אָדער דערשאָסן געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ. אָנגעקומען צום וואַגאָן האָט יעדער געוואָלט שוין זיין וואָס גיכער אינעם וואַגאָן, ווייל די געסטאַפּאָ האָט די גאַנצע צייט געשלאָגן מיט די קאָלבעס.

איך, צום ביישפּיל, בין געווען פון די ערשטע וואָס איז אַריין אין איינעם פון די וואַגאָנען. איך האָב מיך אָוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע, האַרט ביים וואַנט, ווייל איך בין געווען איינגאַנצן צעמישט און געטראַכט בלויז וועגן מיין פאַמיליע. אין מאָמענט האָט זיך דער וואַגאָן אָנגעפּולט. עס איז געוואָרן שטיקענדיק. צו אַלע צרות האָבן די געסטאַפּאָוצעס אַריינגעוואָרפן צו אונדז אין וואַגאָן די פּיצלעך קינדער און בר־מינן׳ס פון די דערשאָסענע.

די געשרייען זענען געווען שרעקלעך, — אַזש דערגאַנגען אין זיבעטן הימל אַריין. מיר האָבן געפילט אַז אונדזערע מינוטן זענען געציילטע.

ווי נאָר דער צוג האָט גערירט פון אָרט זענען אַ סאַך מענטשן אַרויס־געשפּרונגען דורך די וואַגאָן־פענצטער, טראַכטנדיק זיך, אַז סײַ ווי האָבן זיי נישט וואָס צו פאַרלירן. די אַראָפּגעשפּרונגענע האָבן נאָכגעיאָגט קוילן פון די סאָלדאַטן, וואָס האָבן באַוואַכט די וואַגאָנען. בשעת מעשה, — שטאַרק־צעכעסט, — האָבן זיי אויך אַרײַנגעשאָסן אין די וואַגאָנען. ווער עס האָט באַקומען אַ קויל איז שטייענדיקערהייט געשטאָרבן, ווײַל פון גרויס ענגשאַפט האָט אַ באַטראָפענער פון אַ קויל נישט געהאַט פּלאַץ צו זינקן אויפן באָדן און געבליבן אַרײַנגעקוועטשט צווישן די לעבעדיקע.

איך האָב באַקומען אַ קויל אין פוס, זיצנדיק האַרט בײַם וואַנט פונעם וואַגאָן. איך האָב די ווונד מיט שווערער מי פאַרבונדן מיט מײַנע גאַטקעס און העמד, ווײַל אויך איך האָב מיך נישט געקאָנט באַוועגן. עס איז מיר כאָטש געלונגען צו שטילן אויף אַ צײַט דעם בלוט־לויף.

* *

אָנגעקומען קיין אוישוויץ האָבן די נאַציס אַלעמען אויסגעלאָדנט, — טויטע, אַלטע, קראַנקע, ווי אויך קינדער. זיי האָבן אַט־די פאַרלאָדנט אויף אַן אויטאָ און געשיקט גלײַך אין די אויוונס אַרײַן. יינגע קרעפטיקע יידן האָבן זיי, אין באַזונדערע אויטאָס, געשיקט אויף אַרבעט.

איך האָב געלאָמט, אָבער היות ווי איך בין געשטאַנען צוזאַמענגעדריקט מיט אַנדערע, האָבן די נאַציס נישט באַמערקט מײַן לאָמען. איך האָב מיך אָנגעשטרענגט, אַז די נאַציס זאָלן נישט באַמערקן מײַן לאָמען. היות אויפן פּנים האָב איך זייער קרעפטיק אויסגעזען, — איז מיר געלונגען צו גענאַרן די היטלעראָווצעס.

מען האָט מיך, צוזאַמען מיט אַלעמען, צוגעפירט צו אַ גרויסן טיש אין אַ גרויסן באַראַק. יידן האָבן אונדז רעגיסטרירט, אונדז אויסטאַטואירט נומערן, — איך האָב באַקומען דעם נומער 132414.

איך בין אַרײַן אין בלאָק 16. דאָרט זענען געשטאַנען סטויקעס מיט טאָפּלטע בעטן, צוזאַמענגעקלאַפּטע פון ברעטער.

יעדן אינדערפרי האָט מען זיך געקאָנט פאַרשרײַבן צום דאָקטאָר, אָדער פעלטשער, וועלכע זענען אַליין געווען אינטערנירטע. בײַ מיר איז דער פוס געווען געשוואָלן. דער דאָקטאָר האָט מיך פאַרשריבן אין שפּיטאָל אַרײַן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ וועלדל קעגנאיבער דעם קרעמאַטאָריום. דאָרט האָט מען געהיילט (ווי עס איז) די קראַנקע. אָבער בײַנאַכט האָבן די נאַציס געפלעגט

אַרויסנעמען יעדן וואָס האָט ביי זיי נישט נושא־חן געווען און מען פֿלעגט אַזאַ קראַנקן ברענגען אין אַ וועגעלע, — גלייך אין גאַז־אויוון אַריין.

אַרויסקוקנדיק פֿון אַ שפּיטאָל־פֿענצטער האָט מען געקאָנט זען ווי די קוימענס פֿונעם קרעמאַטאָריום זעצן אַרויס פֿלאַמען פֿייער און אין דער לופֿט האָט זיך געשפּירט דער שטיקנדיקער ריח פֿון די פֿאַרברענטע קרבנות.

אָפּערירט האָט מיך אַ וואַרשעווער דאָקטאָר אַ ייִד, וועמענס נאָמען איך געדענק שוין נישט. ער האָט נישט געקאָנט צוקומען מיט זיינע אָפּעראַציע־מכשירים צום קויל־שפּליטער, וואָס איז געלעגן טיף, אין ווייכן פֿלייש, אָדער אינעם מוסקל־געוועב פֿונעם פֿוס. האָט ער פֿאַרנייט די ווונד אין פֿוס, נישט אַרויסנעמענדיק דעם שפּליטער. ער האָט מיר געזאָגט אַז קיין סכנה איז נישט פֿאַראַן אויב גאָט וועט אונדז לאָזן לעבן, — און אין דערין צווייפֿלט ער, — אַז מיר וועלן אַרויס גאַנץ פֿון זייערע הענט וועל איך מיך שפּעטער קאָנען גרינטלעכער אָפּערירן.

נאָכן פֿאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל האָב איך מיך געשטעלט אין אַן אַרבעטס־טראַנספּאָרט פֿון פֿיזיש־קרעפֿטיקע מענטשן. איך האָב געוואָלט זיין וואָס אַמאָל ווייטער פֿונעם קרעמאַטאָריום.

אָקטאָבער 1944 זענען מיר אָנגעקומען אינעם לאַגער פֿינף־טייכן. איך האָב באַקומען אַ נייעם נומער (13498). באַלד זענען מיר פֿאַרטיילט געוואָרן אין בלאָקן און צו צוויי סאָרטן אַרבעטן: אַ העלפֿט אין קרופּס פֿאַבריק און אַ העלפֿט צו בוי־אַרבעטן ביי פֿאַרשיידענע בוי־שטעלעס.

נאָך דער רייזע פֿון 2 מעת לעתן קיין פֿינפֿטייכן איז מיר דער פֿוס ווידער געשוואָלן געוואָרן. איך בין באַלד אַריבערגעשיקט געוואָרן אין ניי־געעפֿנטן שפּיטאָל (פֿריער איז געווען בלויז אַ מעדיצין־באַראַק). איך בין געווען דער ערשטער פּאַציענט אין ניי־געעפֿנטן שפּיטאָל.

פֿון שווערער אַרבעט און שלעכט עסן, — זענען אַ סך קראַנק געוואָרן. פֿון טאָג צו טאָג איז דאָס שפּיטאָל אָנגעפּראָפּטער געוואָרן. אין משך פֿון אַ קורצער צייט זענען ביי אונדז אין פֿינפֿטייכן געשטאָרבן די זאַוויערטשער: שלמה קאַלין, מענדל שפּייזער, ישראל הערמאַן, ישעיהו בורשטין (די „טאָד־ראָסקעס" אייִדעם, פֿונעם שיך־געשעפֿט), און נאָך זאַוויערטשער וועלכנס נאָמען איך געדענק שוין נישט.

די רוסן האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן ברעסלוי. אונדזער לאַגער האָט מען גענומען — מאַרס 1945 — עוואַקואירן. די מהומה איז געווען זייער גרויס. די דייטשע האָבן מיטגענומען אַלדינג — אויך די קראַנקע, — אַ חוץ די גאָר־קראַנקע, וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען ווען זיי זענען געפֿאַלן אינמיטן וועג. אַ טייל האָבן געראַטעוועט די רוסן, וואָס האָבן באַלד באַזעצט דעם קאַנט. איך געדענק, אַז צווישן די געפּערלעך־קראַנקע, וואָס זענען געראַ־

טעוועס געוואָרן דורך די רוסן, איז געווען אַ געוויסער מרוווקע אָדער מוראַווקע פון זאַוויערטשער קאַנט. ער האָט פאַרלוירן איין פוס .ער לעבט אין ישראל.

* *

אין גרויס־ראָזען האָב איך געטראָפן דעם זאַוויערטשער רב, ר׳ אלימלך ראַבינאָוויטש. מען האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך די גאַנצע צייט זייער גוט געהאַלטן, אָפּגעהיט ווי ווייט מעגלעך, כשרות. אין וועג איז דער רב אומגעקומען. מיר איז אומבאַקאַנט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, ווייל די מהומה איז געווען גרויס.

פון גרויס־ראָזען האָט מען אונדז טראַנספּאָרטירט קיין דאַכאַו, וואָס זיי האָבן אונטערמינירט. זיי האָבן זיך פאַררעכנט בנוגע דער צייט פון מינירן דעם לאַגער, ווייל זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז די אַמעריקאַנער, וואָס האָבן כסדר געשטראָמט אין ריכטונג דאַכאַו, וועלן מאַכן אַ קפיצת־הדרך דורך אַ קורצערן וועג פון דעם, וואָס די דייטשן האָבן גענומען אין באַטראַכט.

מאי 1945 האָבן אונדז די דייטשן באַפרייט.

עס איז אוממעגלעך צו שילדערן די געפילן פון די לאַגער־פאַרשפּאַרטע אין מאָמענט ווען אין דאַכאַו האָבן זיך באַוויזן די אַמעריקאַנער. מיר, קאַצעט־לער, זענען אַרויס פון די באַראַקן, וווּ מענטשן האָבן געפוילט יאָרן. דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן געטאָן איז געווען, — אַוועקלייגן די ס. ס.־וואַכלייט, וואָס זענען געשטאַנען אין דער הייך אויף זייערע פּאָסטנס. האַלטנדיק ווייסע פענער אין די הענט. דער גאַנצער לאַגער איז געקומען זען דאָס וווּנדער, ווי אַזוי די ס. ס.־לייט ליגן אויף דער ערד, צעקיילטע — געהרגעטע פון די הענט פון די קאַצעטלער.

* *

אין בין באַלד נאָך דער באַפרייאונג אַריבער קיין מינכן. מיר האָבן דורכן רויטן קרייץ און דורך צייטונגען גענומען זוכן די וואָס זענען געבליבן לעבן. אַ קורצע צייט דערויף האָב איך דערהאַלטן אַ ידיעה אַז מיין יינגערע שוועסטער, פעלע, געפינט זיך אין פוילן און אַז מיין פרוי׳ס שוועסטער איטע געפינט זיך אין עסטרייך. איך האָב מיך מיט זיי געשטעלט אין קאָנטאַקט.

אַ חוץ זיי האָב איך מיין גאַנצע משפחה פאַרלוירן.

איך האָב מיין שוועסטער און שוועגערין געבראַכט קיין מינכן, און מיר האָבן ווידער אָנגעהויבן אויפשטעלן אונדזער צעבראָכענע היים.

אין מינכן האָב איך חתונה געמאַכט מיין שוועסטער. דערנאָך האָב איך, — מיט אַ ספּעציעלן היתר פון מינכענער רבנים, — חתונה געהאַט, אינעם יאָר *1946*, מיט מיין שוועגערין. *1948* זענען מיר זאַלבענאַנד אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, וווּ מיר לעבן דאָ ביזן היינטיקן טאָג.

**בראָניאַ לאַנדאַר־בראַט**

# דאָס גהינום אין קרימעלצוו

מיטן אריינמאַרש פון די דייטשע רוצחים אין אונדזער שטעטל קרימע־לצוו, — האָט — באַגלייך מיט אַלע פּוילישע ייִדן, — אויך די קרימעלצעווער אַרומגענומען אַ גוואַלטיקע מורא. אין יענער צייט — האַרבסט 1939 — בין איך אַלט געווען 13 יאָר. אין מיין זכרון האָבן זיך איינגעוואָרצלט פאַל־גנדיקע פאַקטן:

### קויפט נישט ביי ייִדן

האַרט פאַרן אָנקומען פון היטלערס חיילות האָבן זיך בולט און עפנט־לעך געשפּירט אַנטיסעמיטישע טענדענצן ביי די פּאַליאַקן. ייִדן האָבן שוין רואיק נישט געקאָנט פאַרבייגיין די גאַסן. אויך אויף די ווענט פלעגן ייִדן איבערפאַלן ווערן דורך קריסטלעכע קינדער. עס האָבן זיך גענומען ווייזן אויפשריפטן אויף ייִדישע הייזער מיט פּאַראָלן: „קויפט נישט ביי ייִדן". „ייִדן, — היטלער קומט", א. א. וו.

אונדזער קינדער איז פאַרבאָטן געוואָרן צו גיין אין די שולעס צוזאַמען מיט די קריסטלעכע קינדער (קרימעלצוו האָט נישט געהאַט קיין ייִדישע שולע). די ערשטע טעג נאָכן נאַצי־אַריינמאַרש פון די דייטשע רוצחים קיין קרימע־לצוו, האָבן זיך ייִדן נישט געוויזן אין די גאַסן, און דער פּוילישער המון האָט פריי און אומגעשטערט געפּלינדערט און געראַבעוועט ייִדישע געשעפטן. יעדער וואָס האָט זיך פאַרט אַנטקעגנגעשטעלט, האָט באַקומען מכות־רצח. אַזוי האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות און די גזירות קעגן דעם ביסל ייִדן אין קרימעלצוו.



### דער באַפעל וועגן אָפּגעבן ווערט־זאַכן און וועגן געלע לאַטעס

באַלד נאָך זייער אָנקומען האָבן די נאַציס אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו דער ייִדישער באַפעלקערונג אָפּצוגעבן אַלץ פון ווערט־זאַכן און שמוק. כדי דאָס צו קאָנטראָלירן פלעגן זיי מאַכן רעוויזיעס און דערביי צונעמען אַנדערע זאַכן. דערנאָך האָבן זיי געפאָדערט אַלע מעטאַל־זאַכן און ספּעציעל מעש־זאַכן. אונדזער באַוועגונגס־פרייהייט איז באַגרענעצט געוואָרן מיט אַ „שפּערע": ייִדן האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן אויף די גאַסן, — פונעם אָונט אָן, ביז אין די פרימאָרגן־שעה'ן. ייִדן מיט בערד האָבן זיך נישט געוואָגט אין דרויסן אַרויס. דאָך זענען די דייטשע רוצחים אַריין אין די שטובן און ברוטאַל געשוירן בערד און פּיאות ביי פרומע ייִדן.

באַלד דערנאָך איז געקומען די גזירה פון יידן־אָפּצייכנס: צוערשט ווייסע בענדער אויפן רעכטן אָרעם. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער — געלע לאַטעס, פאַרנט און הינטן. דאָס האָט באַטראָפן אַלע יידן פון 12 יאָר אָן.



## איינ־יקונג פונעם רב און קרימעלעווער יידן

שוין אין ערשטע טעג פון דער אָקופּאַציע, האָבן זיך געיאַוועט פּאָליאַקן אַלס „פאָלקדויטשע״. אויסגעצייכנט האָבן זיך צווישן אַנדערע דער פּאָליציסט טשישעלניק און דער קרימעלעווער אַלט־ באַקאַנטער אַנטיסעמיט רעימאַן, וועלכע האָבן געפּייניקט און אָנגעטאָן כלערליי צרות דעם קרימעלעווער רב ר׳ אלחנן דויד שידלאָווסקי. צו זיין אומגליק האָט ער געוווינט אינעם הויז, ווו דער פּאָליציסט טשישעלניק האָט געוווינט. רעימאַן האָט זיך געעפנט אַ רעסטאָראַן, וועלכן עס פלעגן באַזוכן די ווילדסטע נאַציסטע און פּוילישע רוצחים. זיי האָבן דעם רב אויסגעהאַקט אַלע ציין, אויסגעריסן אים די באָרד און פּיאות. זיי פלעגן פון דער רביצן מאַכן חוזק. דעם שוחט, ר׳ יענקל ערדבערג, האָבן זיי געמאַכט די זעלבע צרות. זייער גרעסט פאַרגעניגן פלעגט זיין צו פּייניקן יידן, און ספּעציעל דעם רב און רביצן.

די אַלטע, זייער שיינע קרימעלעווער שול איז אין די ערשטע אָקופּאַציע־טעג פאַרברענט געוואָרן. זענען יידן געצוואונגען געוואָרן אָפּצורייניקן דעם פּלאַץ און פאַרברענען ספרי־תורות און אַלע ספרים. די ווערט־זאַכן פון דער שול האָבן די גויים צעראַבעוועט.

פּונקט ווי אַלע אַנדערע ערטער אין פּוילן איז אויך אין קרימעלעוו געשאַפן געוואָרן אַ יידישער קאָמיטעט, — בראש מיט משה אהרון האַבערמאַן (פּרעזעס) און סימכאָוויטש (וויצע־פּרעזעס) און אַנדערע. די אויפגאַבע פונעם קאָמיטעט איז געווען צו זאָרגן פאַר דער ייד. באַפעלקערונג בנוגע לעבנסמיטל־קאַרטן, וועגן אַן אַלגעמיינעם קעך (אין ר׳ סרולקע שוואַרץ׳ס הויז) פאַר די שטעטלשע קינדער, פאַר עלטערע מענטשן און אָרעמע לייט. איך בין געווען צווישן די קינדער וועלכע האָבן געגעסן און איך וויל דערמאָנען צום ליכטיקן אָנדענק דאָס פריילין אסתר שוואַרץ, וואָס האָט זיך בלב ובנפש אָפּגעגעבן מיט די קינדער, אָרגאַניזירט אין יענע פינצטערע טעג פאָרשטעלונגען, כדי די קינדער אַביסל אויפצומונטערן. פונעם פאַך איז אסתר געווען אַ קראַנקן־שוועסטער. אין נויטיקע פאַלן פלעגט זי אויך געבן מעדיצינישע הילף.

שפּעטער האָט זיך דער קאָמיטעט באַשעפטיקט הויפּטזעכלעך מיט צושטעלן מענער און פרויען צו צוואַנגס־אַרבעטן, ווי למשל: רוימען גאַסן פון מיסט און שניי, האַקן האָלץ, ריין־מאַכן די שטובן פון די דייטשע באַנדיטן און אַ סאַך אַנדערע אַרבעטן, פאַר וועלכע די דייטשן פלעגן פאַרשטייט זיך, אָפּצאָלן מיט קלעפּ און חוזק־מאַכן.

די דייטשן גופא פלעגן כאַפּן יידן צו אַרבעט. זיי האָבן דערפון געמאַכט, צום שפּאַס, בילדער. פּאַק איז געווען אַ הויכער, דיקער, בלאָנדין. איין אויג איז ביי אים געווען קלענער פונעם אנדערן.

זיין מויל איז געווען קרומלעך, פאַרצויגן העכער אין איין זייט. מען האָט שווערלעך געוווּסט צי ער שמייכלט, אָדער צי אַ גרימאַס צעגיסט זיך אויף זיין פּרצוף. זעלטן פלעגט מען אים זען צופוס, — תמיד אויף אַ ווייס פערדל, מיט אַ קאַנטשיק אין האַנט. יידן פלעגט פאַרכאַפּן אַ מורא, ווי באַלד זיי האָבן אים געזען. ער פלעגט זיך אַליין אויסזוכן זיינע קרבנות. ער און זיין שטאַב האָבן געוווינט אינעם הויז פון דער געוועזענער שולע אינעם מאַרק.

פּאַק פלעגט צונויפנעמען יידן אינמיטן מאַרק און אַרום דעם מאַרק פלעגן שטיין דייטשע סאָלדאַטן און אָרטיקע קריסטן מיט זייער הויזגעזינד און פלעגן אָנקוועלן, פאַרגיין זיך פון געלעכטער ווי אַזוי די דייטשן האָבן געטרעטעוועט די האַלב־טויטע יידן, וועלכע האָבן געמוזט לויפן איבערן מאַרק אַרום און אַרום און מאַכן גימנאַסטיק. די דייטשן פלעגן באַהענגען יידן מיט באַליידיקנדיקע אויפשריפטן, ווי אָט־די וואָס מען זעט אויפן בילד אונטן. דאָס איז געווען איינע פון די פיל צרות, וועלכע יידן זענען אויסגעשטאַנען.

ספּעציעל פלעגט אַ „שלאָנזאַק" (אַ שלעזיער) מיטן נאָמען מיצקע פּייניקן




אויפן בילד (לינקס צו רעכטס): ר' י. ערדבערג (שוחט), מ. פּאָמעראַנץ, ש. ה. סאגעל, מ. האַבערמאַן, מ. ראָטמאַן, י. דימאנט, ש. בראט. די טאָוול זאָגט: „יודע, שטאַטס־פאַררעטער נ' 1. 3.5.40.

אברהם האבערמאנען (א זייער הויך־געוואקסענער מאן). ער פלעגט אים באהענגען מיט שמאטעס און אַנרייצן אויף אים א גרויסן הונט, כדי אים כלומרשט צו דרעסירן אויף צו כאַפּן גרענעץ־שמולקערס (ביים ראנד פון קרימעלעוו איז געווען די גרענעץ פונעם „גענעראַל־גוווערנעמענט״. קרימעלעוו איז, ווי זאַגלעמביע, געווען „רייכס־געביט״). אזעלכע סצענעס און ענלעכע פלעגן די דייטשן פאָטאָגראַפירן. זיי האָבן אויך פאַרפילמט דאָס ברוטאלע אָפּשנײַדן די באָרד פונעם הדרת־פּנימדיקן בכבודיקן ר׳ חיים דאנציקער. ר׳ חיים האָט בעת דער נידער־טרעכטיקער טאט אויסגעזען ווי א מת. ער האָט זיך נישט גערירט פונעם פּלאַץ, נישט רעאַגירט אויף זײַנע יסורים און זײַן קליין אייניקלס געוויין. זײַן אייניקל־הארצקעלע איז געשטאַנען נישט ווײַט פונעם אָרט ווו מען האָט זײַן זיידן געפּייניקט און ער האָט שטאַרק געכליפּעט, זעענדיק וואָס מען מאַכט זײַן זיידן.

די ווילדע חיות האָבן אויך געכאַפּט ר׳ סרולקע שווארץ און אָנגעצונדן זײַן באָרד.

דער ערשטער טראַנספּאָרט קיין דייטשלאַנד

אינעם יאָר 1940 האָבן די רוצחים געפאָדערט פונעם יידישן קאָמיטעט ער זאָל זיי צושטעלן א טראנספּאָרט מענער פאר צוואנגס־ארבעטן אין דייטשלאנד. פאר די קאָמיטעט־מיטגלידער איז געשטאַנען א הארבע פראגע; נישט אויספירן דעם באפעל האָט פאר זיי באטייט אונטערגאנג. אויספירן אים האָט באטייט: געבן א האנט צו א צעשיידונג צווישן יינגע יידישע בחורים און זייערע נאָנטעסטע, וועלכע האָבן זיך מער נישט געזען אין לעבן.

די רשימה איז דאָך אויפגעשטעלט געוואָרן. דעם 20־טן נאָוועמבער 1940 איז אוועק דער ערשטער טראנספּאָרט מיט עטלעכע און צוואנציק בחורים, צווישן זיי מײַן ברודער הערש לייב (היינט אין ישראל).

די משפחות פון די פאַרשיקטע האָט אַרומגענומען אַ טיפער טרויער. מיט פארוויינטע אויגן פלעגן די מאמעס אומזיסט אויסקוקן אויף בריוו פון זייערע פאַרשיקטע קינדער.

מען האָט געפילט אז מיטן דאָזיקן ערשטן קרבן לאָזט עס זיך נישט אויס. יידן האָבן ווייטער געלעבט אין שרעק און מורא פאר אָבלאַוועס און פורעניות, וואָס די דייטשן פלעגן מאכן נאָכן אוועקשיקן די צוואנציק קרימעלעווער יידישע בחורים.

דער האַנדל

די צײַטן זענען געוואָרן שלעכט. נישט יעדער האָט געהאַט באַשעפטיקונג ביי זײַן פאַך. דעריבער האָבן זיך יידן גענומען צום האַנדל. אויף אינעם האנדל

האָבן יידן נישט מצליח געווען, ווייל קריסטן האָבן מורא געהאַט זיך צו טרעפן מיט יידן. דאָס, וואָס יידן האָבן געהאַט, האָבן זיי טאָקע אויפגעגעסן. דערצו נאָך האָבן די נאַציס פאַראָרדנט אַז יעדער ייד וועלכן מען כאַפּט ביים האַנדל, ווערט תיכף פאַרשיקט קיין אַשוויענשים.

דער רוב האַנדל איז געווען צווישן קרימעלעוו און זאַוויערטשע. זיין פאַרנעם איז געווען אַ קליינער: אַביסל מעל, צוקער, אייער, בוימל, קאַרטאָפל אַ. אַ. וו., וואָס מען פלעגט טראָגן אויף זיך, אונטער די מלבושים. קיין זאַוויערטשע, ווי יעדער האָט געהאַט זיינע סוחרים־אָפּנעמער, פלעגט מען גיין דורכן דאָרף לאַשניץ. אויך פריוואַטע באַלעבאַסטעס פלעגן אָפּנעמען די פּראָדוקטן. אַזוי האָט געהאַנדלט, למשל, מיין מאַמע. די פאַרדינסטן זענען געווען גאָר קליינע, קוים צום איבערלעבן דעם טאָג. זשאַנדאַרמעריע־פּאַטרולן פלעגן זיך דרייען אויף די וועגן. נישט איין מאָל פלעגט מיין מאַמע אַהיימקומען האַלב־טויט מחמת שרעק.

דעם 21.3.1941 איז אין שטעטל פאָרגעקומען די שרעקלעכע אַבלאַווע, ביי וועלכער דער 25־יאָריקער חיים גאָלדשמידט איז געפאַלן אַ קרבן. גאָלדשמידט האָט זיך יענע נאַכט געוואָלט אויסבאַהאַלטן אינעם שטרוי־שייער פונעם פּאָליאַק גאַצילאַ, וועלכער האָט געוווינט נישט ווייט פונעם יידישן בית הקברות. אינדערפרי האָט דער קריסט דערזען גאָלדשמידטן אינעם שייער. ער האָט געשיקט זיינע קינדער זאָגן די דייטשן אַז ביי אים אינעם שייער באַהאַלט זיך אַ „זשיד". די זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז באַלד אָנגעקומען, האָבן גאָלדשמידטן דערשאָסן אינעם שייער.

אין דערזעלבער נאַכט זענען די דייטשן געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אַרויסגעשלעפּט אַלע יידישע מענער, — יינג און אַלט, — פון די בעטן. מען האָט זיי צונויפגעטריבן אויפן מאַרק, אין פראָנט פון דער קאָמענדאַנטור. דאָרט האָבן זיי די דייטשן צעשלאָגן ביז בלוט. אויך מיין פאָטער און מיין עלטסטער ברודער זענען געווען צווישן די צעשלאָגענע.

ביים צווייטן קאָנטראָל־שפּאַציר פון די דייטשע באַנדיטן אין אונדזער וווינונג האָבן זיי געפונען מיין ברודער בערל אונטערן פאַרבעטן געלעגער. איינער פון די רוצחים, — וויקטאָר האָט מען אים גערופן, — האָט בערלען אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן בעטגעוואַנד און אים אָן רחמנות געשלאָגן. מיין מאַמע האָט געבעטן דעם מערדער איבערצולאָזן אינדערהיים דאָס יינגל, ווייל זיין פאָטער און זיין ברודער זענען שוין אינעם זאַמל־לאַגער. האָט וויקטאָר זי געשלאָגן אין פּנים. איך האָב אַלץ געזען און זיך געטראַכט: ווען קומט שוין די צייט, איך זאָל קאָנען נקמה־נעמען פאַר די פּיין און פאַר מיין מאַמעס קלעפּ.

אויך בערלען האָבן די דייטשן צוגענומען אויפן זאַמל־פּלאַץ (היינט געפינט ער זיך אין אַמעריקע), — נישט געקוקט אויף די בקשות פון מיין מאַמען.

דאָקעגן איז איר געלונגען צו באַהאַלטן יענקל דימאַנט׳ס צווײ זין. אײנער פֿון זײ לעבט הײנט אין ישראל און דערמאָנט אסאך מאָל דעם פֿאַל. נאָך יענער צײַט איז זײ געלונגען נאָך 6 חדשים צו בלײַבן אינדערהײם, אָבער אויך זײ זענען שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן קײן דײַטשלאַנד.

צופרידן פון די רעזולטאטן פון יענער אָבלאַווע־נאַכט, האָבן די נאַציס אַהײמגעשיקט די גאָר־אַלטע לײַט צוריק אין זײערע הײמען. די איבעריקע ייִדן האָבן זײ געשיקט קײן זאַווערטשע און פון דאָרט, מיט אַנדערע זאַווערטשער ייִדן, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

מײַן פֿאָטער און מײַנע 3 ברידער האָבן געשמאַכט אין די לאַגערן, בעת מײַן גאָטזעליקע מוטער מיט 6 שוועסטערן האָבן זיך געראַנגלט פאַרן נאַקעטן קיום. דער מצב איז געווען טראַגיש. אין קרימעלעוו זענען געבליבן בלויז פרויען, אַלטע לײַט און קינדער. דער קאָמיטעט איז געווען מאַכטלאָז און געפירט ווײַטער דאָס רעדל כדי צופרידן צושטעלן די דײַטשן. די רעדלפירער האָבן דערפאַר די דײַטשן איבערגעלאָזט אין זײערע הײמען.

אַזוי אַרום איז בײַ אונדז אין שטוב, בײַ די 6 טעכטערלעך, געווען זײער שלעכט. מײַן מאַמע איז געווען פיזיש און מאָראַליש געבראָכן. מיר האָבן געליטן נויט, אפשר מער ווי אַנדערע משפחות, ווײַל מײַן מאַמע האָט מורא געהאַט צו ריזיקירן מיט האַנדל, וואָרום — כאַפּט מען זי, וואָלט עס באַטײַט אומקום פאַר די קינדער.

איז, טאַקע, דער גורל געפאַלן אויף מיר און איך בין געוואָרן די פּרנסה־געבערן. איך פלעג שלעפּן זעק מיט קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן אויף די פּלײצעס. מײַן מאַמע פלעגט מיך אָפּוואַרטן יעדן פאַרנאַכט מיט פאַרווײנטע אויגן און תמיד גאָט געדאַנקט ווען איך בין שוין בשלום אַהײמגעקומען. איך האָב דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען אַז איך שפּיל אַזאַ וויכטיקע ראָליע אינעם קיום פון פון דער משפּחה. מיר איז אָבער געפעלן געוואָרן אַז מען באַציט זיך צו מיר און מען רעכנט זיך מיט מיר ווי מיט אַ דערוואַקסענעם מענטשן.



מײַן פאָטער ווערט באַפרײַט

סוף 1941 האָבן מיר זיך דערוווסט אַז די דײַטשן באַפרײַען מענער איבער 50 יאָר פונעם לאַגער גרינהײדע, ווו מײַן פאָטער און אַנדערע קרימעלעווער זענען געווען. און טאַקע, אַ פּאָר וואָכן שפּעטער קומט מײַן טאַטע אַהײם, און אַ חודש שפּעטער — שמעון חורגין, אײנער פון די ברויערײ־אײגנטימער. מײַן פאָטער מיט נאָך אַנדערע עלטערע לײַט האָבן באַקומען אַרבעט אויף דער שלאַקע־„האַלדע״ פון הולטשינסקי׳ס פאַבריק בײַם אַוועקפירן די שלאַקע, די גיסערײ־אָפּפאַלן, וואָס איז פאַרווענדט געוואָרן בײַם רעפּאַרירן די וועגן. פאַר אָט־ דער אַרבעט

פלעגן זיי באַקומען אַ חודשלעכן לוין, וועלכן עס פלעגט אויסצאָלן דער זאַוויערטשער יידישער אַרבעטס־ראַט.

## אַ תליה אינמיטן מאַרק

און אַט־נאָך אַן עפּיזאָד פון יענע שרעקלעכע טעג, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרגעסן. קורץ פאַר מיין אוועקפאָרן אין לאַגער זענען אין אַ געוויסן טאָג אָנגעקומען אויפן קרימעלעווער מאַרק צענדליקער שוואַרצע אויטאָ׳ס מיט געסטאַפּאָ, זשאַנדאַרמעריע און וועדמאַכט, וועלכע האָבן אינמיטן מאַרק אויפגעשטעלט אַ תליה. עס פאַרשטייט זיך אַז יידן האָט מען שוין אין די גאַסן מער נישט געזען, הגם קיינער האָט נישט געוווּסט גענוי וואָס עס וועט פאָרקומען. יידן האָבן אין יעדן פאַל געהאַט אַ סיבה זיך פאַרצושטעלן דאָס ערגסטע. נאָכמיטיק זענען די מערדערס געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און אַלע, — יידן און פּאָליאַקן, — אַרויסגעטריבן אין מאַרק אַריין.

אַלע זענען געשטאַנען מיט פאַרכאַפּטן אָטעם און געוואַרט מיט גרויס שרעק וואָס דאָ וועט זיך אָפּשפּילן. די רוצחים האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט שטעקנס אין די הענט. פּלוצעם איז אָנגעקומען אַ שוואַרצער פאַרמאַכטער אויטאָ, פון וועלכן די נאַציס האָבן אַרויסגעשלעפּט 3 ציוויליסטן. באַוואַכטע פון געסטאַפּאָ־לייט. באַלד האָט מען זיך דערוווּסט אַז די דריי זענען קריסטן און אַז זיי זענען פאַרמשפּט צום טויט דורך הענגען. דער איבערזעצער האָט געפרעגט די פאַרמשפּטע וואָס זיי האָבן צו זאָגן פאַרן טויט. אַלע האָבן געטענה׳ט אַז זיי זענען אומשולדיק. די נאַציס האָבן זיי דאָך געהאָנגען. שפּעטער האָבן די מערדער גענומען יידן זיי צו באַגראָבן.

## איך פאַרלאָז מיין קרימעלעוו

דאָס אויבן־באַשריבענע איז פאָרגעקומען ביז פעברואַר 1942. דעם 9־טן פעברואַר זענען ווידער צעשיקט געוואָרן צעטלעך וועגן „אַרבעטס־איינזאַץ״ פאַר פרויען. מיין עלטערן אין פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: באַקומען צוויי מאָביליזיר־צעטעלעך פאַר צוויי טעכטער (איך און מיין שפּעטער־אומגעקומענע שוועסטער מלכה). מיין פאָטער האָט אינטערווענירט אין די קרייזן פונעם קאָמיטעט און עס איז אים געלונגען צו באַפרייען מיין שוועסטער. בנוגע מיר האָבן מיינע עלטערן געגלויבט, אַז היות איך בין געווען זייער מאָגער און האָב אויסגעזען שלעכט, וועט מיך די מעדיצינישע קאָמיסיע אינעם סאָסנאָוויצער „דולאַג״ סיי־ווי באַפרייען. אין דער אמתן האָב איך מיך נישט געוואָלט שטעלן פאַר דער דאָקטוירים־קאָמיסיע, ווייל קראַנקע האָבן די נאַציס געשיקט אין פאַרניכטונגס־

לאַגערן. דערפאַר־זשע האָב איך אויף אַן אַפּעל פון דעם „יידן־עלטעסטן" פונעם דולאַג זיך צו שטעלן פרייוויליק קיין סאַגאַן, אלס ערשטע צווישן הונדערטער מיידלעך מיך געמעלדעט. דערפאַר בין איך אויך געווען די ערשטע אויף דער ליסטע. איך, — א פאַרצווייפלטע איבער דער לאַגע אין קרימעלעוו און באַזונדערס ביי אונדז אין שטוב, — האָב נישט געוואָלט טראַכטן צי איך האַנדל ריכטיק, אָדער נישט. מיינע אומגעקומענע, אומגליקלעכע עלטערן האָבן זיך קיינמאָל נישט דערוווּסט דעם אמת וועגן מיין צושטעלן זיך.

פון קרימעלעוו זענען יענעם טאָג נאָך פרויען גערופן געוואָרן צום „אַרבעטס איינזאַץ". אָבער בלויז איך האָב געמוזט גיין אין לאַגער אַריין. ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוווּסט זענען די אנדערע פרויען באַפרייט געוואָרן ווייל מען האָט זיי אויסגעקויפט פאַר געלט.

דעם 10־טן פעברואַר האָב איך מיין שטעטל קרימעלעוו צום לעצטן מאָל געזען. 3 חדשים שפּעטער זענען פונעם שטעטל „אויסגעזידלט" געוואָרן קיין זאַווערשטע אַלע יידישע פאַמיליעס. זיי זענען מיט אַנדערטהאַלב יאָר שפּעטער, — דעם 25־סטן אויגוסט 1943, — טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין אָשוויענטשים מיט דער אַלגעמיינער גרויסער „אויסזידלונגס־אַקציע" פון די זאַווערטשער יידן.

בלויז עטלעכע קרימעלעווער מענער האָבן איבערגעלעבט די טויטן־לאַגערס. זיי געפינען זיך איצט אין ישראל און אַ טייל אין אויסלאַנד. פון די קרימעלעווער פרויען, וועלכע האָבן אין דער געשילדערטער צייט געלעבט אין קרימעלעוו, בין איך די איינציקע וואָס איז געבליבן ביים לעבן.

---

## דאָס זענען די משפחות, — לויט ווי איך געדענק, — וועלכע האָבן געלעבט אין קרימעלעוו ביז 1942 (לויטן אלף־בית)

הרב אלחנן דוד שידלאָווסקי; אביגדור באַנקער; אברהם בראַט; שלמה בראַט; מענדל ברעוודאַ; אברהם גאָלדמינץ; זלמן גאָלדשמידט; יחזקאל גאָלד־שמידט; שלום גרינשטיין; שלמה גרינשטיין; ר' חיים דאַנציגער; טוביה דובלין; יענקל דימאַנט; איציק האָבערמאַן; אסתר האָבערמאַן; לייביש האָבערמאַן; משה האָבערמאַן; שלום האָבערמאַן; שמעון הורגין; משה מאַלמאַן; נתן טיפּענ־בערג; חיים דוד טעלנער; מאיר טעלנער; ישראל מאַרקעוויטש; הערשל מאָ־נעטאָ; רפאל מאָנעטאַ; אברהם סימכאָוויטש; יענקל ערדבערג (שוחט); טוביה פאָגעל; מרדכי פאָגעל, און זייערע משפחות.

אליעזר פאָגעל, ריבה פאָגעל, רבקה פרידבערג.

מענדל ראָטמאַן; רפאל ראָטמאַן דוד ראָזמאַרין; יעקב לייביש ראָטמאַן; לייטשע (לאה) ראָטשטיין;ביילע רושינעק; מענדל שוואַרץ; סרולקע (ישראל) שוואַרץ; ברוך וואָלף שטיבל, און זייערע משפחות.

מאניא פייגנבלאט (בראט)

# איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן

איך וועל קיינמאָל נישט פארגעסן יענעם מיטוואָך, דעם 26־טן אויגוסט 1943, ווען זאַווירטשע איז געוואָרן יידן־ריין.

א טאָג פריער האָב איך מיך געזעגנט מיט מיינע עלטערן און געשוויסטער און מיט מיין 3½־יאָריקן יינגעלע סימעק, וויבאַלד די נאַציס האָבן אונדז קאָנצענטרירט אויפן נייעם מארק.

א פאָר שעה האָבן זיי אונדז דאָרט געהאלטן. פלוצעם איז געקומען א באפעל צוריק אהיים צו גיין.

לויטן אלטן גלייכווערטל: „צוריק פון א בית־קברות לעבט מען שוין לאנג“,— האָבן מיר אונדזער צוריקקומען אהיים אויסגעטייטשט צום גוטן.

אָבער דאָס „גוטע“ האָט נישט לאנג אָנגעהאלטן. די ס.ס. האָט ווידער אָנגעהויבן אירע פינצטערע, ברוטאלע מעשים. ווידער האָבן יידן אָנגעהויבן לויפן צום יידן־ראט צום „רעקלאמירן“. דאָרט האָט מען די מענטשן געשטויסן אהין און אהער. ווער עס האָט געהאַט כוח אָדער פּראָטעקציע איז זיכער אַריינגעקומען אין די געביידע פונעם יידן־ראט. אזוי לאנג איז מען געלאָפן, ביז — עס האָבן זיך געהערט שיסערייען אויפן המון. א סאך זענען געפאלן טויטע. און מער נאָך — פארוווּנדעטע. בעת איין אָפּטיילונג ס.ס. האָט געשאָסן, האָט א צווייטע גרופּע אויפגעמאכט אין די געטאָ־גאסן די שפּייז־מאגאזינען. היות יידן האָבן ממש געהונגערט, האָבן זיי גענומען לויפן צו די מאגאזינען. מען האָט געכאפּט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אויף די טראָטוארן, ארום די מאגאזינען האָט מען זיך געגליטשט אויף מאַרגאַרין, אויף פּוטער און מאַרמעלאדע. דאָס גאַנצע ביסל יידן פון אונדזער שטאָט האָט נישט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט זיי בעת זיי זענען געלאָפן רעקלאמירן זיי כדי צו כאפּן עפּעס וואָרג. אויך די וואָס זענען געזעסן אין די היימען, געוויינט, געהאָפט און זיך פארלאָזט אויף גאָט אַז ער וועט אונדז באשיצן און פירן אויפן וועג פון גנאָד, האָבן נישט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט זיי. לאנג האָט דאָס אומבאַשטימטע נישט געדויערט. באלד האָט מען געמוזט פארלאָזן די גאסן און זיצן אין די שטיבער.

איך האָב געהאט צוגעגרייט אַרישע פאפּירען און האָב באַשטימט א צייט ווען צו פארלאָזן דעם געטאָ. אָט שטיי איך שוין ביים טויער פונעם געטאָ כדי עס צו פאַרלאָזן. הייבט מיך אָן עקבערן אַ געדאַנק: „וואָס גייסטו טאָן?“ איבערלאָזן די גאנצע פאמיליע און דערצו נאָך מיין קליין קינד און איך אליין זאָל מיך ראטעווען?

האָב איך באשלאָסן אז איך וועל דאָס נישט טאָן. וואָס עס וועט זיין מיט אלע זאָל זיין אויך מיט מיר.

איך בין צוריק אהיים.

די לעצטע נאַכט זענען מיר שוין נישט געשלאָפן. איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן און געשוויגן, אָבער די הערצער האָבן געוויינט ווייל זיי האָבן געפילט וואָס דער צומאָרגנס וועט ברענגען.

צומאָרגנס, 5 א זייגער פאַרטאָגס האָט מען געהערט געשרייען: „אַ ר ו י ס! אַ ר ו י ס! אַלע יידן אַרויס! מיטנעמען אַלע זאַכן מיט זיך!" דאָס איז געווען דער אַנהויב פונעם סוף. ווי אַ סטאַדע שעפּסן זענען מיר געטריבן געוואָרן און געגאַנגען אויפן זאַמעל־פּונקט. דאָרט זענען מיר געשטאַנען אַ פּאָר שעה. אויפן זאַמל־פּונקט האָבן די דייטשן „רעקלאַמירט"— צוערשט די אַרבעטער פון דער פאַבריק „ערבע", דאַן די לייט פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און אויך די גמינע־לייט מיט זייערע משפחות. אינצווישן האָט מען געהערט ווייגעשרייען פון מענטשן וואָס די געסטאַפּאָ האָט דערוויל געשאָסן אויף זיי. פון די געמיינע־געביידע האָט מען אונדז 11 אַ זייגער פאַרמיטיק איבערגעפירט אין די אַקציע־פאַבריק. אויפן וועג האָט יעדער איינער געמוזט איבערגעבן אַלע ווערט־זאַכן וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך. בעת מיר זענען געזעסן אויפן פאַבריק־פּלאַץ האָבן אונדז די וועכטער געטרייסט און אונז געזאָגט אַז יונגע מענטשן וועלן קומען אין די אַרבעטס־לאַגערן און עלטערע פרויען וועלן זיך פאַרנעמען מיט קליינע קינדער. 2 אַ זייגער נאָכמיטיק האָבן די נאַציס אונדז געהייסן אַרויפגיין אין לאַסט־וואַגאָנען. אָט־דער באַפעל איז געווען באַגלייט מיט קלעפּ פון ביקסן־קאָלבעס. עס איז געווען צו באַמערקן, לויט די וואַגאָנען, אַז מיר זענען נישט די ערשטע. די פריערדיקע טראַנספּאָרטן האָבן איבערגעלאָזט אַ סאַך שמוץ, וועלכן מיר זענען געוואָרן גע־צוווּנגען צו באַזייטיקן מיט אונדזערע קליידער.

די באַן האָט געדירט אין די ריכטונג צו אויבערשלעזיע. אָנגעקומען קיין קאַטאָוויץ, האָט ח. סענדעראָוויטש אויסגעשריגן: „מענטשן, מיר גייען אויף קידוש־השם. מען פירט אונדז קיין אוישוויץ" אַלע זענען אַרויס מיט געשרייען און געוויינען. די משפחה קאַרטאַש האָט אָנגעהויבן זאָגן תהילים און אַלע האָבן מיטגעזאָגט. נאָך 2 שעה זענען מיר שוין געווען אויף דער סטאַציע אוישוויץ. מען האָט סעגרעגירט די אָנגעקומענע: מענער באַזונדער, פרויען באַזונדער. פרויען מיט קינדער האָבן די נאַצי׳ס גלייך גענומען אויף אויטאָ׳ס. אויך איך האָב מיך באַלד געפונען אויף אַן אויטאָ, — מיט מיין קליין קינד אויפן האַנט. נעבן מיר איז געווען מיין מוטער. אין לעצטן מאָמענט האָט מיר מיין מוטער גע־זאָגט: „טאָכטערשי, דו ביסט נאָך יונג, דו קאָנסט דיך ראַטעווען. איך וועל שוין אַכטונג געבן אויף דיין קינד. גיי מיט דיינע שוועסטערן".

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען. געטאָן האָב איך עס, נישט פאַרטראַכנדיק זיך וואָס איך טו.

דער אויטאָ איז גלייך אָוועק.

דאָס בילד האָב איך פון זינט יענער צייט פאַר מיינע אויגן. איך זע כסדר ווי מיינע נאָענטסטע, צוזאַמען מיט מיין קינד, פאָרן אַוועק. איך זע אויך ווי מיין קינד קוקט אויף מיר פון אויטאָ אַראָפּ און ווי אַזוי עס פאַרשווינדט צוביסלעך־ווייז דער אויטאָ פון מיינע אויגן בכלל.

אונדז האָט מען אַריינגעפירט אינעם בירקענאו־לאַגער. יעדן האָבן די נאַציס אויסטאַטואירט אַ נומער אויף די האַנט. דערנאָך האָט מען אונדז אויסגעטאָן אַלע קלײדער, אָפּגעשוירן די האָר, — אַזוי ווייט אַז מען האָט אַן אייגענע שוועסטער נישט דערקענט. אין אַזאַ מעמד האָבן אונדז די דייטשע מערדער געפירט צו שאַנד און שפּאָט. אין די 20 חדשים האָבן מיר איבערגעלעבט שרעקלעכע זאַכן. איך האָב פאַרלוירן מיין גאַנצע משפּחה, צוזאַמען מיט נאָך טויזנטער זאָווערטשער. פון מיין גאַנצע פאַמיליע זענען על פּי נס ביים לעבן געבליבן בלויז איך און מיינע 2 ברידער.

מאָנטרעאַל.



דערשטיקט, דערמאָרדעט, פאַרברענט...

# קאַפּיטלעך פון אַ סווידער־תקופה

**דוד בראַט**

## די צווייטע אויסזידלונג אין זאַוויערטשע

פונקט ווי אַ גוטער ייד פלעגט יעדן אינדערפרי זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים, אַזוי פלעגן מיר יעדן פאַרטאָג ארויסקוקן אין גאַס און זיך צוהאָרכן צי עס איז רואיק, צי עס איז חלילה נישט עפּעס שלעכטס פּאַסירט אָדער צי הילף איז געקומען, — הילף אַזוי אויסגעהאָפטע, אַזוי געגאַרטע.

איז דאָך האָפן און שטאַרבן איז געווען אונדזער איינציק געווער. לײדער איז גאָטס נישט געווען אויפן האָריזאָנט.

מיין פאָטער איז געקומען אַהיים און ער האָט געזאָגט צו אונדז: קינדער גרייט אייך צו. מיר האָט אַ קריסט געזאָגט, אַז ער האָט געזען ווי מען פירט אויף דער בלאַנאָווסקאַ־גאַס יידן.

דאָס וואָס דער קריסט האָט געזאָגט דעם טאַטן איז געווען דער טרויעריקער אמת. מיר האָבן זיך גענומען גרייטן לויטן שטייגער פון יענע טעג: יעדער האָט אין זיין רוקזאַק (פּלעצאַק) גענומען אַ ברויט און אַ ביסל וועש. איטלעך קליין קינד האָט מען אָנגעהאָנגען אַ שילדל אויפן בוזעם אין וועלכן עס איז געווען באַצייכנט דער נאָמען און פאַמיליע נאָמען ווי אויך דער גענויער אַדרעס.

אַזאַ באַפעל האָט ארויסגעגעבן אונדזער יודנראַט. דאָס האָט פאַרבלענדט דעם עולם. מיטן מאָטיוו טאָמער קומט אַוועק אַ קינד זאָל מען וויסן וועמען עס אָפּצוגעבן. און אַט: ווי מיר גרייטן זיך אַזוי — תמיד גרייט ווי שעפּסן צו דער שחיטה — הערט מען אין הויף רעדן צווישן זיך שכנים, שושקען זיך („אפשר האָט זיי די אַרבעטס־שטעלע פון דער לופטוואַפע צוגענומען צו אַר־בעט”). דאָס האָט מען זיך אַזוי געשושקעט ווייל אַ גרויסער טייל יידן איז געווען פאַרשריבן ביי דער ארבעטס־שטעלע פון דער לופטוואַפע ווו די דייטשן האָבן געזאָלט איינאָרדענען פאַרשידענע רעסאָרטן פון ארבעט פאַר דער נאַצישער לופט־אַוויאַציע: יעדער האָט זיך אַליין און אַנדערע געטרייסט אַז מען נעמט אים אָן צו דער ארבעט. ווער עס האָט נישט געהאַט אַזאַ באַשטעטיגונג האָט פּלאַנירט זיך צו באַהאַלטן. דערנאָך האָט מיין מוטער מיט מיין ייִנגסטן ברידערל זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער אין אונדזער שטוב. איך האָב פאַרמאַכט דעם קעלער מיט זיין צודעק טירל און דערנאָך האָבן מיר, דער רעשט הויז־געזינד, געוואַרט אויף אַ באַפעל. מיר האָבן לאַנג נישט געוואַרט ביז עס זענען אָנגעקומען די טייוולאַנישע רוצחים און געשריגן „ה ע ר ׃ י ס ”. נישט רעדנדיק

קיין וואָרט האָט יעדער פון אונדז געגומען זיין בידנעם פעקל און געגאַנגען לויטן באַפעל צום נייעם מאַרק, איבערלאָזענדיק די שטוב מיט די שטובזאַכן אויף הפקר. עס איז פאַרבאָטן געווען צו פאַרשליסן די טירן.

אינצווישן האָבן די קריסטלעכע שכנים זיך צעהוליעט און זיי האָבן זיך גענומען פּאָרען אין די שטיבער.

דער זאַמל־פונקט ביי דער צווייטער „אויסזידלונג" איז געווען אויפן נייעם מאַרק. יידן זענען געגאַנגען גרופּנווייז, — יעדע משפחה, פאַרשטייט זיך צוזאַמען.

מיין פאָטער, געשוויסטער און איך זענען געגאַנגען דורך די האָזשאַ־גאַס, קעגנאיבער דער געוועזענער יידישער גמינע (אין דער באַשריבענער צייט איז אין אָט־דעם בנין, ווו עס איז אַמאָל געווען די יידישע גמינע, געווען אַ קעך פאַר קינדער).

מיר גייען אַזוי, ביז פּלוצעם שפּרינגט צו אונדז צו אַ נאַצישע חיה און גיט אַ שטאַרקן זעץ מיט אַ דיקן שטעקן איבערן רוקן פון מיין פאָטער.

דער טאַטע איז געפאַלן אין חלשות. איך האָב אים גענומען שלעפּן. דאָס האָט דעם טאַטן דערמונטערט. ווען ער איז געקומען אַביסל צו זיך, האָט ער זיך שנעל אויפגעשטעלט מחמת פחד, אַז אויב ער ליגט ווייטער, באַקומט ער נאָך אַזעלכע קלעפּ.

אין אַזאַ שטימונג זענען מיר ווייטער געגאַנגען צום נייעם מאַרק. אַז מיר זענען אַהינצו אָנגעקומען, האָט מען אונדז אוועקגעשטעלט ביי די יאַטקעס. דאָרט האָבן מיר געוואַרט עטלעכע שעה, ביז די דייטשן האָבן צו־נויפגעשלעפּט כמעט דאָס גאַנצע ביסל זאַוויערטשער יידישע איינוווינער, ווי אויך די פּליטים־יידן, וועלכע די דייטשן האָבן נאָך אינעם יאָר 1940 דע־פּאָרטירט אין זאַוויערטשער קאַנט (און דערנאָך קאָנצענטרירט זיי אין זאַווי־יערטשע) פון אויבערשלעזיע און זאַגלעמבער געביט, וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו טשעכיש שלעזיע.

מיר שטייען אַזוי און מיר זען ווי די דייטשן ברענגען כסדר פרישע גרופּעס יידן, — צווישן זיי אַלטע און קראַנקע, וואָס האָבן קוים געזשיפּעט, וועלכע די נאַציס האָבן געבראַכט אויף פורן. זיי האָבן אויסגעזען, להבדיל ווי געקיילעטע בהמות, צעקלאַפּט, צעשלאָגן, האַלב־נאַקעט. אָט־די יידן האָבן די נאַציס אַוועקגעלייגט אונטערן דאַך פון די יאַטקעס.

אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן די נאַציס געבראַכט אַזעלכע גרופּעס.

מער גרופּעס האָבן די נאַציס צום סוף נישט געקאָנט צוזאַמענטרייבן, ווייל אַ סאַך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. היות זיי האָבן געזען אַז מער וועלן זיי

נישט באַוויזן צונויפטרייבן, איז געקומען אַ נאַציִשער אָפיציר, אין באַגלייטונג פון אַ גרויסן הונט און ער האָט פאַראָרדנט אַז דער גאַנצער טראַנספּאָרט מוז תיכף אָפּגיין.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס שווידערלעכע בילד, ווי עס האָט דעמאָלט אויסגעזען אויפן נייעם מאַרק.

איך וויל באַצייכענען אַז עטלעכע מיטגלידער פון דער יידישער גמינע (יודנראַט) פאַרדינען אַ באַזונדערן לויב, ווייל זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן אַרומלויפן צווישן די פאַרשיידענע נאַציִשע דינסט־שטעלן און געזוכט אַן עצה ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען כאָטש אַביסל פון די בידנע, אויסגעמוטשעטע יידן. זיי זענען געלאָפן צום לייטער פון דער לופטוואַפע וועלכער איז געווען אַביסל לייטישער, אין פאַרגלייך צו די אַנדערע נאַציִשע רוצחים, וועלכע האָבן געפאַנעוועט און געווילדעוועט אין זאַוויערטשע.

די דערמאָנטע יודנראַט־מיטגלידער האָבן אַרויסגערופן פון סאָסנאָוויץ מערינען, וועלכער איז געווען דער הויפּט־לייטער פון די „יודנראַטן" אין גאַנץ זאַגלעמביע. צוזאַמען האָבן זיי געזוכט עצות, ווי אַזוי צו ראַטעווען כאָטש אַ טייל יידן.

נאָך לאַנגע באַמיאונגען האָט דער לייטער פון דער לופטוואַפע אַרויסגענומען פונעם זאַמל־פונקט אויפן נייעם מאַרק אַלע די וואָס זענען געווען ביי אים פאַרשריבן. מען האָט אויך אַרויסגענומען פון דאָרט אַלע וואָס האָבן געאַרבעט אינעם מאַגיסטראַט, אָדער פאַרן מאַגיסטראַט.

די איבריקע יידן האָבן די נאַציס נישט באַפרייט. אפילו די יידן, וועלכע האָבן געהאַט דעם בלויען „זאָנדער" האָבן די היטלעריסטישע רוצחים נישט באַפרייט. מיטן בלויען „זאָנדער" איז געווען, בדרך כלל, אַביסל בעסער אידער אָן אים, אָבער דאָסמאָל האָט אויך דער „זאָנדער" קנאָפּ־וואָס געהאָלפן.

פלוצעם האָבן די נאַציס געבראַכט אַ גרופּע יידן, וואָס די דייטשן האָבן זיי געפינען אין פאַרשיידענע פלעצער, ווו די יידן האָבן זיך באַהאַלטן. די נאַציִשע חיות האָבן געגעבן אַ באַפעל, זיי זאָלן זיך אַוועקלייגן מיטן פנים צו דער ערד. באַלד דערנאָך האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אין דער לופט און די בידנע יידן האָבן געמיינט אַז דאָס שיסן די נאַציס אין זיי. קוקן וואָס עס טוט זיך אַרום און אַרום האָבן זיי נישט געקאָנט, ווייל עס איז געווען פאַרבאָטן אויפצוהויבן דעם קאָפּ.

נאָך אַ געוויסער צייט האָבן די נאַציס באַפוילן דער גרופּע יידן אויפצושטיין. די יידן שטעלן זיך אויף און אָט זעען זיי, אַז פון זיי זענען אַלע לעבן געבליבן. אָבער דאָס איז געווען בלויז צייטווייליק.

אין דערזעלבער צייט האָט מען געבראַכט אַ גרופּע יידן, וועלכע האָבן

געאַרבעט אין דער פאַבריק פון ערנסט ערבע. אַט־די ייִדן האָבן זיך די גאַנצע נאַכט אויסבאַהאַלטן, אָבער אינדערפרי האָט זיי עמעץ־וועער פאַרמסרט און אַרויסגעגעבן צו די דייטשן.

אַ גרויל האָט אַרומגעכאַפּט יעדן איינעם וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם וואָס עס האָט פּאַסירט אויפן נייעם מאַרק, — צו די פּייניקונגען, באַ־לײדיקונגען, אָפּשרעקענישן פון אונדזערע ייִדן.

אין אָט־דעם גרויל־מצב זעט מען ווי די נאַציס באַפרייען אַ גרופּע ייִדן, — צווישן זיי אויך מײַן פאָטער, מײַן שוועסטער און מײַן שוואָגער.

אויפן נייעם מאַרק זענען געבליבן אַרום 400 ייִדן, — אַ גרויסער טייל פון זיי זענען געווען קרעפּטיקע מענטשן (און איך בתוכם). צווישן די 400 זענען אויך געווען מאַמעס מיט קליינע קינדער אין די אָרעמס. אַלע האָבן מיר געזאָלט „אויסגעזידלט" ווערן.

וווּהין מיר וועלן „אויסגעזידלט" ווערן האָט קיינער פון אונדז נישט געוווּסט, אָבער מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט וואָס מיט אונדז קאָן ווערן, ווייל מיט עטלעכע וואָכן פריער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט און ער איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין.

מען האָט אונדז, די 400 ייִדן, — צווישן זיי קראַנקע, וועלכע די נאַציס האָבן געבראַכט אויף פורן, ווי אויך סתם־אַלטע, ייִנגע מענטשן און קינדער און דערצו נאָך אַ גרויסן פּראָצענט געזונטע ייִנגע מענער, — געפירט אין בית המדרש אַריין.

אינצווישן האָבן עטלעכע קהילה־מענטשן גענומען פונדאַסניי אַרומ־לויפן, זיך משתדל זיין, כדי מיט עפּעס צו העלפן.

לײדער איז זיי נישט געלונגען אָפּצוראַטעווען מער ווי 25 מענער, וועלכע זענען געווען די געזונטסטע און שטאַרקסטע.

די נאַציס האָבן די 25 מאַן באַקוקט, באַטאַפּט, בודק געווען צי זיי טויגן צו אַרבעט אין די אַרבעטס־לאַגערן. צווישן די 25 זענען געווען די אַרבעטער אין ערבעס פאַבריק און נאָך אַנדערע ייִנגע ייִדן, — און איך בתוכם.

פונעם בית המדרש האָט מען אונדז, די 25 מאַן, געפירט אויפן נייעם מאַרק, אין די לאָקאַלן פונעם חדר „יסוד התורה". דאָרט האָבן אונדז געהיטן די ייִדישע מיליציאַנטן.

די איבעריקע 375 בידנע, אָרעמע ייִדן האָבן די נאַציס אַרויסגעפירט פונעם בית המדרש אין די אַקציע־פאַבריק.

בעת מיר זענען געזעסן אינעם חדר „יסוד התורה" האָבן מיר גע־שפּאַנט געוואַרט אויף דעם, וואָס וועט נאָך קומען.

אינצווישן האָט מען מיר צוגעגעבן אַז מײַן אומפאַרגעסלעכע מוטער און שוועסטער וואַרטן אונטערן פענצטער פונעם חדר־בנין.

מיר האָבן זיך דעמאָלט נישט געקאָנט פריי באַוועגן. הגם איך וואָלט אפשר געקאָנט צוקומען צום פענצטער, האָב איך מיך נישט געוויזן פאַר זיי, ווייל איך האָב זיי נישט געוואָלט אָנטאָן קיין צער.

איך האָב נישט געוווּסט אַז דאָס וואָלט געווען אונדזער לעצטע באַ־געגעניש, ווייל זינט דעמאָלט האָב איך זיי, — מיינע טייערע, אומפאַרגעס־לעכע, — נישט מער געזען.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען געהערט ווי די יידישע מיליציאַנטן רופן אין די גאַסן אַז אַלע, וועלכע געפינען זיך פריי אויף דער גאַס, מוזן גיך אַהיימגיין. זיי האָבן אויך געוואָרנט נישט צו שטיין ביי די פענצטער.

באַלד דערנאָך האָט מען געהערט שיסערייען. אַ געוויסע צייט דערנאָך האָבן מיר געזען ווי די נאַציס פירן אַדורך יידן, וועלכע זיי האָבן מיט אַ פּאָר שעה פריער געפירט אין די פאַבריק.

אָט־די יידן האָבן די נאַציס געפירט צו דער באַן־סטאַציע דורכן נייעם מאַרק און דורך די „יידישע" גאַסן.

בעת דער טראַנספּאָרט איז אַדורכגעגאַנגען דעם מאַרק זענען געקומען צו אונדז די נאַצישע חיות. זיי האָבן, מיט דער הילף פון די יידישע מיליציאַנטן אַזיך אונדז אַרויסגעפירט צו דער באַן־סטאַציע. די 375 מאַן (פונעם בית־המדרש, וואָס זיי האָבן דערנאָך געפירט אין די אַקציע־פאַבריק) האָבן די נאַציס געפירט צו דער טאַוואַראָווער סטאַציע (סטאַציע פאַר לאַסט־טראַנס־פּאָרטן). אונדז, די 25 מאַן, פאַרזאַמלטע אינעם חדר „יסוד התורה", האָבן די נאַציס געפירט צו דער פּאַסאַזשיר־סטאַציע אין זאַוויערטשע.

דאָרט האָבן מיר, — דיביידע גרופּעס, — זיך ווידער צונויפגעטראָפן. אָבער עס איז געווען אַ חילוק צווישן דער באַהאַנדלונג פון אונדזער גרופּע און דער גרופּע פון די 375 מענטשן די מענטשן פון דער גרויסער גרופּע האָבן די נאַציס אַרייַנגעשטופּט מיט כוח אין לאַסט־וואַגאָנען, — אַזוי ווי מען טרייבט און שטופּט אין אַ וואַגאָן בהמות. די נאַציס האָבן דעם עולם גע־שלאָגן און די טראַנספּאָרטירטע האָבן געוויינט און געקלאָגט.

אונדז, 25 מאַן, האָבן די נאַציס איינגעאָרדנט אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, וואָס איז געווען געהיטן פון נאַצישע חיות.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט גענומען פייפן. די באַן האָט גערירט פונעם אָרט, — צו אַן אומבאַשטימטן גורל־ציל...

אונדז, די 25 מאַן, האָבן די נאַציס אַראָפּטראַנספּאָרטירט אין סאָסנאָ־וויץ, וווּ מיר זענען אַריין אין סאָסנאָווצער דורכגאַנגס־לאַגער („דולאַג").

די איבריקע, — 375 יידן, אַלטע, שוואַכע, פרויען מיט קינדער אויף די אָרעמס, — האָבן געמאַכט זייער לעצטן וועג צו די קרעמאַטאָריומס. ווו זיי זענען בעסטיאַליש אומגעקומען.

# אַ שיינער חלום פון א גרויסער עלייה־אקציע

אין דער צווישן־צייט, צווישן אָפּשליסן דעם סאָוויעטיש־דייטשן אָפּמאַך און צווישן דעם אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה, האָט ד יידישע יוגנט אין זאַוויערטשע געזוכט אַ וועג ווי זיך אַרויסצורייסן פון די נאַצישע נעגל. זיי האָבן געחלומט וועגן אַנטלויפן אין די פוילישע מזרח־קאַנטן, וועלכע זענען פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי. דאָרט וועט מען זיך קענען ראַטעווען, האָבן די יוגנטלעכע געמיינט. די וועלכע האָבן נישט געוואָלט אוועק אָט־אַהין, — האָבן געזוכט אנדערע פלעצער. אינצווישן האָט מען זיך דערוווסט אז אין ווילנע קלויבט זיך צוזאמען א גרויסע צאָל יידישע יוגענט און דאָרט באקומט מען הילף כדי ווייטער צו גיין מיטן ציל עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. האָט מער אָנגעהויבן וואַנדערן קיין ווילנע. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך געשמועסט, אַז עס איז כדאי זיך צו שמוגלען קיין רומעניע, אז אויך דאָרט שטיצט מען ידן, וואָס ווילן פון דאָרט עולה זיין קיין ארץ ישראל. אָבער די לאגע איז אין פוילן געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. די יוגנט איז געוואָרן כסדר אָפּהענטיקער. די טעטיקייט פון די ציוניסטישע גרופירונגען האָט אָפיציעל אויפגעהערט, — ערשטנס



זאַוויערטשער יוגנט ביי אַרבעט

מחמת מורא, צווייטענס צוליב דאגות פרנסה. אין דער זעלבער צייט האָט זיך פארשפרייט א קלאנג צווישן דער יוגנט וועגן א מעלדונג וואָס איז אָנגעקומען אין די יידישע גמינע (דעמאָלט אין דער מארשאלקאָווסקא גאס, אין קאפל הענדלערס הויז ) אז עס זענען פאראנען אויסזיכטן פאר די עליה קיין ארץ

ישראל, אָבער בלויז לויט רשימות פון דער קהילה. א פרייד האָט ארומגעכאפט די יוגנט, בלויז הערנדיק די ידיעות.

עטלעכע יוגנטלעכע פון בית״ר האָבן זיך דעמאָלט געטראָפן מיט לייבל ראָזנבערגן און געפרעגט זיין מיינונג וועגן דעם ענין. ראָזנבערג האָט געלייגט זייער שוואַכע האָפענונג אויף דעם, אָבער ער האָט צוגעזאָגט זיך צו טרעפן מיט רעפרעזענטאנטן פון אנדערע גרופּירונגען כדי צו באהאנדלען די זאך.

איך בין געווען ביי א צונויפטרעף פון עטלעכע ציוניסטישע פאָרשטייער אין דער שטאָט מיט רעפרעזענטאנטן פונעם יודנראט אין זאווערטשע. דער ענטפער איז געווען אז עס זענען פאראן גרויסע אויסזיכטן פאר אן עליה פון א טייל יוגנט, בלויז קענען אָן אָפּצאָל פאר יעדן וואָס וועט אָפּפאָרן. עס איז אראנזשירט געוואָרן אז יוגנטלעכע, וועלכע ברענגען א באשטעטיקונג אז זיי זענען געווען אויף הכשרה, וועלן צאָלן ווינציקער און די וואָס זענען נישט געווען אויף הכשרה — מער.

יוגנטלעכע האָבן זיך געוואָרפן אויף די מציאה, זיך גענומען רעגיסטרירן און אָפּצאָלן, אבי זיי זאָלן נאָר חס וחלילה נישט פארשפעטיקן...

געענדיקט האָט זיך דער ענין מיט גאָרנישט, וויל די לייט פונעם יודנראט זענען אויסן געווען בלויז ארויסצוקריגן אביסל געלט פון די נעבעכדיקע יידן. אויסגעלאָזט און אויסגעוועפט האָט זיך דער שיינער חלום פון דער זאווערטשער יוגנט...



נאָצים שניידן בערד

**איציק רויטמענטש**

## אויף די חורבות פון מיין טייער זאַוויערטשע

בעת די היטלערישע חילות האָבן אָקופּירט פּוילן, האָבן די דייטשע מאַכט־האָבער שוין געהאַט רציחות־פּלענער קעגן דער יידישער באַפעלקערונג. כדי נישט אַרויסצורופן אַ רעאַקציע ביי יידן, האָבן זיי זיך אויפגעפירט ווי דער פּאָליאַק זאָגט: „דער מאַן זאָל גלייך אין דער פרי דערלאַנגען זיין פרוי איבערן קאָפּ, כדי זי זאָל אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין צעחושט. דערנאָך וועט זי דעם מאַן שוין צורו לאָזן". אַזוי, טאַקע, האָבן די נאַצי־מערדער געטאָן.

תיכף נאָכן באַזעצן אַ שטאָט האָבן זיי גלייך פאַרנומען אַ פּאָר הונדערט יידן אַלס „גייזעלס" (זאַקלאַדניקעס). אַ גרויסער טייל פון זיי איז פאַרפייניקט און דערשאָסן געוואָרן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען. דאָס האָט געזאָלט דינען אַלס וואָרנונג, אַז אַזוי וועלן די דייטשן האַנדלען קעגן כלל אויב עס וועט ווער וואַגן אַויפצוהייבן אַ האַנט קעגן אַ דייטש...

די זאַוויערטשער יידן האָבן אויך נישט אויסגעמיטן די טויט־שרעק: אינעם טאָג פון באַזעצן די שטאָט האָבן די היטלעריסטישע באַנדיטן צוזאַמענגעטריבן עטלעכע טויזנט יידישע מענער פון זאַוויערטשע און איר סביבה. די דייטשן האָבן זיי געהאַלטן אַ וואָך־צייט פאַרשפאַרט אין דער גרויסער פאַבריק „ט. א. ז.", זיי מאָראַליש און פיזיש באַליידיקט און ברוטאַל געפייניקט, — דאָס איז געווען דער ערשטער קבלת־פּנים וואָס די „געסט" האָבן אונדז געמאַכט... באַלד איז געקומען אַ צווייט אומגליק, און אפשר דאָס גרעסטע: די געסטאַפּאָ האָט קאָנסטיטואירט דעם אַזויגערופענעם „יודנראַט" וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פיליע פון דער „געסטאַפּאָ". דער יודנראַט האָט געמוזט אויספירן אַלע געסטאַפּאָ־באַפעלן און דערפאַר האָט די יידישע באַפעלקערונג זייער אַ סאַך געליטן פון אָט־דער „יודנראַט"־פּלאָג. די יודנראַטלער האָבן געוווּסט ביזן לעצטן לעבנס־אָטעם פון דער געפייניקטער יידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן, אגב, גערעכנט, אַז די היטלעריסטישע מערדער וועלן אַלע יידן פאַרניכטן און זיי וועלן בלייבן לעבן... לײדער זענען בראש פונעם יודנראַט געשטאַנען שיינע באַלעבאַטים פון דער שטאָט. צווישן זיי — אויך ראַטמאַן יצחק בוכנער. צו זיין שבח זאָל דערמאָנט ווערן, אַז ער איז געווען איינער פון די אָרענטלעכע מיטגלידער פונעם „יודנראַט". ער איז געווען אַן ערנסטער אינטעליגענטער און איבערגעגעבענער ייד וועלכער האָט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט אַ סאַך געלייסטעט פאַר יידיש זאַוויערטשע. ער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן די שפלע מעשים פונעם יודנראַט לגבי דער יידישער באַפעלקערונג און ער האָט אינעווייניק, אינעם יודנראַט, געפירט אַ קאַמף קעגן אַלע אינטריגעס און עוולות. פאַר זיין מוט האָט ער טאַקע, טייער

באַצאָלט: אין איינעם אַ פרימאָרגן, איז ער אַראָפּגעזעצט געוואָרן פונעם ראַט און צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אויש־וויץ, ווו זיי זענען דאָרט טראַגיש אומגעקומען...

מיט די דאָזיקע יודנראַטן אין גאַנץ זאַגלעמביע האָט אָנגעפירט דער סאָסנאָווצער ייד מאָניעק מערין, וועלכער האָט אויך געהאַט דעם זעלבן ביטערן סוף.

דער „יודנראַט", — דאָס איז געווען אַ רעגירונג פאַר זיך, צוערשט אויף דער יודישער גאַס, און דערנאָך אויך אינעם געטאָ. זיי האָבן אפילו געהאַט אַנ'אייגענע יידישע פּאָליציי מיט קאָמענדאַנטן, ווי אויך אַ תפיסה, וועלכע איז קיינמאָל נישט געווען ליידיק....

די יידישע פּאָליציי־לייט זענען אויך נישט געווען ווייניק אבזריותדיק; בעת די „אקציעס" האָבן זיי זיך נישט געהאַט צו שעמען קעגן דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע מיט זייער ברוטאַליטעט. הויפּטזעכלעך זענען די ייד. פּאָלי־ציסטן געווען פאַרמעגלעכע און באַלעבאַטישע יינגעלייט. פאַר אַזאַ פּאָסטן פלעגט דער יודנראַט נעמען אַ שיינעם פדיון. אויך אַזאַ פּאָסטן האָט זיך גע־רעכנט פאַר „אַסעקורירט" צום איבערלעבן די מלחמה... דערפאַר האָבן די יידישע פּאָליציי־לייט אַרויסגעוויזן אַזויפיל אַקטיוויטעט און לאָיאַליטעט ביי יעדער אַקציע. צווישן דער מאַסע צרות וואָס יידן אין זאַגלעמביע האָבן געהאַט אויסצושטיין איז ווערט צו דערמאָנען דעם פאַקט אַז בעת דער יודנראַט האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידישע באַפעלקערונג אַ הויכן אָפּצאָל פון יעדן קאָפּ, האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געקאָנט אָדער נישט גע־וואָלט באַצאָלן, האָט דעמאָלט דער יודנראַט מיט דער הילף פון דער יידישער פּאָליציי צוזאַמענגעטריבן עטלעכע און צוואַנציק יידן און זיי איבערגעגעבן דער סאָסנאָווצער זשאַנדערמעריע. אין סאָסנאָווצע האָבן די דייטשן געהאַלטן אַט־די יידן אַ־ן משך פון צוויי וואָכן פאַרשפּאַרט אין שיינס פאַבריק, ווו זיי האָבן באַקומען זייער געהעריקע „לעקציע". אַהיימקומענדיק זענען זייערע קערפּערס געווען שוואַרץ און געשוואָלן פון די מערדערישע קלעפּ פון די דייטשן. אויף וויפל איך דערמאָן זיך זענען צווישן די געליטענע געווען: ישעיה באָרענשטיין, לייזער שטיינפעלד, ל. פעדער און אַנדערע.

ביז ענדע 1940 זענען קיין „אַקציעס" אָדער „אַרבייטס איינזאַצן" נישט פאָרגעקומען. אָבער די דיסקרימינאַציע לגבי יידן האָט זיך אָנגעהויבן שוין באַלד נאָכן אָקופּירן פּוילן דורך די היטלערישע האָרדעס. די יידישע געשעפטן זענען גלייך באַזעצט געוואָרן מיט דייטשע קאָמיסאָנערן און „טרוי־הענדער" אַלע יידישע הייזער זענען רעקווירירט געוואָרן און דאָס דירה־געלט האָט די דייטשע מאַכט צוגענומען.

יידן איז נישט דערלויבט געוואָרן צו קויפן ביי קריסטן און צווישן דיביידע נאַציאָנאַליטעטן האָט נישט געטאָרט זיין קיין שום קאָנטאַקט. קוים אי־ז

אַ ייִד געכאַפּט געוואָרן ביי אַזאַ חטא, ווי קויפן אַ קילאָ קאַרטאָפּל ביי אַ קריסט, האָבן די נאַציס גענומען דעם יידן אויף די קאָמענדאַנטור. פון דאָרט אַהיים האָט ער זיך געמוזט רוטשן אויף אַלע „פיר", ווייל נאָך די שמיץ, וועלכע ער האָט דאָרט באַקומען איז ער נישט געווען אומשטאַנד צו גיין. דאָס איז געווען אָן אָפּטע דערשיינונג: יוסף אורמאַן האָט נאָך אַזאַ אַקט געלעבט איניקע טעג, זימל רייכער איז צוויי מאָל געשמיסן געוואָרן פאַר אַזאַ „עבירה". נאָך אָט־די שמיץ איז ער מער נישט געווען פייאיק צו אַרבעטן (ער איז געווען אַ שניידער), צוליב דעם איז ער געשיקט געוואָרן מיט זיין פרוי און קינד קיין אוישוויץ, ווו זיי זענען אויף אַ באַרבאַרישן אופן אומגעקומען. פישל ביזאם האָט מען געמוזט נאָך אַזאַ „לעקציע" אַהיימטראָגן, יאָסקע יאָסקאָוויטש איז גייענדיק פון דער באַן, פאַרהאַלטן געוואָרן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן אים די נאַציס געהאַלטן אויף דער קאָמענדאַנטור. בעת מען האָט אים אינדערפרי אַהיים געבראַכט, האָבן צוויי דאָקטוירים אים קוים ווידער געבראַכט צום באַוווסטזיין. אבא בירפריינד איז גייענדיק צום באַן פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ זשאַנדאַרם, וועלכער האָט אים געפירט אויף די קאָמאַנדע, דאָרט איז ער באַרויבט און דערמאָרדעט געוואָרן. אַזעלכע פאַלן זענען געווען אָן אַ שיעור. ווייל אַזוי איז געווען הפקר דאָס יידישע לעבן...

סוף 1940 הייבן זיך אָן פרישע צרות: דער אַזוי־גערופענער „אַרבייטס־איינזאַץ". יעדע פּאָר טעג, אַרום פיר־פינף פאַרטאָגס, זענען די יידישע גאַסן געוואָרן אַנגעשלאָסן. צענדליקער גרופּן פון געסטאַפּאָווצעס מיט זשאַנדאַמעריע, — און בתוכם די יידישע פּאָליציי — האָבן זיך געלאָזט מיט אַ ווילדן שטורעם אין די יידישע הייזער און זיי האָבן, דערלאַנגענדיק אַ האָגעל קלעפּ, אַרויסגעטריבן אַלע מענער נאַקעט און באָרוועס, אויף דעם נייעם מאַרק. דאָרט האָבן זיך אָפּ־געשפּילט טראַגישע סצענעס: — די געסטאַפּאָ־„העלדן" האָבן געהעצט זייערע וועלף־הינט, וואָס האָבן זיך מיט אַ ווילדער רציחה געוואָרפן אויף די אומ־שולדיקע אומבאַוואָפנטע פרידלעכע מענטשן און געריסן פון זיי לעבעדיקע שטיקער. די מערדער האָבן אויך נישט געקאַרגט קיין קלעפּ מיט אייזערנע שטעקנס. נאָך יעדער אַזאַ „אַקציע" פלעגט זיין אַ געוויסע צאָל קרבנות. — 4—5 הונדערט אַרבייטס־פעאיקע מענער זענען נאָך אַזאַ רציחה־טאָט געשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבייט קיין דייטשלאַנד, פון וואַנען זיי זענען, ליידער, מער נישט צוריקגעקומען.

עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט זענען הויפּטזעכלעך אַרבעטס־לייט און מענטשן פון אָרעמע שיכטן, וועלכע זענען געווען אין די ליסטעס וואָס דער „יודנראַט" האָט צונויפגעשטעלט. די מער פאַרמעגלעכע און רייכע האָבן זיך באַזאָרגט מיט אַזוי־גערופענע „זאָנדערס", וועלכע האָבן געגעבן אַ פּריווילעגיע נישט באַלעסטיקט צו ווערן מיטן אַרבעטס־איינזאַץ.

דעם 18־טן מאי 1941 האָט די דייטשע „לופט־וואַפע” באַזעצט די גרויסע פאַבריק ס. א. ז. און צעבראָכן אויף שמעלץ אַלע וועב־און שפינערייַ־מאַשינען. דעם שמעלץ האָבן זיי איבערגעשיקט אין די אַמוניציע־פאַבריקן. צו דער דאָזיקער אַרבעט זענען יידן צוגעצויגן געוואָרן דורך צוואַנג. נאָכדעם ווי די פאַבריק איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון אַלע מאַשינען, האָט די אַזוי־גערופענע, לופט־וואַפע פאַרלייגט אין דער פאַבריק פאַרשיידענע וואַרשטאַטן, ווי למשל: אַ שניידער־שאַפּ, אַ שוסטער־שאַפּ, אַ טריקאָטאַזש־שאַפּ און נאָך פאַרשיידענע שאַפּן אין אַנדערע פאַכן. הויפּטזעכלעך האָבן די שאַפּן געדינט צום אומשטאַנצן אַלטע קליידער, ווי אויך אויסצואַרבעטן נייע. אין די וואַרשטאַטן זענען באַשעפטיקט געוואָרן בערך 4000 יידן.

די „אַרבייטס־איינזאַצן” האָבן אַט־אַזוי פונקציאָנירט ביז אָנהויב 1943. זינט אַט־דער דאַטע האָבן די אַקציעס אָנגענומען אַן אַנדערן כאַראַקטער. די דייטשן האָבן שוין נישט געשיקט אין די אַרבעטס־לאַגערן, נאָר אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן. זיי האָבן אַהינגעשיקט אַלט און ייִנג, פרויען, קינדער און קראַנקע. אַ טייל האָבן זיי אויף דער שטעלע דערמאָרדעט. אַ טייל האָבן זיי דעפּאָרטירט אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער־אוישוויץ. אַזעלכע דעפּאָרטאַציעס האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערחזרט.

לײדער מוז דערמאָנט ווערן, אַז אַ גרויסע צאָל יידן זענען אומגעקומען, אַ דאַנק דער שלעכטער האַנדלונג פון אַ טייל קריסטן: — אַזוי איז אומגעקומען לוי האָבערמאַן, נתן גאַרניעק, איטשע קרייצער און אַנדערע מיט זייערע פאַמיליעס.

די אַלע אויבנדערמאָנטע זענען בעת אַן אַקציע געווען באַהאַלטן. זייערע קריסטלעכע שכנים האָבן זיי פאַראַטן און איבערגעגעבן אין די הענט פון די היטלערישע מערדער.

אין פעברואר 1943 האָט די „געסטאַפּאָ” איינגעפירט דאָס געטאָ. זיי האָבן גענומען אַן ערך טויזנט יידן און אַריינגעוואָרפן זיי אין אַן ענגן ווינקל, צו 2—3 פאַמיליעס אין איין שטוב. דאָרט האָבן געהערשט שרעקלעכע אוממענטשלעכע אַנטי סאַניטאַרע באַדינגונגען. דאָס איז געווען אַ צוגרייטונג צו דער לעצטער גרויסער „אַקציע” און צו דער פאַרניכטונג פון אַלע יידן.

דאָס איז געווען אַ ראַפינירטע אויסרעכענונג פון די נאַציסטישע באַנדיטן, כדי די אויסראָטונגס־אַרבעט זאָל זיין נישט שווער, האָבן זיי געשאַפן דאָס געטאָ.

דעם 26 אויגוסט 1943, פונקט פינף אַ זייגער פאַרטאָגס האָבן די מערדערישע „געסטאַפּאָ”, צוזאַמען מיט דער כוליגאַנישער זשאַנדאַרמעריע, נאָך אַ ווילד געיעג ווי אויף חיות, אין משך פון 3 שעה, צונויפגעטריבן איבער פינף טויזנט יידן אויף אַ קליינעם פּלאַץ, פאַרן אַמאָליקן „קאַנסום”. דאָס איז

געווען דער טראַגישסטער טאָג און דער לעצטער וועג פונעם זאַוויערטשער יידנטום.

דער סך־הכל פון אָט־דעם טראַגישן טאָג, איז געווען: איבער הונדערט טויטע, דערהרגעטע בעת דער „אקציע". צווישן די דערהרגעטע האָט זיך אויך געפונען דער 90־יאָריקער עסקן סאַמועל ווייצן, וועלכער איז בעת דער „אַקציע" געלעגן אין שפּיטאָל, וואָס מען האָט איינגעאָרדענט אויף דער פּאָ־רעמבסקא גאַס, אין קרימעלעווער רבין׳ס הויז, ספּעציעל פאַר יידישע קראַנקע. (דאָקטאָר איז דאָרט געווען ד"ר לעווקאָוויטש, חיים לעווקאָוויטש׳ס זון).

אַלע דערמאָרדעטע זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין איין ברידער־קבר, אויפן אָרטיקן בית־הקברות.

די אנדערע טויזנטער יידן זענען האַלב טויטע פאַרלאָדן געוואָרן אין ענגע פאַרמאַכטע וואַגאָנען און דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ, פון וועלכע נאָר איינצלנע זענען צופעליק געבליבן לעבן.

אַזוי איז געוואָרן ליקווידירט דאָס זאַוויערטשער יידישע געטאָ.

נאָך דער גרויסער פאַרניכטונגס־אַקציע איז דאָך געלונגען ביי 400 יידן צו בלייבן אין דער „לופּטוואַפע" (אין דער טעקסטיל־פאַבריק ט. א. ז.). אַלס „רעקלאַמירטע", האָבן זיי געמוזט אינטער אַ שטרענגער וואַך, אויספירן פאַר־שיידענע אַרבעטן. אַן ערך הונדערט מאַן איז געלונגען בעת דער גרויסער



דער בית הקברות אין זאַוויערטשע

פאַרניכטונגס־אַקציע זיך אויסצובאַהאַלטן אין פאַרשיידענע בונקערס ווי אויך ביי באַקאַנטע פאָליאַקן. אין פאַרלויף פון צוויי וואָכן זענען די דאָזיקע יידן אַנטדעקט געוואָרן דורך שלעכטע פאָליאַקן (פאָלקס־דייטשן), און דורך דייטשע פּאָליציי־לייט. די דייטשן האָבן זיי צוזאַמענגעבראַכט מיט די 400 יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער „לופטוואַפע".

עס איז כדאי צו דערמאָנען דעם טראַגישן פאַל וואָס האָט פּאַסירט מיט ר' הניך רייזמאַן ע"ה (הענעך ישראל'קעס) וועלכער האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין די באַרבאַרישע הענט פון דער „געסטאַפּאָ". ער האָט זיך אויס־געגראָבן אונטער זיין בעט אַ בונקער. בעת דער לעצטער גרויסער אויסזיד־לונג האָט ער זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן און מיט די זעלבע ברעטער זיך צו־געדעקט. איז ער, טאַקע, בעת דער „אַקציע" נישט אַנטדעקט געוואָרן.

שפּעטער מיט אייניקע טעג האָבן פּאָליאַקן, — וועלכע האָבן גע־נישטערט אין יידישע וווינונגען זוכנדיק יידישע פאַרמעגנס, — אויסגעפונען דעם קבר וואָס ר' הענעך האָט זיך אַליין אויסגעגראָבן און דאָרט זיין נשמה אויסגעהויכט. אַזוי־אַ טראַגיש האָט ר' הענעך זיין לעבן פאַרענדיקט. דער דערמאָנטער ר' הענעך איז געווען זייער פּאָפּולער אין אונדזער שטאָט אַלס שטרענג־רעליגיעזער ייד.

דעם 17־טן אָקטאָבער 1943, 4 אַ זייגער פאַרטאָגס, זענען די „געסטאַפּאָ"־רוצחים באַפאַלן די פאַבריק ט. א. ז. זיי האָבן דעפּאָרטירט דעם רעשט יידן, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, קיין אוישוויץ. איבערגעלאָזן האָבן די היטלערישע מערדער 7 יידן: לאנדוי — עלעקטראָ־מאָנטיאָר, זעליג סאבאלמאן — בוכהאַל־טער־מאַגאַזינער, בן־ציון בראקמאן — שניידער, איסער צוקראָווסקי — שניי־דער, יואל גרינקראוט — שניידער, איציק רויטמענטש — שטריקער. חיים צוקער — זאָקן־מעכאַניקער און נאָך צוויי יוגנטלעכע (ביידע צו 15 יאָר אַלט: נאַטאַן קאָרנבערג, און קעמפנער).

די 7 יידן פון פאַרשיידענע פאַכן, זענען איבערגעלאָזט געוואָרן כדי אויסצולערנען די פּאָליאַקן אַרבעטן, וואָס די נאַציס האָבן געבראַכט פון גאַנץ זאַגלעמביע אויפן אָרט פון די אויסגעזידלטע יידן.

מיר האָבן זיך געפונען אונטער אַ שטרענגער מיליטערישער וואַך. מיר האָבן געאַרבעט און געשלאָפן אין דער פאַבריק און נישט געטאָרט פאַר־לאָזן די „לופטוואַפע".

יעדן טאָג האָבן מיר גערעכנט אַז די מערדער וועלן אונדז פערטיק מאַכן, וויסנדיק, אַז מיר האָבן די פּאָליאַקן איינגעריכטעט ביי די פאַרשיידענע אַרבעטן און אַז מיר זענען מער נישט נויטיק. דערוויל האָט זיך דעם 12־טן יאַנואַר 1945 אָנגעהויבן די גרויסע רוסישע אָפענזיווע און מיט דער זעלבער בליץ־שנעלקייט מיט וועלכער די היטלערישע חיילות האָבן געמאַכט דעם

פעלדצוג אין פוילן, באַזעצנדיק אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט, האָבן אויך מיט אַזעלכע שנעלע טריט, די היטלערישע האָרדעס אונטערן שטאַרקן דרוק פון דער רויטער אַרמיי געמוזט צוריק לויפן. מיר האָבן געזען ווי די שטאַרקע דייטשן ווערן בלאָס, לויפן אַרום ווי צעשראָקענע מייז, און גרייטן זיך צו דער עוואַקואַציע. אויך מיר זענען געווען אין אַ דעפּרעסיע, — אומזיכער מיטן מאָרגן.

דערווייל איז צו אונדז דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אידער דאָס מיליטער פון דער „לופטוואַפע" וועט עוואַקואירן וועלן זיי די 9 יידן פריער „פאַרטיק" מאכן... מיר, האָבן געפילט, אַז דער באָדן אונטער אונדז ווערט וואָס אמאָל הייסער, האָבן מיר, טאקע, באַשלאָסן פאר יעדן פּרייז און ווי אמגיכסטן זיך ארויסצובאקומען אין שטאָט אריין און זיך אויסצובאהאלטן ביי באקאנטע פּאָלאקן. מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן — יעדער אין א באזונדערן פּלאַץ כדי מיר זאָלן נישט אלע אומקומען, אויב מיר וועלן ליידן א דורכפאל.

דעם 17־טן יאנואר 1945, גלייך אינדערפרי, האָבן מיר אלע 9 ווי איין מאַן דורך פארשידענע וועגן(אגב, זענען די דייטשן געווען שוין שטארק דענערווירט, די וואך איז שוין נישט געווען אזוי שטרענג) זיך ארויסבאקומען אין שטאָט אריין. מיר האָבן זיך אויסבאהאלטן ביי פארשיידענע באקאנטע פּאָלאקן. מיר האָבן קיין טעות נישט געהאט: איין שעה שפּעטער נאָך אונדזער אנטלויפן פון דער „לופטוואפע" זענען געקומען די געסטאַפּאָ־לייט, און געוואָלט מיט אונדז זיך מתעסק זיין, זיי זענען אָבער געקומען אביסל צו שפּעט... זיי האָבן שוין נישט קיין צייט געהאט אונדז אויפצוזוכן, זיי האָבן מיט ציין־קריצעריי געווארטשעט: „שאדע דאָס וויר האָבן זאָ לאנגע געווארטעט"...

דעם 20־טן יאנואר 1945, — מיט דריי טעג שפּעטער, שבת 6 אזייגער אינדערפרי — האָט די רויטע ארמיי באפרייט זאוויערטשע פון די היטלערישע באנדיטן, וועלכע האָבן איבער 5 יאָר בארויבט און געמאָרדעט די יידישע באפעלקערונג. וויבאלד די רוסישע פאָרפּאָסטן האָבן זיך באוויזן אין אונדזער שטאָט זענען מיר ארויס פון די באהעלטענישן און מיר זענען ווידער געווען פרייע בירגער.

אָבער טראגיש איז געווען אונדזער באפרייאונג: — איינזאַם, אָן די משפּחות, אָן א דאך איבערן קאָפּ, היימלאָז, — האָבן מיר זיך ארומגעבלאָנקעט צווישן די פּוסטע גאסן, אויף וועלכע ס'האָט אמאָל געברויזט דאָס לעבן פון בערך 7 טויזנט יידן. איצט האָט דאָרט געהערשט שרעק און בענקעניש, פון יעדן פענסטער, פון יעדן ווינקל, האָט ארויסגעקוקט דאָס געשפּענסט פון א באקאנט פּנים, וואָס איז אומגעקומען אזוי טראגיש און אומשולדיק דורך די נאצישע באנדיטן. אָט דאָס געשפּענסט האָט געשריגן „נ ק מ ה פאר אונדזער פארגאָסן בלוט".

פון די קרוב 7 טויזנט יידן וועלכע האָבן געלעבט אין אונדזער שטאָט, זענען צוריק געקומען פון די טויטן־לאגערן ס"ה 200 מענשן. זיי זענען צופעליק

געבליבן לעבן און האָבן אין זאַווערטשע קיינעם נישט געטראָפן פון זייערע קרובים אָדער נאָענטע.

באלד נאָך דער באַפרייאונג האָב איך מיט נאָך איניקע חברים, ווי: מענדל וועקסבערג, יהושע באָשיקאָווסקי, עמוס טורנער און זעליג סאָבעלמאַן אָרגאַניזירט א קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך גלייך אַנגעשלאָסן אינעם קאַטאָוויצער ראַיאָן־קאָמיטעט. גלייך איז מאָביליזירט געוואָרן א פאָנד פון וועלכן דער זאַווערטשער קאָמיטעט האָט געטיילט הילף די צוריק געקומענע: מיר האָבן גלייך געשאַפן אַ קוך, ווו עס איז טאָג־טעגלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן איבער צוויי הונדערט מיטאָגן, מיר האָבן אויך באַזאָרגט די היימלאָזע מיט דירות.

דער מאַגיסטראַט פון דער שטאָט זאַווערטשע האָט אונדז אין יעדן פאַל שטאַרק צוגעהאָלפן.

גלייך נאָך דער באַפרייאונג האָט אָנגעהויבן צושטראָמען קאָרעספּאָנדענץ פון אַלע עקן וועלט: פון קרובים און פריינט מיט אַנפראַגן זייערע נאָענטע לעבן.

איך האָב זיך באַמיט די גרעסטע טייל פון דער קאָרעספּאָנדענץ באַענטפערן.

נאָך אייניקע חדשים זענען זיך כמעט אַלע צוריקגעקומענע פון די טויטן־לאַגערן צעפאָרן אין פאַרשידענע לענדער, הויפּטזעכלעך קיין דייטשלאַנד.




אינעם בילד: אָפּגעראַטעוועטע פונעם היטלער־פייער אין דער פאָלקס־קיך פון דער „זשידאָווסקיע זשעשעניע רעליגינע" (1.3.46)

**שמעון געלדנער**

## אַן אימזשיגלידער אין קאַצעט־לאַגערן

פאַר דער מלחמה בין איך געווען אין אַ פּוילישער אונטעראָפיציר־שולע. דאָרט האָט געהערשט אַ שאַרפער אַנטיסעמיטיזם. אַנשטאָט צוגרייטן זיך צום אָפּזוער, האָבן די פּוילישע מיליטער־אָרגאַנען בלויז געטראַכט ווי אַזוי צו פּלאָגן די יידן.

ערב דער מלחמה האָט מאַרשאַל רדיז־שמיגלי גערעדט אינעם ראַדיאָ. אז איך האָב געוואָלט הערן זיינע רייד, האָט מיך מיין פאַטער פאַרטריבן פונעם ראַדיאָ: ער האָט נישט געוואָלט גלויבן אין דעם וואָס האָט שוין פאַקטיש עקזיסטירט, ד. ה. אַז די מלחמה האַלט ביים אויסברעכן.

שבת דעם 2־טן טאָג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה ווען די פלאַמען האָבן שוין דערגרייכט אונדזער קאַנט, האָבן מיינע עלטערן נאָך אַלץ נישט געגלויבט אין די טראַגישע ווירקלעכקייט און נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. זיי האָבן מורא געהאט אז מען וועט צעראַבעווען זייער האָב און גוטס, אויב זיי וועלן אַלץ איבערלאָזן. אזוי האָבן געמיינט א סאך, וואָרום זיי האָבן געלעבט אין אַן אילוזיע אַז דער שוידערלעכער מצב וועט געדויערן בלויז איניקע טעג. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַז עס וועט נישט קומען צו אַזאַ פאַרניכטונג, ווי די צייט האָט שפּעטער געוויזן. אַזוי זענען מיינע עלטערן געבליבן אין זייער באַליבט אימזשיגליד ביז צו דער „אויסזידלונג” אינעם יאָר 1943.

אין יאָר 1940 האָב איך זיך געפונען אין זשאַריק (זשארקי), דאָרט איז געווען רעלאַטיוו רואיקער, ווי אין אנדערע טיילען פון לאנד, איינמאָל האָב איך באַשלאָסן צו באַזוכן מיינע עלטערן, אָבער דאָ איז מיר געשען אַ מיאוסער אַדורכפאַל. די גרענעץ־וואַך האָט מיך באַמערקט און האָט געשאָסן אויף מיר. מיט דער הילף פון זייערע הינט איז זיי געלונגען מיר צו כאַפּן. זיי האָבן מיך טראַנספּאָרטירט אין אַן ארבעטסלאַגער. אין יענער צייט איז דאָס שוין געווען גוט, ווייל פאַר איבערגיין די גרענעץ האָט מיין גורל געקאָנט זיין אַן אַנדערער. אין זעלבן טראַנספּאָרט אין וועלכן מען האָט מיך געשיקט, זענען פאַרשיקט געווען מיינע צוויי ברידער און צוויי שוואָגערס. אין דערהיים זענען געבליבן צובראָכן און נידערגעשלאָגן אָן געלט, אָן פרנסה, און אָן דער מינדסטער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט, מיינע עלטערן און שוועסטערן. עס איז צו באַמערקן אַז לגבי די מישקאָווער און זאַוויערטשער קהילות האָבן די היטלעריסטן לויט די דעמאָלטיקע פאַרהעלטענישן באַגאַנגען אַ געמיינעם פאַרברעכן, מיט נעמען עטלעכע פון אַ שטוב, בעת אין יענער צייט האָבן די דייטשן געפּלעגט שיקן אין די לאַגער בלויז איין מאַנספּערשוין פון יעדער משפּחה. דער לאַגער וווהין מען האָט אונדז פאַרשלעפּט איז געווען אייכטאַט ביי אָפּעל, דאָרט האָבן מיר געאַרבעט זייער געטריי ביי דער

אויסאַ־סטראַדע, אין דער האָפענונג אַז נאָך 6 וואָכן וועט מען אונדז צוריק אַהיים שיקן. וואָלטן מיר געוווסט אַז דאָס איז געווען נאָר אַ בלאָף וואָלטן מיר נישט געווען גלייכגילטיק צו דעם טראַנספּאָרט.

און־אָט: שוין אין די טעג האָבן מיר באַקומען טרויעריקע ידיעות פון די שכנות׳דיקע לאַגערן ווי יאַהאַנעסדאָרף, קאַרפּיץ, גאַגילין. דער אָנפירער — מאַיאָר לינדער, — האָט אויך איניקע פון אונדז געשיקט קיין אוישוויץ. וואָס אוישוויץ באַטייט האָבן מיר שוין געוווסט, און פאַקטיש האָבן די ידיעות אויף אונדז די ערשטע צייט געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם. גלייך אָבער, האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו די גרויזאַמע און שוידערלעכע ידיעות ווייל אויך ביי אונדז האָט דאָס זעלבע געקאָנט פּאַסירן. דערפאַר האָבן מיר איינער דעם אנדערן געהאָלפן ביי דער אַרבעט כדי אויסצומיידן אַז דאָס וועט אויסהיטן אונדזער לאַגער פון אָט־דעם שוידערלעכן גורל. מיר האָבן נאָך אַלץ געגלויבט אַז נאָך די 6 וואָכן וועלן מיר צוריק קומען אין אונדזערע היימען, לויט די פאַרזיכערונג פון די לאַגער אנפירער. מיר האָבן געהאָפט אויפן טאָג אין וועלכן מיר וועלן באַפרייט ווערן פון די ווילדע חיות — די ס. ס. און אָט ווערט אין אַ באַשטימטן זונטיק, אַ גערודער, אַ גערויש, מען רייניקט, מען פּוצט, מען גרייט זיך. אויף וואָס גרייט מען זיך ?... מיר האָבן זיך דערוווסט אַז עס איז אָנגעקומען אַ מעלדונג צו די ס. אַ. מענער אַז דער מאַיאָר לינדנער קומט. מיר זענען זיכער געווען אַז זיין קומען איז געווען כדי אונדז צו באַפרייען, אָבער ליידער האָט זיך אונדזער האָפענונג טרויעריק פאַרענדיקט. דער „באַפרייער" איז געווען אַ מאַיאָר מיט אַ מערדערישן אויסזען. מיר שטייען ביים אַפּעל און דער מערדער באַטראַכט יעדן איינעם פון אונדז מיט זיינע ווילדע אויגן. ער הייבט אָן צו פּרעדיקן. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען: „איר ציגיינער יידן, ווען איר נישט לייסטעט די אַרבייט, דאַן פּאַסירט מיט אייך דאָס זעלבע וואָס האָט פּאַסירט אין יאַהאַנעסדאָרף, אין אנערוידע, ווי אין קאַרפּיץ".

ער האָט געזאָגט אַז יידן וועלן זיך נאָך בעטן ביי אים ער זאָל זיי שיקן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

דאָס זענען געווען בייזע נביאות, וועלכע האָבן זיך ליידער פאַרווירקלעכט מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט.

* *

בעתן אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה האָבן מיר געוווסט אַז זי וועט לאַנג דויערן. אַ טייל פון אונדזערע לאַגערן האָבן די דייטשן, אין נאָמען פונעם „אָסטין־איינזאַץ", פאַרלאָדעוועט אין פערד־וואַגאָנען צו 90 מאַן. מיר זענען געפאָרן דורך קאָווגע צום גרענעץ־פּונקט סעבעש. דאָרט האָבן מיר געאַרבעט ביי שמעלערן די גליזן כדי די דייטשע צוגן זאָלן דירעקט קאָנען צו־קומען צום פראָנט. געוווינט האָבן מיר ענטוועדער אין די וואַגאָנען, אָדער אין

דרוזשניקעס־הייזלעך. די אַרבעטס־באַדינגונגען זענען געווען שרעקלעך. עס איז געווען קאַלט, מען האָט געהונגערט. עס איז נישט געווען וואָס צו טרינקען. פון נישט־סאַניטאַרע באַדינגונגען איז אַ טייל פון אונדז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. אַ טייל האָט פּרובירט צו אַנטלויפן. אָדער די אוקראַאינער פלעגן זיי הרגענען, אָדער ברענגען לעבעדיקערהייט צו די דייטשן. דערפאַר האָט שוין קיינער מער נישט געוואַגט צו אַנטלויפן. מיר האָבן ווייטער געאַרבעט. אין משך פון אַ קורצער צייט זענען פון אונדז אויסגעשטאָרבן 100 מאַן. די איבערגעבליבענע האָבן די דייטשן באַשלאָסן צוריקצושיקן קיין אַנעבערג (דייטשלאַנד), אויסגעמאַטערטע און קראַנקע. אויך איך בין געווען צווישן זיי. אַ דאַנק מיין ברודער, וועלכער האָט זיך געפילט קרעפטיקער פון מיר, בין איך געבליבןביים לעבן. מיר ביידע זענען געשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער קיין פּרייוואַלדאו, אינעם ברעסלויער קרייז. די אַרבעט איז דאָרט געווען אַ שווערע.

אַ דאַנק אַ פּאַליאַק מיט וועלכן איך באַקען מיך פאַרשאַפן מיר זיך לעבנס־מיטל צום עקזיסטירן. אַ וואַך־סאָלדאַט באַמערקט דאָס און איך ווער איינגעטראָגן אין „שוואַרצן בוך”.

אין אַ צייט אַרום קומט מאַיאָר לינדנער אינדז ווידער באַזוכן. מען זאָגט אים אַז איך בין רעגיסטרירט אין שוואַרצן־בוך. איך ווער לויט זיין באַפעל איבערגעפירט אין די שטאָט־טורמע צום פּאָליציי־מייסטער. נאָך 3 טעג קומט אַ ספּעציעלער שליח פון דער ס. ס. און ער פירט מיך אין אַן אומבאַקאַנטע ריכטונג.

איך האָב נישט געוווּסט אַז איך פאָר קיין אוישוויץ. עס זענען געווען מאָמענטן ווען איך האָב געקאָנט אַנטלויפן.

מיר זענען נאָך אַ מעת־לעת פאָרן געקומען קיין קאַטאָוויץ. איך האָב מיך געפרייט אַז איך בין נישט ווייט פון דערהיים.

ליידער שטייגן מיר אַריין אין אַ צווייטן צוג, וואָס גייט אין ריכטונג אוישוויץ. איך האָב באַדויערט וואָס איך בין נישט פריער אַרויסגעשפּרונגען פונעם צוג בעת עס איז דערצו געווען אַ געלעגנהייט.

דערנענטערנדיק זיך קיין אוישוויץ איז דער וואַך־סאָלדאַט געוואָרן העפלעך צו מיר. ער זאָגט מיר אָן די בשורה, אַז אין 15 מינוט קומען מיר אָן אין די טויערן פון אוישוויץ.

ווער איך נאָך העפלעכער, פּנים אל פּנים מיט אַן ס. ס.־מאַן.

*   *

איבערן טויער פונעם אוישוויצער לאַגער לייען איך די אויפשריפט: „אַרבעט מאַכט פריי”.

אינעם אוישוויצער לאַגער נעמט מיך איבער אַ צווייטער ס. ס.־מאַן. ער

פירט מיך אין אַ געביידע, וועלכע זיי האָבן גערופן „זאַנע". דאָרט וואָרט איך אויף אַ טראַנספּאָרט פון האָלאַנד, מיט וועלכן איך האָב געזאָלט צוזאַמען טראַנספּאָרטירט ווערן. איך באַשליס אַרויסצושפּרונגען פונעם פענצטער, באַלד ווי עס וועט פינצטער ווערן, כדי זיך צו דערנענטערן צו די עלעקטרישע דראָטן. דאָס וועט בעסער זיין איידער אומצוקומען אין דער גאַז־קאַמער. דער „קאַפּאָ" פון דער זאַנע איז געווען אַ וואַרשעווער פּאָליאַק, אַן אינזשענער פון פּראָפעסיע, מיט אַ פּנים פון אַ מערדער. אין דער אמת׳ן איז ער נישט געווען פון די ערגסטע. ער האָט גערעדט מיט מיר דייטש, אָדער פּויליש. ער האָט מיר געגעבן עסן, אָבער מער ווי דאָס האָט ער נישט געקאָנט טאָן פאַר מיר.

אין די „זאַנע" קומט אַריין אַ קאַצעטלער, — לויטן אויסזען, נישט פון די פּשוטע. ער באַגריסט דעם „זאַנען"־קאַפּאָ און הייסט מיך אויסטאָן. איך ציטער פאַר קעלט אויפן שניי אין דער יאַנואַר־פראָסט 1943. ווידער הער איך אַ באַפעל: אַנטאָן די הויזן און די שיך. איך הער ווי אין דערנעבנדיקן צימער ווערט געפירט אַ געשפּרעך אויף פּויליש. איך הער מיך נייגעריק צו, אָבער איך קאָן גאָרנישט כאַפּן.

עטלעכע מינוטן שפּעטער קומען ביידע, — דער „קאַפּאָ" און דער קאַצעטלער צו מיר אַריין. דער קאַצעטלער פרעגט מיך אויף פּויליש ווי איך הייס און פון וואַנען איך קום יעצט. נאָך מיינע תשובות כאַפּט ער מיך אָן ביים האַלדז, אַזש איך האָב געמיינט אַז ער וויל מיך דערשטיקן. ער פרעגט מיך צי איך דערקען אים נישט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען ביידע געווען מיטשילער אין אַ פּוילישער אונטעראָפיציר־שולע און אַז זיין נאָמען איז פּאַטישניק.

איך בין ממש פאַר שרעק שטום געוואָרן. איך האָב אים געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער צוליב דער דענערווירונג פון זיין חבר, דעם „קאַפּאָ" האָב איך עס נישט געטאָן.

די צוויי פאַרשווינדן ווידער אין דערנעבנדיקן צימער. איך הער די ווערטער אויף פּויליש: „דאָס וועט זיין אַמבעסטן". ווידער דערשיינט איינער. ער גיט מיר עפּעס צום עסן. איך צעוויין מיך, פאַל אים צו די פיס און בעט אים, ער זאָל מיר מיט עפּעס העלפן. ער ענטפערט מיר באַלד, אַז זיי האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אָבער זיי ווייסן נישט צי ער וועט געלינגען.

איך האָב סיי־ווי גאָרנישט צו פאַרלירן, — האָב איך מיר געטראַכט. — סיי ווי וועט מען מיך שיקן אין די גאַז־קאַמער.

פּאַטישניק ברענגט מיר באַלד אַנדערע קליידונג. אין די פרישע מלבושים פיל איך מיך וואַרעמער און פרישער. ער זאָגט מיר אַז טאָמער וועט פאַרבייגיין אַן ס. ס. בלאָק־פירער זאָל איך מיך נישט פאַרלירן און שרעקן, אויב ער שטעלט

מיך אָפּ. איך זאָל זאָגן אַז איך קום פונעם רעוויר. ווייטער וועט ער שוין אַלץ דערקלערן.

פּאַטישניק איז געוואָרן, אַלס אויבערשלעזיער, צוגעצויגן דורך די דייטשן אַלס מיטאַרבעטער, אָבער היות זיי האָבן געוווּסט אַז ער האָט מיטגעמאַכט די פּוילישע אונטעראָפיציר־שולע, האָבן זיי נישט געהאַט צו אים צוטרוי און זיי האָבן אים געשיקט אַלס קאַצעטלער קיין אוישוויץ.

3 וואָכן האָב איך געאַרבעט ביי אים אינעם מאַגאַזין פון אַלטע און נייע קליידער, ווו ער איז געווען דער איינציקער פאַראַנטוואָרטלעכער. קיינער האָט פון מיר נישט געוווּסט. אפילו צום אַפּעל בין איך נישט געגאַנגען און איך האָב נישט באַקומען אַ נומער. עסן האָט מיר געבראַכט פּאַטישניק.

פּאַטישניק האָט מיר געזאָגט אַז פון די טראַנספּאָרטן וואָס קומען כסדר, מאַכט מען סעלעקציעס אויף די בלאָקן: די אַלטע און קראַנקע שיקט מען ווייטער. מיך באַשטימט ער איינצושליסן ביים טראַנספּאָרט צו די געזונטע, יינגע.

פּאַקטיש קום איך אַריין אין אַ טראַנספּאָרט פאַר פאַכלייט און איך באַקום אַ פאַכלייט־נומער אַנשטאָט אַן אַנדערן נומער. איך באַקום אַרבעט ביים סאָרטירן די איבערגעבליבענע זאַכן פון די אָפּטראַנספּאָרטירטע אין די גאַז־קאַמערן. שפּע־טער ווער איך צוגעטיילט צו דער מויערער־קאָמאַנדע, וואָס האָט געאַרבעט ביי דער פירמע „רידל“.

איך האָב מיך שנעל איינגעאַרבעט ביים פרישן פאַך. ווייל מיר האָבן זיך אויסגעצייכנט ביי דער ארבעט האָבן מיר באַקומען מער עסן.

איינמאָל, בעת מיר זענען צוריקגעקומען פון דער ארבעט, פאַרהאַלטן אונדז ס. ס.־לייט ביים טויער. אַ קאַפּעלע שפּילט פאַר אונדז און די ס. ס. באַפאַלט אונדז ווי חיות. זיי פאַרשרייבן אונדזערע נומערן.

איך גיי צו פּאַטישניקן און איך דערצייל אים וואָס עס האָט פּאַסירט. ער זאָגט מיר: וויבאַלד מען וועט רופן מיין נומער זאָל איך גלייך קומען צו אים. איך שלאָף שוין מער נישט די נאַכט און איך וואַרט אויף צומאָרגנס. אין דערפרי רופט מען די פאַרצייכנטע נומערן. אויך מיין נומער איז צווישן די נומערן. איך קאָן שוין נישט מודיע זיין מיין פאַרזאָרגער פּאַטישקינען, ווייל מיר זענען שוין געווען אָפּגעשלאָסן און נישט געקאָנט אַרויס פונעם קאָרדאָן.

10 מינוט שפּעטער זענען מיר שוין געווען אין די אויטאָס. מיר פאָרן, אָבער קיינער ווייסט נישט וווהין. אַ טייל זאָגט וידוי, אַ טייל לאַכט, אַ טייל וויינט.

עס ווייזט זיך אַרויס אַז מען האָט אונדז טראַנספּאָרטירט אינעם לאַגער „בונא“, ביי אוישוויץ. איך קום אַריין אין אַ בלאָק, ווו דער יידישער בלאָק־עלטעסטער איז געווען איינער חיים פון. לעלאָוו ביי שטשעקאָטשין. ער האָט גע־

פֿאָדערט פֿון אונדז דיסציפּלין און האַלטן זיך ריין, ווייל זיין בלאָק איז באַקאַנט אַלס דער ריינסטער און דערפֿאַר באַקומען דאָרט די לייט מער עסן. אין חיים׳ס בלאָק זענען געווען אַ סאַך פּאָליאַקן, צווישן זיי אויך אַדוואָקאַטן פֿון וואַרשע, אַ גלח פֿון קאַליש. דאָרט איז אויך געווען מערטאַ, דער הויפּט־אינזשענער פֿונעם זאַוויערטשער פּאָוויאַט, און נאָך אַנדערע, וואָס זייערע נעמען געדענק איך נישט מער.

מיט חיימען האָב איך מיך באַפֿריינדעט, ווייל ער האָט געקענט מיין פֿאָ־טער, וועלכער פֿלעגט פֿאָרן קיין לעלעוו אויף יאָרצייטן. לאַנג האָט דאָס גוטע נישט אָנגעהאַלטן, ווייל חיים און זיין חבר זעניק, וועלכער איז געווען שעף פֿון דער קיך, זענען אַנטלאָפֿן אין מונדירן פֿון הויכע ס. ס. אָפֿיצירן. חיים׳ען און זעניקן האָבן די נאַציס אַנטדעקט אין קראָקע. בעת זיין ווידערשטאַנד געלונגט חיים׳ען אָוועקצולייגן 3 נאַציס. אויך ער ווערט דערביי דערשאָסן, און דער־נאָך אויפֿגעהאָנגען, שוין אַ טויטער. זעניקן כאַפּן די נאַציס אַ לעבעדיקן. זיי ברענגען אים צוריק קיין אוישוויץ, ווו זיי האָבן אים אַ לעבעדיקן אויפֿגעהאָנגען.

ביזן 18־טן יאַנואַר 1945 האָבן מיר זייער פֿיל געליטן פֿון לופֿט־אָנגריפֿן. איינער האָט חרוב געמאַכט דאָס ענגלישע געפֿאַנגען־לאַגער און עס זענען געווען אַ סאַך קרבנות.

דעם 18־טן יאַנואַר עוואַקואירט מען אונדז און מיר קומען — צו 80־100 מאַן אין אַ וואַגאָן — קיין גלייוויץ. דערנאָך קיין דוראַ־מישלבאַו, נאָרדהאַוזן. פֿון דאָרט קומען מיר קיין אויסטערוד ווו עס בויען זיך אין די העכסטע בערג פֿון דייטשלאַנד אַמוניציע־פֿאַבריקן. קאָמענדאַנט איבער אונדז איז געווען אַ יינגער ס. ס. אָפֿיציר. זיין באַציאונג איז געווען נישט די ערגסטע. ער פֿלעגט באַפֿעלן פֿון צייט צו צייט דער באַפֿעלקערונג, זי זאָל אונדז געבן עסן. די אַנדערע קאָ־מענדאַנטן זענען, אָבער געווען ווילד און זיי האָבן באַרבאַריש געפּייניקט.

ביי די ריקצוג־מאַרשן איבער די שטעט גיפֿהאָרן און בראַונשווייג זענען מיר שווער באָמבאַרדירט געוואָרן דורך אַמעריקאַנער מיליטער־עראָפּלאַנען. אין אַ וואַלד האָט אַ דענערווירטער וואַלד־וועכטער, אין אוניפֿאָרם, אינפֿאָרמירט דעם יינגן ענערגישן ס. ס.־קאָמענדאַנט אַז מיט 15 מינוט צוריק האָט דעם פּלאַץ באַזוכט אַן אַמעריקאַנער פּאַטרול.

מאַרשירנדיק דורך ברוינשווייג האָבן זיך אונדז אָנגעשלאָסן אַ סאַך פּאָ־ליאַקן, אוקראַינער, ציגיינער, עסטרייכער, וועלכע האָבן זיך צעבונטעוועט. די ס. ס.־לייט דראָען אַז זיי וועלן שיסן, אָבער די נישט־יידן האָבן זיי אַנטוואָפֿנט. מיר, יידן, זענען געווען אָן כוחות און מיר האָבן נישט אָנטייל גענומען אינעם קאַמף. עס געלינגט מיר מיט נאָך צוויי זאַוויערטשער — : גיסער און ווינשטאָק, ווי אויך אַ ציגיינער — צו אַנטלויפֿן טיף אין וואַלד אַריין.

איך בין אַריינגעפאַלן אינעם טייך עלבע און דער ציגיינער שלעפּט מיך אַרויס. ער זאָגט מיר איך זאָל לויפן, כדי זיך צו דערוואַרעמען.

מיר זענען צוגעגאַנגען צו די דייטשע פּויערים, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די פעלדער און געמיינט אַז מיר וועלן פון זיי אפשר באַקומען אביסל עסן. זיי זענען געווען צו אונדז זייער פריינטלעך און טאַקע אונדז געגעבן עסן.

דער ציגיינער וואָס איז געווען מיט מיר איז אַריבער געשווימען דעם טייך אַ נאַקעטער. איך האָב מורא געהאַט אַז די ס. ס. וועלן מיך כאַפּן, בין איך צוריק אַריין אין וואַלד מיט די דערמאָנטע צוויי זאָוויערטשער. צומאָרגנס זענען מיר צו צו דער עלבע און גענומען אַריבערשווימען די צווייטע זייט מיט אַ שיפל. אויפן צווייטן ברעג פון דער עלבע זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַן אַמעריקאַנישן פּאַטרול. זיי האָבן געמיינט אַז מיר זענען פיינטלעכע כוחות און זיי האָבן אונדז צוריק אַריינגעשטויסן אין וואַלד אַריין. אָבער אַ דאַנק אַ נעגער־סאָל־דאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַמעריקאַנישן פּאַטרול וועלכער האָט געקענט אַביסל יידיש און אַ דאַנק אַן אַמעריקאַנער וועלכער האָט געקענט אַביסל פּויליש, זענען מיר געבליבן ביים לעבן.

שפּעטער האָבן די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אונדז דערציילט אַז זיי האָבן באַקומען אַ פאַראָרדענונג נישט צו פאַרנעמען מענטשן אין העפטלינגס־קליידער, ווייל די ס. ס.־מענער פלעגן זיך אָנטאָן מלבושים פון קאַצעטלער און נאָכן איבער־נעמען זיי אַלס באַפרייטע קאַצעטלער פלעגן זיי עפּענען אַ פייער אויף די אַמעריקאַנער.

עס לאָזט זיך נישט גלויבן אַז אַ מענטש קאָן אַזויפיל אַדורכמאַכן, וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט.



ד״ר י. באָרנשטיין

## שטאָט־לייט אינעם געטא און קאַצעטן

ווען די איבערלעבענישן פון די יידן אין זאַוויערטשע נאָכן ערשטן באָמבאַרדירן די שטאָט, ווי אויך וועגן דעם לויפן פון כמעט אַלע זאַוויערטשער קיין פּילץ, וועלן אוודאי אויך אַנדערע שרייבן. וועל איך מיך אין דעם ענין באַגרענעצן. איך וועל בלויז צוגעבן, אַז צווישן די פּליטים אין פּילץ זענען אויך געווען יידן פון בענדין, סאָסנאָוויץ און פון אַנדערע קאַנטן אין זאַגלעמביע.

אידער די אַנטלאָפענע האָבן זיך באַוויזן צו באַזינען ווו אַהין ווייטער צו לויפן, — זענען שוין (מאַנטיק פּרי) געשטאַנען אויפן מאַרק אין פּילץ דייטשע פּאַנצער־אויטאָס און דייטשע חילות. די דייטשע בעסטיעס האָבן גלייך אָוועקגעהרגעט עטלעכע פּאָליאַקן און יידן. די פּוילישע ענדעקעס האָבן אויס־גענוצט די אַלגעמיינע סומאָטאָכע און אויך גענומען רויבן יידישע געשעפטן, — מיטן אויסרייד, אַז יידן באַהאַלטן סחורות פאַר ספּעקולאַציע. אויך מיין באָבעס קלייט איז אויסגעראַבעוועט געוואָרן.

די ענדעקעס האָבן געראַבעוועט ביז אַ דייטשער אָפיציר איז פאַרביי און האָט די פּאָליאַקן פאַרבאָטן צו ראַבעווען.

דעם בלוטיקן מיטוואָך (מאַרס 1941) האָב איך פּערזענלעך ספּעציעל אין זכרון, ווייל איך בין דעמאָלט פאַרשיקט געוואָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. ווי איך האָב שפּעטער געהערט, איז געווען אַ צווייטער בלוטיקער מיטוואָך אינעם יאָר 1942.

אינעם ערשטן בלוטיקן מיטוואָך איז פאָרגעקומען די ערשטע גרויסע אָבלאַווע, ביי וועלכער די נאַציס האָבן אַרויסגעשלעפּט הונדערטער יידן פון די בעטן. די דייטשע בעסטיעס האָבן זיי, ביי באַגלייטונג פון קלעפּ און שיסערייען, אַריינגעפּאַקט אין בערענטס פאַבריקס־האַלע. ביי אַ סאַך יידן האָבן די נאַציס אויסגעריסן באָרד און פּיאות. פאַראַן געווען אַ ריי קרבנות.

אויך מיך האָבן די נאַציס אַרויסגענומען פונעם בעט. קוים אָנגעטאָן, האָבן זיי מיך מיט ביקסן־קאָלבעס געשטויסן פון די טרעפּ אַראָפּ. איך האָב נאָך באַוויזן צו זען די וויינענדיקע אויגן פון מיין מוטער, וועלכע האָבן מיך באַגלייט אין די טיפע, חושכדיקע נאַכט.

מיין מוטער האָב איך מער נישט געזען.

די נאַצי־מערדער האָבן אין יענער נאַכט צונויפגעטריבן אַ סאַך אַזעלכע קרבנות ווי איך.

* *

מיך האָבן די דייטשע בעסטיעס אָװעקגעפירט אין אַ לאַגער אין דייטש־לאַנד. דאָרט האָבן מיר געבויט די אויטאָ־באַן. דערנאָך האָב איך מיך געוואַל־גערט אין אַ ריי לאַגערן, און דאָרט האָב איך מיט־דערלעבט די לײדן און אומקום פון אַ סאַך זאַווירטשער.

אַזוי בין איך נאָך אַ סאַך גלגולים אָנגעקומען אינעם יאָר 1943 אינעם לאַגער מאַרקשטאַט (30 ק״מ פון ברעסלאו־װראָצלאַװ). דאָרט זענען געװען אַ סאַך זאַװיערטשער. פאַר אַ סאַך פון זיי זענען די באַדינגונגען געװען ביז גאָר האַרט און אוממענטשלעך. דאָ איז אויך געשטאָרבן איינער פון די באַליבטסטע בחורים אין זאַװיערטשע, ליפּא שפּייזער. אין לאַגער מאַרקשטאַט זענען אויך געשטאָרבן: אברהם האַבערמאַן און טשעבינער, דער עלטסטער פון די ברידער טשעבינער (אַ שוואָגער פון יאָסקע יאָסקאָװיטש). טשעבינער איז אַװעק מיט אַ טראַנספּאָרט, צו פאַרניכטונג.

אין מאַרקשטאַט האָב איך אויך געטראָפן מיין פעטער לייב ליבער־מענטש, װעלכער איז אָנגעקומען דאָרט אַהין אין יאָר 1942. זיין פרוי און אַן איינציקע קינד האָבן די נאַציס געשיקט קיין אוישוויץ. ער איז דערמאָרדעט געװאָרן דורך די ס. ס. עטלעכע שעה פאַר דער באַפרייאונג דורך די אַמעריקאַנער (אַפּריל 1945). ער רוט אין אַ ברידער־קבר אין עגענפעלדן (בייערן, דייטשלאַנד).

מיר האָט אינעם לאַגער אָפּגעגאָלטן צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַ דייטשן סאָציאַליסט, אַ קעגנער פון די נאַציס. אַ דאַנק אים האָב איך געפירט קאָרעס־פּאָנדענץ מיט מיינע עלטערן, װעלכע האָבן נאָך געװוינט אינעם זאַװיערטשער געטאָ. אַ דאַנק אים, האָב איך אויך געקאָנט העלפן אַנדערע זאַװיערטשער, װי למשל: הערש האָכבערגערן און מרדכי שלעכטערן. לײדער זענען ביידע אומ־געקומען אין די לעצטע קריגס־װאָכן, אינעם יאָר 1945.

* *

סעפּטעמבער 1943 האָב איך דורכן אויבן־דערמאָנטן דייטש באַקומען אַ בריוו פון מיינע עלטערן, אַז זיי זיצן שוין אויף די פעקלעך און װאַרטן אויפן צוג קיין אוישוויץ.

מיר, — צענדליקער זאַװיערטשער אינעם לאַגער, — האָבן געהאַט זייערע משפחות אינעם זאַװיערטשער געטאָ. מיר האָבן אַלע געװוּסט, אַז איצט איז געחתמעט דער גורל פון אונדזערע טייערסטע—נאָנטסטע. מיר האָבן געפילט װאָס שטאַרקער, רעזיגנירטע, אַז איצטער זענען מיר אין דער ריי. אונדזערע פאַרגעפילן װעגן דעם גורל פון אונדזערע טייערסטע, זענען לײדער געװאָרן װירקלעכקייט און אָנגענומען שוידערלעכע פאָרמען: אָט װי ס'האָט אויסגעזען

דער אומקום פון די קדושים אינעם הויז אויף דער האַושע־גאַס נומער 21, וועגן וועלכן איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן. דאָרט האָבן זיך בעת דער אויסזידלונג איינגעשלאָסן אין אַ קעלער עלטערע ייִדן, וועלכע האָבן געוווּסט, אַז ביי אַן אויסזידלונג זענען זיי די ערשטע קרבנות. אָט־די ייִדן האָבן באַשלאָסן צו בלייבן פאַרשפּאַרט אינעם קעלער און דאָרט צו שטאַרבן פון הונגער און דורשט. צווישן די דאָזיקע ייִדן זענען געווען ר' הענעך בענצלאָוויטש און מײַן זיידע ר' מאָטל באַרנשטיין.

נאָך 2 וואָכן האָט דאָס אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ פון ייִדן, וועלכע זענען געבליבן אין דער ט. א. ז.־פאַבריק, אַרויסגענומען די קדושים פונעם קעלער און זיי געבראַכט צו קבר־ישראל. אינעם אויפרוימונגס־קאָמאַנדאָ איז אויך געווען ישראל יצחק, מײַן פאָטערס ברודער (אויך אַ ברודער פון ישכר באַרנשטיין אין תל־אביב), וועלכער איז שפּעטער — ראש השנה 1944 — אומגעקומען פון אַ ס. ס.־קויל אינעם לאַגער בונא. ער איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין די „צעירי מזרחי" און זייער באַליבט ביי זײַנע חברים.

סוף 1943 איז נעבן דעם לאַגער, ווו איך בין געווען פאַרשפּאַרט, געשאַפן געוואָרן דער „קאַצעט פינפטייכן". אַהין זענען אָנגעקומען אַ סאַך זאַוויערטשער. איך האָב אויסגענוצט די גוטסקייט און איידלקייט פון מײַן מיט־קאָלעגע און באַשיצער, דעם מענטשלעכן דייטש ווילהעלם הערמאַן. ער האָט מיך געפירט צום אַרבעטס־פּלאַץ ווו די זאַוויערטשער האָבן געאַרבעט, — מיטן אויסרייד, אַז עס איז דאָרט פאַראַן פאַר אונז אַן אַרבעט. אַזוי אַרום האָב איך געטראָפן אַ סאַך באַקאַנטע, — צווישן אַנדערע: ישראל הערמאַן, מײַנע פעטערס יאָסקע, מייזלס און הלל צימערמאַן. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אַרײַנצוגיין מיט זיי אין אַ שמועס, אָבער מיר האָבן דאָס נישט באַאַכטעט. אונטער גרויס געפאַר האָט ישראל הערמאַן דאָך געשמועסט מיט מיר. ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם געטאָ און וועגן אוישוויץ. בעת ער האָט מיר געוואָלט איבערגעבן די צוואה פון מײַן פאָטער הי"ד (מיט וועלכן ער איז געווען צוזאַמען אינעם פאַרניכטונגס־לאַגער אוישוויץ), — האָט מיך אַ ס. ס.־מאַן אָוועקגעשלעפּט פון אים און מיך געשלאָגן, ווייל איך האָב געכאַפּט אַ שמועס מיט אַ קאַצעטלער. הערמאַן איז עטלעכע טעג שפּעטער געפאַלן פון קלעפּ. איך האָב שוין, — באַלד נאָכן אויבן־געשילדערטן פאַרפאַל, — נישט מער געקאָנט רעדן מיט אים און נישט מער זען. אויך מײַנע פעטערס זענען עטלעכע וואָכן שפּעטער געשטאָרבן פון קלעפּ. פאַר זייער טויט פלעג איך זיי כסדר שטיצן מיט טאַבאַק (דערמיט האָבן זיי זיך פאַרשאַפט ברויט). אָבער די אויפזעער, — פּוילישע קאַצעטלער, — האָבן תמיד ביי זיי אַוועקגענומען דעם טאַבאַק און זיי דערצו נאָך שווער געשלאָגן. פון די שווערע פּייניקונגען איז צוערשט געשטאָרבן הלל צימערמאַן און דערנאָך יאָסקע מייזעלס. די טויטע גופים פון די קדושים האָבן די נאַציס געבראַכט

אין הויפט־קאַצעט גרויס־ראָזען, ווו זיי זענען פאַרברענט געוואָרן אין אַ קרעמאַטאָריום.

* *

סוף 1943 האָבן די נאַציס אויך אונדזער לאַגער איבערגעפירט אין דעם קאַצעט פינפטייכן. יאַנואַר 1945, בעת די רויטע אַרמיי האָט מאַרשירט אין די ריכטונג ברעסלאַו, האָבן די נאַציס געפירט אונדזער לאַגער צופוס צום הויפט־לאַגער גרויס־ראָזען.

דאָס איז געווען אַ מאַרש פון עטלעכע טעג צופוס, — אַ טויט־מאַרש, ווייל די וואָס האָבן נישט געקאָנט גיין, זענען אויף דער שטעל דערשאָסן געוואָרן.

לאָמיר, ביים שילדערן אָט־דעם מאַרש, באַצייכענען די העלדישקייט פון אַ יינגן בחור, יעקב בלאַך, אַ זון פון אַ מישקאָווער קצב. דער בחור פלעגט טראָגן אין זיינע אָרעמס קראַנקע מענטשן, וועלכע האָבן מער קיין כוח נישט געהאַט צו גיין. ער האָט זיי דערמיט פשוט אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. ער פלעגט זיך אויך אָקעגנשטעלן אַ ריי פוילישע און אוקראַינישע קאַצעטלער, בעת זייערע מעשים תעתועים. זיי האָבן, אין איינער אַ נאַכט, בעת מיר זענען געלעגן אין אַ שייער, אַריינגעצויגן יידן, — מייסטנס שוואַכע יידן, — אין זייער חברה און זיי דערשטיקט, כדי צוצונעמען זייער שטיקל ברויט. מיר זאָוויערטשער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, האָבן באַמערקט די דאָזיקע שענדלעכקייט, אָבער מיר זענען געווען אויסגעהונגערט און אויסגעטריקנט פון דורשט, און מיר האָבן קיין כוח נישט געהאַט זיך צו רירן.

ווידער האָבן מיר געזען ווי די אוקראַאינער און פאָליאַקן ציען אַרויס אַ יידן מיט דער כוונה אים צו טויטן. פלוצעם איז אויפגעשטאַנען בלאַך. ער האָט אַראָפּגעצויגן פון זיינע פיס די שטיוול און גענומען שלאָגן זיי רעכטס און לינקס, — אַזש עטלעכע פון זיי זענען געפאַלן טויט. זיי האָבן זיך איינגעקאָרטשעט צווישן זיך און אויסגערויבט זייערע אייגענע צעשלאָגענע און דערהרגעטע. מער האָבן זיי נישט געוואַגט צו באַפאַלן יידן.

אָט־דער טייערער בחור יעקב בלאַך, וועלכער האָט תמיד געהאָלפן און געוואָלט העלפן זיינע יידישע ברידער, אַז זיי זאָלן איבערלעבן די שרעקלעכע צייט, איז דערשאָסן געוואָרן אין גרויס־ראָזען דורך די ס. ס., בעת ער האָט געפּרוווט צו אַנטלויפן אין מאַרס 1945.

נאָך אַ ריי בלוטיקע וואַנדער־טעג זענען מיר אָנגעקומען אינעם הויפט־קאַצעט גרויס־ראָזען. דאָרט זענען שוין געווען מערערע טויזנטער פון אוישוויץ. עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ צו ליגן אפילו אויף דער פּאָדלאָגע.



דער קרימעלעווער רבי (1) און דער זאַוויערטשער רב, ר׳ שלמה אלימלך (2), בעת זיי גייען אַרויס פון דער קאַטאָוויצער באַן־סטאַציע

דאָ, אין גרויס־ראָזען, האָב איך געטראָפן דעם זאַוויערטשער רב, ר׳ שלמה אלימלך. הגם ער איז געווען קערפּערלעך גאַנץ צוזאַמענגעבראָכן, איז ער געווען פול מיט אָפּטימיזם און בטחון, אַז דער סוף פון די נאַציס איז נאָנט. ער האָט מיר דערציילט ווי אַזוי די זאַוויערטשער האָבן אים אין אוישוויץ געהאָלפן. זאַוויערטשער מיידלעך פלעגן פאַר אים שמוקלען מעל. זיי האָבן געמאַכט פאַר אים אפילו חלות אויף ראש־השנה.

מיט ליוב פלעגט ער דערמאָנען רעגינא ראָזענצווייג (יעצט אין חיפה) און דאָרא פּולטאָראַק, וועלכע האָבן אין די שווערסטע באַדינגונגען אים אונטערשטיצט מיט שפּייז.

אַ גרויסע צאָל מענטשן האָבן זיך צום רב פאַרהאַלטן ווי חסידים. זיי האָבן אים זייער פאַרערט און אים ווי ווייט מעגלעך געהאָלפן. יידן האָבן מיך מקנא געווען זענדיק ווי דער רב גייט אַ לענגערע צייט בלויז מיט מיר און שמועסט מיט מיר.

בעת מיר האָבן, אין פוס־מאַרש, פאַרלאָזט גרויס־ראָזען, איז דער רב, — וועלכער האָט נישט געקאָנט גיין, — צוריקגעבליבן. די ס. ס.־לייט האָבן אים דערשאָסן.

בעת אָט־דעם מאַרש איז אויך דערשאָסן געוואָרן יצחק קאַרטוש, וועלכער איז געווען זייער באַליבט, — אַלס מענטש און פעלדשער, — אין זאַוויערטשע.

* *

נאָך וואָכן מאַרשירן און וואַנדערן איבער וועגן, אויף וועלכע טויזנטער קאַצעטלער האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות, האָב איך גענומען פילן אַז מיינע כוחות פאַרלאָזן מיין אויסגעצערטן סקעלעט. דאָך בין איך ווייטער געגאַנגען. אין מיטן אַפּריל בין איך אָנגעקומען אין אַ לאַגער, אין וועלכן עס זענען געווען עטלעכע זאַוויערטשער.

איך האָב געוווסט אַז נישט ווייט פון בערלין שטייט די רויטע אַרמיי און אַז די אַלירטע אַרמייען האָבן שוין צעריבן דעם נאַצישן מיליטאַריזם. אָבער אויך איך בין געוואָרן אָפּגעצערט, — הוילע הויט און ביינער. איך האָב געפילט, אַז מיין נשמה ליגט מיר אויף די ליפּן און אַז מיינע טעג זענען געציילטע. שרעקלעך האָט מיך געפּייניקט דער געדאַנק: עס איז זיכער און קלאָר פאַר מיר און איך זע באַשיימפּערלעך ווי די נאַציס ווערן צעקוועטשט, אָבער... אָבער — צי־זשע וועל איך דערלעבן ווידער צו זיין אַ פרייער מענטש?

יאָ־יאָ, איך האָב געוווסט אַז דער סוף פון די נאַציס איז אַ פראַגע פון טעג. אָבער, — וועל איך אויסהאַלטן נאָך די פּאָר טעג?

די נאַציס האָבן מיך איבערפירט אין לאַגער מילדאָרף, וואָס איז געווען אַן אָפּטייל פון דאַכאַו.

קוים אָפּגעווען דאָרט עטלעכע שעה, האָב איך געהערט רופן מיין נאָמען: „באַרנשטיין, באַרנשטיין!".

ווער קאָן מיך דען רופן? — האָב איך מיך געפרעגט. — ווער ווייסט וועגן מיר?

לאַנג מוז איך נישט נאָכפאָרשן. עס איז שטיצקי, וועלכער האָט פריער געוווינט אין אַגראַדזשעניץ (שפּעטער אין זאַוויערטשע). ער איז דאָרט געווען מיין פאָטערס תלמיד אין צעירי מזרחי). שטיצקי האָט מיר אָקעגנגעטראָגן אַ טעלער לאַגער־זופּע מיט עטלעכע קאַרטאָפל. מיין האָפן אויף איבערלעבן די צרות איז געוואָרן אַ ממשות.

נאָך אָט־דעם קבלת־פּנים האָט ער מיר יעדן טאָג געגעבן קאַרטאָפל. אויך אַנדערע זאַוויערטשער אין דאָזיגן לאַגער האָבן מיך אונטערשטיצט מיט עסן. דאָס זענען געווען: אשר פּאַסערמאַן, די ברידער צימבלער (היינט אין ניו־יאָרק) און משה־חיים גאָלדשטיין.

סוף אַפּריל האָבן אונדז די נאַציס געוואָלט פירן אין די טיראָלער בערג, כדי אונדז דאָרט צו פאַרניכטן, זיי האָבן אונדז אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען און אונדז געפירט אין די ריכטונג פון מינכן.

אונטערוועגס האָבן די אַמעריקאַנער, בעת אַן אָפענזיווע, באַזעצט די באַן־רעלסן.

**מיר זענען געווען פריי.**

**מיר זענען אַרויס פון די וואַגאָנען. מיר, זאַוויערטשער, — שטיצקי, די 2 ברידער צימבלער, משה חיים גאָלדשטיין, אשר פּאַסערמאַן און אַ זון פונעם בעקער אין „קליין־זאַוויערטשע", וועלכן מען האָט גערופן „ראַנטשקעלע", — האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר זענען אַריין צו אַ פויער און פאַרשאַפט זיך עסן. דרויסן איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די אַמעריקאַנישע און דייטשע חיילות. נאָך אַ קורצער צייט זענען די ס. ס. אַריין צום פויער און אונדז אַרויס־געטריבן פון זייער שטוב.**

**דרויסן האָבן מיר געזען ווי אַן אַנדערע באַנדע ס. ס. רוצחים טרייבט יידן און שיסט זיי. די ס. ס.־לייט, וועלכע האָבן זיך מיט אונדז מטפל געווען, האָבן אונדז צוריקגעטריבן אין די וואַגאָנען. אויפן וועג צו די וואַגאָנען האָבן זיי דערשאָסן דעם הילפס־בערייטן בחור משה חיים גאָלדשטיין, דעם גוטן שטיצקי און דאָס יינגע יינגל ראַנטשקעלע. זיי רוען אין אַ מאַסן־קבר, צו־זאַמען מיט נאָך קדושים פונעם מאַסן־מאָרד. דער קבר געפינט זיך 20 קילאָ־מעטער הינטער מינכן, אין אַ וואַלד ביי דער באַן־סטאַציע פּאַאינג.**

**צומאָרגנס זענען מיר באַפרייט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער. לאַנג זענען מיר געשטאַנען פאַרן גרויסן ברידער־קבר, אין וועלכע עס רוען אויך אונדזערע זאַוויערטשער ברידער, וועלכע האָבן, הונגעריקע, זיך געטיילט מיטן לעצטן קאַרטאָפל.**

**זיי האָבן, ליידער, נישט דערלעבט „די לעצטע מינוט פאַר צוועלף": 24 שעה פאַר דער פּאַקטישער באַפרייאונג, ווען זיי וואָלטן געקאָנט ווערן פריי־מענטשן, זענען זיי אומגעקומען.**

**ביים ברידער־קבר האָבן מיר געשוווירן נקמה צו נעמען פון די נאַציס און טראָגן אַ „יזכור־טאָוול" אין אונדזער האַרץ, — פאַר די קומענדיקע דורות פון אונדזער פאָלק, — אין וועלכער עס זענען טיף איינגעקריצט די צווי פלאַמיקע ווערטער: „אל תשכח", פאַרגעס נישט!**

מינכן.



צבי טשעבינער

# די לעצטע 3 טעג פון יידיש זאַוויערטשע

## 1

זאַוויערטשע איז געווען אין חודש אויגוסט 1943 פון די לעצטע שטעט, אין וועלכע עס האָבן זיך נאָך געפונען אינעם געטאָ אַ פּאָר טויזנט יידן. דער אָזויגערופענער „גענעראַל־גאָווערנעמענט" איז שוין געווען יידן־ריין. דער קאַנט וואָס די נאַציס האָבן גערופן „אָסט־אויבער־שלעזיע" — סאָסנאָוויץ, בענדין, זאַוויערטשע און סביבה, — איז געווען דער איינציקער אין פּוילן, ווו יידן האָבן געגלויבט צו זיין „אויסדערוויילטע", וועלכע די נאַציס וועלן נישט אוועקשיקן אין די אַרבעטס־און פאַרניכטונגס־לאַגערן, ווייל אַזוי האָט געהאַלטן דער שעף פון דער „לופטוואַפע"־פאַבריק אין זאַוויערטשע.

דער דראַנג צום לעבן האָט סטימולירט די ביים לעבן פאַרבליבענע זאַוויערטשער יידן בלינד צו גלויבן אַז אַזוי וועט זיין, — ביז... ביז דעם באַרימטן מאָנטיק, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע „אויסזידלונג".

אָט־דער מאָנטיק איז געווען אַ „נאָרמאַלער" טאָג ווי די אַנדערע „נאָר־מאַלע" טעג אינעם געטאָ, וואָס האָט זיך טאָג־טעגלעך געראַנגלט פאַרן לעבן.

די יידן זענען געווען ביי דער אַרבעט אין דער פאַבריק, ווי געוויינט־לעך. און אָט: עס קומט נאָכמיטיק, — האַרט פאַרן פאַרענדיקן די אַרבעט — איז אַריין אין פאַבריק אברהם יעקב העכט (דעמאָלט אַ יידישער מיליציאַנט). ער האָט געבראַכט די דאַרט אַרבעטנדיקע יידן די ידיעה, אַז דאָס געטאָ איז אַרום־געשטעלט מיט דייטשער פּאָליציי.

באַלד האָבן מיר זיך געכאַפּט אַז דער גורל פון די זאַוויערטשער יידן איז געחתמעט, און ער וועט אויף אַ האָר נישט אַנדערש זיין ווי דער גורל פון די איבעריקע יידן אין פּוילן.

עס איז נאַטירלעך, אַז נישט געקוקט אויף אָט־די באַגרינדעטע השערות, האָט יעדער געוואָלט לעבן און אַנטרינען פון אָט דעם גורל. יעדער האָט אָנגעהאַפטן זיינע אויגן אויף די לייט פונעם „יודנראַט", ווייל קלאַנגען האָבן זיך פאַרשפרייט אַז דאָך וועט אַ געוויסער טייל קאָנען בלייבן אינעם געטאָ.

יעדער האָט געוואָלט זיין דער גראַטעוועטער־גליקלעכער, דער אויס־נאָם. געוווסט האָט אויך יעדער איינער וועגן די פריערדיקע אַקציעס, אַז די לייט פונעם יודנראַט זענען בכוח אַרויסצונעמען פון טראַנספּאָרטן מענטשן פאַר געלט, גאָלד אָדער ברילאַנטן, און זיי צו פאַרטוישן מיט מענטשן, וועלכע זענען אויף דער ליסטע נישט געווען, — פּשוט ווייל זיי זענען געווען אָרעמע לייט און זיך נישט געקאָנט אויסקויפן פאַר געלט א. א. וו

געהייסן האָט עס אַז די לייט פונעם יודנראַט נויטיקן זיך אין דעם געלט כדי אונטערצוקויפן די געסטאַפּאָ און די דייטשע פּאָליציי. אין אַ געוויסער מאָס איז עס ריכטיק געווען, אָבער זיי גופא האָבן דערביי געלעבט אַ גוטן טאָג און מען האָט אפילו געשמועסט וועגן אָרגיעס מיט זייערע פריינדינס־„גינסט־לינגע". זיי האָבן די מיידלעך אפילו געשאָנקן מלבושים און אַנדערע זאַכן וואָס זענען געבליבן נאָך מענטשן, וועלכע די דייטשן האָבן „אויסגעזידלט" בעת די אַקציעס. און דאָס, — בעת אַנדערע משפחות זענען געגאַנגען צו די ארבעט מיט אַ שטיקל ברויט, וואָס האָט נישט געקלעקט אפילו צו זעטיקן דעם ערשטן הונגער.

* *

זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן אַלסביישפּיל ווי אַט־די לייט האָבן געזאָרגט פאַר זייערע אייגענע קעשענעס.

דער „פינאַנץ־מיניסטער" פונעם יודנראַט האָט, נאָכן אוועקלייגן די חשובסטע יודנראַטלער נאָכמיטיק, אינעם טאָג פון דער לעצטער אַקציע אין זאַוויערטשער געטאָ, זיך געפינען נאָנט צו מיר און מיין ברודער, אויפן וועג צו די וואַגאָנען קיין אוישוויץ. די געסטאַפּאָ, האָט אים געזוכט און גערופן אויף אַ קול זיין נאָמען. ער האָט שוין געוווסט וואָס עס האָט פּאַסירט זיינע קאָלעגן אינעם יודנראַט און ער האָט זיך באַהאַלטן צווישן דעם המון וואָס די נאַציס האָבן געפירט אין די וואַגאָנעס.

אַ געסטאַפּאָ־מאַן איז צוגעקומען נאָנט צו אונדז, זוכנדיק דעם יודנ־ראַטלער, וואָס האָט זיך באַהאַלטן צווישן די אַנדערע יידן. זעענדיק דאָס, האָט דער יודנראַטלער איבערגעגעבן מיין ברודער דוידן אַ פול־געפּאַקט טאָרבעלע, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ טיכל, און געבעטן אים באַהאַלטן דאָס טאָרבעלע. דויד האָט תחילת נישט געוווסט וואָס עס געפינט זיך אינעם איינ־געוויקלטן טיכעלע, אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אינעם פּעקל זענען פאַראַן בריליאַנטן.

אין אַט דעם מאָמענט האָבן די נאַציס גענומען עטלעכע יידן פון דער ריי, כדי אויסצוקערן דעם בנין, וווּ דער יודנראַט איז געווען, צווישן זיי אויך מיין ברודער דודן. מיין ברודער האָט אויסגענוצט די זאַך און ער האָט אַריינ־געוואָרפן, אינעם יודנראַט־בנין, דאָס זעקל אין אַ קאַכל־אויוון אַריין, ווייל ער האָט מורא געהאַט צו האַלטן ביי זיך אַזאַ פּעקל.

אַזוי האָבן באַלעבאַטעוועט די לייט, וועלכע האָבן אַן חרטה־געפילן און אַן מאָראַליש צעגערן אויסגעפירט די באַפעלן פון דער געסטאַפּאָ, גלויבנדיק, אַז דאָס וועט זיי ביישטיין און ראַטעווען זייער נעבעכדיקן, זינד־פולן גוף נאָך דער בלוט־וואָקכאַנאַליע פון די נאַציס. זיי האָבן אויך געגלויבט, אַז נאָכן בלוט־

מבול, אין וועלכן אייגענע ברידער און שוועסטער זענען, געפּלאָגטע און געמאַטערטע, פאַרפּלייצט געוואָרן, — וועלן די קאָנען מאַכן אַ לעבן מיט אָפּגעראַטעוועטן פאַרמעגן.

בלויז איינער פון די פירער פונעם יודנראַט, — אַ מענטש מיט אוניווערסיטעט־בילדונג — האָט פאַרויסגעפּילט אויך דעם בלוטיקן סוף פון די יודנראַטלער. ער האָט אָפּט געזאָגט: אונדזערע טעג זענען געציילטע, מיר וועלן אַלע גיין דעמזעלבן וועג ווי אַלע אַנדערע יידן".



## 2

איידער עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער בלוטיקער פינאַל, וואָס איך האָב אויבן געשילדערט, האָט דער עולם זיך דאָך נישט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט זיין אַזאַ אַלגעמיינע שחיטה.

פון דער פאַבריק זענען די יידישע „לופטוואַפע"־אַרבעטער אַהיימגעגאַנגען, — מיטן בליק געווענדעט צו די יודנראַטלער און מיטן געדאַנק ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען דאָס לעבן.

אַהיימגעגאַנגען זענען מיר, ווי געוויינטלעך, אין קאָלאָנעס צו 5 מאַן, מעשה סאָלדאַטן, אומשטיינס־געזאָגט. אַלץ איז געווען אויסמושטרירט. אין דער ריי האָבן אויך מיטמאַרשירט אַלטע יידן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין בערד.

צעגאַנגען זענען מיר זיך אויפן אַלטן מאַרק. ביי יעדן אינעם האַרצן האָט געעקבערט די פראַגע: „וועט מען זיך מאָרגן נאָך ווידער טרעפן, אויפן וועג צו דער אַרבעט אין דער „לופטוואַפע?".

אָבער קוים באַטראָטן די שוועלן פון אונדזערע שטובן, — האָבן מיר געמערקט דעם שינוי: אַ רינג פון פּאָליציי און וערמאַכט האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע געטאָ. זעענדיק דאָס האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז אויך אונדזער טאָג איז געקומען. אויך דער יודנראַט האָט מודיע געווען אין אָוונט, אַז מען זאָל זיך גרייטן מיט אַלץ אויף מאָרגן, ווייל אַלע וועט מען אַוועקשיקן אין אַרבעטס־לאַגער אַריין.

צומאָרגנס באַלד אינדערפרי, האָבן די נאַציס פאַרזאַמלט אַלע יידן אויפן פּלאַץ פונעם יודנראַט.

מיר האָבן אַביסל אָפּגעאָטעמט ווייבאַלד מען האָט אונדז אויפן זאַמל־

פלאַץ געזאָגט, מיר זאָלן אַהיימגיין, ווייל מען ווייסט נישט ווען עס וועט אַדורכ־געפירט ווערן די אויסזידלונג און בכלל, — וואָס עס וועט זיין מיט אונדז.

די דייטשן האָבן אונדז באַפוילן אַז אַלע זאָלן בלייבן אין די שטובן און קיינער זאָל זיין וווינונג נישט פאַרלאָזן.

דינסטיק אָוונט האָבן 2 יידן, וואָס האָבן געהאַט וואַך־פונקציעס, — יעקב באַנקער און לערנער (דער לעצטער — ש. הוטניקס שוואָגער), — גע־וואָלט גיין, אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער פונקציע, אין יודן־ראַט אַריין. אויף זייער וועג זענען זיי ביידע דערמאָרדעט געוואָרן: לערנער — בעת ער איז אַריבער דאָס וואַרטא־בריקל ביי חיים ישעיהו דרעזנערן, באַנקער — אויף אַן אַנדערער שטעלע, אויפן וועג צום יודנראַט.

אויך דינסטיק ביינאַכט, נאָכן אַפּזיצן סתם — נישט עסנדיק, נישט שלאָפנדיק — דעם גאַנצן דינסטיק, האָבן מיר נישט צוגעטאָן קיין אויג. מיר זענען געזעסן די גאַנצע נאַכט, — ביז מיטוואָך אינדערפרי אין אַ יום־כיפור־שטימונג.

דער יודנראַט האָט מיטוואָך פרי געהייסן אַלעמען זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ פאַרן יודנראַט־בנין. דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט יידן־סתם, ווי אויך אַלטע, קראַנקע און קינדער. יעדער האָט געטראָגן אַ רוקזאַק אויף דער פּלייצע.

* *

עס האָט זיך געשטעלט פאַרן בליק אַ טרויעריק בילד, — אַזש אין האַרץ האָט עס געשניטן זעענדיק אַז אויף פּיצלעך קינדער, אויסגעמאַטערטע און געפּייניקטע, גייען מיט אַלע זאַוויערטשער יידן קיין אוישוויץ.

מיינע 3 שוועסטערן זענען נישט געווען מיט מיר. זיי זענען געווען אין אַ בונקער וואָס איך האָב אַראַנזשירט פאַר אונדזער משפחה און פאַר נאָך עטלעכע משפחות.

אינעם בונקער איז געווען פּלאַץ פאַר מער ווי 20 מענטשן .איך גופא בין נאָך נישט אַריין אין בונקער, ווייל איך האָב געוואַרט אויף מיינע עלטערן, מיט וועלכע איך האָב געוואָלט צוזאַמען אַריינגיין אין בונקער.

מיינע עלטערן האָבן זיך פאַרשפּעטיקט. אינצווישן זענען שכנים געוויר געוואָרן, אַז איך האָב אַ בונקער און זיי האָבן אים פאַרפולט. איז, טאַקע, שוין נישט מער געווען פּלאַץ, פאַר מיר, מיינע עלטערן, פאַר מיין פרוי און קינד, ווי אויך פאַר מיין שוועגערין מיט אירע 2 קינדער.

די וועלכע זענען פאַר אונדז אַריין אין בונקער זענען נאָך פאַרבליבן 3 חדשים אין דער פאַבריק, — ביז די שטאָט איז געוואָרן „יידן־ריין". איך, —

וואָס איך האָב מיר אַליין געמאַכט דעם בונקער, אין וועלכן איך האָב אַריינגעהאַרעוועט מערערע טעג, — ווי אויך מיין משפּחה, האָבן נישט געקאָנט אַריין אין אים, ווייל ער איז געווען פול־געפּאַקט פון אַנדערע. האָט מען אונדז טאַקע געכאַפּט און צוזאַמען — פאָטער, מוטער, 1 שוועסטער און שוועגערין מיט זייערע קינדער, — אונדז צוגעפירט צו די וואַגאָנעס קיין אוישוויץ. אָנגעקומען צו די וואַגאָנעס, — ביי דער ראַמפּע, נישט ווייט פון דער ט. א. ז. פאַבריק — האָב די געכאַפּטע יידן זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אין די וואַגאָנעס, — אַ שטייגער ווי זיי וואָלטן אין די וואַגאָנעס דערוואַרט די גאולה, נאָכן וואַרטן 2 טעג, אין וועלכע זיי האָבן נישט געוווסט וואָס עס וועט מיט זיי געשען.

אַריין אין די וואַגאָנעס האָבן די געסטאַפּאָווצעס פאַרפּראַלט פון דרויסן די וואַגאָנעס־טירן. ערשט דעמאָלט האָבן מיר געזען וואָס עס דערוואַרט אונדז.

מען האָט זיך דערציילט אין די וואַגאָנעס וועגן אַ באַנקעט־מיטיק, וועלכן דער יידישער פאַרמיטלונגס־מאַן צווישן דער געסטאַפּאָ און דעם יודנראַט, האָט געמאַכט אין זיין וווינונג פאַר די געסטאַפּאָ־לייט, ביי דער אַנוועזנהייט פון די וויכטיקסטע יודנראַט־פירער. מיר האָבן אָבער דערנאָך געזען ווי די נאַציס האָבן אָט־די יודנראַטלער געשלעפּט צו די וואַגאָנעס און דערביי זיי אַזוי רציחהדיק געשלאָגן, אַז זיי אַליין האָבן זיך געבעטן די נאַציס זאָלן זיי שיסן. פאַר אונדזערע אויגן האָבן די היטלעראָווצעס זיי דערשאָסן און דערנאָך אַריינגעוואָרפן זייערע בר־מינן׳ס צו אונדז אין די וואַגאָנעס.

דערנאָך האָט זיך דער צוג מיט אונדזערע וואַגאָנעס געלאָזט אין גאַנג.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין אוישוויץ.

אָנגעקומען, — האָבן אונדז די נאַציס אַרויסגעטריבן פון די וואַגאָנעס. זיי האָבן אונדז געהייסן אַוועקלייגן אַלע אונדזערע פּעקלעך אויף איין קופּע. פרויען און קינדער האָבן זיי אַוועקגעשטעלט באַזונדער. מיר האָבן זיי תיכף אַוועקגעריסן די עלטערן, מיין פרוי און קינד, ווי אויך די שוועגערין מיט אירע 2 קינדער.

די פרויען מיט די קינדער האָבן די נאַציס פאַרלאָדנט אויף אַ לאַסט־וואָגן. די עלטערע מענטשן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט, — אַזוי, אַז איך האָב אפילו נישט געקאָנט מיט קיינעם קיין וואָרט רעדן און זיך געזעגענען.

אַזוי־אַ זענען מיינע ליבסטע און טייערסטע מיר מיט איינמאָל אַוועקגעריסן געוואָרן פון האַרצן. איך האָב מער פון קיינעם נישט געהערט און קיינעם פון זיי מער נישט געזען.



חיה סענדעראָוויטש־סאַיקאַ

## נאַצי־גזירות אין זאַווערטשע

איינע פון די גזירות און שיקאַנעס פון די נאַציס, — באַלד נאָך זייער פאַרנעמען זאַווערטשע, דעם 1 סעפּטעמבער 1939, איז געווען זייער גזירה אָפּ־צוגעבן די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן.

אַ טראַגישער קרבן פון אָט־דער גזירה איז, נעבעך, געוואָרן מיין פאָטער יוסף־הערש סאַיאַקאַ (ר׳ שמואל סאַיקאַס זון). מיר האָבן געהאַט אַ נייעם און טייערן ראַדיאָ־אַפּאַראַט. מיר האָבן נישט געוווּסט אַז די נאַציס זענען אַזעלכע בעסטיעס און מיר האָבן אין אונדזער נאַאיוויטעט געמיינט אַז די דייטשע אָקו־פּאַציע וועט זיין אפשר אַביסל שאַרפער ווי די דייטשע אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אָבער נישט מער. עס איז אונדז, טאַקע, נישט איינגע־פאַלן, אַז פאַר יעדער זאַך, וואָס האָט אין אונדזערע אויגן אויסגעקוקט ווי אַ קלייניקייט, וועט עס שמעקן מיט בלוט.

אונדז איז אַ שאָד געווען אָוועקצוגעבן אַזאַ טייערן ראַדיאָ־אַפּאַראַט (בפרט אַז מיר זענען אַזוי נאַאיוו געווען און געמיינט אַז די דייטשע כוואַליע וועט באַלד אַריבער און די דייטשן וועלן באַלד פאַרלאָזן פּוילן), האָבן מיר דעם אַפּאַראַט באַהאַלטן אויפן בוידעם פון אונדזער הויז, אויף דער גאַס פון 3־טן מאַי, נומער 5.

אנשטאָט דעם גוטן ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָט מיין פאָטער אָפּגעליפערט, לויטן באַפעל, אַ ראַדיאָ, וואָס איז ביי אונדז געשטאַנען אומבאַנוצט אין דער דירה. ער האָט אָנגעהאַנגען צום דעם ראַדיאָ אַ קאַרטל מיט זיין נאָמען ער האָט, אַלזאָ, דעם באַפעל אויסגעפירט, — און מיר האָבן געמיינט, אַז מיר האָבן דערמיט יוצא געווען.

מיר האָבן צו אונדזער אומגליק נישט געוווּסט, אַז די היטלעראָווצעס באַדינען זיך מיט די פּוילישע סטרוזשעס, דאָזאָרצעס, (הויז־וועכטער) אַלס זייערע קאָנפידענטן. אונדזער סטרוזש האָט עפּעס דערשנאַפּט פון דעם ענין און האָט מחמת שנאה צו יידן, אָדער ווייל ער האָט געהאָפט צו באַקומען פאַר דער מסירה אַ באַלוינונג, — געמאָלדן וועגן דעם דער פּאָליציי.

דעמזעלבן טאָג זענען צו אונדז געקומען 4 דייטשע זשאַנדאַרן. זיי האָבן אַדורכגענישטערט די גאַנצע דירה. עפּעס האָט זיי געצויגן צום בוידעם (ווייל זיי־ האָבן באַקומען גענויע אָנווייזונגען פונעם סטרוזש)

זיי האָבן געפונען דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אַרעסטירט מיין פאָטער.

* *

ווער האָט געקאָנט וויסן אַז דאָס נישט־אויספירן די גזירה וועגן אַ ראַדיאָ אַפּאַראַט (איינעם האָבן מיר דאָך אָפּגעליפערט) וועט ברענגען אַזעלכע שרעק־לעכע רעזולטאַטן?

צוערשט האָבן די נאַציס דעם פאָטער געהאַלטן פאַרשפּאַרט אין זאַוויער־טשע און דערנאָך איבערגעשיקט צום משפט קיין טשענסטאָכאָוו. זיי האָבן אים אָן רחמנות געשלאָגן און געקאַטעוועט און אים באַשולדיקט אַז ער באַטעטיקט זיך פּאָליטיש און הערט די ראַדיאָ־אוידיציעס פונעם פיינט.

איך האָב איינגעלייגט וועלטן. אויך זיין פריערדיקער פּרינציפּאַל אַרקו־שעווסקי, דער הייוון־דזשיעדזשיץ „פּיליצאַ" האָט אַ סאַך זיך באַמיט פאַר זיינעט־וועגן. צום סוף האָבן מיר באַקומען פון אָנגעזעענע קריסטן אין זאַוויערטשע באַשטעטיקונגען אַז מיין פאָטער איז קיינמאָל נישט געווען פּאָליטיש־טעטיק, — און אַזוי אויך זיין משפּחה, אין משך פון דורות.

דאָס האָט, ווי עס ווייזט אויס, געפּועלט. נאָך אַ פּאָר וואָכן איז מיין פאָטער באַפרייט געוואָרן, — אָבער ער איז שוין געווען פיזיש און גייסטיק צעבראָכן.

* *

אונדזער הויז איז געווען דאָס ערשטע הויז אין זאַוויערטשע, וואָס מען האָט געמאַכט „יודן־ריין". דאָס איז געווען סוף סעפּטעמבער 1939. די דייטשן האָבן רעקווירירט דאָס הויז פאַר זייערע צוועקן. עס זענען געקומען זשאַנדאַרן און, — מיט רעוואָלווערן אין די הענט האָבן זיי פון אונדז געפאָדערט, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן די דירה און דאָס הויז אין משך פון אַ פּאָר שעה. מיר האָבן געמוזט אַלץ איבערלאָזן אין געמעגט אַרויסנעמען בלויז אַ פּאָר וואַליזקעס מיט מלבושים. דער ווינטער האָט זיך שוין אָנגעהויבן און מיר האָבן שוין געהאַט פאַרגרייט קוילן, שפּייז, קאַרטאָפל, קרויט און אַנדערע ירקות — פאַרן גאַנצן ווינטער. דאָס אַלץ האָבן מיר געמוזט איבערלאָזן.

דער יודנראַט האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן אַמטירן און העלפן די דייטשן אין זייערע שענדלעכע מעשים. האָבן מיר פונעם ראַט באַקומען אַ גרויס צימער ביים חזן אונגער אויף דער סאָנדאָוועגאַס (דאָרט האָט זיך אַמאָל געפונען די תרבות־שולע).

אָבער רו האָבן מיר ווייטער נישט געהאַט. עס איז געווען אַ מסירה אַז יידן אין אַט־דעם הויז האַנדלען „שוואַרץ" מיט שטאָפן. זיי האָבן איבערגעדרייט אַלע דירות אינעם הויז אויף דער סאָנדאָווא, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געפונען, אַ חוץ אַ פּאָר רעשטלעך לייוונט ביי דער אלמנה ראַבינאָוויטש פון שטשעקאָשטין, וועלכער די נאַציס האָבן אַוועקגענומען אַ טעקסטיל־געשעפט. פון דעם ביסל רעשטלעך, וואָס זיי האָבן אָפּגעראַטעוועט, האָט זי געצויגן איר בידנע חיונה. די רעשטלעך האָט זי געהאַט פאַרבאַהאַלטן אינעם קעלער.

ווידער האָבן די נאַציס גענומען מיין פאָטער און מיין ברודער הענדל (ווי אויך דעם חזן אונגער) אויף די פּאָליציי. דאָרט האָבן עטלעכע זשאַנדאַרן אַ פּאָר שעה זיי מערדערלעך געשלאָגן. איז איין זשאַנדאַר מיד געוואָרן, — האָט גענומען אַ צווייטער שלאָגן. האָבן די געשלאָגענע געחלשט, — האָבן די זשאַנ־דאַרן זיי באַגאָסן מיט וואַסער, — און ווידער געשלאָגן.

איך האָב, מיט דער הילף פון ישראל קאַרפּין, פון קויפמאַנגען (פון דער בלאַנאָוויצער), ווי אויך פון פּערלמוטערס אײדעם, לעווקאָוויטש, — וועלכע האָבן דעמאָלט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער פּאָליציי, — אונטערגעקויפט די נאַציס. די 3 יידן זענען נאָך אַ פּאָר שעה שלאָגן באַפרייט געוואָרן.

אָבער זיי זענען געווען שוואַרץ פון די קלעפּ, פול מיט שיניאַקעס. זייער אונטערוועש און מלבושים זענען געווען אַדורכגעווייקט מיט בלוט און מיטן וואַסער, מיט וועלכן די נאַציס האָבן זיי כלומרשט געמונטערט, בעת די צוויי האָבן געחלשט.

נישט מיין פאָטער, נישט מיין ברודער, און נישט דער חזן אונגער האָבן געהאַט כוח אַליין צו גיין אַהיים. זיי האָבן ממש נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס, און זיי האָבן זיך געשאַרט איבער די הייזער־ווענט.

מיר האָבן דעם פאָטער און ברודער אַוועקגעלייגט אין בעטן, געמאַכט זיי טאָג און נאַכט קאַלטע קאָמפּרעסן. אַזוי זענען זיי אָפּגעלעגן גאַנצע וואָכן. מיר האָבן מורא געהאַט צו רופן דאָקטוירים, כדי נישט צו דערוועקן די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער מאַכט.

* *

קוים זענען זיי געקומען אַביסל צו זיך, איז אַרויס אַ נייע גזירה: אַלע יידן מוזן אַריבער אין אַ ספּעציעל־יידישן קוואַרטאַל. ווידער האָבן מיר געמוזט איבערלאָזן די רעשטלעך פון די געראַטעוועטע זאַכן און זיך אַריבערפּעקלען אין געטאָ אַריין. מיר האָבן באַקומען צוגעוויזן פונעם יודנראַט אַ צימער ביי באַכע־נעקן, אויף דער טשאַסנאַ־גאַס נומער 7.

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן „איינזאַצן", — אין אָנהייב זענען דערצו געכאַפּט געוואָרן יינגע מענער. זשאַנדאַרן זענען געקומען פון דער נאָנטער געגנט כדי צו העלפן דערין די אָרטיקע דייטשן. זיי האָבן אין דער נאַכט אַרומ־געריגגלט דעם גאַנצן יידישן געטאָ־קוואַרטאַל. אין יעדן הויז האָבן זיי געווילדע־וועט און געפּלינדערט. זיי פלעגן אַרויסשלעפּן יידישע מענער אויפן מאַרק, זיי שלאָגן און פייניקן אומברחמנותדיק. בעת אַ פּאָר אַזעלכע אַבלאַוועס איז מיין פאָטער געווען באַהאַלטן אויפן בוידעם אין אַ באַהעלטעניש, — צוזאַמען מיט מיין ברודער הענדל און מיטן זאַוויערטשער מורא הוראה, הרב בוים, וועל־

כער האָט אויך אין דעם הויז געוווינט. דאָ איז געווען יוסף דיאַמאַנטס אײדעם (דערנאָך יאַקל פּראַמאַן׳ס אײדעם), אָדער פּאַרקערט.

אַביסל שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן די „איינזאַצן" קעגן מיידלעך. אויך דערין האָט דער יודנראַט געהאָלפן די דײַטשן. איך האָב באַקומען אַ צעטל מיך צוצושטעלן. מײַנע עלטערן זענען געלאָפן אין די גמינע, און געבעטן מיך נישט צו נעמען ווײַל אַ דאַנק מײַן שול־אויסבילדונג האָב איך געקאָנט העלפן בײַ די ביוראָ־אַרבעטן פון זײַנע געשעפטן. דער קאָמפּראָמיס איז געווען: אָנשטאָט מיר וועט גיין מײַן ייִנגערע שוועסטער קאַראָלטשאַ (קריינדל). איך וועל בלײַבן אין זאַוויערטשע — אַזוי איז אָפּגעמאַכט געוואָרן.

איך בין געווען קעגן אַזאַ קרבן מצד קאַראָלאַן, — און איך האָב אויך נישט געטרויט דעם יודנראַט, און חושד געווען, אַז נאָכדעם ווי ער וועט באַקומען מײַן שוועסטער, וועט ער אויך מיך פאַרפאָלגן.

מיר האָבן זיך, טאַקע, באַהאַלטן. יעדע נאַכט זענען מיר אַוועק פון שטוב. אויפגעהאַלטן האָבן מיר זיך אַ פּאָר וואָכן בײַם פּאָטערס פּעטער, בנימין (יאָמע) סויקאַ, דעם זייגערמאַכער, וועלכער האָט געוווינט אויף דער בלאָנאָוויצער גאַס. די פּאָליציי איז זעלטן געקומען אַ בליק־טאָן צו אים, ווײַל זי האָט אים געקענט אַלס אַ זקן און אַן אַלמן, וועלכער האָט בײַ זיך אין שטוב קיין קינדער נישט. צוזאַמען מיט מיר און מײַן שוועסטער האָט ער באַהאַלטן בײַ זיך נאָך צוויי זאַוויערטשער מיידלעך. ער האָט דערמיט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן, און דאָך האָט ער דאָס געטאָן זייער גערן.

איך האָב אפשר געקאָנט אַנטרינען דעם גורל פון אַוועקגעשיקט ווערן, ווען דער יודנראַט וואָלט נישט אויסגעפונען אַן אַנדערן פּאָרטל: אַ זאַוויערטשער ייִדישער מיליציאַנט, וועלכער איז געווען אַ פאַרברעכערישער משרת פון די נאַציס (אַליין איז ער געפאַלן פון אַ דײַטשער קויל אין דער נאַכט פאַר דער לעצטער „אויסזידלונג") האָט אויף דער גאַס אָנגעוויזן אַ דײַטשן פּאָליציאַנט אויף מײַן ברודער. ער האָט אים אַרעסטירט. דערנאָך האָבן אים די נאַציס אַוועקגעשיקט אין דעם סאָסנאָוויצער דולאַג און ער האָט געזאָלט אַוועקגעשיקט ווערן קיין אוישוויץ. דערצו נאָך האָבן די היטלעראָווצעס אונדז פאַרחתמעט די דירה. די גאַנצע משפּחה האָט דעריבער געלעבט אין שרעקלעכע באַדינגונגען.

איך האָב שוין לענגער נישט געקאָנט דאָס אַלץ אויסהאַלטן און מער נישט געקאָנט צוקוקן פון מײַן באַהעלטעניש אויף די לײַדן פון מײַנע עלטערן.

דערפאַר האָב איך מיך אַליין געמעלדעט בײַם ייִדן־ראַט.

מען האָט מיך אונטער דער באַוואַכונג פונעם דערמאָנטן ייִדישן מיליציאַנט געשיקט אינעם דולאַג פון סאָסנאָוויץ. מײַן ברודער איז באַפרײַט געוואָרן, — אַ קראַנקער און אָפּגעשוואַכטער.

ליידער האָב איך אים אויף אַ לאַנגע צייט נישט געקאָנט ראַטעווען, ווייל איך האָב אַנגעהויבן, פון 1941 ביז 1945, וואַנדערן איבער די קאָנצענטראַציע־לאַגערן: שענבערג, גרעבן, בערגען־בעלזען. — ביז בערגען־בעלזען איז געוואָרן איינגענומען דורך די ענגלענדער.

דער ווייטערדיקער טראַגישער גורל פון מיין משפחה איז מיר אומבאַקאַנט. ביז דער ליקווידאַציע פלעג איך נאָך באַקומען פון זיי דורך דער פּאָסט ידיעות, — ביז צו דער אַנטגילטיקער ליקווידאַציע פונעם געטאָ.



**יהודה רזמיווש**

# ה צ ד י ק  ב ס ד ו ם

הרב מזבירציה — ר׳ אלמילך ראַבינאָוויטש

כשנקלעתי לקלחת התופת של אושביץ היה שמו של הרב מזבירציה ז״ל קרן אור במחשכי־מחשכים. זר, בודד ואומלל שרכתי דרכי בנתיבות המחנה. חיפשתי נקודות זוהר להיאחז בהן לבל ימעדו רגלי בחלקלקות שלפני, חיפשתי ולא מצאתי. באתי בין גולי הונגריה שהיו האחרונים בין שבטי ישראל באירופה להשמדה. אירופה התרוקנה זה כבר מיהודיה. שרדו מהם שרידים במחנות המוות, אך חלק מהם כבר פשט כל צורה אנושית ולבש צורה שהרתיעה כל רואיה. בתוך המחנה הסתובב האדם הפרא והמנוגע, שכאבו חשוף עד לזוועה, ומראהו שהיה בו כדי להרוג את הנפש לעולמים. הסתכלתי ביצור אימים זה שנתקלתי בו על כל צעד ושעל והזדעזעתי עד היסוד. הרגשתי שעוד מעט אסחב גם אני לתהום. והשטן יטרוף את זיק אלוקים אשר בתוכי. היה זה נס ברגע האחרון ממש שנזדמן לי להכיר אדם יקר, דגול מרבבה — הרב מזבירציה, והוא שהצילני מכף הקלע והלהיב שוב את זיק אמונתי באדם ובנשמת ישראל.

עוד ביום הראשון שבאתי שמעתי מתלחשים עליו כעל אדם פלא. סיפרו שבחמשת שנות הזעם לא התגעל בפת־בגם ומרק פיגולים לא בא אל פיו. סיפרו גם, שהוא לא חילל עדיין אף שבת אחת במחנה. אמרו, שהוא, הזקן והקשיש, שומר את היהדות לכל פרטיה בכח נעורים; מתפלל כל יום, עטוף טלית ובתפי־

לין, — בחבורת מנין אנשים כהלכות גברין יהודאין. עמדתי נדהם ומשתומם ולא ידעתי נפשי. האומנם — שאלתי את עצמי — האומנם גם זה אפשרי? האם לא בלעה עוד התהום את הכל ועוד יש למצוא צדיק בסדום העומד כצור חלמיש, חזק באמונתו, בתוך המערבולת של אש ודם? הרגשתי שמשהו זז בלב, שמשהו הקיץ לתחיה במעמקים, חשתי כי נטף של התחדשות נכנס לפנימיות נשמה שוקעת והרעיף רוח חיים בכל הישות המרוסקת שלי.

כשבאתי למחרת לבלוק מספר 2 לראות את הרב מזבירציה ולהכירו — לא מצאתיו. התעניינתי בו וחקרתי אחריו. כולם מספרים עליו נפלאות. חזרתי פעמים אחדות ולא הצלחתי להיפגש עמו. אמרו לי: האיש הפלאי עובד בלילה. הוא בא הביתה ומתפלל בכל כוחותיו, אוכל לחמו בטהרה ושוכב לישון. אין, איפוא, לדבר אתו אלא לפנות ערב כשהוא קם ומתנער לתפלת־המנחה. חזרתי כלעומת שבאתי, מבלי שראיתיו. אך מאז ריחפה נגד עיני דמותו האגדית רבת־התהילה, ותיארתיה לעצמי כסמל הנצחיות של עם הסגולה.

בינתיים התוועדתי לכמה חברים מטובי הכוחות של יהדות פולין. החלטנו להתחיל בפעולות רוחניות ציבוריות. עוד באותו שבוע שהחלטנו זאת נפגשו 8 חברים ליד שולחן קטן בבלוק מס׳ 2. פתחנו בשירה ושפכנו בה את כל מרי נפשנו. התחלנו בשירי קודש המביעים כיסופי רוח למעיינות אין סוף וגמרנו בשירי ציון נלהבים. העלינו ממעמקים כמיהות טהורות ביותר וקלענו מהן עטרות לראשי מעונים. נדלקו רשפי־אש בעינים והבהבו זיקי זוהר בלבבות. נסתלקה המועקה ונפלו הכבלים ומצאנו עצמנו במעגל קסם של הוד שבנצח ושרים שירי קודש בדבקות ובהתפשטות הגשמיות. כלו השירים והמשכנו בשיחות. כל אחד משמיע רעיון, ברק־אור, אימרות ושיחת צדיקים, דברי תורה, דברי חכמה.

כאשר קמנו ממסיבתנו ללכת, — ראינו: הנה עומד עלינו, האדם הפלאי, הרב מזבירציה. קמטי פניו החרושים צער עמוק כאילו נתעלמו לגמרי, קומתו הכפופה כאילו הזדקפה ופיו התחיל להרעיף עלינו טל נוחם.

והוא מדבר בהתרגשות, וקולו לוחש כקול אדם מתפלל: אשריכם ילדים שראיתיכם בכך. אשריכם שהדלקתם את המנורה בטומאה שלא היתה דוגמתה בדברי ימינו, מעולם ועד עתה. זה שנים שאני שקוע בעמק הבכא ועוד לא זכיתי לראות פה אף זיק אחד טהור ומזוקק מהאש הגדולה שבערה על מזבח אבותינו בגלויות. עיני כלו ביגון ולבבי התכווץ מכאב ולבי לפומא לא גליא. משמים ונדהם עמדתי בין תלי החרבות ושאלתי את נפשי: איכה ספו־תמו אוצרות הרוח הכבירים שבגנזי נשמתנו? איכה נתרוששנו מכל חמדות נפשנו שפירנסו את נפש האומה אלפי שנים? בדד ישבתי ביגוני ואיש לא ידע את מכאובי ואת פצעי נפשי הנאמנים, עד אשר ראיתיכם בני במסיבתכם זו ותחי נפשי. עוד לא אלמן ישראל. עוד לא עוממה לגמרי אש המזבח. גחלת לוחשת בערמת הדשן, ובנשוב הרוח והיתה ללהבה שתאיר חשכת לילותינו.

**כך דיבר האיש הפלאי, ודבריו נאמרו ברגש קודש ובתמימות ילדותית, שזעזעו את לב כולנו. עמדנו נדהמים מול היופי שבקדושה שנחשף לעינינו בגיהינום של מטה, וגדושי אושר כקטן שנולד שבנו איש איש לחדר משכבו להחליף כח לעבודת מחר.**

**מאז נפגשתי תכופות עם הרב מזבירציה. הוא התאמץ תמיד לעקור את תולעת היאוש מדמי. לצערי לא הצליח הרבה. נפשי חלשה היתה מלעמוד בנחשול הזוהמא ולא יכלתי להתרומם כמותו לבמתי הבטחון ולחרוץ לשון מול הגורל הזועם. אך ידעתי להעריך את מי שלא שקע ונפל. משום כך התפעלתי כ״כ מאי־שיותו של הצדיק בסדום, — הרב מזבירציה.**

**על חייו ופעולותיו של הרב מזבירציה מלפני המלחמה לא ידעתי הרבה. הוא עצמו לא אהב לספר עליהם. הוא לא רצה לחשוף את תעלומת ימיו ולא היה מעונין שיקדישו לו תשומת־לב יוצאת מהכלל. הוא היהודי הקשיש בין אלפי הצעירים לא רצה להתבלט יותר מדי. היה מרגיש טוב כשהסיחו ממנו דעת, כששכחו לדבר עליו. הוא פחד מהפומביות, מהסקרנות המחטטת במצפוניו. לאט היתה דרכו במחנה, בחשאי, בצדי־דרכים ללא שאיש יראהו ויעמוד על הפלא שבאישיותו, שבקיומו בלוע הארי.**

**חברי סיפרו לי, כי הרב מזבירציה היה גיסו של ר׳ ישעיה׳ שפירא, וכמדומני גיסו של האדמו״ר מרדומסק ז״ל. בדרך נס נשאר עד הנה בחיים. במחנה הוא חי כבר שלוש שנים. הוא מתנהג גם פה כבביתו, אוכל כשרות, שומר שבת, מתפלל ולומד כל יום. חברי הקבוצה המחתרתית, בראשיתה של בוגן, פרנקל**



אַ דעלעגאַציע וואַרט אָפּ אַ הויכע מיליטעריש פערזענלעכקייט. אויפן בילד: דער זאַוויערטשער רב, ר׳ שלמה אלימלך. רעכטס פון אים דער לאַנגיאָריקער דאָזאָר און עסקן סאַמועל חייצן.

ופטרקוט, דאגו שיסתדר בעבודה נוחה שתאפשר לו גם להקדיש זמן ללימוד תורה ולקיום מצוות. פעמים כבר נבחר ב„סלקציות" לשריפה, אך תמיד פדוהו המצילים הנזכרים בחרף נפש. סיפרו לי שהוא מתיחס אל הצער בו הוא נמצא בשויון נפש גמור. נבחר לשריפה והוא הוסיף למלמל פרקי־תהילים, יצא ממיתה לחיים ושום דבר לא נשתנה בשרטוטי הפנים. הכל אצלו פשוט ומוחוור כאילו דרכו של עולם כך הוא. רוחו משוטטת בעולמות שאין שם נפתולים ואין שם יסורים וצער.

בפעם אחרונה ראיתיו כשלשה חדשים לפני השחרור בגרוס רוזן. הוא שכב על הרצפה חיוור וחלש, עטוף טלית ותפילין, והתפלל. עיניו עצומות ושפ־תותיו נעות. היה מוקף ידידים. שמעתי שכחותיו הנפשיים עמדו לו להמשיך עד בוכנוולד ושם נפל שדוד.

מתוך „שערים" משנת תש"ו.

* *

גם ב„שערים" מיום י"ט תמוז תש"ו (18.7.1946), מסופר על הרב מזב־ירציה:

„...חברתי לסבל במחנה הריכוז, רחל, הוציאה את האוצר שלה (תפילין של ראש שהיא החזיקה) בעדינות מידי, הטמינתהו ואמרה: „שכחתי לספר לך: בספריה שלי יש ספר משניות קטן מהוצאות „חורב". אולי תדעי למי מהגברים עלי למסרו. ודאי ישנם כאלה, הרוצים ללמוד, — על אף הכל".

בבוקר קבלתי ידיעה מהרב מזבירציה, המבקש משניות. הוא רוצה לעיין בו... מסרתי את הפתקא לרחל. למרות הסכנה ניגשה רחל לאיזה בחור, ובדמעות ביקשה אותו לקחת את „המשניות" ולמסרו לרב מזבירציה. אל פחד! אתה שליח מצווה, וזה ישמור עליך"... שרק תאמר להרב מזבירציה... שיחשוב על כל הנשמות הישראליות, — אמרה בדביקות...



**אַ. שטולבערג**

# דער טראַגישער אומקום פון די זאַוויערטשער יידן

וויפל מאָל עס קומט מיר אויס פאַרבייצופאָרן די שטאָט זאַוויערטשע, גיט עס מיר אַ שטאָך אין האַרצן. עס שווימען אויף בילדער פונעם שטעטל, וווּ מען איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן. עס קומען אויך אויף די טראַגישע טעג פון די זאַוויערטשער יידן, וועלכע די נאַצישע תלינים האָבן אַזוי בעסטיאַליש אומגעבראַכט. צוזאַמען מיט זיי איז אויך אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון מיין משפחה און פריינד.

זאַוויערטשע איז זיינער צייט געווען אַ אינדוסטריעלער צענטער. די גרויסע טעקסטיל־פאַבריק „טאָז" האָט געאַרבעט אויף דריי שיכטן און באַשעפ־טיקט ביז 8 טויזנט אַרבעטער. שפּעטער, אין די קריזיס־יאָרן איז דאָ געווען אַ גרויסע אַרמיי פון אַרבעטסלאָזע און נישט איינמאָל איז געקומען צו צוזאַמענ־שטויסן מיט דער פּאָליציי און אין רעזולטאַט: טויטע און פאַרווונדעטע.

פון די 6000 יידישע איינוווינער איז די מערהייט געווען האַנטווערקער, אַרבעטער, קליינע סוחרים. אויך צווישן די יידן איז געווען אַ היפּש ביסל אַר־בעטסלאָזע. גענוג צו דערמאָנען, אַז 30 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעל־קערונג האָבן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה גענאָסן פון דער שטיצע פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. זאַוויערטשע האָט געהאַט אַ קעמפערישע יוגנט מיט פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס.

בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט די יידישע באַפעלקערונג זיך פאַרגרעסערט. אין אַפּריל 1940 זענען דאָ געקומען יידישע משפחות פון באָגומין, צעשין, טאַרנאָווסקע גורי, ביטאָם און אַ ריי אַנדערע שטעט, פון וועלכע די היט־לעריסטישע באַנדיטן האָבן זיי אַרויסגעטריבן. אין נאָוועמבער 1940 איז פאָר־געקומען אין זאַוויערטשע די ערשטע „לאַפּאַנקע". 500 יונגע מענטשן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. דאָס איז געווען דער אָנהויב פונעם היטלעריסטישן פּלאַן, צו פאַרטיליקן אַלע יידן.

מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער, דעם 21 יוני 1941, אין טאָג פונעם איבער־פאַל פון די היטלעריסטן אויפן ראַטן־פאַרבאַנד זענען אין זאַוויערטשע פאָרגע־קומען מאַסן־אַרעסטן. צענדליקער יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין טויטן־לאַגער אָשוויענטשים.

די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער האָבן נישט געלאָזט קיין טאָג מנוחה די יידן, וועלכע האָבן געלעבט אין כסדרדיקער שרעק, נישט געהאַט קיין רו נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. אַלע פּאָר טעג זענען פאָרגעקומען אַנדערע אַקציעס, אין וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט דער באַקאַנטער סאַדיסט, דער

געסטאַפּאָויעץ רודאָלף שנײַדער אין יוני 1942 זענען ליקווידירט געוואָרן אַ רײ קלײנע ישובים אַרום זאַוויערטשע, ווי מישקאָוו, שעוויעזש, מזשיגלאַד, קאָזשעגלאָוו, קראַמאָלווו, לאַזי, פּאָרעמבאַ א. א. די דאָרטיקע ייִדן זענען געקומען קײן זאַוויערטשע.

אָבער נישט לאַנג האָבן די ייִדן דאָ געקענט זײַן, ווײַל אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך אָנגעהויבן זייער פֿאַרטיליקונג. די עס־עס־באַנדיטן האָבן די טויזנטער ייִדן צונויפגעטריבן אויפן נײַעם מאַרק, ווי עס איז פֿאָרגעקומען אַ סעלעקציע. העכער 1.800 ייִדן זענען געשיקט געוואָרן קײן אָשוויענטשים. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע אויסזידלונג. אין אַ קורצער צײַט אַרום, אין חודש יולי איז פֿאָרגעקומען די צווייטע אויסזידלונג. ווידער זענען הונדערטער ייִדישע לעבנס אַוועק מיטן רויך פֿון דער אָשוויענטשימער קרעמאַטאָריע.

אין די לעצטע חדשים פֿון 1942 ווערט אויפֿן בײַשפּיל פֿון אַנדערע שטעט פֿון זאַגלעמביע, ווי בענדין, סאָסנאָוויץ און זאַוויערטשע אָרגאַניזירט אַ גרויסער שאָפּ „לופּט־וואַפּע”. דאָס האָט געזאָלט זײַן דאָס אײנציקע פֿאַרהיטונגס־מיטל נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן אין די אומקום־לאַגערן .אין שאָפּ ווערן באַשעפטיקט אַלע דערוואַקסענע מענטשן, אפילו קינדער פֿון 10 יאָר, וועלכע מען האָט געמאַכט פֿאַר עלטערע. צעכן פֿון שנײַדערײַ, שוסטער, קירזשנער און טריקאָטאַזש האָבן געאַרבעט פֿאַר די באַדערפֿענישן פֿון מיליטער.

אין דער זעלבער צײַט ווערט צוגעגרייט פֿאַר 5 טויזנט ייִדן דאָס געטאָ. די ייִדישע משפּחות ווערן נאָך מער צונויפגעפּרעסט אויף אַ קלײנעם שטח, די וווינונגס־באַדינגונגען זענען שרעקלעכע, אָבער אַלע ייִדן זענען שוין קאָנצענטרירט אין אײן אָרט. דער פּרעזעס פֿון דער קהלה (גמינע) איגנאַץ בוכנער, אַן אינטעלעקטואַליסט, האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן רשימות מיט נעמען פֿון קראַנקע ייִדישע מענטשן. דערפֿאַר טאַקע האָבן די געסטאַפּאָ־באַנדיטן אים, צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי און אײנציק קינד, מוטער, שוועסטער און שוועגערין געשיקט קײן אָשוויענטשים, ווו זיי זענען אומגעקומען.

אויגוסט 1943. די ייִדן אין זאַוויערטשע לעבן איבער שווערע טעג. עס דערגייען צו זיי שרעקלעכע ידיעות פֿון בענדין און סאָסנאָוויץ, פֿונוואַנען עס זענען אַרויסגעפֿירט געוואָרן אין די טויט־לאַגערן 20 טויזנט ייִדן. די דײַטשישע אָנפֿירער פֿון שאָפּ פֿאַרזיכערן אָבער, אַז דאָס וואָס עס קומט פֿאָר אין אַנדערע שטעט, האָט נישט קײן שום שײַכות צו זאַוויערטשע, ווײַל דאָס איז אַן אַרבעטס־לאַגער. די ייִדן האָבן נישט געגלויבט די באַנדיטן. עס זענען אין געטאָ אײַנגעפֿירט געוואָרן דיזשורן, כדי צו וויסן געבן אַלע אײַנוווינער, וואָס עס גרייט זיך. די פֿאַשיסטישע רוצחים האָבן צוגעגרייט זייער שנעל די ליקווידאַציע פֿונעם רעשטל ייִדן פֿון זאַוויערטשע. די פֿאַרשפּיל איז פֿאָרגעקומען דעם 20־טן אויגוסט 1943, מיטן פֿאַרהאַלטן און אַרעסטירן אַביסל ייִדן, אָבער די אמתע

שחיטה האָט זיך אָנגעהויבן דעם 26־טן אויגוסט. די היטלעריסטישע מערדער האָבן אַריינגעשטופּט די דערשראָקענע יידן אין די צוגעגרייטע וואַגאָנען. אַ טייל זענען גלייך אויפן אָרט דערהרגעט געוואָרן. דאָס זענען געווען די סאַמע אָנ־געזעענסטע מענטשן פון דער שטאָט, וועלכע זענען צוזאַמען מיט די לעבעדיקע טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון אָשוויענטשים. דאָס מאָל האָט די צאָל קרבנות באַטראָפן 4.000 נפשות.

דאָס געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן. יידיש האָב און גוטס, אָפּגעשפּאָרט אַ גאַנץ לעבן, האָט זיך געוואַלגערט אויפן הויף פון בית־המדרש אויף הפקר. עס זענען נאָך פאַרבליבן אַ פּאָר הונדערט יידישע מענטשן, וועלכן האָבן באַדאַרפט אָפּרייניקן דאָס געטאָ און גלייכצייטיק אַרויסענדיקן די אַרבעט אין שאָפּ. דעם 18־טן אָקטאָבער איז ווידער פאָרגעקומען אַן אויסזידלונג — די 4־טע לויט דער ריי. 900 יידן האָבן געטיילט דעם גורל פון זייערע ברידער און שוועסטער.

בלויז 7 מענער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און דערוואַרט די מפּלה פון דייטשישן פאַשיזם, — די גליקלעכע: רויטמענטש, בראַקמאַן, צוקראַווסקי, לאַנדוי, סאָבעלמאַן, צוקער און גרינקרויט, ווי אויך צווי יינגלעך פון 10—14 יאָר. איינער איז צוריקגעקומען פון טשעכיע און דער צווייטער איז אַנטלאָפן פון אַן אָשוויענטשימער טראַנספּאָרט. פיר פון די לעבנגעבליבענע יידן, — לאַנדוי, סאָ־בעלמאַן, צוקער און גרינשטיין האָבן געהאַט די סאַטיספאַקציע צו דעמאַס־קירן און איבערגעבן דער פּאָליציי דעם געסטאַפּאָ־שעף פון זאַווערטשע רודאָלף שניידער, וועמענס פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1948. שניידער איז לויט אַן אורטייל פון פּוילישן געריכט אויפגעהאַנגען געוואָרן אין טשענסטאָכאָוו.

פון „פאָלקס־שטימע“, וואַרשע, 1958.



אַ פּראָצעס פון אַ קריגס־פאַרברעכער

# בשדה הארגון

**נחום דרעזנער (חבר ועד הארגון)**

## ארגון יוצאי זבירציה

הארגון נוסד רשמית כגוף מאורגן בשנת 1943 הודות ליזמתם של בני עירנו ה״ה ישכר בארנשטיין, אלימלך גוטמאן, יצחק ווינדמאן, גב׳ פרנק־יצחקי, יוסף פינקל ויהודה ארליך. אבל כבר הרבה שנים קודם לכן היתה פעולה ציבורית בין הזבירצאים ולטובת הזבירצאים. כבר בשנים 1935—1936 נטלו על עצמן שתי נשים, שכל אחד מהזבירצאים הכיר והעריך, — גב׳ פרידמאן ע״ה (רעייתו המנוחה של ר׳ שמעון פרידמאן, שכיהן שנים, שנים רבות כמזכיר קהילת זביר־ציה) ותל״א הגב׳ צילה פרנק־יצחקי, — את המשימה והעמל הקשים לערוך ביקור מדי חודש בחדשו אצל בני עירנו ולאסוף אצלם כספים עבור נצרכים. לא היה מהדברים הקלים לשוט על פני עיר גדולה כתל־אביב ולבקר אצל כל זבירצאי ובכל פינה מפינות העיר. לא תמיד מצאו את האנשים והיה עליהן לבוא פעם נוספת.

כדאי לציין, — עד כמה התמסרו שתי הנשים הזבירצאיות לפעולותיהן, — שבאחת הישיבות הראשונות לאחר כינון הארגון בשנת 1943 הביע בן־עירנו, מר יצחק ווינדמאן, לשתי הנשים האהודות הנ״ל תודה עבור פעולותיהן במשך שנים. הוא הוסיף, שהודות לנ״ל הוקלה בהרבה העבודה לגיבוש הארגון הזביר־צאי. שתי הנשים הנ״ל פיתחו את פעולותיהן, עד שהזמן דרש במפגיע, שהעזרה ההדדית תתנהל לא בלבד במסגרת הצרה של תל־אביב, אלא תשתרע גם על פני כל ארץ־ישראל דאז (פלשתינא־א״י), — בכל הערים, העיירות והמושבות, אשר בהן נמצאים זבירצאים, המרוחקים אמנם מאתנו בתל־אביב, קילומטרים רבים, אך קרובים לנו ללבנו.

התכנסו, איפוא, בני זבירציה הנ״ל בדירתו של ידידנו מר ישכר בורנ־שטיין והוחלט לארגן את כל הזבירצאים בארץ ולמסור להם ידיעות על המצב העגום של הקרובים לנו ביותר אשר נעקרו מבתיהם, וכן על הצורך ליצור אמצעים וקשרים, על מנת להיות מוכנים לכל קריאה וצו, בבא־זמן. שמענו כבר אז על אכזריותם של כנופיית־היטלר ועל כך שהם השליכו, ללא עילה, והשמידו יהודים בתאי־הגז. אולם קשה היה להאמין שהחורבן כה גדול הוא.

כאשר מר יהודה (לייבוש) ערליך פתח את האסיפה הראשונה בדברי אזכרה לזכר אלה שעלו על המוקד האכזרי, אך משום שהם יהודים, — הרעידו דבריו את הלב ודמעות נראו בעינים.



פעילים ותיקים בארגון יוצאי זבירציה

בו במקום נערכה מגבית. כולם נענו לקריאה וגילו נכונות לעזור.

הוועד שנבחר (ה"ה בורנשטיין ישכר, גוטמאַן אלימלך, פייגנבלאט שמעון, גב' פרנק־יצחקי, פינקל יוסף, פרידמן שמעון וכותב טורים אלה) נרתמו בנא־מנות לפעולות. לפעולות צורפו עוד כמה זבירצאים, שלא היו בוועד. צירופם היה צורך השעה, כיוון שהתפקידים היו מרובים: לגבות את התרומות החד־פעמיות, וכן להנהיג מס חדשי.

למעשה ביצעו את העבודה האחראית: היו"ר א. גוטמאן, המזכיר י. בורנ־שטיין והגזבר י. פינקל. האחרון פעיל עד היום בנאמנות בתפקידו. אולם גם חברי הוועד האחרים מילאו את כל המוטל עליהם.

כבר בתקופה ההיא הופיעו זבירצאים שבאו בדרך־לא דרך, בואכי רומניה, הונגריה, רוסיה — ופנו לוועד לשם קבלת עזרה. העזרה ניתנה בצורת הלוואות, לפי העקרון: „המינימום למקבל, המאכסימום לנותן". בד בבד עם כך הוחלט לשלוח חבילות־הלבשה לרוסיה, במידה ונתקבלה כתובת כלשהי של זבירצאי, הנמצא ברוסיה.

מובן מאליו, כי על אלה שלא היה להם קרובים בארץ הוטל מס פי שלשה מזה, ששילמוהו אלה, אשר תמכו בקרובים בארץ.

מיד עם שיחרורה של זבירציה פנינו ל„קאָמיטעט" המקומי ובאנו אתו במגע. מיד עם קבלת תשובתם העברנו להם 10 חבילות, שהכילו נעלים, גרבים וסוודרים. גם לשבדיה שלחנו חבילות לפי הכתובות שקבלנו. פעולות הסיוע גרמו קשיים, כי זמן רב חכינו לאישור שקיבלו את החבילות.

בשנים 1945, 1946, 1947 נתרבתה עלייתם של זבירצאים. מה שמחנו בראותנו אחד משלנו! אולם תיאור חוויותיהם זעזענו. מעל לכל כוח תפיסתנו היה לשמוע כי חורבן כזה התרחש למעשה.

בהתאם לעדויות ששמענו נקבע אור ליום כ״ה באב וכ״ה באב כיום האבל לזכרם של יהודי זבירציה. מדי שנה בשנה מתאספים אור ליום כ״ה באב הזב־ירצאים למען כבד את זכרם של יקירינו, יהודי זבירציה, אשר הושמדו בידי הרוצחים הנאציים באכזריות פושעת.

החיים בישראל, מיד לאחר מלחמת השחרור, לא היו קלים לאיש, — ובפרט לעולים אשר מקרוב באו, על מנת לאפשר עזרה לנצרכים מבני זבירציה היטה לנו שכם ארגון הזבירצאים באמריקה אשר נשיאה הוא מר יעקב פאַגין־פייגנבלאט (בנו של הזבירצאי האהוד והמוכר לכולנו, ר׳ יאָסל פייגנבלאט ז״ל). הם ארגנו שם בארה״ב פעולת־סיוע ע״י משלוח „סקריפים״, שחולקו בין זביר־צאים נצרכים. ה„סקריפים״ חולקו ע״י הועד המקומי שנבחר לצורך זה ע״י הוועד של ארגוננו.

בשנת 1956 נבחר באסיפה כללית ועד חדש, בהשתתפותם של עולים חדשים. לוועד נבחרו: פייגנבלאט שמעון, פינקל יוסף, פרל (כמיעלניצקי) בראַ־ניאַ, דאַנציגער יחיאל, זאַקס אברהם ז״ל, ראַטמענטש יצחק, גרינקראוט יואל, פריידנרייך חיים, בראט דויד ובעל שורות אלה.

הוחלט להוציא לאור „ספר יזכור״, אשר בו ישתתפו זבירצאים בתיאורים על חיי זבירציה.

הוועד נרתם מיד לפעולות ונקט בצעדים הדרושים. היו״ר מר שמעון



פעילים בקשר לספר זכרון זבירציה

פייגנבלאַט, המזכיר שנפטר בינתיים, א. זאַקס ז״ל, — ויבל״א הגזבר י. פינקל, וכן כל יתר חברי הוועד עשו כמיטב יכלתם לשם ביצוע המשימה הנעלה. וזהי משימה נעלה, אבל גם קשה: הרי זה מפעל הכרוך בהוצאות לא־מעטות ובעבו־דה למעלה מהכוחות. במיוחד היה הדבר קשה למזכיר, כי היה עליו לפנות לכל אחד, לבוא במגע עם הזבירצאים הפזורים על פני התבל כולה. היה עליו לכתוב, לחזור ולכתוב מכתבים, תזכורות, חוזרים. לא אחת כרסם הספק אם הדבר יצליח.

אולם התגברנו על הכל :התחלנו מרכזים את החומר שנשלח לנו. הת־חלנו לאסוף את הכספים הדרושים, לחשוב על ועדת מערכת. הדבר החל לקבל צורה רצינית.

ביום מר ונמהר נזדעזע פתאום הועד, בדומה לכל זבירצאי בשמעו על מותו של ר׳ אברהם זאקס ז״ל, שניהל את המזכירות, ואשר פעל בכנות ובמסירות לטובת עניני הזבירצאים. לא אחת יכלנו לשמוע מפיו: „כמה משתוקק אני כבר לראות את הספר״. והנה — רצה הגורל המר אחרת.

אבל החיים דורשים את שלהם. ח׳ בראט קיבל על עצמו זמנית את משימת ניהול המזכירות והוא ניהל את המזכירות באופן שיטתי — עד שהספר הופיע.

יהי רצון שהספר, המתאר ימים ושנים של חיי זבירציה, גיל ורעדה, תקומה וחדלון, יימצא בכל בית של אנשי זבירציה לשעבר.



**נחום דריעזנער (חבר ועד הארגון)**

## „ארגון יוצאי זבירציה״

דיינע אויפגאַבן און טעטיקייט

הגם דער ארגון האָט זיך אָפיציעל געשאַפן אַלס אָרגאַניזירטע קער־פּערשאַפט אינעם יאָר 1943, אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון אונדזערע זאַוויערטשער שטאָט־לייט ה״ה ישכר באַרנשטיין, אלימלך גוטמאַן, יצחק ווינדמאַן, פרוי פרענק־יצחקי, יוסף פינקל און יהודה ערליך, — איז שוין אַ סאַך פריער געווען אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט צווישן די זאַוויערטשער און לטובת די זאַוויערטשער שוין אין די יאָרן 1935—1936 האָבן צוויי זאַוויערטשער פרויען, וואָס איטלעכער האָט זיי געקענט און זייער געשאַצט, — פרוי פרידמאַן ע״ה (פרוי פון לאַנג־יאָריקן סעקרעטאַר פון דער זאַוויערטשער קהילה ר׳ שמעון פרידמאַן) און תבל״א, פרוי צילה פרענק־יצחקי, — אויף זיך גענומען די

שווערע מי צו באַזוכן יעדן חודש זאַוויערטשער שטאָט־לייט און זאַמלען ביי זיי געלט. פאַר גוט־באַדערפטיקע. דאָס איז לגמרי נישט געווען אַ לייכטע טעטי־קייט, ווייל שטעלט איך פאָר וואָס עס מיינט אַרומצופאָרן איבער אַזאַ שטאָט ווי תל־אביב און באַזוכן יעדן זאַוויערטשער, אין יעדן ווינקל פון דער שטאָט. נישט תמיד האָבן זיי געטראָפן די באַזוכטע און זיי האָבן געמוזט נאָכאַמאָל קומען.

עס איז ווערט צו באַמערקן, — אַלס אילוסטראַציע, ווי ווייט זייער טעטי־קייט איז געווען אַן איבערגעגעבענע, אַז אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען, נאָכן שאַפן דעם ארגון אינעם יאָר 1943, האָט אונדזער זאַוויערטשער לאַנדס־מאַן, ה׳ יצחק ווינדמאַן, אויסגעדרוקט אָט־די צוויי זייער באַליבטע זאַוויערטשער פרויען אַ דאַנק פאַר זייער לאַנג־יאָריקער טעטיקייט. ער האָט צוגעגעבן אַז אַדאַנק זיי איז פאַרלייכטערט געוואָרן די אַרבעט ביים אָרגאַניזירן דעם זאַוויער־טשער ארגון. די צוויי פרויען האָבן זייער טעטיקייט אַנטוויקלט ביז — די צייט האָט דרינגנדיק געפאָדערט, אַז די קעגנזייטיקע הילף זאָל נישט בלויז געפירט ווערן אין די ענגע ראַמען פון תל־אביב, נאָר אויך איבערן דעמאָלטיקן ארץ־ישראל (פלשתינא־א״י), — אין אַלע שטעט און שטעטלעך, וווּ עס געפינען זיך זאַוויערטשער, וואָס זענען ווייט פון אונדז אין תל־אביב גאַנצע קילאָמעטערס, אָבער וואָס זענען אונדז נאָנט צום האַרצן.

האָבן טאַקע, די אויבן־דערמאָנטע שטאָט־לייט פאַרזאַמלט זיך אין דער וווינונג פון אונדזער זאַוויערטשער פריינט ישכר באַרנשטיין און מיר האָבן באַ־שלאָסן צו אָרגאַניזירן אַלע זאַוויערטשער אין לאַנד און אויפקלערן זיי וועגן דער טרויעריקער לאַגע פון אונדזערע נאָנסטע, וואָס זענען אָוועקגעריסן געוואָרן פון זייערע היימען, און וועגן דער נויטיקייט צו שאַפן מיטלען און פאַרבינדונגען, כדי צו זיין גרייט אויף יעדן רוף ווען דער פּאַסיקער מאָמענט וועט קומען. מיר האָבן שוין דעמאָלט געהערט וועגן די גרויזאַמקייטן פון די היטלער־באַנדעס, וועגן דעם אַז זיי האָבן „אַן אַ פּאַרוואָס״, אָן אַ מאָטיוו, אַריינגעשליידערט און פאַרטיליקט מענטשן אין גאַז־קאַמערן. דאָך האָט זיך נישט געגלייבט גלויבן אַז דער חורבן וועט זיין אַזוי גרויס.

בעת ה׳ יהודה (לייבוש) ערליך האָט געעפנט די ערשטע פאַרזאַמלונג מיט אזכרה־רייד צום אָנדענק פון די אומגעקומענע אויפן אכזריותדיקן מזבח, בלויז דערפאַר ווייל זיי זענען יידן, — האָט עס אַ ציטער געטאָן יעדן ביים האַרצן און טרערן האָבן זיך באַוויזן אין די אויגן.

גלייך אויפן אָרט איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ זאַמל־אַקציע. אַלע האָבן געענטפערט אויפן רוף און געוויזן די גרייטקייט צו העלפן.

דער אויסדערווײלטער ועד (ה״ה באַרנשטיין ישכר, גוטמאַן אלימלך, דאַנ־ציגער יחיאל, ווינדמאַן יצחק, יעקובוביץ יחזקאל, לאַנדוי יעקב, פייגנבלאַט שמעון, פרוי פרענק־יצחקי, פינקל יוסף, פרידמאַן שמעון ווי אויך דער שרייבער



ועד ארגון יוצאי זבירציה ופעילים ותיקים.

פון אַט־די שורות) האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין די אַרבעט. צו דער טעטיקייט זע־נען צוגעצויגן געוואָרן נאָך עטלעכע נישט־מיטגלידער פונעם ועד, ווייל די אויפגאַבן זענען געווען אַ סאַך: קאַסירן די צוגעזאָגטע איינמאָליקע באַשטיי־ערונגען, ווי אויך איינפירן אַ חודש־אָפּצאָל.

פאַקטיש האָבן די פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעט אויסגעפירט: דער פאָר־זיצער (יו״ר) א. גוטמאַן, דער מזכיר י. בורנשטיין און דער גזבר י. פינקל. דער לעצטער שטייט נאָך היינט געטריי ביי זיין אַרבעט. אָבער אויך די איבעריקע ועד־מיטגלידער האָבן אויסגעפירט דאָס וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט.

שוין אין יענער צייט האָבן זיך געמאָלדן זאַוויערטשער, וועלכע זענען געקומען — אויף וועגן און אומוועגן, דורך רומעניע, אונגאַרן, רוסלאַנד, — און זיך געוואָנדן צום קאָמיטעט נאָך הילף. די הילף איז געגעבן געוואָרן אין דער פאָרעם פון הלוואות, לויטן פרינציפּ: דער מינימום פאַרן נעמער, דער מאַקסימום פונעם געבער. גלייכצייטיק איז באַשלאָסן געוואָרן צו שיקן פאַקעטן מיט קליידונג קיין רוסלאַנד, אויב מען האָט נאָר אַן אַדרעס פון אַ זאַוויערטשער, וועלכער געפינט זיך אין רוסלאַנד.

עס פאַרשטייט זיך אַז די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קרובים אין לאַנד האָט מען באַשטייערט מיט 3 מאָל אַזויפיל, ווי די וואָס האָבן געהאַט צו אונטערשטיצן קרובים אין לאַנד.

באַלד נאָכן באַפרייען פון זאַוויערטשע האָבן מיר זיך געוואָנדן צום אַר־טיקן קאָמיטעט און געשטעלט זיך מיט אים אין קאָנטאַקט. תיכף נאָכן דער־

האַלטן זייער ענטפּער האָבן מיר איבערגעשיקט 10 פּאַקעטן, וואָס האָבן אַנט־האַלטן שיך, שטרימפּ און סוועדערס. אויך קיין שוועדן האָבן מיר געשיקט פּאַ־קעטן לויט אָנגעוויזענע אַדרעסן. די הילף איז, אָבער, באַשוועלט געוואָרן ווייל עס האָט גענומען אַ סאַך צייט ביז די באַשטעטיקונג איז געקומען.

אין די יאָרן 1945, 1946, 1947 האָט זיך די עליה פון זאַוויערטשער פאַר־גרעסערט. עס איז געווען אַ פרייד ווען מען האָט געזען אַן אייגענעם. אָבער די שילדערונגען פון זייערע איבערלעבענישן האָבן אונדז אויפגעטרייסלט. עס איז פאַר אונדז געווען אומבאַגרייפבאַר אַז אַזאַ חורבן האָט געקאָנט געשען.

לויט די עדותן וואָס מיר האָבן געהערט, איז באַשטימט געוואָרן אור ליום כ״ה באב און כ״ה באב אַלס טרויער־טאָג צום אָנדענק פון די זאַוויערטשער יידן יאָר־יאָר פאַרזאַמלען זיך אור ליום כ״ה באב די זאַוויערטשער כדי אָפּצוגעבן כבוד אַלע אונדז טייערע זאַוויערטשער יידן, וועלכע זענען אויפן אכזריותדיקסטן אופן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצי־מערדער.

דאָס לעבן אין ישראל, באַלד נאָך דער מלחמת השחרור, איז נישט געווען לייכט פאַר קיינעם, — און בפרט פאַר די ניי־אָנגעקומענע עולים. כדי צו דערמעגלעכן די הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע זאַוויערטשער איז אונדז אַנטקייגנגעקומען די לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע, וואָס איר פּרעזידענט־פאַר־זיצער איז ה׳ יעקב פאַגין־פייגנבלאַט (אַ זון פון אונדזער באַליבטן און פאָפּו־לערן זאַוויערטשער ר׳ יאָסל פייגנבלאַט ז״ל). זיי האָבן אין אַמעריקע אָרגאַניזירט אַ הילפס־אַקציע פון „סקריפּן״, וועלכע זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן די נויט־באַדערפטיקע זאַוויערטשער דורכן אָרטיקן קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן צו דעם צוועק דורכן ועד פון אונזער ארגון.

אינעם יאָר 1956 איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויסגעוויילט גע־וואָרן אַ נייער ועד מיט אַנטייל פון נייע עולים. אינעם ועד זענען געווילט גע־וואָרן: ה״ה פייגנבלאַט שמעון, פינקל יוסף, פרל (כמיעלניצקי) בראַניא, דאַנ־ציגער יחיאל, זאַקס אברהם ז״ל, ראַטמענטש יצחק, גרינקראוט יואל, פריידנ־רייך חיים, בראַט דויד און דער שרייבער פון דאָזיקן.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצוגעבן אַ „יזכור״־בוך, אין וועלכן עס זאָלן זיך באַטייליקן זאַוויערטשער מיט שילדערונגען פונעם זאַוויערטשער לעבן.

דער ועד האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַקציע און אָנגענומען די געהע־ריקע שריט. דער יושב־ראש, ה׳ שמעון פייגנבלאַט, דער אינצווישן פאַרשטאָר־בענער מזכיר א. זאַקס ז״ל און יבל״א דער גזבר י. פינקל, ווי אויך אַלע איב־ריקע מיטגלידער פונעם ועד, האָבן געטאָן דאָס מעגלעכסטע כדי די דערהאָבענע אויפגאַבע צו רעאַליזירן. דאָס איז אַ דערהאָבענע, אָבער אויך אַ שווערע אויפ־גאַבע. איז עס דאָך אַן אונטערנעמונג וואָס איז פאַרבונדן מיט נישט וויניק אויס־גאַבן און מיט אַרבעט איבער די כוחות. באַזונדערס איז עס שווער געווען פאַרן

מזכיר, ווייל ער האָט געמוזט זיך צו יעדן ווענדן, קומען אין קאָנטאַקט מיט די צעזייטע און צעשפּרייטע זאַוויערטשער אין דער גאַנצער וועלט. ער האָט געמוחט שרייבן, און ווידער שרייבן — בריוו, דערמאָן־בריוו און צירקולאַרן. נישט איינמאָל האָט גענומען נישט איינעם פונעם ועד עקבערן אַ צווייפל צי די זאַך וועט געלינגען.

מיר האָבן, אָבער, אַלץ בייגעקומען און גענומען קאָנצענטרירן דעם אַריינגעשיקטן מאַטעריאַל, זאַמלען די נויטיקע געלטער, טראַכטן וועגן אַ וועדת־המערכת. די זאַך האָט אָנגעהויבן אָננעמען אַן ערנסטן כאַראַקטער.

אין אַ געוויסן, ביטערן טאָג, איז מיט איינמאָל דער ועד, פונקט ווי יעדער זאַוויערטשער, אויפגעציטערט געוואָרן צוליבן פּלוצעמדיקן טויט פון ר׳ אברהם זאקס ז״ל, וועלכער האָט געפירט די מזכירות און אויפריכטיק און איבערגעגעבן געאַרבעט פאַר זאַוויערטשער ענינים. נישט איינמאָל האָט מען געקאָנט פון אים הערן: „ווי וואָלט איך שוין וועלן זען דאָס בוך״. און אָט, — דער ביטערער גורל האָט געוואָלט אַנדערש.

אָבער דאָס לעבן פאָדערט דאָס זייניקע. ח׳ בראט האָט צייטווייליק איבערגענומען די אַרבעט און ער האָט זי געפירט סיסטעמאַטיש, — ביז דאָס בוך איז דערשינען.

זאָל דאָס בוך וואָס שילדערט טעג און יאָרן פון זאַוויערטשער לעבן, פרייד און לייד, אויפקום און אומקום, — זיין אין שטוב פון יעדן אַמאָליקן זאַוויערטשער איינוווינער.



זאַוויערטשער אין ישראל ביי אַן אזכרה אור ליום כ״ה באב.
אין פראָנט (רעכטס) לאַנגיאָריקער איבערגעגעבענער עסקן אינעם ועד הארגון, ה׳ נחום דרעזנער.

**יוסף פיתקל**

# ז כ ר ו נ ו ת

איך האָב פאַרלאָזט זאַווירטשע אינעם יאָר 1920 און בין עולה געווען קיין ארץ־ישראל, — אַלס ערשטער זאַווירטשער, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל פון זאַווירטשע נאָך דער מלחמה. איך זאָג „פון זאַווירטשע", ווייל עס דוכט זיך מיר, אַז יצחק ספיבק איז געקומען אַביסל פריער, — פון דייטשלאַנד. באַלד נאָך מיר איז געקומען יונה בלאַט.

אין זאַווירטשע בין איך געווען באַקאַנט אַלס יאָסל, מאיר לעלעווערס אייניקל. איך האָב דאָרט געהאַט אַ קאַנדיטאָריי.

איך געדענק וועגן זאַווירטשע אַט־דאָס: 1893 זענען שוין געווען אין זאַווירטשע די האַבערמאַן׳ס. איך געדענק פון יענע צייטן: די הערצבערג׳ס, די פערסיצעס, די העלבערג׳ס, יחיאל ווינדמאַן און זיינע זין, הענדל האמער און זון, דעם אַלטן מאָשקאָוויטש און זיין זון סעוועק, דעם פעלטשער טשעבינער און זיין ברודער, דעם גרינס־הענדלער, דעם אלטן פּאָקער זילבערמאַך און זיין זון אַרקע, די ברידער בוכנער (וואָלף און יצחק), בערל פּאָזנאַנסקי, דעם אַלטן סטאָראָזום (שפּעטער נבון), אַבעלע עדעליס, דוד אָזשע טרייבעטשאוז, רושינעק, משה זאַקס־שוחט, די לאַנדוי׳ס, לייבל בערגער, שלמה שטאָל (ער האָט געהאַט אַ קלייטל ביים פּזשעיאַזד און געווען אויך אַ מוהל). די ברידער שיין, דעם פעלדשער וואַלבערג, ר׳ אברהם באָרנשטיין, לייבוש פרענק, די דאַנציגערס, די „כלי־קודש", די גאנצווייד׳ס, דערנאָך דעם רב לאַנדוי, אלטער חזן, שבתי חזן א. א. וו.

ר׳ שבתי חזן האָט געהאַט אַ כאָר, אין וועלכן איך האָב אויך אַ קורצע צייט געזונגען. אָבער ביי מיין זיידן, ר׳ מאיר לעלעווער ז״ל, האָב איך תמיד געזונגען.

אין ר׳ שבתי חזן׳ס כאָר געדענק איך אַז עס האָבן געזונגען: יוסף גאָלד, קאָפּל שוסטערס זין (איינער, נחמיה, האָט געהאַט אַ גוטע באַס־שטימע), „שיע באַס" (יהושוע קאַסיער. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן טענאָר. שפּעטער איז ער אַוועק קיין אַמעריקע), יצחק אהרון שוואַרץ, יעקל (טוביה קלעזמערס זון), זלמן קלעזמער, איך, יוסף ספיבק און אַ סאַך קליינע ייִנגלעך. עס איז געווען אַ געוויסע צייט אויך אַ דיריגענט.

איך געדענק אַז מיר האָבן געשאַפן אַ „חברה בחורים", וווּ מיר האָבן געלערנט און פאַרבראַכט ידישלעך־קולטורעל אונדזער פרייע צייט.

* *

אַז איך בין געקומען קיין תל־אביב, ווי געזאָגט, אינעם יאָר 1920, האָב איך געעפנט אַ קאַנדיטאָריי. מיין קאַנדיטאָריי איז געווען אַן אָפענע טיר

פאר אלע יינגע זאוויערטשער, וואס זענען ערשט נישט לאנג געקומען אין לאנד אריין. יעדן טאג זענען זיי געקומען צו מיר אין קלייט אפנעמען פאסט.

נישט לאנג נאך מיין אנקומען און גרינדן מיין קאנדיטאריי האבן אנגעהויבן ארבעטן ביי מיר, פון צייט צו צייט, אדער אפטער, פארשיידענע זאוויערטשער. דער ערשטער האט אנגעהויבן ארבעטן דודל טורנער, דערנאך נחמן פרידמאן, יצחק ספיבק, יוסף ספיבק, פיניע האכערמאן, קיווע (עקיבא) ווינשטאק (ער איז צוריקגעפארן), נוח שלענטשינסקי, יחזקאל לאנדוי, ישכר בארענשטיין, דוד גראמאן א. א. ישכר בארענשטיין, שמעון פייגנבלאט, חנוך ערליך זענען געקומען ארום 1924, אויף וויפל איך געדענק.

א פאר חדשים נאך מיין אנקומען, זענען געקומען: הרב שפירא, שבתי ספיבק, שלום איסעראוווסקי, ליוועד. ר׳ שלום איסעראוווסקי האט, דוכט זיך, צו־ערשט געקויפט באדן אין עפולה, און איז שפעטער צוגעשטאנען צו דער גרופע מתישבים אין מגדיאל, ווו ר׳ שבתי איז שוין געווען באטייליקט. ר׳ שמואל העלבערג האט געקויפט באדן אין רעננה און זיך דארט באזעצט מיט זיינע קינ־דער. אויך ליוועד, א בענדינער, אן איידים פון בעריש פרייבערג, איז אריבער קיין מגדיאל.

די פיר זאוויערטשער משפחות זענען, דוכט זיך, געווען פון די ערשטע זאוויערטשער משפחות וואס האבן זיך סוף 1923, אנהויב 1924 באזעצט אויפן באדן און געווארן לאנדווירטן אין ישראל. אין די קיבוצים זענען דעמאלט געווען זייער ווינציק זאוויערטשער, אויף וויפל איך געדענק. זיי זענען געקומען ערשט שפעטער.

אזוי האט זיך געפירט אן אנגעשטרענגט לעבן אין דעמאלטיקן תל־אביב. פונדעסטוועגן זענען די זאוויערטשער דאך געווען כסדר אין קאנטאקט. מען פלעגט זיך טרעפן. מען פלעגט זיך קעגנזייטיק העלפן. שוין פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן צוויי אידעלע זאוויערטשער פרויען, פרוי צילא פרענק־יצחקי און די אינצווישן, לײדער, פארשטארבענע, פרוי פרידמאן געשאפן א גמילות־חסדים קאסע, וואס איר ציל איז געווען צו העלפן ארעמע זאוויערטשער, קראנקע און נויטבאדערפטיקע. ביי ישכר בארענשטיין אין שטוב איז אינעם יאר 1943 צו־נויפגערופן געווארן א פארזאמלונג פון די זאוויערטשער. אויף דער פארזאמלונג האט מען צונויפגעזאמלט געלט, כדי צו קאנען העלפן, בעתן סוף מלחמה, די צוריקגעקומענע זאוויערטשער קיין זאוויערטשע און פארוואגלטע אנדערשווו. ליי־דער זענען גאר ווינציקע זאוויערטשער געבליבן ביים לעבן, אן זיך געראטעוועט פון היטלערס בלוט־באד און פון זיינע גאז־קאמערן.

סיי אין ערשטן און סיי אינעם צווייטן ועד בין איך געווען קאסיר. דאס איז נישט געווען קיין לייכטע פונקציע, אבער עס פרייט מיך אז איך האב צוגעלייגט אן אקטיווע האנט צום זאוויערטשער ארגון און אויך צום דאזיקן בוך.

## א גרוס פון דער זאוויערטשער לאנדסמאנשאפט
## אין מאַנטרעאָל (קאנאדע)

מיר שיקן אייך אַביסל זכרונות פון עטלעכע פון אונדז, ווי אויך אַ קאָלעקטיוו־בילד פון אונדזער זאַוויערטשער סאָסייעטי. אויפן בילד פעלן די פּאַטאָ׳ס פון נאָך 3 זאַוויערטשער פאַמיליעס. סך הכל ציילן מיר 21 מיטגלידער, מענער און פרויען (פרויען האָבן אַ באַזונדערן קלוב ביי אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט. פאַרזיצערין — פרוי קראַוויעץ, סעקרעטאַרין — פרוי שוואַרצבוים). מיר עקזיסטירן זינט 1952. מיר טרעפן זיך אָפּט אויף זיצונגען אין אונדזערע פּריוואַט־וווינונגען, ווייל, — אַלס קליינע לאַנדסמאַנשאַפט, און במילא צוליב דער קנאַפּער קאַסע, — קאָנען מיר זיך נישט דערלויבן אויפצוהאַלטן, ווי אנדערע, גרעסערע לאַנדסמאַנשאַפטן, אַ לאָקאַל.

מיר זענען מייסטנס נייע אימיגראַנטן און מיר האַלטן ערשט ביים אלף־בית אין הלכות פרנסה און איינאָרדענען זיך אַ היים נאָך אַזויפיל יאָרן וואַנדערן און מאַטערן זיך. מיר האָפן, אָבער, אַז מיט דער צייט וועלן מיר זיך גלייכשטעלן מיט אַלע אַנדערע לאַנדסמאַנשאַפטן.

און איצט — קוקט זיך איין אין דאָס צוגעשיקטע קאָלעקטיוו־בילד, אייך



**וועט זיך דוכטן אַז די פּנימער און די נעמען זענען פרעמד און אומבאַקאַנט. אָבער עס איז נישט אַזוי.**

**אָט, למשל, די פאַמיליע מינץ. פרוי מינץ איז אַ טאָכטער פונעם פאַר־שטאָרבענעם ה׳ מרדכי קראַוויעץ (זיין ברודער, ה׳ יהודה קראַוויעץ, צו לאַנגע יאָרן, איז דער פאָרזיצער פון אונדזער סאָסייעטי). זייער פאָטער, ר׳ לייזער קראַוויעץ, דער בעקער פון דער פּאָרעמבסקאַ־גאַס, איז זיכער אַלעמען גוט באַקאַנט געווען. זיינס אַ צווייטע טאָכטער איז פרוי קאַרל. פרוי ראָזנגאַרטן איז אַ שוועסטער פון ל. ווערבסקי און אַן אייניקל פונעם פאַרשטאָרבענעם אהרון יאַבלאָנסקי. אַ געוויסע צייט האָט די פאַמיליע ראָזענגאַרטן געווינט אין לאַזי ביי זאַוויערטשע. פרוי שפּיגלמאַן איז אַ טאָכטער פון פאַרשטאָרבענעם ר׳ מאיר פּערלמוטער. ה״ה י. שטיבל און טיפנבערג האָבן געווינט אין קרימעלעוו ביי זאַוויערטשע. פאַמיליע בינדער איז פאַרשוועגערט מיט מ. זלאָטניק. פרוי טראָפּער איז אַ טאָכטער פונעם פאַרשטאָרבענעם ר׳ יוסף סטאַשעווסקי. אויפן בילד פעלן די משפחות: י. האַבערמאַן, מ. רושינעק, ד. זעלקאָוויטש.**

**מיר האַלטן זיך צוזאַמען ווי איין משפחה.**

**געצייכנט:**

(—) י. קראַוויעץ (סאָסייעטי־פּרעזידענט).

(—) י. באַזשיקאָווסקי (סאָסייעטי־סעקרעטאַר).



# דער אמעריקאנער פארבאנד פון די זאוויערטשער שטאט־לייט

דער אַמעריקאַנישער פאַרבאַנד פון די זאַוויערטשער שטאָט־לייט („פוירסט זאַוויערטשער פראָגרעסיוו בענעוואָלענט אַסאָסיישן") עקזיסטירט שוין 38 יאָר, ווי עס איז צו זען פון אַן איינלאַדונג צו אַ באַנקעט לכבוד דעם 36־טן באַשטאַנד פונעם פאַרבאַנד. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען סוף 1956 יאָר אין ניו־יאָרק. אין דער איינלאַדונג שרייבט זיך:



יעקב פאגען

„ אַ סאַך יאָר זענען פאַרביי זינט אונדזער אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן דורך אַ הייפל לאַנדסלייט, וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען כדי צו שאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר געזעלשאַפטלעכן פאַרקער און אונטערשטיצונג. די מענטשן האָבן דעמאָלט נישט געוווסט אַז נאָך 36 יאָר וועט זייער גרופּע רעפּרעזענטירן איינע פון די גרעסטע גרופּן, וואָס זענען איבערגעבליבן פון דער אַמאָל שטאָלצער זאַוויערטשער יידישער באַפעלקערונג. לאָמיר ווייטער לעבעדיק האַלטן דעם זכרון פונעם זאַוויערטשער לעבן דורך ווייטערדיקן אָנטייל אינעם זאַוויערטשער פאַרבאַנד.

פון דער באַגריסונג זעט מען אַז עס עקזיסטירט אין אַמעריקע אַ פרויען־הילפס־געזעלשאַפט, וועלכע עקזיסטירט שוין 18 יאָר. אין 1943 איז געשאַפן געוואָרן אַ זאַוויערטשער הילפס־פאָנד אויפן נאָמען שמואל קאָנאַריק. די אָרגאַניזאַציע האָט געהאָלפן אונדזערע שטאָט־לייט איבער דער גאַנצער וועלט מיט פעקלעך און געלט. אויך קיין ישראל זענען געשיקט געוואָרן געלטער.

אויף דער באַגריסונג איז געחתמעט: **דזשעק פאגען** (פייגענבלאַט)

פרעזידענט

# בדרכי העליה



**צבי שפירא**

## מיין פאָטער איז עולה קיין ארץ־ישראל

געבוירן בין איך אין זאַוויערטשע אינעם יאָר 1907 ביי רעליגיעז־נאַציאָנאַלע עלטערן. קינדווייז האָב איך געהערט דערציילן, אַז מיין פאָטער, הלל שפּירא ז"ל, — פון די ערשטע חובבי ציון אין שטאָט, און אַ מזרחיסט, — האָט איבערגעלאָזט מיין מאַמען (שרהלע) מיט פיצלעך קינדער, ביי אַ גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט, און — אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען אנהויב 1913, — בערך אין דער צייט ווען יוסף שפּיעוואַק, שבתי חזן'ס זון, איז אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. אין דערזעלבער צייט איז אויך עולה געווען יאָסל דיאַמאַנטס זון. אָט־די 3 זענען געווען די ערשטע שוואַלבן פון דער עלייה פון די זאַוויערטשער קיין ארץ־ישראל, — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך געדענק, ווי אין חלום, ווען מייך פאָטער איז צוריקגעקומען אַ קראַנקער (באַקומען אין ארץ־ישראל מאַלאַריע). מיין מוטער האָט אים געמוזט שיקן געלט אויף די הוצאות צוריק. אין יענער צייט, — האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, — איז צוריקגעקומען אויך דימאַנטס זון. בלויז יוסף שפּיעוואַק איז געבליבן אין ארץ־ישראל. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער, ווי אַ סאַך אַנדערע

יידן פון ארץ־ישראל, מחמת פחד פאַרן גירוש דורך די טערקישע פּאַשאַ׳ס, אַוועק (צופוס, ווי מען דערציילט אין זיין משפּחה), — דורך בירות, אַלעפּאָ־חלב, אַנאַטאָליע, — קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווו ער איז אָפּגעווען בעת די לעצטע 3 יאָר פון דער מלחמה. באַלד נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה איז ער פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל צוריקגעקומען קיין ירושלים. ער איז, אַלזאָ, געווען אין אָנהויב פון דער מאַנדאַט־צייט דער ערשטער זאַוויערטשער אין ארץ־ישראל. שפּעטער איז ער געשטאָרבן אין מגדיאל.

צו די ערשטע זאַוויערטשער, וואָס זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל פאַר דער מלחמה קאָן מען אויך צורעכענען ר׳ ישעיה שפּירא ז״ל, דעם קרימעלעווער רבין׳ס איידעם, וועלכער איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס יינגערמאַן. ער איז צוריקגעפאָרן קיין פּוילן, געוואָרן איינער פון די פירער פון מזרחי, און נאָך דער 1־טער מלחמה צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל ווו ער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. אין זיינע לעצטע יאָרן איז ער אַריבער אויף התישבות.

בנוגע מיין פאָטערס עולה זיין קאָן איך נאָך צוגעבן, אַז ער האָט דעמאָלט פאַרלאָזט אַ גרויס קאָלאָניאַל־געשעפט, וואָס מיין פאַרשטאָרבענע מוטער האָט אייגנטלעך מער געפירט ווי מיין פאָטער. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין בערל פּאָזנאַנסקי׳ס הילצערן הויז, אינעם ראָג מאַרשאַלקאָווסקאַ־האָזשאַ. קיין וואַזשנער סוחר איז מיין פאָטער נישט געווען. מיין מוטער האָט אים גענומען אַלס לערנער און ער האָט זיך, טאַקע, בנוגע מסחר תמיד פאַרלאָזט אויף מיין מוטער. אויך דאָס געלט, וואָס מיין מוטער האָט געשיקט מיין פאָטער פאַר די הוצאות אַהיימצוקומען, איז געווען פון אירע אויסגעהאָרעוועטע רובלס.



שמעון פייגנבלאַט

## דער זאַוויערטשער צריף

### א.

אַ פּאָר וואָכן נאָך מיין קומען אין לאַנד אַריין בין איך געווען נע ונד און האָב נישט געהאַט קיין סטאַבילן ווינקל ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ.

געווען איז דאָס אינעם יאָר 1924. אין תל־אביב איז דעמאָלט נישט געווען אַ קלייניקייט צו דינגען אפילו דאָס באַשיידנסטע צימער. די גרויסע כוואַליע פון דער „גראַבסקי עליה" האָט נאָך כסדר אָנגעהאַלטן. די בוי־באַוועגונג האָט נישט אָנגעיאָגט דעם גרויסן צושטראָם פון מיטלשטאַנד־מענטשן פון פוילן. אַלץ האָט געצויגן קיין תל־אביב. אויך מיד־געוואָרענע חלוצים, וועלכע זענען אָנגעקומען אין לאַנד אַריין אין די פריערדיקע יאָרן, — האָבן פאַרלאָזט דעם עמק און די מושבות, און געזוכט אַרבעט און „גרויסשטאָטישקייט" אין דער ערשטער ריין־יידישער שטאָט אין דעמאָלטיקן פּאַלעסטינע (א"י). — און די ערשטע ריין־יידישע שטאָט אין דער גאָרער וועלט. האָבן, טאַקע, געפעלט דירות. אַן אַרבעטס־מענטש (איך האָב באַלד נאָך מיין קומען אָנגעהויבן אַרבעטן) האָט נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן אויף אַ באַשיידנסט צימערל. דערפאַר, טאַקע, האָב איך נע־ונד'עוועט אַ פּאָר וואָכן איבערן דעמאָלטיקן תל־אביב.

דאָס איז מיר אָנגעקומען אַביסל לייכטער, ווייל אַזוי איז געווען דער שטייגער פון אַ סאַך, פון זייער אַ סאַך. אַן אַרבעטס מענטש האָט נישט געהאַט ווינציקער חשיבות אויב ער האָט נישט געהאַט אַ צימער. ער איז נישט געווען חשובער אויב ער האָט יאָ געהאַט אַ צימער. אין תל־אביב פלעגט זיך דאָס לעבן פירן סיי־ווי מייסטנס אויף דער גאַס. דער צענטער איז געווען דעמאָלט דאָס שטיקל אלענבי־גאַס ביי וויטמאַן'ס אָדער אַן אַנדערנס גאַזאָז־קלייט, נישט ווייט פונעם דעמאָלטיקן הסתדרות־הויז, אין נחלת בנימין 2.

דאָרט פלעגט מען זיך צונויפקומען אין די אָוונטן, — מיט שמועסן, דעבאַטירן, זיך אַמפּערן. עס איז געווען לעבעדיק. טיילמאָל האָבן געהילכט פעטש ביים סוף פון אַזאַ אַמפּערניש. עס איז געווען „חי געלעבט", הגם דער מאָגן איז נישט תמיד געווען זאַט.

אָפט פלעגט חברה אַרויס אין אַ „האַרע"־טענצל טאַקע אינמיטן גאַס. אויך אַ זמרל האָט נישט געפעלט, — אַ כאָר אַן אימפּראָוויזירטער. יעדער האָט מיטגעזונגען און מיטגעטאַנצט. אָנגעפירט מיט אָט־די אימפּראָוויזעס האָט חברה „טראַסק" (מיטן דיכטער א. שלאָנסקי און אַנדערע, שפּעטער־באַקאַנטע פּערזענלעכקייטן, בראש). דאָס זענען געווען מייסטנס יינגלעך פון די אוקראַאיני׳שע

און רוסישע סטעפּעס. זיי פלעגן גיין מיט צעכראַסטעטע טשופּרינעס און אין רוסישע רובאַשקעס, מיט באַלאַלייקעס און מאַנדאָלינעס אין די הענט און זיי פלעגן מיט זייערע קאַטאָוועס און גרין־גאַליקער הייטערקייט דערמונטערן דעם אַרבעטסלאָזן עולם, וואָס האָט שוין דעמאָלט געלעבט פונעם פּערטל פונט אַ וואָך „סיוע״ (אַרבעטסלאָזן־אונטערשטיצונג).

די מיטלויפער פון חברה „טראַסק״ האָבן זיך ווינציק געקימערט וועגן אַ צימערל, אַ דירה, אַ שטיקל ווין־פּלאַץ. אָפט האָט געטראָפן, אַז נאָך אַזאַ מין „האָראַ״־טאַנצן און נאָך אַ ווילדן פאַרווײַלן זיך אין אַ טאַראַראַם ביז חצות (אָדער ביז נאָך חצות), האָבן זיך יאַטן אָוועקגעלייגט כאַפּן אַ דרימל אויף אַ טיש אָדער אַ באַנק אין די האַלב־פאַרמאַכטע טעראַסעס (אַ דאַך איבערן קאָפּ — דיינו...) פון די דעמאָלטיקע תל־אביבער מושבה־מעסיקע הייזקעס.

*    *

דערפאַר וווּנדערט אייך נישט, אַז אויך איך האָב די ערשטע וואָכן נאָך מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין געמוזט נע־ונד׳עווען.

אָבער פריש־אָנגעקומענע זאַווי־ערטשער האָבן נישט געהאַט די טבע פון די רוסישע און אוקראַינישע בחורים. זיי האָבן געזוכט היימישקייט, זאַווי־ערטשער אין תל־אביב זענען דעמאָלט געווען ווי איין משפחה, — אַ סאַך היימישער און אויסגעקאָכטער ווי איצטער. דער צענטער, די הויפּט־אַדרעס פון



יוסף פינקל און פרוי

די זאַוויערטשער איז דעמאָלט געווען יאָסל פינקלס צוקערבעקעריי און יאָסל פינקלס שטוב (אויך היינט איז יאָסל פינקל אַ צענטראַל־פיגור צווישן זאַוויער־טשער). ווער עס האָט זיך געניוטיקט אין אַרבעט (און ווער האָט נישט גויטיק געהאַט) האָט געגאַסן פון יאָסלס גוטהאַרציקייט און איבערגעבנקייט צו זאַווי־יערטשע. און טיילמאָל — אַ מתן בסתר, אַן עצה. יאָסל און זיין איבערגעגעבענע פרוי זענען געווען ווי טאַטע־מאַמע פאַר די יינגלעך וועלכע האָבן פאַרלאָזט אייגענע טאַטע־מאַמע אין זאַוויערטשע און געמאַכט אָנשטרענגונגען זיך צו פאַר־וואָרצלען אינעם באָדן פונעם ארץ־ישראלדיקן פאָטערלאַנד. יאָסלס הילף האָט געלאָזט פילן אַז אַ זאַוויערטשער איז נישט פאַרלוירן אין ארץ־ישראל.

אויך אַנדערע זאַוויערטשער האָבן דעמאָלט — הגם נישט אַזוי איבער־געגעבן מיט לייב און לעבן ווי יאָסל און זיין ווייב, — געהאָלפן איינער דעם אַנדערן.

* *

אין אָט־דער צייט האָבן מיר חברה דערציילט וועגן דעם „זאַוויערטשער צריף", וואָס איז געוואָרן אַ שם־דבר און איז ווערט צו פאַרצייכענען אינעם „זאַוויערטשע־בוך", ווייל צווישן זיינע ברעזענט־„ווענט" האָבן געפונען אַ מקום־מנוחה אַ סאַך זאַוויערטשער אין פאַרשיידענע פעריאָדן. האָב איך טאַקע אָפּ־געשטאַט אַ וויזיט אינעם „זאַוויערטשער צריף". דאָרט האָב איך געטראָפן באַ־לעבאַטעווען ר' שבתי חזן (שבתאי ספיבק), דאַוועשע טורנער און יחזקאל לאַנדוי. זיי האָבן מיך זייער פיין אויפגענומען און מיר פאַרגעלייגט איך זאָל מיך אריינציען אינעם צריף.

ווי אַזוי דער באַראַק איז אַנטשטאַנען, איז מיר דעמאָלט נישט באַקאַנט געווען, אויך היינט איז מיר נאָך נישט אַלץ קלאָר. אפשר וועלן אַנדערע וועגן דעם דערציילן מער פרטים. איך האָב אָבער געוווסט, אַז יחזקאל לאַנדוי האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין זיין אויפקום און אַז דער „זאַוויערטשער צריף" איז אַ וויכטיקע „פירמע", אַ וויכטיקער אַדרעס פאַר אַ זאַוויערטשער, וואָס איז אָקאָרשט אַוועק פון טאַטע־מאַמעס שטוב.

ווידער האָב איך מיך געפילט אין אַ היימישן ווינקל, אין דער היימישער זאַוויערטשער אַטמאָספערע פון קעגנזייטיקער איבערגעבנקייט און פריינטשאַפט אין אַ גרענעץ.

* *

אינעם צריף האָט ר' שבתי געפירט די ווירטשאַפט. ער האָט פאַר אונ־דזערטוועגן געקאָכט און געזאָרגט אַז מיר זאָלן זיין זאַט און האָבן אַ געשמאַק

עסן. באַזונדערס האָט ער זיך געפּאָרעט אין די פּרייטיקן און געזאָרגט אַז דער שבת־טיש זאָל האָבן מכל־טוב. אפילו טשאָלנט האָט נישט געפעלט.

פּרייטיק פאַרנאַכט פלעגט ר׳ שבתי צינדן ליכט און אויסבעטן פאַר אונז אַלעמען אַ גוטע וואָך.

מיר זענען געווען ממש ווי איין משפּחה. ווער עס האָט פאַרדינט, — האָט צושטייער געגעבן צום אויסהאַלט פון דער ווירטשאַפט. ווער עס האָט נישט פאַרדינט, — האָט אינעם עסק גאָרנישט אַריינגעלייגט. ר׳ שבתי פלעגט פירן אַ גענויעם חשבון.

דאַבטשע טורנער איז געווען אַ כראָנישער אַרבעטסלאָזער. אויף וויפל איך געדענק, האָט ער קיינמאָל נישט געאַרבעט (יאָסל פינקל זאָגט, אַז ביי אים האָט ער געאַרבעט). אָבער דאַבטשע איז געווען אַ „ספּעץ״ (אַ ספּעציאַליסט) אין פאַרשיידענע גוטע זאַכן און ער האָט געהאַט זיינע אייגענע פּאַטענטן. אַזוי, למשל, פלעגט ער אונדז לערנען ווי אַזוי אויסצווישן בעת עסן דאָס טעלערל אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל נישט בלייבן קיין זכר פונעם עסן. אַזוי אַרום האָט מען געקאָנט שפּאָרן אָפּוואַשן דאָס טעלערל. ער האָט אונדז אויך געלערנט אויסצוואַשן אַביסל וועש. די מלאכה האָט ער זייער גוט געקענט.

* *

אינעם צריף האָט געפלעגט זיין אַן אָפּטער „איינשטייער״ שלענטשינסקי. מיט איבעררייסן פלעגט ער כסדר וויגען אינעם צריף.

איינמאָל בין איך געקומען נאָך דער אַרבעט אין צריף אַריין. שלענטשינ־סקי ליגט אויפן בעטל און לאַכט. פון צייט צו צייט און ער כאַפּט אַ קוק אויף די קעגנאיבערדיקע וואַנט.

— וואָס איז, שלענטשינסקי? — פרעג איך.

ער ענטפערט נישט און האַלט אין איין קייכן פאַר געלעכטער.

גיב איך אַ קוק אויף די קעגנאיבערדיקע וואַנט און וואָס זע איך? אַ מייזל איז ביים שווענצעלע אָנגעבונדן צו אַ שטריקל און שפּרינגט אַהער און אַהין איבערן וואַנט. שלענטשינסקי האָט זיך אַמוזירט פונעם ספּעקטאַקל.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שלענטשינסקי האָט געכאַפּט אינעם צריף אַ מייזל און אָנגעבונדן זיין שווענצל צו אַ שטריקל. דאָס גאַנצע „פּורים־שפּיל״ האָט ער אויפגעהאָנגען, פאַר שפּאַס, אויפן וואַנט.

יחזקאל לאַנדוי און איך, — ביידע האָבן מיר געאַרבעט. יחזקאל איז דעמאָלט געווען אַ „פּאַלעטשיק״ (טייח). ער האָט שיין פאַרדינט, אָבער ער האָט שווער געהאָרעוועט. איך האָב דאַמאָלט געאַרבעט טישלעריי.

שפּעטער האָט געוווינט אינעם צריף אברהמטשע שטיבל.



זאַוויערטשער צריף

תמונה זו צולמה בחודש אייר תרפ״ז בתוך הצריף שעמד על הגבול בין תל־אביב—ויפו בשכונת אהרון ע״י רחוב שבזי בדרך לנוה שלום.

אנשי התמונה הם:

יחזקאל לגדוי בן ר׳ איטשע מאיר לגדוי; נחמן פרידמאן בן ר׳ שמעון פרידמאן; שמעון פייגנבלט בן ר׳ יוסל פייגנבלט; יששכר דב בורנשטין בן ר׳ מוטעל בורנשטין; אברהם שטיבעל בן ר׳ בערילי שטיבעל; יעקב אהרנפריד בן ר׳ ישעיה מענדיל אהרנפריד.

אלה היו בין הראשונים של יוצאי זבירציה שעלו לארץ־ישראל והיו גרים יחד בצריף זה, שהיו קוראים לו הצריף־הזבירצאי. כל החלוצים מזמן ההוא שבאו מזבירציה לארץ היו לנים בצריף זה זמן מה עד שהסתדרו ופנו מקום לחלוצים חדשים שבאו מזבירציה.

גם מר שבתי ספיבק ז״ל היה גר בצריף זה יחד עם הנ״ל עד שעבר למגדיאל.

## ב.

**האָבן מיר זיך באַקענט מיט די פּערסאָנאַזשן פונעם צריף, איז כדאי אַ פּאָר ווערטער צו זאָגן וועגן דעם צריף גופא.**

**לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן האָט דער „זאַוויערטשער צריף" אויסגעזען גאַנץ לייטיש. דאָס איז געווען אַ גרויס צימער פון 4 מעטער אויף 4 מעטער. געהאַט האָט ער אַ האָלץ־שקעלעט, וועלכער איז געווען איבערגעצויגן מיט ברעזענט־שטאָף. דער צריף האָט געהאַט אַ שיפּן דאַך, — גאַנץ בעל־מלאכיש.**

**אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ קלאָץ, — נישט חלילה כדי צו דינען אַן ערדישן צוועק פון אַ קצב, צו האַקן דאָרט פלייש. דער קלאָץ האָט אויך נישט געדינט, פאַר אַ הימלישן צוועק, ווי עס דינט דער שוואַרצער שטיין (די**

„קאַבאַ") אין דער הייליקער שטאָט מעקאַ, כדי בוקנדיק זיך צו לויבן אַללאַ. אַזוי ווייט זענען מיר נאָך נישט באַאיינפלוסט געוואָרן פונעם מוזולמענישן אַרום.

דער קלאָץ האָט געדינט פאַר אַ צוועק, וואָס איז צווישן הימל און ערד; ער האָט אונטערגעהאַלטן דעם דאַך, ער זאָל זיך נישט איינברעכן אָדער אַראָפּלאָזן...

האַרט ביים קלאָץ איז געווען אַ טישל, צונויפגעקלאַפּט פון פּשוטע ברעט־לעך. דאָס טישל האָט נישט געמאַכט אַ גרויסער מומחה...

אינעם דערמאָנטן קלאָץ האָט געשטעקט אַ טשוואָק, אויף וועלכן עס האָט געהאָנגען אַ נאַכט־לעמפּל, וואָס האָט ביינאַכט באַלויכטן די שטוב.

ביי 2 ווענט זענען געשטאַנען בעטלעך, אויף וועלכע מיר זענען געשלאָפן. די מערב־זייט איז געווען הוילע וואַנט, אָן יעטוועד פענצטערל. איז, טאַקע, אַלס פאַרגעלטונג געווען אין דער דרום־וואַנט אַ קליין פענצטערל, אָן אַ לאָדן. דאָס פענצטערל האָט מען פאַרמאַכט מיט אַ קליין קייטעלע. אָן ענלעך פענצטערל איז געווען אין דער מזרח־וואַנט.

אינעם צריף איז מען אַריין פון צפון־זייט. אין דערזעלבער צפון־זייט איז אויך געווען אַ קליין טעראַסקעלע מיט אַ קליין קעכעלע.

האָט מען געוואָלט עפענען אָדער פאַרמאַכן די טיר, האָט מען געמוזט אַריינשטעקן די האַנט דורך אַ לאָך אינעם ברעזענט און מען האָט פון אינע־ווייניק אויפגעקייטלט די טיר. קיין קלאַמקע, קיין שלאָס איז נישט געווען בנמצא.

דאָס קוקט איצטער אויס מאָדנע. אָבער אַזוי האָט זיך בכלל געפירט אין תל־אביב; מענטשן זענען געשלאָפן דעמאָלט ביי אָפענע טירן. גנבים זענען דעמאָלט — אַזוי האָט מען זיך אַלנפאַלס איינגערעדט, — אין תל־אביב נישט געווען.

ג.

איין מאָל, — אין אַ פרייטיק נאָכמיטיק איז עס געווען, — בין איך אַהיימגעקומען און עס איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. יענעם פרייטיק נאָכמיטיק איז געווען אַ שטאַרקער שטורעם, באַגלייט מיט אַ שלאַקס־רעגן. דער שטורעם האָט מיט איינמאָל אַ הייב געטאָן דעם גאַנצן דאַך און אים אַראָפּגעריסן. דער צריף איז געוואָרן אויסגעצוואָגן אין דער לענג און איר דער ברייט.

פונקט דעמאָלט, ווען די מעשה האָט פּאַסירט, איז ר' שבתי געזעסן בניחותא מיט איינעם פון זיינע גאָר־נאָענטע פריינט, וועלכער איז געקומען צו אים אויף אַ באַזוך. זענען זיי ביידע געבליבן ווי געפּלעווט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ווײַבאָלד ר׳ שבתי האָט מיך דערזען, האָט ער זיך שטאַרק דערפֿרייט און ער האָט געזאָגט צו זײַן באַקאַנטן: אָט וועסטו זען. באַלד וועט זײַן אַלץ „בסדר גמור״.

איך האָב גענומען אַביסל געלט, אָוועקגעגאַנגען און געקויפֿט אַביסל ברעטער.

2 שעה שפּעטער איז דער צריף ווידער געווען מיט אַ דאַך אויפֿן קאָפּ. מען האָט נאָך באַוויזן צוצוגרייטן אויף שבת.

*   *

בײַם טישל אינעם זאַוויערטשער צריף פֿלעגן מיר זיצן און שרײַבן קוויטלעך — אַ היים צו די עלטערן, צו קרובים און באַקאַנטע. די זאַוויערטשער זענען, — פֿון אָט־דאָ, פֿונעם זאַוויערטשער צריף אַרויס, — געווען פֿאַרבונדן מיט זאַוויערטשע גופֿא, — אַ שטייגער ווי תּל־אָביב און זאַוויערטשע וואָלטן געווען (אינעם זכות פֿונעם זאַוויערטשער צריף), איין שטאָט.

דורכן צריף זענען „אַדורכגעגאַנגען״ אַלע זאַוויערטשער, וועלכע זענען דעמאָלט געקומען אין לאַנד אַרײַן. מיר האָבן גענומען יעדן וואָס איז געקומען שלאָפֿן. עס זענען אַפֿילו געווען צײַטן אַז עס האָבן געשלאָפֿן אינעם צריף 10—12 מאַן.

אויך מיידלעך און פֿרויען האָבן געפּלעגט באַזוכן אונדז אינעם צריף. אָבער שלאָפֿן האָבן זיי נישט געקאָנט, ווײַל מיר האָבן געהאַט בלויז איין צימער.

*   *

איין מאָל האָט אַ גאַנצע נאַכט געיאָגט אַ שלאַקס־רעגן. צו מײַן שלימזל איז, — דווקא דאָרט ווי איך בין געשלאָפֿן, — געווען אַ לאָך אין דער בלעך. די טראָפּנס האָבן שטאַרק געקאַפּעט — פּונקט אויף מײַן בעט.

טראַכט איך נישט לאַנג און האַלב פֿאַרשלאָפֿן כאַפּ איך אַ רעגן־מאַנטל און ציִ אים אויס אויף די קאָלדרע. איך ווער ווידער אַנטשלאָפֿן און בין צופֿרידן פֿון מײַן „פּאַטענט״.

לאַנג, אָבער, האָט מײַן סגולה נישט געפּועלט: דער רעגן האָט מיר, אַ שלאָפֿנדיקן, אָנגעטאָן אַ שטיקל. אַזוי לאַנג האָבן די טראָפּנס געטראָפּט ביז אינעם מאַנטל האָט זיך געמאַכט אַ גריבל, וווּ דאָס גאַנצע רעגן־וואַסער האָט זיך געזאַמלט. היות אַ ייִנגער יאָט, — ווי איך בין דעמאָלט געווען, — מוז אינמיטן דער נאַכט כאָטש איינמאָל זיך איבערדרייען אינעם שלאָף אויף די אַנדערע זײַט, האָט אויך מיר פּאַסירט, אַז איבערדרייענדיק זיך אינעם בעט, האָט זיך דאָס גאַנצע גריבל וואַסער אַרײַנגעגאָסן מיר אין בעט אַרײַן.

בערך אַ האַלב יאָר נאָך מײַן אָנקומען אין צריף אַרײַן האָט אונדז ר׳ שבתי פּאַרלאָזט און איז אַריבער אויף די פּוסטע אומקולטיווירטע פעלדער פונעם שרון, וועלכע דער שייך פונעם שבט אבו־קישיק האָט פאַרקויפט פאַר צוועקן פון יידישער קאָלאָניזאַציע.



שבתי ספּיבק און פרוי אין זייערווירטשאַפט אין מגדיאל

ר׳ שבתי איז געווען איינער פון די גרינדער פון אַ מושבה (שפּעטער, — מועצה מקומית, ביי כפר סבא, וואָס האָט לויט זיין פאָרשלאָג, באַקומען דעם נאָמען מגדיאל.

נאָכדעם ווי ר׳ שבתי האָט פאַרלאָזט דעם צריף זענען אַרײַן אין אים וווינען חנוך ערליך און נחמן פרידמאַן.

אין אָט־דער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן מאַכן בינשטאָקן. די אַרבעט איז געווען זייער אינטערעסאַנט. חנוך ערליך און נחמן פרידמאַן זענען געבליבן ביי בינען־צוכט לאַנגע יאָרן; נחמן — ביז זיין פריצייטיקן טויט; חנוך ער־ליך — ביזן היינטיקן טאָג.

## ד.

איינמאָל בין איך געפאָרן מיט חנוך ערליך באַזוכן ר׳ שבתי׳ן קיין מגדיאל. ער האָט אונדז אויפגענומען זייער וואַרעם און געוויזן אונדז אַלץ

וואָס ער טוט אויף אין זיין ווירטשאַפט. ער האָט אונדז געפירט אין אַ „וואַדי" (אַ טייך־פּאַרטיפונג אָן וואַסער אין זומער), וואָס איז אַדורך דורך זייער באָדן. ער האָט אונדז אינפאָרמירט אַז ער האָט געפלאַנצט אייקאַליפּטוס־ביימער, בכדי די וואַדי זאָל ווידער פול ווערן מיט באָדן.

מיר האָבן געקאָנט זען ביי אַט־דעם מענטשן ווי דאָס האַרץ וואַקסט ביי אים פון פריידי, — אַ שטייגער די שכונה וואַלט אויף אים גערוט און געשטראַלט. אַ שטאַרק נחת־רוח איז געווען אין זיין האַרץ, אַז ער האָט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון זיין גאַנץ לעבן: צו זיין אַ לאַנדווירט אין ארץ־ישראל.

די לאַנדווירטשאַפט איז געווען איבער זיינע כוחות. אָבער ער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין חלוצישן פּאָסטן, הגם מען האָט אים פאָרגעשלאָגן אַ פּאָסטן אַלס מוהל אין תל־אביב און אַנדערע באַטעטיקונגען אין איינעם פון זיינע ספּעציאַליטעטן.

נאָך אַ פּאָר יאָר האָרעווען אין מגדיאל איז ר' שבתי קראַנק געוואָרן אויף אַנגינאַ פּעקטאָריס (האַרץ־קלעם). 8—9 יאָר האָט ער שטאַרק געליטן ביז די קרענק האָט אים גובר געווען.

* *

אין איצט ווידער צום זאַוויערטשער צריף. אינעם צריף איז געווען אַ הילצערנע פּאָדלאָגע. יעדער וואָס האָט באַזוכט אונדזער צריף האָט זיך געהאַלטן אין איין וווּנדערן הלמאי די פּאָדלאָגע איז אַזוי ווייס־בלאַנקנדיק און ציכטיק־אויסגעצוואָגן.

די סיבה איז געווען אַ פּשוטע: מיר האָבן נישט געהאַט וווּ זיך צו וואַשן. האָבן מיר געמאַכט פון אַ בענזין־פּח (בענזין־באַנקע) אַ טוש. דער פּח, — אַט־דעם פון אונדז אַליין קאָנסטרואירטן טוש — האָבן מיר אויפגעהאָנגען אין מיטן פון דער שטוב אויפן קלאָץ, וואָס האָט, ווי אויבן־געזאָגט, געהאַלטן דעם דאַך און מיר האָבן זיך אַזוי אַרום געוואַשן. וואַסער איז, אַלזאָ, געריגען און געשפּריצט איבערן פּאָל. געווען איז דאָ פּיין זייף־וואַסער. נאָך יעדן טושן זיך, האָבן מיר, טאַקע, גלייכצייטיק אויך אָפּגעוואַשן דעם פּאָל.

דערפאַר האָט די פּאָדלאָגע ביי אונדז שטענדיק געבלאַנקט ווי ביי דער בעסטער באַלעבאָסטע.



**ישׂכר באָרנשטיין**

# תולדות הצריף הזבירצאי

„הצריף הזבירצאי" הוקם בשכונת אהרון (שלוש) בקצה רחוב שבזי, — ביתר דיוק: בין השכונה הערבית שהיתה חוצה את יפו ותל אביב, ובין הכביש המוביל לנוה שלום. היה זה מגרש ריק. עירית תל־אביב היתה מעונינת שיוקמו שם צריפים בכדי שתיווצר טבעת־מחיצה בין השכונות הערביות ובין תל־אביב דאז.

הצריף נבנה ללא רשיון. לא היה גם צורך, מהסיבות האמורות, — ברשיון. העיריה עצמה עין והסיחה בכוונה דעתה מהמתרחש בשטח טיב וצורת הבנייה בשכונות כגון אלה; היא היתה מעוניינת, כאמור, במחיצה כזאת. מלבד זה היה חוסר בדירות בבתים ראויים לשמם. גל העליה שהלך אז „בימי גראַב־סקי", הלך וגבר, דרש במפגיע פתרון־מעבר, אם כי ודאי לא־אידיאלי, למצוקת הדור, אשר החריף מיום ליום. אז עלה שכר־דיור חדשי לחדר, — בערך 5 ל"י. כלומר: חלק ארי של הכנסה חדשית ממוצעת של איש קטן בלע שכר־הדיור. משום־כך היה צורך באַלטרנאַטיבה „עד לכשירחיב".

יחזקאל לאנדוי ז"ל היה זה, שייכנס להיסטוריה של הזבירצאים בישראל כ„אבי" הצריף, אשר כעבור זמן קצר כונה שמו בישראל: „הצריף הזבירצאי".

אליבא דאמת: יש לתקן, למען ההיסטוריה עובדה, שהיא, לכאורה, דבר „של מה־בכך", אבל יש בה כדי לשפוך אור בולט על לבטי הזבירצאים הראשונים שבאו בשנות ה־20 הראשונות. אנו מדברים על „צריף", אולם ה„צריף הזבירצאי" לא היה אפילו צריף. יחזקאל קיבל מהסוכנות, — כמו יתר העולים דאז אשר דאגו לקצת „תכלית", — בד להקמת אוהל. אבל יחזקאל עבד אז כטייח (הוא עבד אז עבודת־פרך) והוא שקל בדבר: יש בד. נשיג קצת עצים. במקום אוהל נעשה נאַ מסגרות־קירות, שעליהם אפשר יהיה למתוח את ה„ברעזענט" (בד־אהלים).

אמר ועשה. וקם „צריף", אשר כיום הוא נפוץ יותר וקוראים לו בדון. נדמה לי שה„בדון" של יחזקאל היה אז הראשון בארץ, וייתכן שמגיע לו, ליחזקאל ז"ל, אות־הצטיינות על ה„פטנט" שלו.

לבי דווי על יחזקאל טוב־המזג, החבר היקר והמסור, אשר פתיל חייו, שהיו קשים באָרץ, נקפד כה מהר.

* *

ר' שבתי ספיבק היה שר־המשק בצריף, — מראשית השתקעותו בו. נדמה לי, שבתחילה היו בצריף יחזקאל לאנדוי ודויד טורנער („דוטשע", „דודל") ואחר כך נכנס לשם גם ר' שבתי. לאחר שר' שבתי עבר למגדיאל נכנסו, — זה אחר

זה, — שמעון פייגנבלאַט, כותב טורים האלה (ישכר באַרנשטיין — המערכת), אברהמטשע שטיבל, חנוך ערליך, נחמן פרידמאַן, שידלאָווסקי, שלענטשינסקי (היה בא לסירוגין ולן שם), יעקובוביץ ,יאנקעלע ערנפריד, דוד גנענדלמאַן.

את ר׳ שבתי היו מכבדים מאוד כל דרי הצריף, ובכלל כל באי־הצריף הזבירצאים כי הוא ניגש לניהול משק הצריף ב„אידיאה״. נקבע כלל כי אלה שאינם עובדים יהנו מהאספקה הכללית אשר דרי הצריף צורכים.

הוא היה לוקח מצרכים בחנות המכולת. היה מבשל ומכין ארוחות בכל מו־עדי־הארוחות הרגילים. הוא ניהל פנקסנות באופן מדוייק. בסוף השבוע הגיש חשבון כמה צרכו אנשי הצריף במשך השבוע, וגם חלוקת חשבון זה בין אלה שעבדו אותו שבוע.

ר׳ שבתי היה כלפינו כאבא־סלחן. ברם הוא הקפיד והשגיח שלא יחללו את השבת. האוכל נשמר חם משום שמתחתו דלקה מנורת־נפט רגילה.

* *

בין יתר הסידורים האוריגינאַליים בצריף, אשר עליהם יכתבו אולי גם אחרים, היה לנו „שעון־שמש״, כלומר: שמו על „הגג״, שהיה מכוסה ניר־אספלט („טול״). קרש גדול, אשר בו היה נתקע מסמר גדול ששימש כמחוג לתנו־עות קרני השמש ולתנועות צלה. היתה לנו גם מחלקה לגיהוץ. גיהוץ, למשל, הייתי אני עושה עבור „החברה״. צוואָרונים היינו מגהצים ע״י החלקתם סביב זכוכית המנורה הדולקת. חמין היו עושים בקערה לרחצה, שכיסוה במיכסה של חבית־מלט, והיו שמים את הקערה לתנור של מאפיית פינקל.

לאחר שחוסלה שותפות הצריכה, קבלו עניני הצריכה של „החברה״ בצריף צביון אחר. למשל: יעקבאָוויטש, ערנפריד, גנענדעלמאַן היו ישנים עד שעה 12 בצהרים, למען לחסוך ארוחות בוקר. בהגיע שעת הצהרים היו יוצאים למסעדה תימנית בסביבה וסועדים את לבם במרק שבית תבשיל זה היה מכין מפסולת של מאכלים טובים יותר, אשר נשארו לו.

אז חילקו „סיוע״ למחוסרי־עבודה, אבל חברינו לא רצו לקבל „סיוע״ ולהתנוון. הם העדיפו לעבוד, — באיזו עבודה שהיא. רבים מאתנו עבדו במעד־נייה של פינקל ועשו עוגות ועוגיות, שם עבדו: יששכר בורנשטיין, יוסף ויצחק ספיבק, נחמן פרידמאַן, דוד׳ל טורנער, ועוד. היו גם עובדים בשמירה.

אני ושמעון היינו בצריף 4 וחצי שנה.

אותם הימים נפלתי קרבן של אי־דיוק בחיפוש אחרי קומוניסט. היה זה כמה ימים לפני פתיחת האוניברסיטה העברית בירושלים. כיוון שהגיעו מחו״ל ומהארץ אורחים רמי־מעלה וחששו לפעולות של „מופסים״ (קומוניסטים יהודים, מק״י דאז), שטענו נגד האוניברסיטה ויעודה האימפריאליסטי־קולוניזאטורי — עשו השלטונות צייד על קומוניסטים. בין הקומוניסטים היהודים בארץ היה אז

אחד בשם בורנשטיין. עצרו אותי איפוא, בחשבם שאני קומוניסט מסוכן (האם אני נראה כך, ונראיתי ככה אז?).

לאחר אינטרבנציות רבות שוחררתי מהמעצר.

* *

ועוד דבר, — אישי ואינטימי במקצת. ידידי וחברי, שהיו אז חלוצים מובהקים הסתכלו עלי במקצת בחשדנות, באשר הייתי עונד עניבה („דג מלוח", כפי שהיו אומרים אז), ובאשר... התארסתי עם בחורה אשר לא היתה אז בעיניהם... „חלוצה במדה מספקת".

העינינים השתפרו כאשר אשתי, — בנדינאית, — נכנסה למשפחת הזב־ירצאים, סייעה במה שיכלה לכל דכפין והתענינה בצרותיו של כל דצריך.

יש דברים מאותה התקופה — תקופת הצריף, — שאשתי זוכרת טוב בהרבה ממני. זהו סימן שהיא התאקלמה בין 4 קירות הצריף והתייחסה באהדה לדרי הצריף והיא זוכרת פרטים, — כאילו היתה בעצמה דיירת הצריף.

בנים גידלנו וגם זקנו. עברו עשרות שנים, זה בכה וזה בכה. אבל הצריף היה חוויה שרישומה טבוע עמוק בלב כל הזבירצאים הראשונים בארץ, — עד היום הזה...



אַ גרופּע זאַוויערטשער אין תל־אביב אין 1930.

יעקב שלמה פרדס

# התנועה החרדית ומוסדותיה בזבירציה

## א.

### אישים ומוסדות

באתי לזבירציה בעודי ילד, — בשנת תרע״ב, כשנה וחצי לפני פרוץ מלחמה העולם הראשונה. העיר היתה כבר במלוא התפתחותה הכלכלית. בתי־החרושת — ובעיקר בית החרושת ט. א. ז., שהעסיק אז כ־10,000 פועלים, — שגשגו. זבירציה היתה גם אז אבן שואבת שמשכה לקרבה תושבים חדשים — כיהודים, כנוצרים. תהליך זה נפסק עם פרוץ מלחמת העולם בתרע״ד. הכל נשתתק בעטייה של המלחמה. אולם מבחינת ארגון הישוב נזרע הזרע להתפתחות הבאה עם גמר המלחמה.

בפולין העצמאית החלו שוב תוססים חיי העיר, — בכל חוגי האוכלוסייה הכללית והיהודית.

בקרב האוכלוסייה היהודית קמו מפלגות שונות אשר בראשן עמדו אנשים חשובים וידועים.

בסקירתי זו הנני רוצה לציין במיוחד את האישים והאירועים בתוך החוג שהייתי מקורב לו, — היינו בחוג היהודים החרדים שהתארגנו בהסתדרות „אגודת ישראל״.

בראש הסתדרות זו עמד ר׳ הערשל האבערמאַן, מצאצאי „הדזשעזשיצים״ בקרימעלעוו. הוא היה למדן מופלג, גדול בתורה ומחסידי סאַכאַטשאָוו. בלט בחוג זה ר׳ יואל צווייגל, למדן, חסיד ועסקן נלהב. הוא היה נואם בחסד עליון, ממביעי רעיונות האגודה בתוך שכבות העם השונות. לא היתה אסיפה פומבית או חגיגה כלשהי שלא היה נואם בה. בכוח דבורו הלהיב את כל המאזינים לרעיונותיו. הוא היה גם יוזם חשוב למפעלים בעלי ערך בעיר.

בחוג החרדי בלטו העסקנים: ר׳ הענעך כוואַט, למדן וחסיד, מהחשובים שבחסידי גור; ר׳ שמעון קורניצר, איש חסיד מהדור הישן, בעל בית־מרקחת ועוסק בצרכי צבור ובמצוות, — בלי לאות, ביום ובלילה. הוא היה סמל החסד והצדקה. כל שהכירו הרכין ראשו בפניו, — אף בני זבירציה הבלתי־חרדים, הגו לו רגש של דרך ארץ, כי כל מעשיו היו לשם שמים, ללא פניות. ר׳ שימעלע — כך היו מכנים אותו מרוב חיבה, — היה בין מנחה למעריב מלמד פרק ב„עין יעקב״ את הקהל שבא גם לשם כך לבית המדרש. ר׳ שמעון מת מות קדושים בידי הנאצים הארורים. ר׳ ינקום דמו. מפעילי הוועד של „בית



בית הספר „בית יעקב" (מיסודה של אגודת־ישראל)

התלמוד" היה גם ר' לייבל בערגער, בר־אורין, בעל בית חרושת, חסיד ויהודי ירא שמים.



„בית התלמוד"

יש לציין בית ספר ציבורי ראשון, בשם „בית התלמוד" שהוקם ע"י הרב הגאון מ"מ לנדא לפני הקמת בתי הספר הציבוריים ע"י אגודת ישראל ברחבי פולין, — תחת השם „יסודי תורה". בבתי ספר אלה לימדו שעתיים ביום גם לימודי חול, למען מנוע שהילדים יהיו נאלצים, עפ"י חוק חינוך חובה דאז, לבקר בבתי הספר הפולניים.

ואכן הצטיינו העסקנים החרדים בזבירציה בכך שהיו הראשונים בחוגים אלה בפולין שהבינו כי יש לפתוח בית ספר חרדי מודרני, על מנת להציל את הילדים הרכים מידי הורים אשר לא היו „כה חזקים" ביהדות ואשר היו אולי שוקלים למסור את ילדיהם לבתי הספר הפולניים.

התוצאה היתה שבעוד בערים הבינוניות ובעיירות הגדולות לא היו עדיין בתי ספר כאלה, אלא „חדרים" פרטיים בלבד, שגשג כבר בזבירציה בית הספר „בית התלמוד", שהקים את משכנו במרכז העיר (בשוק החדש). ה„חדרים" הפרטיים בטלו כמעט בתקופה זו בזבירציה.

ב„בית התלמוד" קבלו התלמידים את החינוך המקורי, הנאמן לד', לתורתו ועמו. לימדו גם את כל לימודי החול שהיו נלמדים בבתי הספר העממיים הפולניים. הדבר הוכתר בהצלחה גדולה וכולם ראו פירות יפים ממוסד חינוכי זה.

בבית ספר זה לימדו: יעקל מלמד; איטשע מאיר מלמד, נתן פרץ, אבי, ר' יוסף פרדס (יליד סטאַשעוו). תנ"ך לימד יוחנן „לאַדזשער".

ב„בית התלמוד" היו 5 כיתות. גמרא התחלנו ללמוד מכיתה ג'. בכיתה א' לימדו „עברי" וראשית הלימודים בתורה. בכיתה ב' לימדו נ"ך ומשנה. בוחן הכיתות ג', ד' וה' היה ר' זעליג ניימאַן, מחשובי חסידי אלעקסאַנדער.

ב„בית התלמוד" הונהגה כבר השיטה הברוכה של פיצול מקצועות למורים שהתמחו במקצועם. כל מורה ומקצועו. אבי היה בעל מסביר מפליא בגמרא והוא לימד גמרא ב־3 כיתות. תנ"ך, כאמור, לימד ה„לאַדזשער", אשר את שמו שכחתי.

משעה 3 עד 5 וחצי אחה"צ התקיימו לימודי חול לפי התכנית של בתי־הספר העממיים. הודות לכך הכירה הממשלה הפולנית ב„בית התלמוד" כמוסד רשמי היוצא ידי חובתו כלפי חוק לימוד החובה. כל בתי הספר התיכוניים היו פתוחים בפני בוגרי „בית התלמוד". בבית ספר זה לימד מאיר איסעראָוווסקי עברית (בהברה „ליטאית", — הברה ספרדית למחצה). מקצועות חול לימדו האחים יאַנאָוווסקי, — רפאל ומיכאל. שניהם היו „פאטריוטים" פולניים, — בעיקר רפאל, שהתנדב לצבא הפולני, ונפצע קשות בימי המלחמה הפולנית־סובייטית בשנת 1920—1921. כתוצאה מפצעים אלה מת לפני סיום המלחמה הפולנית־סובייטית. בגימנסיה הפולנית היה הוא תלמיד מצטיין בכל מקצועות הלימודים.

עם גמר כיתה ה' נכנסו כמחצית התלמידים־הבוגרים את המוסד, לישיבה שבבית המדרש בעיר.

ישיבת „מגדל עוז"

גם בנוגע לישיבה הצטיינו החרדים בזבירציה והיו יוצאים מהכלל לגבי החרדים בערים האחרות בפולין. בפולין היה אז נהוג שהבחורים שגמרו את „החדרים" הפרטיים ורצו להמשיך בלימודי התורה, — היו נאלצים לנסוע לישיבות שונות בפולין ובליטה. כמעט כולם לא נתחנכו במקומות מגוריהם ונסעו למקומות שבהם היו ישיבות מרכזיות.

בזבירציה נוסדה, כמעט מאז ראשיתה, ע"י בחורים זבירצאים גופא, ללא פעולה מגבוה, ישיבה. בזמני היה שם הישיבה „מגדל עוז" שנוהלה ע"י הבחורים

הקשישים גופא. בראש חבורת בחורים זו עמד ר' יואל צווייגל הנ"ל שפעל ללא לאות כדי לשכלל את הישיבה. על ידי כך נעשתה העיר מקום תורה. הבחורים לא נסעו לערים אחרות כדי להשתלם בלימודי התורה ולמדו בזבירציה.

הודות לכך הלך וגבר קול התורה ובית המדרש המרכזי בעיר היה מלא בחורי־חמד מזבירציה וגם מערים ומעיירות אחרות ששתו ממעייני התורה בזבירציה.

התוצאה היתה שגם בעלי בתים רבים נמשכו ללימוד התורה. ולא פסקה תורה בזבירציה.

## „ש ט י ב ל ע ך"

זאת ועוד: ברוב העיירות שבפולין היה לימוד התורה מפולג לפי ה„שטיב־לעך" החסידיים. כל כת חסידים — בבית תפילתם, וכל חוג, — במקומו.

לא כן היה הדבר בזבירציה: במרוכז למדו בבית המדרש המרכזי ברחוב מארשאלקאווסקא. אמנם, היו, מחוסר מקום בבית המדרש, נותנים שיעור גם ב„שטיבלעך", אבל החלוקה היתה אך לפי הכיתות ולפי השיעור ולא לפי השתייכות התלמידים ל„חצר" חסידית זו או אחרת. כך, למשל, היו ב„שטיבל" של חסידי גור לומדים גם ילדי הורים שהיו מחסידי אלעקסאנדער, סאָכאַטשאָוו, סטריקאָוו.

אם כבר הזכרנו את בתי התפילה של החסידים, את „השטיבלעך", כדאי לציין — ואף ברפרוף, כי איני זוכר את כל הפרטים, — את מספר השטיבלעך ואת האישים ששימשו כגבאים בזמן שהותי בזבירציה.

היו 2 „שטיבלעך" של חסידי גור: אחד היה בשוק החדש, השני — ברחוב האָזשא. באחד מהשטיבלעך האלה היה גבאי רפד בשם ברוין (אח"כ ארגן ר' יאָקל פראַמאַן בית חסידי גור, שלישי במנינו).

גם חסידי אלעכסאַנדער החזיקו 2 שטיבלעך. באחד מהם היה הגבאי — חאַזקל גבאי (את שם משפחתו איני זוכר).

2 שטיבלעך היו גם לראדומסקאים — אחד בבית לייבל בוגאייער, ואחד בבית בעריש שניידערמאַן. באחד מהם היה גבאי משה גנענדעלמאַן.

לסאָכאַטשעוואים היה שטיבל אחד, כנראה. כגבאים כיהנו שם, — אם זכרוני אינו מטעני, — הערשל האַבערמאַן, יואל צווייגל, ר' הענעך באַרנשטיין. נדמה לי כי גם ר' הענעך כוואַט ור' אברהמטשע ראַטשטיין היו מגבאי הסאָכאַ־טשעווער שטיבל.

מלבד זה היה ר' שלומ'לס שטיבעל (הגבאי — אָזשע קצב), ועוד כמה שטיבלעך של חסידים בלי הזדהות עם „חצר" כלשהי.

היה גם מנין של „לינת־צדק״, — ומנין של „עמך״ או ראַדומסק.

סידור זה נתן גושפנקא של מקום תורה גדול, שנתפרסם ברחבי פולין.



## ב.

### ראשי ישיבה ומגידי שעור

בבית המדרש לא היה, כאמור, ראש ישיבה „מגבוה״. היה אך אחראי, מרכז ובוחן תלמידים מכיתה נמוכה לכיתה גבוהה יותר. האחראי, — שאף הוא נשא את התואר „ראש ישיבה״, — נבחר מקרב הבחורים המעולים. כל כמה שנים נתחלפו ראשי־ישיבה אלה. דבר זה היה מהחידושים היעילים והגאותים של זבירציה.

ועוד דבר: הישיבה התנהלה ע״י המורים והעסקנים כל השנים שלא על מנת לקבל פרס.

בישיבה היו 3 כיתות. לכיתה א׳ נכנסו בוגרי ביה״ס העממי „בית התלמוד״ או בחורים צעירים מבחוץ. בכיתה ב׳ למדו בחורים גדולים יותר אשר לימודיהם בגפ״ת וראשונים היו עמוקים יותר, ואילו בכיתה ג׳ למדו כבר בפני עצמם גפ״ת, והשיעור שלמדו כל יום היה פוסקים ו„פלפול״.

בראש כל כיתה עמד בחור אחד כ„ראש ישיבה״, אשר עליו היה מוטל התפקיד להכין לכל יום ויום „מגיד שיעור״, כי היה נהוג שבחורים אחדים חילקו ביניהם את תפקיד הלימוד בכיתה, — כל יום היה בחור אחר „מגיד שיעור״, ובמשך השבוע של חמשה ימות שיעור לימדו חמשה בחורים.

הבחורים הקשישים היו מלמדים בכיתה הבינונית, הצעירים יותר — בכיתה של הצעירים. הבחורים שהיו למדנים מופלגים לימדו בכיתה ג׳ של הבחורים הקשישים ביותר. היה נהוג, שהבחורים שהיו מגידי השיעור בכיתות היו חייבים ללמוד מחדש במסכת שהם מלמדים בכיתתם למען יהיו בקיאים מאוד במסכת שהם מלמדים.

בשנות תרע״ו ותרע״ז היו ראשי הישיבות הבחורים הלמדנים: שלמה דויד וועקסבערג, שמחה מענדל נייגעבויער, שני בני־דוד אשר שמם היה לייבל בוגאייער. הבחינו ביניהם בקראם לאחד „לייבל הגדול״ ולשני „לייבל הקטן״. האחד היה בנו של געצל בוגאייער והשני — בנו של משה בוגאייער. הם היו למדנים מופלגים ובקיאים מאוד בש״ס.

# ערב שבת און שבת אין זאוויערטשע

זאַוויערטשער יידן האָבן פאַרשטייט זיך, אָפּגעהיטן שבת ביי פאַרמאַכטע געשעפטן, ווארשטאטן א. א. ו. אָבער אויך זונטיק איז געווען אַ רו־טאָג. נישט בלויז קריסטן, נאָר אויך יידן, — קלייטניקעס, קליינהענדלער און בעלי מלאכות — זענען געווען געצוווּנגען צו האלטן די געשעפטן פארמאכט.

די יוגנט פלעגט אויסנוצן דעם זונטיקדיקן טאָג אויף עקסקורסיעס אַרום די סביבה. אויך ווייטערע קאנטן; ווי למשל, זאקאָפּאנע, אויצוח; קראקאו; וויעליטשקי האָט מען באזוכט (אדאנק די גרויסע באַן־הנחות, ביז 50%. אין די זונטיקן).

פרייטיק איז געווען דער טאָג פון די ידישע באַלעבאָסטעס: מען שטייט אויף באַגינען, הייצט איין אויוונס, לאָזט זיך אין מאַרק אַריין איינקויפן פיש און פלייש און אנדערע שבת־הצטרכותן. הארט פארמיטיק: קנעטן חלות און געבעקס, קוכנס באַקן; — ווער ביי זיך, ווער ביים בעקער. טשאָלנט פלעגן די באַלעבאָסטעס שטעלן אויסשליסלעך ביים בעקער. דערנאָך — א האקמעסער סימפאָניע: די באַלעבאָסטעס האקן קלאָפּס און געהאקטע פיש.

פאר די חדר־יינגלעך איז געווען א מחיה: געלערנט האָט מען בלויז א האלבן טאָג. מען גייט מיטן טאטן אין די מקווה און די מאַמעס געבן לכבוד שבת ווייסע, בלאנק־אויסגעפּרעסטע וועש און ריינע האנטעכער.

פרייטיק פארנאכט איז געווען דער „סעזאָן" פון די שומרי־שבת (הענעך סרולקע'ס, סרולקע בריגער, שימעלע אפטייקער א. א. וו.). זיי פלעגן אָפּהיטן אַז מען זאָל חס ושלום נישט פאַרזוימען צו פאַרמאַכן דעם קלייט פאַר ליכט בענטשן. גראָד פלעגן זיך, אויף צו להכעיס, יאווען פאר ליכט־בענטשן א סאך קריסטלעכע קונים, — און א פדיון איז א שאָד. פלעגט מען ארויס פון די קלייטן (די „זשאלוזיעס" זענען שוין געווען אויף א העלפט אראָפּגערוקט) און זאָגן די שומרי־שבתניקעס, — יידן אין שטריימלעך, — : „שוין, שוין..." א ווילע פלעגט מען ווייטער האנדלען מיטן קונה, אָבער אז דער מסחר פלעגט זיך פארשלעפּן, פלעגן די קרעמער ארויסטרייבן די קונים. די קריסטלעכע קונים פלעגן טיילמאָל שפּאָטן „וואָס האָט איר אזוי מורא פאר אייער גאָט?" א פאר־מאכעריי און קלאפּריי פון לאָדנס און זשאַלוזיעס. דער סוף איז געווען: אין עטלעכע מינוט ארום זענען די גאַסן, און ספּעציעל די כמעט אויסשליסלעך יידישע מארשאלקאָווסקא גאס, שוין געווען שבתדיק. דורך די פענצטער פלעגט מען זען לויכטן שבת־ליכטלעך — געוויינלעך אַ ליכט פאַר יעדן נפש אינעם הויזגעזינד: פרויען האָבן ליכט געצונדן און א תחינה געזאָגט.

מיין באבע, למשל, פלעגט: אירע אייניקלעך בענטשן, — ווי אויך אַלע קינדערלעך בבלל וואָס זענען ביי אונדז געווען צוגאסט בעתן ליכט בענטשן.

און ערשט דאָס לויפן אין שול, שבתדיק אויסגעפוצט. אין בית המדרש און אין די שטיבלעך פלעגן ייִדן גיין אָנגעטאָן אין זיידענע ייִביצעס און סאַמעטענע „ייִדישע" היטלעך, אַיִּב נישט אין שטריימלעך. שבתדיק ביז גאָר איז געווען דער „לכו נרננה", און נאָכן דאַווענען די סעודה פון פרייטיק־צונאַכטס, מיט זמירות אַדורכגעפלאָכטן און פאַרענדיקט דבקותדיק מיטן בענטשן ברכת המזון. זומער פלעגט מען אין די פרייטיק־צונאַכטסן, נאָך דער סעודה, דער בשפּעדיקער, גיין אין די אַליי, שפּאַצירן איבער די גאַסן, אַמפּערן זיך איבער תורה־פּלפּול, פּאָליטיק און אַנדערע ענינים.

שבת, ביז מיטיק, איז געווען אַ בר־מצוה פייערונג, טיילמאָל אַן „אויפרופן" פון אַ חתן־בחור און טיילמאָל אַ נאָמען־געבן אַ פריש־געבוירענעם מיידעלע. צו אַ ברית־מילה, וואָס איז אויסגעפאַלן אום שבת, פלעגט גיין דער רוב עולם פון דער שול, פונעם בית המדרש און פון די שטיבלעך,— לויטן פלאַץ, ווו דער פאָטער, דער בעל שמחה, פלעגט דאַווענען.

אין די שטיבלעך פלעגט מען פראַווען די סעודה שלישית (אַרויסזאָגן פלעגט מען דאָס „שאַלעשידעס") ביי אַ גלעזל ביר, געצאַפּט פון אַ פעסל, וואָס מען פלעגט פאַרקייען מיט אַ שטיקל הערינג, מיט געזאַלצענע מצה'לעך, באָבעס און אַרבעס.

נאָכן מנחה־מעריב דאַווענען פלעגט מען אַהיימלויפן מאַכן הבדלה, כאַפּן „אַ כזית", און צוריק לויפן אין שטיבל אויף אַ מלווה מלכה.

אין שבת צו נאַכט (אַרויסזאָגן פלעגט מען דאָס „שבייס צונאַכט"), ווען עס איז אויסגעפאַלן דער מולד, פלעגט מען אין גאַס מקדש לבנה זיין.

## „ת ש ל י ך"

איך געדענק ווי אַ סאַך ייִדן, — חסידים און סתם פרומע ייִדן, זקנים און יינגוואַרג, — פלעגן זיך אין ראש השנה צונויפקלייבן אויפן שול־הויף און פון דאָרט גיין אין אַ מאַרש צום טייכל הינטער דער מקוה, כדי דאָרט אָפּצוריכטן „תשליך" („טעשלעך" פלעגט מען ביי אונז זאָגן. אַ רמז אויף אויסליידיקן די טעשלעך, די קעשענעס).

נאָך דער „תשליך"־תפילה האָט דער עולם איבערגעקערט די קעשענעס און געוואָרפן ברייזעלעך,— אַלס סגולה פאַר אָפּטרייסלען אַלע חטאים,— אין טייכל אַריין.

דערנאָך האָט דער עולם געפלעגט זינגען חסידישע ניגונים מיט התלהבות.

מיט אַ גרינגער געמיט פלעגן זאַוויערטשער ייִדן ווידער אַהיימגיין צוריק צו זייערע משפחות און זייערע שטיבער.

# די מקווה

קלאָר אז אויך זאוויערטשע האָט געהאַט א מקווה און א שוויץ־באָד.

יעדען פרייטיק, פון אינדערפרי אָן, האָט מען געקאָנט זען טאַטעס און זידעס, ווי זיי פירן זייערע קינדער און אייניקלעך אין די מקווה אריין. די מקווה איז טאַקע נישט געווען איי־איי, אָבער דער עולם האָט זיך פאַרט געפילט ווי אָפגעוואַשן לכבוד שבת און לכבוד דער גאַנצער איבריקער וואָך.

א גאַר וואַזשנע אינסטיטוציע איז געווען דאָס שוויץ־באָד. דאָרט, אינעם שוויץ־זאַל, איז געווען אויפגעבויט א גרויסער אויוון, ענלעך אביסל צו א בעקער־אויוון, — פון אינעווייניק גוט אויסשאַמאָטירט. דער חילוק איז נאָר געווען אַז אין אַ בעקער־אויוון קלעקט די עפענונג בלויז פאַר אַ פאָר לייבלעך ברויט. דאָ איז זי געווען ברייט, פיר־עקיק און נישט אַזוי טיף ווי אַ בעקער־אויוון. אין דער עפענונג פונעם שוויצבאָד־אויוון זענען געלעגן אָנגעהויפט גרויסע שטיינער, וועלכע דער בעדער פלעגט צוהיצן ביז גלוט פאַר דעם באַנוצן דעם אויוון. עולם איז געזעסן אויף א רושטאָוואַניע פון אדורכגעוויקטע הילצערנע בענק, וועלכע דערמאָנען, להבדיל, די אַמפיטעאַטראַלע בענק פון די היינטיקע קינאָ־טעאַטערס.

די גאָר געניטע „שוויצערס" פלעגן זיצן אויף דער העכסטער באַנק. דאָרט איז געווען גהינומדיק־הייס. איז נאָך נישט גענוג געווען אָט־די גרויליקע היץ, פלעגן זיי זיך צוגעבן קוראַזש: איי, איי, איי און בו־בו־בו, און ווידער; אוי, אוי, אוי, און שפּעטער גאָר בו־בו־בו, יודל (אַזוי האָט געהייסן דער בעדער) יודל—גזלן, יודל—קרוין, דער—באַ—רים דיך, גיב נ... נ... אַ שע—פּע—לע. גיב פאַרע, יודל, איי, איי, איי, — אַ מחיה... יודל, נאָך אַ שעפּעלע. דערבאַרים דיך!".

א פאַרע האָט געבוכעט. די היץ איז געוואָרן אומדערטרעגלעך אויף די העכסטע בענק קינדער האָבן געיאָמערט, ווייל עס איז זיי צו הייס געווען.

אָבער טאַטע און זידעס האָבן נישט געקוקט דערויף. זיי האָבן ווייטער געווישט און געשמיסן די יינגע שנעקעס מיט די בעזימלעך.

גויים האָבן געהאַט זייער ספּאָרט אין די קרעטשמעס. ייִדן, אויסגעקוויטש־טע אויף בענק איבער די גמרות, — ייִדן בלאַסע, אָן געזונטער רויטלעכקייט אויף זייערע פּנימער א גאַנצע וואָך, האָבן אין די ערב־שבתן צוריק באַקומען זייער חיות אינעם שוויצבאָד. דאָס האָט זיי געמוטשט קלעקן א גאַנצע וואָך.

דאָס שוויצבאָד איז געווען א גוטער עקזערציר־פּלאַץ פאַר אונדזערע קומענדיקע מיליטער־העלדן. די פאַרע פון יודל פאַריזערס שוויץ־באָד איז טיף אריין אין די ביינער...

# שואבי־מים

תקופה־תקופה ומקורות פרנסותיה, מקצועותיה ונושאי העמל שבה. כל עיר ועיר, — וטיפוסיה המיוחדים בשדה העבודה. שואבי מים אינם המצאה זבירצאית. הם נושא בספרות, בציור ובפיסול של אמנים יהודיים. המיוחד שבזבירציה הוא כי עיר זו היתה עיר תעשייתית, עיר חדשה מבחינת גילה. השכל היה איפוא נותן שהבתים החדשים יצוידו באינסטלאציה של מים. אך לא מניה ולא מקצתיה. לא היתה שם אינסטלאציה של מים ומכל שכן לא היתה אינסטאַלציה סאַניטארית, שהיו כבר נהוגות באי־אלה רובעים של מספר ערי תעשיה בפולין, אף בגדלה של זבירציה.



שואבי המים בעירנו, אשר לכל אחד מהם היה צמוד כינוי־גנאי, כגון שטאָק, טשופע וכו׳ היו איפוא במידת־מה אנאכרוניזם בנופה של עיר הארובות. ואף על פי כן היו בעירנו שואבי־מים במתכונת הידועה מקדמת־דנא, כלומר: אסל על הכתפים, שני דליי־עץ, אשר מהם נזל חלק ניכר של המים בטרם הגיע ל„בעל הביתטע״. בחורף היו נזילות אלה מגלידות ברחובות. גלדים אלה היו מסכנים את רגליהם וידיהם של הבריות שהיו מועדים ונופלים.

לא ניכנס בפרטי התיאורים של טיפוסים אלה כי ודאי ייחדו להם כבר אחרים תשומת־לב, אבל אלה היו חלק מנוף העיר, ובעיקר של מרכז השוק הישן ובאר המים שבתוך תוכו. לא זו בלבד שדמותם היתה בולטת לעין, אבל עבודתם היו עושים תוך המולה ומריבות־רעים. הם היו מחרפים בקולי קולות איש את רעהו או את טובי העיר ופרנסיה. חכמים גדולים לא היו, אבל עניני הפולי־טיקה המקומית של הגבאים היו נהירים להם. דיבות מדיבות שונות היו מפיצים. פוליטיקאי מובהק היה רודולף הארוך, גרמני מיסתורי בעל קלסתר פנים של הרפורמאטור השווייצי קאַלווין. הוא היה יושב לפני הבאר על האדמה, או על הרצפת סביב הבאר והיה מעיין בעתון גרמני, ואחר כך מסביר בנוסח המיוחד שלו לחבריו או לעוברים ושבים את החדשות. בתחילת הכיבוש של הגרמנים במלחמת העולם הראשונה נעלם באופן מיסתורי, כשם שהופיע כמיסתורין. ריננו אחריו אחר כך שהיה מרגל גרמני כל השנים. ברם, יש רגלים להניח שהיה סקטאַנט גרמני.

את מראה שואבי המים הקבילו חביות העץ בבתים. בחביות היו שופכים המים הזכים והטעימים של מעינות זבירציה. ליד החביות היו מעין כדים („שעפ״ בלע״ז), בדומה לכדים שמשתמשים ככלי קיבול לחלב. ב„שעפ״ היו דולים מים לצרכי הבית, וכן לצרכי שתיה אינדיבידואַלית.

בימי חול היו שואבי המים גובים את התמורה עבור המים מיד עם הבאתם. בשבתות וחגים נתנו „על חשבון״, אבל היו מקבלים פרוסות חלות ודברי אוכל כתגמול.

זכורני כי בשנים האחרונות הכניסו „מודרניזציה״ בתוך עסק המים. היו שואבי מים שהתקינו עגלה אשר עליה חבית עם ברז. שפכו את המים, מלמעלה אל החבית והוציאם דרך הברז. לעגלה היה רתום סוס. לרוב דלפה החבית. עד שמספק המים הגיע ליעודו ניגרו מים רבים מחביתו. עם זה היה זה עסק מכניס יותר מאשר נשיאת דליי־מים באסל על השכם.



# מוסדות צדקה וחסד

## „גמילת חסד"

בעירנו היתה קיימת חברת „גמילת־חסד". שמטרתה היתה לבוא לעזרת יהודים נצרכים בהלוואות קטנות למטרות שונות. הזקוקים קבלו אותן כנגד משכונות בלי רבית, או כנדבה בצורת „מתן־בסתר", כנהוג בקהילות אחרות בפולין. מארגני החברה, כפי שזכור לי, היו: ישעיה שמחה גאנצוויך, הענדל האמער, שלמה באומאן, גרינוולד־האב, קאַפל הענדלער, שמעון פרידמאן ועוד יהודים נכבדים מהעיר. החברה דאגה לאיסוף תשלומים שנתיים וחדשיים קבועים מבעלי־נכסים וסוחרים בעלי יכולת, שהיו בעיר לשם יצירת קרן לחברה. כמו כן אספו תרומות שנדרו המתפללים או תרומות בהזדמנויות אחרות. נשים „צדקניות" היו אוספות כספים בדרכים שונות בעיר. המוסד הזה הפך במשך הזמן למוסד־עזר חשוב לנזקקים בזבירצ'יה.

## „לינת צדק"

מוסד זה שמגמתו היה להגיש עזרה רפואית לחולים נצרכים הוקם, עד כמה שאני זוכר, ביזמתם של: זלמן וויגאָדסקי, ישראל גרינבלאַט, בעריש ניימן, מענדעל קעניגסבערג, מאיר שטאָלבערג, עזל פאריזער, בונים בידערמאן, ורפאל שניידערמאן ומשה'לע ראָטבלום, שהיה בשנים האחרונות פעיל מאוד בחברה.

החברה לוותה לנזקקים מכשירים רפואיים לחולים. חבריה היו מבקרים אצל חולים ומטפלים בהם. היו לנים אצלם ואף היו מגישים מזונות לנצרכים בימי חליים.

מוסד זה היה בעל חשיבות מרובה כיון שבזמננו לא ידעו יהודי זבירציה על אחיות־מטפלות, העובדות בבתים של חולים, כנהוג בזמננו. בית החולים שליד בית החרושת לא קבל חולים לאישפוז, אלא בתשלום. יהודים גם חששו בפני שכיבה בבית חולים. רק במקרים של מחלות מידבקות היתה מתערבת הממשלה והחולים האלה נתקבלו בלי תשלום.

יהודי העיר תרמו במידת יכולתם לטובת המוסד הזה. המוסד העסיק גם רופאים שהיו מבקרים אצל חולים עניים מטעם "לינת צדק".

לחברת „לינת־הצדק" היתה דירה משלה ברחוב האָושא, בה איכסנו את כל הכלים הרפואיים שהחולים נזדקקו להם בימי חליים. קבלו את המכשירים חלף פקדון של חפץ לשם בטחון שהכל יוחזר.

בחברה תמכו גם הקהילה והעיריה הכללית (מאגיסטראט) מתוך תקציביהן.

כן נתקבלו תרומות ממוסדות חוץ. כן היו חברי החברה אוספים כספים בחתונות, בטכסי „ברית מילה" ובכל הזדמנות אחרת.

בשני המוסדות האמורים לקחו חלק פעיל בעלי מלאכה וסוחרים זעירים. הם, אנשי העמל המפרך, אשר ארגוניהם הפרופסיונאליים היה משך תקופה ארוכה קלוש, מצאו בשני המוסדות כר נרחב לפורקן אפרוריות חייהם. כשם שהיו חרוצים בעמלם היום־יומי שהשקיעו כדי לפרנס את משפחתם, — כך גם היו חרוצים בענווה עממית בקיום מצוות „גמילות חסד" ומתן מקום לינה. לא רבים מהם עלו, לדאבוננו, ארצה בשנות העשרים ובשנות השלושים, אבל אלה שעלו הצטיינו בחריצותם גם בעבודתם בארץ. על כך קבלו גם תשבחות העתונות והפרסומים הפריודיים.

להלן, — תמונת ר' יאָסל פייגנבלאַט („יאָסל שוסטער"), שנתפרסמה ב„לוח אמנותי ישראל" (תשי"ג 1952—53), מטעם קרן היסוד, המגבית המאוחדת לישראל.



בלוח האמנותי הנ"ל כתוב: „גם לעת זקנתו הוא חי מיגיע כפיו" תמונה אמנותית זו, שצילם הצלם הידוע הימלרייך, נתפרסמה גם ב„שערים", וכן בקטלוג של ביהח"ר לעורות „העליון". ב„שערים" (בטאון „פועלי אגודת ישראל") הופיעה סקירה על ר' יאָסל, שרבים מבני זבירציה חיבבוהו והוקירוהו על יושר לבו ומידותיו האנושיות־טובות.

**פּפּ. וויטזשיץ**

# בסביבה של מתבוללים

נולדתי בסביבה מתבוללת של פקידי חברת „ט. א. ז.", אבל ביתנו לא היה בית מתבולל. אבי היה יהודי לאומי וציוני. היה לו מאבק קשה עם הפקידים המתבוללים והיה נרדף על פעולותיו והליכותיו היהודיות־ציוניות. יום־יום היה מקבל במשרד, — בשעת ההפסקה לשתיית תה, — עתון ביידיש. העירו לו שלא יעיז להמשיך בכך, אך הוא לא שם לב לרדיפות ולאיומים.

אבי היה סגן יו"ר בחוג הציוני בזבירציה (היו"ר היה מר מאיר פרנק, שהיה פקיד אצל סאיקא במישקוב), והשתתף בכנס הציוני בקאַטוביץ, שהיתה אז עיר גרמנית. איני זוכר את התאריך, אבל זוכר אני שהביא עמו פרסומים ותצלומים רבים.

אבי היה, — יחד עם העסקנים הציונים ר' אברהם בורנשטיין, מאיר פרענק, שבתי ספיבק, ובעלי המלאכה עבער פערציס, זעליג שטיינקעלער מעסער, בראַט ואחרים ממיסדי מועדון בעלי מלאכה הראשון. המועדון היה ברח' מאַרשאַלקאָווסקאַ, מול בית וואַרצמאַן. אם אינני טועה שימש אבי כיו"ר המועדון.

אצלנו בדירה היתה תלויה, מאז אני זוכר, תמונת ד"ר הרצל (שהיתה עשויה מפסוקים עבריים של אחד מספריו). תמיד הראה לנו „שקלים" ציוניים ואמר שזוהי תעודה המוכיחה השתייכות לתנועה הציונית. היה מקבל את הבטאון הציוני המרכזי „די וועלט". בביתנו היו ספרים ציוניים (הרצל, נורדאו), אשר אבא ואחותי הבכירה — כעת היא בניו־יורק — היו קוראים.



קורס לבעלי־מלאכה בפולין העצמאית

אבא נפטר בכ׳ תמוז. יום קודם בא מאוחר מאוד הביתה ואמר שהיה טרוד בארגון יום הזכרון לזכר הרצל. אמר שהוא עייף, והוסיף: „הנני מרוצה מאוד, שעל אף קשיי המלחמה הצלחתי לארגן את האזכרה". לאחר שעה — נפטר. זה היה בכ׳ תמוז והיו מזכירים בעירנו מדי שנה בשנה באזכרות לזכר ד"ר בנימין זאב, את שם אבי.

בשנת 1905 היה ביתנו כמרקחה, והיו בו מכל המינים. אחותי היתה, חברה בס. ד. ק. פ. ל., אחי בפ. פ. ס. ובן־אחותי שהתגורר באופן תמידי בביתנו, — „בונד".

אבא היה מעריצו של הרב לאנדוי, אך היה גם ביחסים טובים עם הרב אברהם׳על גאָנצוויך.

גופת אבי הועברה למועדון בעלי המלאכה. היא הונחה באמצע האולם בארון מכוסה דגלים. מאות יהודים עברו על פני הארון לחלק לאבי את הכבוד האחרון.

בהלווייתו נאמו ה"ה שבתי ספיבק, אברהם באָרנשטיין ומאיר פרנק.

* *

לעומת זה נקח־נא את פקידי בי"ח האחרים:

ברוניאַטובסקי (מוצאו מטשענסטאָכאָוו). היו שם 2 בנים ובת. הבכור לודוויק (כיום בן 73—75, מנהל לשכת האוצר בווארשה), התחתן עם בתו של זילברשטיין. לאחר שנתגרשו התחתן עם לא־יהודיה. השני, מיעטשיסלאוו, אף הוא התנצר. הבת (התחתנה עם פקיד ביהח"ר וועקשטיין מלאָוויטש) — היא ובעלה התנצרו.

לעווינאָוויטש (אומן במחלקת האריגה. מוצאו מליטה). בנו ובתו התרחקו מהיהדות. אביהם היה מתנגד חריף לכל גילוי של יהדות.

העלמאַן בערנאַרד (מטשענסטאָכאָוו) ואשתו נעמי (מלאמזשא). בנו יעזשי (החליף את שמו לגארדא), היה זמר ידוע בפולין, אח"כ מנהל האופירה בוורוצלאוו. כאשר פגשתיו ב־1945 בישיבה מסויימת, פנה אלי בבקשה בל אזכיר את מוצאו היהודי. הבת אירנה התחתנה עם המהנדס סאווינסקי, ציר ה„סיים". שנים רבות היתה נוסעת למנזר ושכבה על הרצפה פרקדן, על מנת לטהר את עצמה על מוצאה היהודי.

באַגאַצקי (מוולאָצלאַוועק), איש יפה־תואר, איש זה הכחיש את יהדותו, בתו התנצרה בגיל צעיר.

ראָזען — כל הבנות התנצרו.

ידועה הפרשה של מארטשין גינסבערג, אשר בנו, תאדיאוש, ניצרו עת גסס כבר.

בביהח"ר היה דירקטור מאמעלאָק (מטשענסטאָכאָוו). הוא שנא כל דבר יהודי־לאומי. לאחר שנוסד „השומר הצעיר" בזבירציה ארגן מאמעלאָק את הארגון הסקאוטי „בערעק יאָסעלעוויטש".

אהרון בנימין (יאַמע) לוגערנער

# אין אַ נישט-חסידיש שטיבל

מיר האָבן געהאַט אַ מנין ביי דער חברה „גמילות-חסד“. דאָרט האָבן נישט געדאַוונט חסידים פון עפּעס אַ רבי'ן נאָר סתם-יידן פון „עמך“.

דער שטענדיקער בעל קורא און בעל שחרית איז געווען דאָרט פישל טורנער. דער בעל־מוסף — וויגדערל דער טאַנדייטער, פנחס וויגדערזאָן און יוניס לוגערנער — זענען געווען גבאים. מענדל ליטוואַק (דער היטל־מאַכער) איז געווען דער למדן פון שטיבל (שפּעטער איז דער למדן געווען בערל שוואַרץ). זיין פאַרגעניגן איז געווען צו עסן אין די „שלוש סעודות“, וועלכע מיר פלעגן יעדן שבת איינאָרדנען. זלמן וויגאַצקי, אַ גוטער בעל־תפילה און אַ ייד אַ גוטער חבר און איבערגעבענער פריינט, האָט געהאַט אַ חזקה אויף די עקן פון די הערינגען. אָפט פלעגט ער זיי אַריינלייגן אין זיין קעשענע, — אַלס סגולה מען זאָל זיי אים פון טיש נישט צונעמען. האָט, טאַקע, אַמאָל געטראָפן אַז לייבל מאַרשעליק האָט אַרויסגעצויגן אַ ווײַנדל פון זלמן'ס טאַש צוזאַמען מיט אַ הויפן לאַנדרין־צוקערלעך. בעת זלמן פלעגט זעך כאַפּן אַז עס פעלט אים פון קעשענע אַ ווײַנדל, פלעגט ער תמיד חושד זיין אין דעם יאָסל די גר'טעס. יאָסל איז געווען אַ גרויסער לץ, אַ פידל־שפּילער אין דער „קאַפּעלע“, וועגן וועלכן מען פלעגט זאָגן אין זאַוויערטשע אַז צווישן די שניידער איז ער דער בעסטער קלעזמער, צווישן די קלעזמערס ווידער — איז ער דער בעסטער שניידער. עס איז נישט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז יאָסל די גר'טעס (יאָסל גרינבוים האָט ער געהייסן) איז געווען אויך אַ שניידער.

היות זלמן און יאָסל זענען געווען גוטע חברים, האָט זלמן פון יאָסלס גנבענען די עקן הערינג, נישט געמאַכט קיין ווען.

אונדזער שטיבל האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַדורכגעמאַכט אַ קריזיס. דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט פאַראָרדנט אַז מען מעג דאַווענען בלויז אין דער שול, אָדער בית המדרש. נאָך השתדלותן איז דערלויבט געוואָרן צו דאַווענען אין דעם בלאַכאַזשס (וואָרצמאַן'ס ?) קאַמעניצע, אויפן 3־טן שטאָק. דאָס הויז האָט זיך געפונען אויף דער מאַרשאַלקאָווסקאַ, אין שכנות מיט קאָפּל הענדלערס הויז.

אין נייעם שטיבל האָבן מיר דערוואָרבן נייע מתפללים. איך בין דאמאלס געווען בעל־שחרית. דער עולם איז זייער צופרידן געווען פון מיין נוסח, — ספּעציעל שימעלע דער שניידער, יוחנן טאַפּעצירער, א. ז. וו. אָבער עטלעכע וואָכן שפּעטער איז ווידער דערלויבט געוואָרן צו דאַווענען אומעטום, האָבן מיר געדינגען אַ פלאַץ ביי טאָלאַך מאַסאַזש אין הויז. אויבן האָט אויך געוווינט

ישראל פאקער (גרינבלאט). ער האָט געהאַנדלט מיט מעבל. בעת דער חתונה פון זיין טאָכטער, האָבן מיר זיך דאָרט שטאַרק משמח געווען. קיין משקה האָט דאָרט נישט געפעלט. מיר האָבן געטרונקען און געשיכורט ביזן טאָג אַריין. דעמאָלט איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַז מענדל ליטוואַק זאָל זיין בעל־קורא, ווייל פישל טורנער איז מער אונדזער חסיד נישט געווען. רפאל שניידערמאַן (האָפּטאַטש) און בעריש ניימאַן זענען געווען די גבאים. יעדן שבת האָבן מיר געפּראַוועט שלש־סעודות מיט פּאָמפּע און התלהבות. עסן איז געווען כדת וכדין, ווייל ירמיהו, יאַקעלע בעקערס זון, האָט מיטגעברענגט אַ זעקס פונטיקע קיקלע, אַבעלע פּאַריזער האָט געברענגט הערינג. זיין ברודער עזל האָט געברענגט באָבעס מיט אַרבעס, קליינע מצה'לעך און רעטעך (דירעקט פון פּילץ). נאָך אידער די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן זענען מיר געווען צו גאַסט ביי רפאל שניידערמאַן. זיין ווייב איז געווען זייער גאַסט־פריינדלעך. אָבער מיר האָבן זיך געמוזט אויפפירן זער עלעגאַנט, אַזוי האָט זי אונדז געלערנט. אַז מיר זענען אַריינגעקומען צו זיי, האָבן מיר געמוזט מאַכן אַ קניקסל, — עפּעס אַזאַ מין „בויג" ווי עס האָט זיך געפירט ביי זיי אין הויז אין גאַליציע (זי האָט פון דאָרט געשטאַמט). ווייל מיר זענען געווען לייטיש האָט זי אונדז מכבד געווען מיט ווייכע באָבעס. מענדלען מיט הערשלען האָט זי געגעבן קולאָקעס (קאַרפּיאַלעס). אָבער מענדל קאַרפּיאַל, וועלכער האָט אויך מיט אונדז געדאַוונט, איז אַלע מאָל רויט געוואָרן, — אַזש זיין געלע באָרד האָט אויסגעזען בלאָס, ווען מען האָט דערמאָנט קאַרפּיאַלעס. דעריבער האָט ער אַלע מאָל געקוקט אין אַ זייט אַז ער זאָל נישט זען ווי זיי שלינגען די קולאָקעס.

אויפן נייעם מאַרק האָט געוווינט אַן אַלטער ייד. מען האָט אים גערופן לייב קירע. ער האָט געפּלעגט חוזק מאַכן פון לייבל מאַרשעליק, אַז צו ביסלעך דרייט ער זיך אַריין אין אונדזער שטיבל. דאָס האָט ער צופּעליק דערציילט זישע מאַרשעליק, וועלכער איז געווען לייבלס קאָנקורענט. אין דער אמתן איז אין זאַוויערטשע געווען נאָך אַ דריטער מאַרשעליק, מיט אַ ציגיינעריש פּנים אין מיט אַ שיינער פיגור. אים האָט מען טאַקע מער גענומען צו אַ שמחה, ווייל זיין בדחנות איז געווען פּראָגרעסיווער און ער האָט פיל געטאָן, אַז די מוזיקאַנטן זאָלן וואָס מער שפּילן און ער זאָל וואָס ווייניקער דאַרפן דרשה'נען. טוביה מיטן טראָמפּייטער האָט אים אָפּט צוליב געטאָן. אַזוי אויך זלמן קלעזמער, נאָך אים, אויפן באַס, ווי אויך יאָסל גרינבוים („די גר'טעס") מיטן פידל. ער איז דעמאָלט געווען דיריגענט פון דער קאַפּעלע. צווישן זיי איז אויך געווען אנשל־יאָמע מיטן טראָמפּייטער, זכריהו מיט דער פידל און נחום מיטן באַס. אין דער זעלבער צייט האָט אויך לייבל דימאַנט געשפּילט אויף חתונות אָבער ער האָט שוין געשפּילט מער אויף רייכע חתונות, ווייל זיין מוזיק איז מער באַשטאַנען פון קלאַסישע און ווייניקער פון טראַדיציאָנעלע חתונה־שטיקער ווי די וואָס די אַלטע כלי־זמרים האָבן געפּלעגט

שפילן. ער, לייבל, האָט דעמאָלט אויך געשפּילט אין קינאָ. ער איז אויך געווען אַ גוטער אַקטיאָר און האָט געשפּילט די פּיעסע „דער ווילדער מענטש". און דערביי פלעגט ער זינגען: „אַז מען שלאָגט מיר טוט מיר נישט וויי". צוזאַמען מיט בעריש ניימאַן, זלמן וויגאָדסקי און אַנדערע האָט ער געשפּילט: „נפתּלי שיינע גיטעלעס" א. א.



אחת מלהקות החובבים בעיר

אויך מיר קורניק־חסידים האָבן אליין — אָן לייבל דימאַנטן — גע־שפּילט. מיר האָבן איינמאָל מוצאי־שמחת תורה פאָרגעשטעלט אַ פּיעסע מיטן נאָמען „טויט־לעבעדיק", — טאַקע דאָסזעלבע שטיק „נפתּלי שיינע גיטעלעס". דאָרט האָט זיך געשילדערט ווי דער שטאָדט־נגיד ר' נפתּלי שיינע גיטעלעס האָט קיין רו‌ געהאַט אויף יענער וועלט נאָך זיין טויט. ער איז געקומען צוריק אין שטאָט אַריין און געבעטן זיינע געוועזענע באַקאַנטע אַז זיי זאָלן אים בייהילפיק זיין ער זאָל אויף יענער וועלט האָבן אַ מקום מנוחה. ווי נאָר ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, איז אָנגעלאָפן אַ מורא. אַלע זענען מיר זיך צעלאָפן צום רב און אים געבעטן אַז ער מיט זיינע דיינים זאָלן עפּעס טאָן וועגן דעם. ווי מיר טענה'ן אַזוי צום רב קלאַפּט דער מת אין לאָדן פונעם בית־דין שטוב. האָבן זיך דער רב, דער דיין און דער שמש זער דערשראָקן און באַהאַלטן זיך אונטערן רב'ס טיש.

די קאָמעדיע איז געווען זער אַ שיינע און אַ לוסטיקע. מיר האָבן דאָס נאָר פאַרגעשטעלט אין פּריוואַטע הייזער, ביי אונדזערע מיט־דאַוונערס, — אמאָל דאָ און אַמאָל דאָרט. זלמן וויגאָדסקי האָט געשפּילט אַלס דער רב, יאָסל די געררטעס — אַלס דיין, שיע קאַסיער — אַלס וואַסרעטרעגער, און אויך אַלס שטאָט־וועכטער, בעריש ניימאַן אַלס שמש ביים רב. אַלס מילך־יידענע האָב איך געשפּילט, ווייל איך בין דעמאָלס געווען דער יינגסטער צווישן דער חבורה און האָב געקאָנט נאָכמאַכן אַ פרויען־שטימע. מענדל ליטוואַק און הערשל ניימאַן האָבן געשפּילט אַלס שדים. דאָס אַלץ האָט אזוי אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1920, — ביז איך האָב פאַרלאָזט פּוילן און אַוועק קיין אַמעריקע.

# יעקב הערש טשעבינער

ר׳ יעקב הערש טשעבינער איז געווען אַזאַ פּאָפּולערע און חיכסיקע פיגור אין אַמאָליקן יידישן זאַוויערטשע, אַז מיר האָבן געפונען פאַר נויטיק צו פאַרעפנטלעכן די פּאָר שורות, געשריבענע פון זיינע אייניקלעך. הגם אויף אַן אַנדערער שטעלע אין דאָזיקן בוך ווערט טשעבינערס געשטאַלט באַשריבן באריכות (זע א. האָניגמאַן — „זכרונות״), — מאַכן מיר צוליב טשעבינערס גרויסע פאַרדינסטן אַן אויסנאַם פונעם כלל, נישט צו געבן לויב־רייד פון משפחה־אָנגעהעריקע צום לויב פון זייערע קרובים.

ווי עס ווייזט אויס, ווייסן טשעבינערס אייניקלעך גופא נישט, — ווי לאַנג „דער אַלטער טשעבינער״, אָדער „איטשעבינער״, ווי דאָס פאָלק האָט גערופן טשעבינערן, האָט געבראַכט זיין אויסגעצייכנטע מעדיצינישע הילף דעם זאַוויערטשער יידישן ישוב. זיי שרייבן וועגן זיין 30 יאָריקער טעטיקייט אין זאַוויערטשע, בעת א. האָניגמאַן באַשרייבט שוין טשעבינערן פון די יאָרן צווישן 1881 און 1898.

(רעדאַקציע)



אונדזער זיידע האָט געוווינט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקא און איז 30 יאָר (1901—1932) געווען ענג־פאַרקניפּט מיטן לעבן פון יידיש זאַוויערטשע.

יעדער זאַוויערטשער געדענקט דעם „אַלטן טשעבינער״, — תמיד אַ שמייכלדיקן, טיילמאָל אַ שטיפערישן וועלכער האָט באַהאַנדלט קראַנקע אין זאַוויערטשע, — סיי רייכע און סיי די אָרעמסטע פון אָרעמע. אָרעמע קראַנקע פלעגט ער זייער אָפט איבערלאָזן געלט פאַר רפואות.

טאָג און נאַכט, — אין זאַוויערטשע, פּאָרעמבע, קרימעלעוו און אין א סאַך אַנדערע שכנותדיקע דערפער און ישובים — האָט מען געקאָנט זען טשעבינערן, וועלכער ברענגט הילף און טרייסט צו קראַנקע.

אַן אויטאָדידאַקט, מיט אַ נישט־דורכשניטלעכער מעדיצינישער אינטואיציע, — האָט ער זיך דערוואָרבן, מיט זיין אָרנטלעך און מאָראַליש לעבן, די אַכטונג און די ליבשאַפט פון די זאַוויערטשער.

זיין לוויה אינעם יאָר 1932 איז טאַקע געווען אַ מאַניפעסטאַציע פון דאַנקבאַרקייט, סיי מצד יידן און סיי מצד פּאָלאַקן פון אונדזער שטאָט דעם „אַלטן טשעבינערן״.

**דינע אייניקלעך**

ר׳ איטשע ערליך

# ר. שמואל סאיקא

ר׳ שמואל בא לזבירציה מזשאָריק. משפחתו לא היתה בעלת יחוס. בזשאָריק כיהן סויקא כמזכיר הקהילה (גמינע).

היו מספרים עליו שקרה מקרה והוא כתב, בזמן כהונתו בקהילה, משהו ביום שבת קודש. הוא חזר בתשובה וקיבל על עצמו, — מאז בואו לזבירציה — כי לא ידבר ביום שבת־קודש כל דבר חולין, אלא בלשון־קודש. כן נדר כי יביא הביתה, מדי שבת בשבתו, אורח שיסעד על שולחנו וילון בביתו; כי יום־יום יאמר לפני התיבה פרקי תהלים של אותו יום, וכי כל בוקר — לאחר טבלו במקוה, כשורה, — הן בקיץ, והן בימים שהחורף בעצם תקפו, — יתפלל בציבור, יתן צדקה ויגמול חסדים. כך גם נהג עשרות בשנים.

כן היו מספרים על ר׳ שמואל: פעם התערבו ביניהם שני פקידים שעבדו בשרות מסילת הברזל על כך שיבקרוהו בביתו בשבת, — האחר טען שיביאו לידי שיחה של חולין, — בפולנית, השני — שלא יביאו.

אותה שעה ששני הפקידים באו לביתו שכב ר׳ שמואל במיטתו והתכונן לתרדמת שבת אחר הצהרים. הם דיברו אליו, והוא הפנה פניו לצד הכותל ולא שח עמם מאומה. כך אירע פעמים מספר בשבתות אחרות, והוא, ר׳ שמואל, שמר לשונו.

אמנם לא היה ר׳ שמואל דברן בלשון־הקודש, גם תלמיד־חכם גדול לא היה, אבל אהוב היה על הבריות והצטיין במידות תרומיות. אף אשתו — אמנם אשה פשוטה, — היתה „בעלת צדקה״.

אומנותו היתה לשמש עורך דין בלתי מוסמך. הוא עמד בפני ערכאות.

בזבירציה הקים ר׳ שמואל בנק להלוואות. השתתפתי באחד מוועדותיו.

עשיר היה ר׳ שמואל. הוא בנה בית בזבירציה, ברחוב שהוביל לתחנת הרכבת (אח״כ רחוב 3 במאי). עת בניית ביתו הקפיד לבל יבנוהו הבנאים הנוצרים ביום השבת, אם כי היה חייב לשלם להם שכר בטלה.

ר׳ שמואל היה עושה אך טובות וחסדים לזולת, אולם, — למרות זה, — היו בעיר מרננים אחריו כי אין הוא עושה כל זה, אלא לפנים, כלומר: אך כדי להתהדר. אך יוהרא יש בו — היו טוענים.

זכורים לי, בקשר לכך, דברי חותני שהגיד לי, לאמור: מכיר אני את ר׳ שמואל שנים רבות, כי י״ג שנים עשיתי בזבירציה. „טוב, — אמר חותני, — בני העיר מרננים אחריו כי מרמה הוא את הבריות? אדרבה, ירמו־נא אלה, המרננים אחריו, כמוהו, — עשרות בשנים. „ייזהרו־נא הם לטבול במקווה טהרה עשרות בשנים — ולא איכפת לי שמרמים אותי. ייזהרו־נא הם לקבל אורח מדי

שבת בשבתו. אם לא ימצאו, ישלחו־נא הם, כמוהו, את בנהים לחפש בכל בתי־התפילה אחר אורח. אדרבא, ירמו־נא הם, כמוהו... וכו׳.

... כך המליץ עליו חותני, — עוד בטרם הכרתי את האיש.

במשך ימות המלחמה סבל ר״ש סויקא עוני ולחץ ככל היהודים; אף היה לו צער גידול בנים. הוא נפטר ביום שני של חנוכה שנת תרצ״ג, שבע יסורים קשים. בן שבעים וארבע היה במותו, — ביום עזבי את זבירציה (ביום כ״ד בניסן, תרצ״ה) לא היתה עדיין מצבה על קברו. תנצב״ה.



**י. רוזנבלום**

## שלום גרנק ז״ל

אישיות מובהקת ורב גוונית ביותר היה שלום גרנק ז״ל. נולד ב־1916 לאביו ר׳ יעקב גרנק ז״ל, יהודי אדוק, חסיד ובעל תפילה בחצר הרבי מקרימולוב.

בעודו נער מתה על שלום אמו. היתמות והמצוקה שפקדו את בית הוריו האמיד הטילו עליו חובות רבים. על אף היותו תלמיד מצטיין נאלץ לוותר על המשך הלמודים ולהתחיל בעבודה. הוא לומד פנקסנות על ידי שעורים בכתב ומקבל משרה בבית מסחר בקטוביץ. הוא שוקד על השתלמותו, מסגל לעצמו את השפה העברית. לבו נמשך לתנ״ך — במיוחד לנביאים. כן הוא אוהב להעמיק בבעיות פדגוגיות ופסיכולוגיות. הוא מצטרף ל„השומר הדתי״ ותוך תקופה קצרה נהיה אחד הפעילים בסניף ומתבלט כמדריך מוכשר ובעל השפעה ניכרת על חניכיו.

בן עשרים, — מחליט שלום להגשים את שאיפותיו החלוציות. הוא עוזב את משרתו ועובר לקבוץ „השומר הדתי״ בוואדאביץ, ומשם לסלאָווקאָוו. גם בקבוץ מתבלט שלום במרצו, במזגו הטוב, בפשטותו ויושרו, ביחסו החברותי לכל הסובבים אותו. לאחר שעשה שנה בקיבוץ הוא נקרא לשרת בצבא הפולני. פורצת מלחמת העולם השניה. שלום משתתף בקרבות נגד הנאצים. הוא מגיע ללבוב עם הנסיגה הכללית של הצבא הפולני, מתחמק מהשבי הרוסי ומתחיל לעבוד בעיר לבוב.

בלבוב מתלקטים אט־אט שרידי תנועתו וההכשרות מפולין הכבושה בידי הנאצים, על מנת להבקיע להם דרך לארץ־ישראל. אחרי חפושי דרך שונים מחליטים הם להסתנן לליטא, כי נראה היה שסכויי העליה מליטא טובים יותר. גם שלום עובר לליטא, יחד עם חברתו, אשר הכיר בסלאָווקאָוו, ואשר אחרי הרפתקאות רבות הגיעה אליו ללבוב. מיד רוכש לו שם עמדה מרכזית במשפחה החלוצית, שהתלקטה בליטא מכל קצווי פולניה. הוא עובד במרכז התנועה וחלקו אינו קטן ב„ייצור״ „רשיונות עליה״ וכן ויזות־מעבר, דרך כל ארצות

המזרח הרחוק (מרוסיה המועצתית, יאפאן, אי בורניאו, סין וכו'). תעודות אלה הצילו אלפי בני נוער חלוצים.

בתחילת שנת 1941 מגיע הוא ארצה ונכנס ישר לקבוצה „אברהם" של הפוהמ"ז, בכפר פינס ע"י כרכור. כאן נפגש שוב עם בחירת לבו, אחרי שקפנדריות העליה הפרידו שוב ביניהם במשך שנה. מקימים בית מאושר בישראל.

כבר בימיו הראשונים בקבוצה הוא מגלה פעילות בשטח הבטחון. הוא עובר בהצטיינות כמה קורסים של „ההגנה" ומקבל סמיכות למ"כ ואחר כך למא"ז. עם עלית הקבוצה להתשיבות לכפר־עציון בשנת תרצ"ג — מתמנה הוא על ידי מוסדות הבטחון למפקד האיזור. הוא פועל רבות (לפי מושגי הימים ההם) בשטח בצורה וזיונה של הנקודה בימיה הראשונים. הוא עושה ימים ולילות בתפקידו, כיוון שהוא רואה מה קשים הם ענייני הבטחון באיזור עוין ומסוכן זה, שלום נאבק קשות עם המנהלים והגזברים — של המשק, — על כל יום עבודה לתכלית אימונים ועל כל פרוטה להשקעות „בלתי־פרודוקטיביות" אלה.

שלום — איש המשק — נאבק גם עם עצמו בשטח זה, ומתוך חשש שמא פעילותו המשקית עלולה להפריע, או להאיט את עבודתו בשדה הבטחון, ושמא הוא אינו מגלה תקיפות מספקת בדרישותיו כלפי מוסדות הקבוצה — הוא מבקש לשחררו מהאחריות על האיזור. אולם גם לאחר שהוא חדל להיות מפקד האיזור, נשאר הוא חבר פעיל בוועדות הבטחון, וכן מפקד הקטע המזרחי של המחנה, — עד ליום נפילת הכפר.

בכפר־עציון עובד שלום בקביעות בענף המטע, — הענף החקלאי העיקרי בקבוצה אף בכך הוא הולך מחיל אל חיל ומצליח. במשך הזמן מקבל הוא לידיו את הנהלת הענף למעשה. שלום מתעמק בבעיות הענף, קורא ולומד בשקידה בלתי מצויה את הספרות המקצועית ומתחיל גם לתרום מפרי נסיונו בענף המטע בהרים. שלום התקשר למטע שלו במידה כזאת, עד שהדבר הפך אצלו לאהבה ממש, לכל עץ בתוך המטע ולנקודה כולה.

ברוך כשרונות היה שלום: מעניני בטחון, המשק והכלכלה, יכול היה בקלות לעבור לשדה החנוך, הספרות והתרבות ולפעול בשטח זה בהצלחה. דוגמה לכך — הדרכתו משך כמה חדשים במחנה הילדים שבאו אז מטהראן. גם פה הצליח מאד להתחבב ביותר על החניכים ומדריכי עלית הנוער כאחד; אפילו בשטח המוסיקה והאמנות, היתה לו ידיעה והבנה. ידע למשוך בעט סופרים מהירה וקלה. מאמריו ומכתביו הצטיינו תמיד בסגנון נאה ושובה לב. בפשטות ובמהירות, בקלות מפליאה ידע בכתיבתו לקלוע למטרה. לכאורה צריך בתור כזה ל„התפש" מהר מאד לתפקיד מרכזי. על אף כל הפתויים והסיכויים ל„עלות" לתפקידים מרכזיים בקבוצה ובתנועה הקבוצתית, הודות לכשרונו, — לא רצה בשום אופן לצאת מאחורי העצים והמחרשה. על אף כשרונותיו הרבים וידיעתו הרחבה בשטחי חיים שונים, נשארה בו מדה רבה של פשטות ותמימות.

למשפחה היה קשור מאד. הבין את עולם הילדות וידע להשפיע ולחנך

את ילדיו אף בגילם הרך ביותר. היה בעל ורע נאמן לרעיתו .אב מסור ומחנך שהדריך והוביל את משפחתו ביד בטוחה בדרך החיים.

הגיעו ימי המבחן הקשים, ימי מלחמת שהחרור. גוש עציון היה במצור מלא. את הנשים והילדים פינו כבר והעבירו לירושלים. שלום מכיר את חומר המצב ושוקל אותו בעין פקוחה, בלי רגשות ו„סנטימנטים", נוכח עניבת החנק, המתהדקת סביב הגוש ונוכח דלות כחות המגן, הוא תובע צעדים נמרצים להצלת הגוש. ברם, כחיל בעל משמעת הוא גם יודע שלא עליו לחשוב את המחשבה עד תומה. „אנו ממלאים פקודה — הוא כותב בימים האחרונים — זוהי עמדה קדמית של ירושלים! אנו שומרים על חומותיה".

במכתבו האחרון לאחותו, ימים ספורים לפני נפול כפר עציון, כותב הוא: „למעשה מדינת ישראל הפכה כבר למציאות. לא בחדרי הישיבות היא תקום. בשדה הקרב, במחיר טובי בני הישוב היא קמה לתחיה. איני יודע אם יתן לי אלהים לחיות במדינה החפשית, אולם בטוחני שילדינו יזכו בכך".

ביום ד' באייר תש"ח — יום לפני ההכרזה של המדינה — נפל בגבורה כמפקד הקטע המזרחי של כפר עציון.



יוסף ליפמן

## אברהם דפנר ז"ל

אברהם דפנר, מנצולי מחנות ההשמדה של הנאצים, בא ארצה דרך גרמניה בשנת — 1947 (עליה בלתי ליגלית) אחרי היותו כחודשיים בתל־אביב, מחליט שאין לחיות הלאה בצורה כזאת והחיים בעיר נמסו עליו בפרט העירוניים, בחיפוש אחרי חיים תוססים, מלאי עתיד ותוכן — החליט אברהם להצטרף לקבוץ ובלי מחשבות יתרות ארז את חפציו הדלים ועלה ירושלימה בכיוון לכפר־עציון, קבוץ של הפועל המזרחי, שם רק מצא את מקומו הנכון. אבל הגורל האכזרי לא נתן לו ליהנות זמן רב מימיו המאושרים, הוא נהרג עם קומץ חבריו בהגנה נפלאה על הנקודה המרוחקת והמבודדת נגד אלפי אויבים.

עם דמו הצעיר נשפך ארצה דם אחרון של משפחתו והתמזג עם אדמת המולדת, שחלם אודותיה כל זמן היותו במחנות רכוז.

הנני חושב, שבתור גבור בישראל מגיע לאברהם דפנר פרק מיוחד בספר על אודות עירנו זבירציה.

בדם ואש, בהרג ובחנק נספו יקירינו בני זבירציה והסביבה, אשר שמותיהם מסיבות מסויימות לא הגיעו אלינו, והמשפחות שנמחו כליל ולא נשאר מהם זכר

# נזכור-נא לעולמי עד

את הקרבנות הקדושים והמעונים של חית-הטרף הנאצית, בהשתוללה על אדמת פולין הרמוסה

ה ו ע ד

---

אין בלוט און פייער, דורך מאָרד און דערשטיקונג זענען אומגעקומען אונדזערע טייערע זאַוויערטשער, וואָס זייערע נעמען זענען צוליב אומבאַקאַנטע סיבות נישט אָנגעקומען צו אונז, אונד די משפחות וועלכע זענען פאָלשטענדיק אָפּגעמעקט געוואָרן און עס איז נישט געבליבן קיין זכר פון זיי

# לאמיר אייביק געדענקען

ד ע ר ק א מ י ט ע ט

בהזכירנו נשמות הקדושים והמעונים בשדמות פולין המנואצת, שנספו על קידוש האתמול נטול־תקווה בגולה, בל ייעדר זכר גבורינו וחללינו שנפלו בשדות ארץ־ישראל המתנערת על קידוש המחר, המבשר תקוות והגשמה במולדתנו, המחדשת ימי נעוריה. הם נפלו בשדה הקרב, במחתרת ומכדורים אויבים־מרצחים.

נזכור נא זכרם של:

ארליך ישעיה

בלאַט צבי יהודה

גראַנק שלום

דפנר אברהם

ספיבק עזרא

קולין ברוניה

קראוזמאן אריה (לולק)

ריטרבנד שלמה (מפקד המחתרת עמוס)

רייזמאַן טוביה

ת. נ. צ. ב. ה.

## רשימת־יזכור
## יזכור־רשימה

**אורמאן:** יוסף, מלכה, משה און מרים

**בזשעזשינר** (מלאזי)**:** זעליג, מלכה, גיטל

**גאַרניעץ:** נתן, חנה רויזע, פראניא, פייוול, אסתר פריווע, תמר, אנדזשיא, יאדזשיא, חנוך

**גראסמאַן:** טויבעלע, יוסף, מרים, משה, יצחק, חיה, אברהם

**גרייצר:** דב, אסתר, יצחק

**הברמן:** צבי, אסתר, זהבה

**האַלאַנד:** שמואל נתן, גיטל, יעקב, מרים, משה, שיינדל, פנחס

**וויעלגוס:** יצחק, מלכה, פערל־לאה, מאַניע, פישל ומשפחתו

**זאקס** (טשעבינער)**:** רבקה, ישעיהו (סעלים)

**זיסקינד:** יענטל, יצחק, מיכאל

**יאכעטזאן:** יחזקאל, רבקה, גולדה, משולם, אלתר־בן־ציון, העניא

**כאבא:** יעקב, טויבע—טובה, חנה, דינה

**כוואט:** חנוך (הענעך), לאה; לייבל, אהרון, פינטשע, פייוול, מרדכי, פריידל ומשפחותיהם; חנה, פערל

**ליפמאן:** שמשון־שאמשל, מייטעלע, אברהם, נתן

**מעסער:** יוסף, חיה, יהודה משה

**נארצים:** נתן, חנה, פרומעט, ירחמיאל, חיים נייבערג ומשפחתו

**ניטשאזש :** חנן, צפורה, יעקב־יצחק, דוד

**נייגעבוירן :** שמחה, חיה גיטל; בתם לאה, בניהם אברהם, יהודה אהרון

**ניימאן :** חיים, פריידל, רייזל, ראכטשע, גיטל, אברהם

**סאיקה־סויקה :** יוסף; דאברא (מבית אפנהיים); הענעך (העניעק); קריינדל ומשפחותיהם

**סציגובסקי** (סויקה); חיה ומשפחותיהם

**זילבערשטיין :** בעריש ומשפחותיהם; אברהם, בנימין ומשפחותיהם

**סענדעראוויץ :** פראניא, שמחה

**פינקוס :** שלמה, רחל, אברהם

**פישער :** שלמה, טובה; בתם בעלא וחתנם פנסס זילבער, שטיין ובנם אלוש

**צוקערמאן :** אבא, צירל, יצחק, יחיאל ומשפחותיהם, בתם פעסל שפיגלמאן ובתה

**קנאָבלער :** וואָלף, רייזל, פיניע, הינדל, ירחמיאל, לאה, הירשל, משה, מאָטל

**קראוזמאן :** חיים־יקותיאל, הינדל, בתם שרה לאה שוואַרצבוים

**ראזמארין :** גנענדל ומשפחתה.

יחד עם המשפחה השכולה הננו מבכים את מותו ללא עת של מזכיר ארגוננו האהוב על כולם

# ר׳ אברהם זאקס ז״ל

הוא הקדיש הרבה מזמנו, וגילה מרץ ומסירות למען הפעולות המשרדיות של ארגון יוצאי זבירציה

לדאבון־הלב התנכר לו הגורל המר ולא זכה לראות את „ספר הזכרון ק״ק זבירציה והסביבה״, בעוד שהוא היה הראשון שהטה שכם למשימה זו.



צוזאַמען מיט דער פאַריתומטער משפחה באַוויינען מיר דעם פריצייטיקן טויט פונעם באַליבטן מזכיר פון אונדזער ארגון,

# ר׳ אברהם זאקס ז״ל

ער האָט מיט גרויס איבערגעבענקייט זיך געווידמעט דער מי־פולער טעטיקייט לטובת דעם ארגון יוצאי זבירציה.

לײדער האָט דער ביטערער גורל אים פריצייטיק אַוועקגעשניטן פון אונדז און דערמיט גורם געווען אַז ער האָט נישט זוכה געווען צו זען דעם „ספר הזכרון ק״ק זבירציה והסביבה״, צו וועלכן ער האָט דער ערשטער צוגעלייגט אַ האַנט.

ה ו ע ד

# לזכר עולם

גל־עד לנשמות יקירינו שנספו, בהשתולל החיה הנאצית על אדמת פולין

אַ מצבה פאַר די נשמות פון אונזערע טייערסטע, וואָס זענען אומגעקומען בעתן ווילדעווען פון דער נאַצישער בעסטיע אויף פוילישער ערד

---

**ר' מרדכי ופרימעט לבית (מילשטיין) קראַוויעץ ז"ל בניהם אברהם ובערל**

המתאבלים:

קלמן ומירעלע (לבית קראַוויעץ) מינץ מאָנטרעאָל, קאַנאַדע

**ר' שלמה וחנה (לבית קראַוויעץ) מיעדזינסקי. בניהם זאב ובעריש ז"ל**

השרויים ביגון:

גיסו ואחיה יהודה קראַוויעץ, מאָנטרעאָל קאַנ.

**ר' שלמה צבי גאַלעזנער ז"ל מלאָזי בתו שרה קריינדל**

המבכים מרה:

בנו יעקב גאַלעזנער מאָנטרעאָל, קאָנ. בנו יוסף־יצחק (ישראל)

**ר' משה אהרן ופייגל (לבית אורמאַן) דובלין, בניהם פנחס, הענעך, ויצחק. בנותיהם פרימעט, וחיה**

המתאבלים:

בנם ראובן דובלין, מאָנטרעאָל, קאַנ.<br>
בנם שלמה דובלין ניו־יורק אמעריקא

**ר' משה לייב עדעלמאַן, בנותיו: סאַלי, בת ט"ו, העלא, בת י"ג ופאַני, בת ט' ז"ל**

השרויים ביגון:

בנו אברהם אליעזר עדעלמאַן, מאָנטרעאָל, קאַנ.<br>
בתו פרידא (לבית עדעלמאַן) דובלין, מאָנטרעאָל, קאַנ.<br>
בתו גיטל עדעלמאַן

**ר' אהרן ורחל וויערבסקי ז"ל מלאָזי, בנותיהם: גיטל, וקריינדל (גאַלענזער) בנם חיים**

המבכים מרה:

בנם יהודה וויערבסקי, מאָנטרעאָל, קאַנ.<br>
בתם אסתר (לבית וויערבסקי) ראָזענגאַרטען, מאָנט. קאַנ.

ר׳ יהודה ודבקה כוואַט ז״ל, בניהם: ישעיה, נח, ומנחם,
ובנותיהם: חנה, צביה, שיינדל, ונחה

המתאבלים:

יהודה והעלא (חיה) (לבית כוואַט) וויערבסקי, מאָנט. קאַנ.

ר׳ אברהם באַרזיקאָווסקי ז״ל, בניו: חיים, ודב־צבי, בנותיו:
אלטע דבורה, ורייזל, כלתו שרה (לבית לויפר)

השרויים ביגון:

יהושוע ומרים (לבית שטולבערג) באַרזיקאָווסקי, מאָנט. קאַנ.

ר׳ מאיר ובילה שטולבערג ז״ל, בניהם: שלמה, ושלום,
בנותיהם: חינדע, ופערל

המבכים מרה:

אבא ורבקה (לבית הורנשטיין) שטולבערג, סאָסנאָוויץ, פוילן
יהושוע ומרים לבית שטולבערג) באַרזיקאָווסקי, מאָנט. קאַנ.
שמולעק ורייזל (לבית שטולבערג) רידלער ניו־יורק אמעריקא

מרת הינדא פויגל ז״ל, בניה: יחיאל דב, ואבא,
בנותיה: אסתר, ורבקה

המתאבלים:

יעקב מאיר ופעסל (לבית פויגל) זילבערגולד מאָנט. קאַנ.

ר׳ פנחס ודאבריש (לבית דרעזנער) מייראוויץ, בנם שלמה ז״ל

השרויים ביגון:

בנם יעקב משה זילבערגאָלד מאָנטרעאָל, קאַנ.

ר׳ דוד ורבקה (לבית זילבערגאָלד) מאָשקאָוויץ מלאָזי, בניהם
שלמה, אברהם, משה, שמחה, ויעקב, בתם: דאבר

המבכים מרה:

נכדם יעקב משה זילבערגאָלד, מאָנטרעאָל, קאַנ.

**ר׳ ראובן ופייגל זעלקאָוויץ ז״ל, בניהם: יעקב, ומיכאל,**
**בנותיהם: חוה, ומרים**

המתאבלים:

בנם דוד זעלקאָוויץ מאָנטרעאָל, קאַנ.

בנם מנחם זעלקאָוויץ, חיפה, ישראל

**ר׳ שמואל ופריידע הענדל האָכבערגער ז״ל, בניהם: צבי,**
**ודוד־לייביש, בנותיהם: רייזל, אסתר, ובראָניאַ**

השרויים ביגון:

משה האָכבערגער מינכען, גרמניה

ישעיה האָכבערגער ניו־יורק אמעריקא

אפרים האָכבערגער, מאָנטרעאָל, קאַנ.

**ר׳ יוסף ויוטע געלע סטאַשעווסקי ז״ל, בניהם: שמואל ברוך,**
**אברהם בער, וזאלמע, בנותיהם: רבקה, ורחל לאה**

המבכים מרה:

אביש ובראָניא (לבית סטאַשעווסקי) טראפער, מאָנט. קאַנ.

מנשה וגיטל (לבית סטאשעווסקי) טענענבוים, רמלה, ישראל

**מרת טובה שטיבעל ז״ל, מקרימעלעוו, בניה: חיים, אליעזר, ומאיר**
**בנותיה: רחל, געלע, וחיה**

המתאבלים:

יעקב שטיבעל, קאַטאָוויץ, פוילן

יהושוע שטיבעל, מאָנטרעאָל, קאַנ.

אברהם שטיבעל, מעלבאָרן, אויסטראַליה

**ר׳ מאיר ובריינדל פערעלמוטער ז״ל, בנותיהם: שרה פייגל, גיטל**
**חתנם: ישעיה פלאָווגער**

השרויים ביגון:

אלתר וחנה לובה (לבית פערעלמוטער) שפיגעלמאַן, מאָנט. קאַנ.

**ר׳ חנוך ופיגל דייך ז״ל, בנם: חיים, בנותיהם: גיטל, חיה, ולאה**

המבכים מרה:

ישראל ואסתר (לבית דייך) שוואַרצבוים, מאָנטרעאָל, קאַנ.

**ר׳ חיים יוסף ושרה שוואַרצבוים ז״ל, משציעקאָצין, בניהם: צבי, ואברהם, בתם: רבקה, כלתם: חיה בילה**
**נכדיהם אליעזר ליפה, שמואל, ומאיר**

המתאבלים:

ישראל ואסתר (לבית דייך) שוואַרצבוים, מאָנטרעאָל, קאַנ.

**ר׳ נתן וציאַרנא טיפענבערג ז״ל, מקרימעלעוו, בניהם: אברהם אייזיק, שלמה, אלחנן**

השרויים ביגון:

דוד ושרה (לבית ברענער) טיפענבערג, מאָנטרעאָל, קאַנ.

**ר׳ אברהם ורייזל זלאַטניק, ז״ל, בניהם: יואל, ברוך, ואלימלך בתם: ליבטשע**

המבכים מרה:

מרדכי זלאָטניק, מאָנטרעאָל, קאַנ.

מענדיל, ומשה זלאָטניק, פאַריז, צרפת

יעקב דוד ואסתר (לבית זלאָטניק) גאָלדשמיד, פאַריז, צרפת

**שרה עטל שלעכטער ז״ל, בנותיה: פייגל, וחיה, נכדה: פעסל לאה**

המתאבלים:

מרדכי שלעכטער, מאָנטרעאָל, קאַנ.

מאיר זלמן שלעכטער, וואַלענסיאַן, צרפת

**שלמה וחנה (לבית קראַוויעץ) מיעדזינסקי ז״ל, בניהם: זאב, ובעריש**

השרויים ביגון:

קאַרל ועלקע (לבית קראַוויעץ) קאַרלס, מאָנטרעאָל, קאַנ.

אלטע נחה (לבית קראַוויעץ) קאהן, ניו־יורק, אמעריקא

## מזכרת אבות
## שלום ואסתר איסרובסקי ז״ל
נאמני ציון בכל להט נשמתם





אספו אל עמם: האם י״ט אייר תש״ח
האב ל׳ ניסן תש״ט
מנוחתם עדן באדמת המושבה מגדיאל

**צאצאי המשפחה שנספו בשואה**

יחיאל אלתר, רעיתו בלצ׳ה מבית טור־גובניק ובתם נעמי חנה ובעלה יצחק גולדמן, בנם שמואל ובתם צפורה
זכרם לא ימוש לעד





---

## צום אנדענק

פון מיין אונפארגעסלעכן חבר

**יצחק גאָלדמאַן און פאַמיליע**

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים.

חידמעס אָט־די שורות אין אונזער יזכור־בוך
חיים טורנער

שיקאַגאָ.

## יזכור השם

די פאַרשניטענע (אומגעבראַכטע) אין זייערע בעסטע יאָרן דורך די נאַצים

טעכטער, שנורן, איידעמס, אייניקלעך און משפחה פון

# שמשון מאיר ז״ל און רבקה ז״ל טורנער

מירעלע און אברהם פראַמאַן, זייערע קינדער משה צבי, שמשון מאיר און ברכהטשע מיט מאַן און קינד

אסתר (עדזשע) און אלימלך פייגענבוים מיט קינדער עקיבא און שמעון מאיר

זיסעל (זאשע) און פנחס פייגענבוים מיט צוויי טעכטערלעך געניא־מאכילקע

רחל (רוזשע) און בערל צוויג און טעכטערל פעלא

אדעלא און חיים ראטמאן

חנה׳קע (אנדזשע) און איר פריינד יעקב ערליך

חיה (העלא) די פרוי פון אלעקסאנדער און מוטער פון עמוס

דבורה (דאַרקע) און טעכטערל לענושא (לאה) די פרוי פון חיים

שלמה בראף און קינד שמשון מאיר, דער מאן פון איטקע בראף

אברהם יוסף, מירעלע און זאשע שווארץ

אברהם און איטקע האבערמאן מיט קינדער ישעיהו און ניושע

פרוי, קינדער און אייניקלעך פון הרב שמואל אהרן פרדס ז״ל

השם ינקום דמם!

המתאבלים:

**אלכסנדר, חיים, משה און עמוס טורנער**

**איטקע בראף**

שיקאַגאָ, פאַראייניגטע שטאַטן.

**צום 20־סטן יאָרצייט פון אונזער פאָטער**
**און צום 15־טן יאָרצייט פון אונזער מוטער**

## עזרא ישראל בן ר׳ אהרון ז״ל זייפמאַן
## לאה בת ר׳ ישראל מאיר ז״ל באָרנשטיין

**צום אומקום פון:**

**משפחה זיפמן:** אברהם, גאלטשא, חיה־רחעלע ועזרא׳לע; ירמיהו ובריינדל; משה וריבה ובניהם.

**משפחה באָרנשטיין:** זיסמאן ושרהביילא; אבא ורחל ובניהם.

**משפחה יוטקעוויטש:** יצחק ומרים ובניהם

**משפחה פרידמאַן:** יחיאל ויוטל ובניהם

**שנהרגו על קידוש השם ע״י הנאַצים**

יעדער זאַוויערטשער האָט צו דערציילן אַ סאַך. מיר ווילן אין קורצע שטריכן באַשרייבן די אומאויפהערלעכע טעטיקייט פון אונזערע עלטערן אין זאַוויערטשע. זכרונות מישן זיך אין קאָפּ, ווי בלעטער אין אַ בוך. די גאַנצע משפחה און פריינט זענען נישטאָ מער מיט אונז. זיי זענען אומגעקומען אין אוישוויץ. פאַרניכטעט זענען די פּראַקטיקע אינסטיטוציעס, — די גמילות־חסד קאַסע און באַנק ספולדזשעלטשי, — אין וועלכע אונזער פאָטער איז געווען מיטבאַגרינדער. אונזער פאָטער איז געווען דאָזאָר אין דער קהילה, גבאי אין דער חברה קדישא. ער איז געווען אַ קרוב און אַ תלמיד פונעם סאָכאַטשעווער רבי׳ן. הגם שווער געאַרבעט און געהאַט ווינציק צייט, האָט ער געלערנט אַ שיעור מיט בחורים אין שטיבל. תמיד, און דער עיקר פאַר יום טוב, האָט ער געדענקט וועגן אַ בכבודיקן מתן בסתר פאַר זיינע נויטבאַדערפיקע פריינט. אויפן קראַנקן־בעט האָט ער אָנגעשריבן אַ ספר וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן מיט דער פאַרניכטונג פון יידיש זאַוויערטשע.

פאַר זיין פטירה האָט ער געמאַכט אַ צוואה אים נישט מספיד צו זיין, נישט צו שטעלן אַ גרויסע מצבה. בעת זיין קראַנקהייט האָבן אים געהאָלפן די פריינט: שלמה יהודה ראָזענצווייג, יואל צווייגל, מרדכי הלל ווינדמאַן, משה חיים ראָזנבלום, הירשל ראַפּאַפּאָרט, ראובן דאפנר, נחמיה באָרנשטיין און זיין זון נטע פייוול באָרנשטיין אין ווין. אונזער מוטער האָט מיט איר גרויסער אָפּפערוויליקייט דערמעגלעכט דעם פאָטער ער זאָל לערנען. זי האָט אונטערשטיצט קרובים, פריינט, בכבודיקע קראַנקע, אָרעמע מענטשן. זי האָט חתונה געמאַכט מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי אונז אין שטוב. איר גורל איז געווען ווי אַלע יידנס. זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר איי‌ניקל חיה רחלע. אונזער ברודער — דעמאָלט נאָך יונג, — אַ בחור פון גוטן כאַראַקטער און האַרץ. ער האָט נאָך גאָרנישט געהאַט גענאָסן פונעם לעבן. אין די רייען פון פוילישן מיליטער איז ער אין די מלחמה־טעג ניצול געוואָרן, אָבער ער איז אומגעקומען מיט אַלע יידן.

שיקאַגאָ, 1958. אייער אָנדענק וועט תמיד בלייבן הייליק אין אונזערע הערצער

טאָכטער: פייגל שאַמשאַנאָוויטש
זון: ליפּא זייפמאַן

## צום אנדענק

פון מיין מוטער



# אסתר קאראך ז״ל

פון דער היים **פראדעלסקי**

**וועלכע איז געשטאָרבן אין אירע בליענדע יאָרן**

דער אין טיפן טרויער פאַרבליבענער:

**ד״ר א. קורח ומשפחתו (אַמעריקע)**

---

## צום אנדענק

**פון מיין פאָטער ע״ה שמואל בער פראדעלסקי**

**מייך ברודער: יוסף מענדעל פראדעלסקי**

**מיין שוואָגער און שוועסטער יאסקע יאסקאָוויץ פרוי קינדער און פאַמיליע**

מיט הייליקן ציטער פאַר זייערע מאַרטירער־קברים
שטייט און וויינט

**גיטמע פראדעלסקי, שיקאַגאָ**

---

**לזכרון־נצח**

**של הורינו היקרים: חיים ומרים;**
**אחינו ואחיותינו היקרים:**
**דב, אסתר, שפרה**
**שנרצחו ע״י המרצחים הנאציים**
**ונספו בשואה.**
**לנצח לא נשכח את דמם הטהור**
**שנשפך על לא עוול בכפיהם**

**משה אולמר ומשפחתו**
**ישראל אולמר ומשפחתו**

**לזכרם של**

**הורי: ישעיהו מנחם ומרים**
**ארנפריד; אחי: יעקב; אחיותי:**
**שרה־לאה והענעלע־בריינדעלע —**
**ולזכור יתר בני־משפחתי האהובים**
**שנספו בשואה הנאצית.**

**השריד היחידי מהמשפחה:**
**אברהם ארנפריד ומשפחתו**

## ארץ, אל תכסי דמם

### לזכר משפחת בני אברהם ומשפחת פנחס זליג שוואַרץ

א ב י מורי אברהם ישכר בן ישראל הלוי; א מ י רחל בת יעקב דוד ז"ל; א ח י: אפרים אליעזר פישל ואשתו לאה בת מרדכי; ב נ ם: אברהם ישכר בעריל; בנותם: בעלא, יטל; א ח י: חיים מאיר ואשתו פייגל בת פנחס זליג; בניהם: אברהם ישכר, פנחס ואהרון; א ח ו ת י: אסתר, בתה לאה; א ח י: יהושע נטא ואשתו גיטל בת אברהם; בנותם: גילדא, יטל; אחיהם: ישראל ראובן; ידידי: משה בן ישעיה רוזנברג ומשפחתו; חתנן: ר' בעריש פרייבערג; ידידי: ר' יחיאל בן יהודה מנחם פאריזער ומשפחתו; ידידי ר. יצחק בן אריה הלוי פאריזער ומשפחתו; ישכר ורחל שווארץ הי"ד; שרה רייזיל שוואַרץ הי"ד; חותני ודודי: פנחס זעליג בן ישראל הלוי; אשתו שרה רייזיל בת ר' דוד שלמה ז"ל; בנם: יצחק אהרון ואשתו חיה; בנם צבי; בתם: יטל; בת פנחס זליג; בנותיה: רחל, חנה; אשתי היקרה רחל (רוחצ'ה); בנינו: אברהם, ישכר, בעריל; בנותינו: בעלה, יטל, חנה, ינטעל; דודי היקר: ר' זאב (וואָלף) רוטהולץ; דודתי טויבה וכל משפחתם מזיאריק; בניהם יהושע דוד, מנחם מנדיל; ודודי ישראל; בנו דוד שלמה מקרימעלעוו ומשפחתם.

אבי מורי, אברהם ישכר בערל בן ישראל הלוי שוואַרץ, נולד בוולאָדאָוויצע, הסמוכה לזבירציה. אחיו, פנחס זליג שווארץ היה מהמיסדים הראשונים של מסחר העצים בעירינו. אבי מורי ז"ל נהרג במלחמת העולם הראשונה בשנת תרע"ו ביער סעוויערז ע"י שודדים. אמי מורתי, רחל בת יעקב־דוד, מבית פאקטארסקי, נשארה אלמנה עם תשעה ילדים קטנים. היא גידלה אותנו ברוח התורה ומסורת האבות, ולחיבת ציון. אחי הבכור, אפרים־פישל־אליעזר, ואני הלכנו בדרכי אבינו במסחר־העצים וזכינו להגיע מעלה־מעלה. היה לנו בית־חרושת לעצים וארגזים, בו עבדו יהודים רבים. ביתנו היה פתוח לרווחה.

אחי אפרים־פישל־אליעזר היה עסקן ציבור בעירנו, — עד שבאו הנאצים ימ"ש והשמידו יהודים בכלל ובפרט בעירנו. אחי חיים־מאיר היה הקרבן הראשון מבני משפחתנו. הוא נהרג ביום ו' תשרי תרצ"ח בקראַסניבראָד, -פלך לובלין. בנו אברהם ישכר נהרג בקאטאָוויץ על משמרתו במחתרת נגד הנאצים. אחרון־אחרון חביב, בני יקירי, — בן־יחיד — אברהם־ישכר־בערל נהרג ברגע האחרון כמעט, בסוף המלחמה עם הנאצים ימ"ש בדרך המוות בעקענפעלדן שבבאוואריה התחתונה, — בפסח שני תש"ה. קברתיו בבית העלמין ברעגענסבורג.

ארץ, אל תכסי דמם. הי"ד.

ה מ ת א ב ל: יחיאל יצחק הלוי שורץ

---

### לזכר עולם

ה ו ר י ה מ ו ר י ם: וולף ליזרוביץ
גולדה לבית פרל ליזרוביץ

א ח י: רישרד בנימין ליזרוביץ

נספו בשנת השואה 1943

יהי זכרם צרור בצרור החיים

חדוה גיל, קיבוץ מגידו

---

### לזכרון עולם

ה ו ר י: משה אהרון ורבקה גלברד

א ח ו ת י: חיה־פייגל גנענדעלמאַן
ומשפחתה.

השרויים באבל:

שלמה גלברד ומשפחתו

**אין טיפן צער נייגן מיר דעם קאָפּ און באַוויינען —**

**אונזערע טייערע און אומפאַרגעסלעכע עלטערן, שוועסטער פלימעניק און פלימעניצע**







אונזער פאָטער:

## ר׳ משה גענענדעלמאַן ז״ל

געוו. סוחר, געוו. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון דער יידישער גמינע אין זאַוויערטשע. נפטר געוואָרן אין 1942 און געקומען צו קבורה ביי קיעלץ.

אונזער מוטער:

## מלכה׳לע גענענדעלמאַן (געב. ראָזענשטיין)

אומגעקומען דורך די נאַצי־מערדער אין ראַבקע



שוועסטער:
גוטשע בערגער (געב. גענענדעלמאַן)
אומגעקומען אינעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

פלימעניק:
העניו בערגער, גוטשעס זון, 5 יאָר אַלט
אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים אין ראַבקע

שוועסטער:
רבקה־ריווטשע קנאָבלאָך (געב. גענענדעלמאַן)
אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים אין ראַבקע

פלימעניצע:
סטעלאַ קנאָבלאָך, 6 יאָר אַלט
אומגעקומען דורך די נאַצי־רוצחים אין ראַבקע

אין אייביקן טרויער פאַרבליבענע:

דוד גענענדעלמאַן, זיין פרוי פעני, זיין זון משה חנוך, — ניו־יאָרק
ישראל׳קע גענענדעלמאַן, זיין פרוי שרה, זיין זון דוד, זיין טאָכטער מערי
סידנעי, אויסטראַליע
פייגעלע שליווינסקא (געב. גענענדעלמאַן) און טאָכטער סטעלא
סידנעי, אויסטראַליע

## יצחק ז"ל

לא הייתי עד לגורלך הטרגי, יהדות עירי, כי הרחק העפוני תלאות המלחמה. אבל בניך ובנותיך, שהלכו לטבח היו מוכרים לי מאד. קשה עלי השתיקה, בלי להזכיר אישים, ידידים, חברים. יורשה לי לפחות, להזכיר נשמתו של אחד ממדריכי וחברי.

אַפּטעטשנע 6. רחוב ככל הרחובות היהודיים, בניניו דומים, פחות או יותר אחד לשני אבל לא כן דייריו.

בביתו של משה רוזנברג ז"ל התנהלו החיים במתכונת שונה במקצת.

רק בן 18 הוא יצחק (איטשעלע) וכבר התמסר לרעיון של חנוך, והגשמה. תמיד היו עשרות בני־נוער סביבו, בלכתו ובשובו מהעבודה, בעוברו את הרחוב. תמיד. תמיד הסביר, הקנה תורה ודעת. הכל, — בכדי להשפיע וללמד ידישקייט.

גם ביתך „בית ועד לחכמים" היה שם. התקיימו ישיבות. שם נולדו רעיונות. שם התאכסן שליח ארץ־ישראלי.

בימים החשכים של המלחמה לא הושפעת ע"י הפסיכוזה של פחד. כבר שהיותכם בלוע הארי התקשרת עם פקיד המועצה העירונית והשגת עבור בחורינו תעודות אריות, כדי להציל את נפשם.

עיף ויגע היית תמיד ומימי נעוריך סבלת את סבל עמך.

יהי זכרך ברוך לעד

חברו יהודה קרייצער

---

### מיר באַוויינען מיט טיפן צער דעם טויט פון
## טשארנא און חיים פערציס

אין טרויער פאַרבליבענע

גוטשע און יעקב פעלדבריל, קנדה
העלא און יצחק לעווקאָוויטש, פראַנקרייך
אַנדזשיא און יעקב פאַגען, ניו־יורק, ברוקלין

---

### מיר באַוויינען דעם פריצייטיקן, טראַגישן טויט פון

ליבוש שלמה פייגנבלאַט
זיין פרוי: רבקה
זייערע קינדער: שרה פריידל
משה נחום



די אין טרויער־פאַרבליבענע:
יעקב־אַנדזשיא פאַגען, ברוקלין, פאַרייניקטע שט.
שמעון און אידא פייגנבלאַט, ישראל
גוטשא און פלטיאל פיימאַן, ישראל
איסר און מאַניע פייגנבלאַט, ברוקלין
יהודה און מרים פייגנבלאַט, ישראל
בתיה, משה אצבעוני, ישראל
הרמן און דזשין פיימאן (ברוקלין)

## צום אנדענק

פון פרוי און קינדער פון דער פאַמיליע

## בעריש זאַנענשיין ז"ל

וועלכע זענען אומגעקומען טראַגיש דורך די נאַצי רוצחים

פרוי רוזע זאַנענשיין טעכטער: פעלא, מאַניאַ, רחל

זוהן: משה, יעקב, דוד

זייער אנדענק

יהושע זאַנענשיין, פרוי און קנידער, שיקאַגאָ

---

### לזכרון נצח

הורי: חנוך רייזמאַן, המכונה העניעד סרולקעס און פרוי ליבע

אח: משה רייזמן

אחות: צפורה רייזמאַן

סבא: ישראל (סרולקעס) בריגער (מת מיתה טבעית)

מרים קימעלמאַן (בריגער)

דודים ודודות:

רבקה, חיים, חוה, וואָלף, גיטל

השכולים בצער:

יעקב בריגער, דוד בריגער

חיה בידרמאַן (רייזמאַן)

שפרה באַליצקי (רייזמאַן)

### לזכרון־נצח

זיידע און באָבע:

ישראל הערש (דער פעלדשער)

און שרה וואַלדבערג;

עלטערן: אברהם לייב און רבקה פריידל וואַלדבערג

דורך די נאַצים זענען אומגעקומען אין אושוויץ. —

מיין פרוי: ריווטשע וואַלדבערג;

טאָכטער: פריידל וואַלדבערג;

שוועסטערן: פעסל, דאָבע־זיסל און חנה.

כבוד זייער אָנדענק

דער איינציק פאַרבליבענער

יעקב וואַלדבערג

---

### צום אייביקן אנדענק פון

מיינע עלטערן: יוסף פייגל פעדער

ברידער: משה ליב, זכריה (בחורים)

שוועסטער: קריינדל, חנה (בחורות)

אין טרויער פאַרבליבענע

אהרון פעדער, פרוי און פאַמיליע, ישראל

פנחס פעדער, " " " אמעריקע

יובל פעדער " " " "

